# דער
# יודישער פּראָלעטאַריער

## זאַמעלבוך



ב I.




1918.

## אינהאַלט:





# „דער יודישער פראָלעטאַריער".

אינ'ם רעכטען ברען פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע אין יאָהר 1905 איז דער „יודישער פראָלעטאַריער" געבאָרען געוואָרען, אינ'ם גרויסען קאָך פון דער איצטיגער מלחמה לעבט ער ווידעראַמאָל אויף. די אַרבייט פונ'ם „יודישען פראָלעטאַריער" האָבען אין זייער צייט איבערגענומען „דער נייער וועג", „דאָס וואָרט", „אונזער וועג", דערנאָך דאָס וויענער „פריילאַנד", און שוין גאָר ערב דער מלחמה — דער איינצעל־פרוב „צוקונפט"; אָבער די מלחמה האָט זיין קול דערשטיקט, און איצט שטעהט־אויף „דער יודישער פראָלעטאַריער" תחית־המתים מיט דער גרויסער האָפנונג און אין דער פעסטער זיכערקייט, אַז ער וועט שוין פערבלייבען דער אייביגער בעגלייטער פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט אין זיין קלאַסען־קאַמף, אויף זיין וועג צום סאָציאַליזם.

מיט'ן ערשטען ערשיינען פונ'ם „יודישען פראָלעטאַריער" איז אַוועקגעלעגט געוואָרען אַ גרונד־שטיין פאַר דער פרעסע פון דער יודיש־סאָציאַליסטישער אַרבייטער־בעוועגונג, פון דער ריכטונג אין דער יודישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע שטרעבט אַרומצונעהמען און פערטיידיגען דעם גאַנצען סכום היסטאָרישע אינטערעסען פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט, אַלס אָרגאַנישען טייל פון דער עקסטעריטאָריאַלער יודישער נאַציע, אַלס אָרגאַנישען און גלייכווערטיגען טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטערשאַפט.

דער פראָלעטאַריאַט איז נישט קיין אונטערגעוואָרפען קינד, געפונען אויפ'ן גרויסען טראַקט פון דער וועלט־געשיכטע. ער קומט אומעטום פון די טיעפענישען פון דער נאַציע אין אַזאַ עפאָכע, ווען דער קאַפּיטאַליזם ציהט־אַריין, ווילענדיג נישט־ווילענדיג, די גרויסע פאָלקס־מאַסען אינ'ם קולטור־כלל פון דער נאַציע און שליסט־איין מיט־געוואַלט די נאַציע גופא אינ'ם קולטור־כלל פון דער גאַנצער מענשהייט. דער פראָלעטאַריאַט איז דער קלאַס, וועלכער האָט דער ערשטער אָנערקענט אָט די צחיענדיגע טענדענץ, וועלכע עס ברענגט מיט זיך געגען זיין איגענעם ווילען דער קאַפּיטאַליזם.

דער אַרבייטער־קלאַס, וואָס דער קאַפּיטאַליסטישער פראָדוקציאָנס־אופן אָרגאַניזירט איהם אַלס אַ מאַכט,

שטרעבט דערום בעוואוסטזיניג, אין פו׳ן הסכם מיט זיינע קלאַסען־אינטערעסען, צו ווערען דער יורש און פאָרטזעצער פון זיין נאַציאָנאַלער געשיכטע און זי פערוואַנדלען אין אַ רינג פון דער קייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער מענשהייטס־געשיכטע.

דער יודישער פּראָלעטאַריאַט קומט פֿון די טיעפּענישען פונ׳ם יודישען פֿאָלק, וואָס זיין געשיכטע הויבט־זיך־אָן נישט אין די לענדער, וואו עס לעבט איצט צעזייעט און צעשפּרייט, נישט נור אין איינעם פון אָט די לענדער ווערט זי פאָרטגעזעצט און נישט דאָרטען וועט זי דערגרייכען איהר העכסטע ענטוויקלונג.

די יודישע געשיכטע איז ביז איצט בעשטאַנען אינ׳ם בעשאַפען דורך שטענדיגע וואַנדערונגען גרויסע יודישע מאַסען־צענטרען. אין די אַלטע צייטען האָט אין די צענטרען געהערשט אַ האַנדעלס־פערמיטלערישער עקאָנאָמישער סדר און זייער יודיש־נאַציאָנאַלע איינהייט האָט זיך געהאַלטען אויפ׳ן מאַטעריעלען יסוד פון שטענדיגע וואַנדערונגען און אויפ׳ן גייסטיגען יסוד פון דער טראַדיציאָנעלער רעליגיעז־העברעאישער קולטור, וועלכע איז געוועזען די קולטור פון די הערשענדיגע יודישע קלאַסען.

דער קאַפּיטאַליזם האָט געמאַכט אַ טיעפסטע איבערקעהרעניש אין לעבען פֿון יודישען פֿאָלק. ער האָט אָנגעהויבען צוזאַמענשמעלצען די אינטערעסען פֿון די העכערע יודישע קלאַסען, בעזונדערס פון דער יודישער גרויס־בורזשואַזיע, מיט די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע פֿון די טעריטאָריאַלע אָדער מלוכה־נאַציעס, צווישען וועלכע דאָס יודישע פֿאָלק לעבט. דאָס האָט געוואַלטיג צעשטערט די טראַדיציאָנעלע רעליגיעז־העברעאישע קולטור, וועלכע, זייענדיג די קולטור פֿון די הערשענדיגע יודישע קלאַסען, איז ביז דעמאָלט געוועזען אויך דער איינציגער גייסטיגער צעמענט פֿון דער גאַנצער יודישער נאַציע. פֿון דער אַנדערער זייט האָט אָבער דער קאַפּיטאַליזם אַריינגעצויגען די גאַנצע יודישע נאַציע, די גרויסע פֿאָלקס־מאַסען, אין יודישען קולטור־כלל; ער האָט אומעטום, אין אַלע לענדער און צווישען אַלע פֿעלקער, אַרויסגערוקט דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ נייעם פאַקטאָר פון יודישען לעבען. די גרויסע פֿאָלקס־מאַסען מיט׳ן אַרבייטער־קלאַס בראש האָבען מיט זיך געבראַכט זייער פאָלקס־קולטור אויף זייער פֿאָלקס־שפּראַך, און אַזוי־אַרום איז געשאַפֿען געוואָרען די נייע קולטור־איינינקייט פֿון דער יודישער נאַציע, וועלכע האַלט זיך אויף איהר אַלט־נייער מאַטעריעלער איינינקייט, אויף דער יודישער וואַנדערונג, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט זי נישט בלויז פֿערשטאַרקט, נאָר אויך פֿערוואַנדעלט פון אַ האַנדעלס־פֿערמיטלערישער אין אַן׳אינדוסטריעלער אַרבייטס־וואַנדערונג.

די מעכטיגע שמעלץ־קראַפט פון קאַפּיטאַליזם דריקט־זיך־אויס נישט

נור אין צעשטערונג, — אין דער טענדענץ אָבצורייסען די העכערע יודישע קלאַסען פונ'ם יודישען נאַציאָנאַלען קולטור־כלל, זי דריקט־זיך־אויס אויך אין שאַפֿען — זי וועקט־אויף און פֿערשטאַרקט די בירגער־געפֿיהלען און אינטערעסען פֿון דער יודישער נאַציע אין אַלע לענדער, וואו זי לעבט; אומעטום הערען אַלץ מעהר אויף די יודישע מאַסען זיך צו בעטראַכטען אַלס נישט־געבעטענע גרים, און ס'וואַקסט אין זיי דאָס בירגער־בעוואוסטזיין, אַלץ מעהר פֿיהלען זיי זיך אַלס בירגער, וועלכע זענען פֿעראינטערעסירט אינ'ם פֿאָרטשריט פֿון דער מלוכה און זעהען אין אָט דעם פֿאָרטשריט די זיכערע גאַראַנטיע פֿאַר זייער פֿאָליטישער, סאָציאַל־עקאָנאָמישער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער ענטוויקלונג. אָט די צוויי, אויב נישט געגענזעצליכע, דאָך פֿאַראַלעלע, ערשיינונגען — די אַסימילאַציע־טענדענצען פֿון די העכערע יודישע קלאַסען און די וואַקסענדיגע בירגערליכקייט פֿון די יודישע מאַסען — האָבען אַרויסגערופֿען די שעדליכע אילוזיע וועגען דעם כלומר'שטען צעפֿאַלען און צעברעקעלט־ווערען פֿון דער יודישער נאַציע. אָבער דידאָזיגע אילוזיע ווערט צעשטערט דורך דער מעכטיגער געגענקראַפֿט פֿון דער זיך־ענטוויקלענדיגער נייער יודישער מאַסען־קולטור און דער שטייגענדיגער יודישער מאַסען־וואַנדערונג.

די יודישע נאַציע איז אַ נאַציע פֿון גרויסע מינדערהייטען, וועלכע לעבען קאָנצענטרירט אין פֿערשיעדענע לענדער. די ענטוויקלונג פֿון יעדער יודיש־נאַציאָנאַלער מינדערהייט האָט זיך איהרע בעזונדערקייטען, אין הסכם מיט דער אָדער יענער לאַנד־סביבה, און אומעטום קעמפֿען די יודישע מינדערהייטען פֿאַר זייערע רעכט, אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייטען, פֿאַר זייער רעכט, אַלס תושבים פֿון אַ בעשטימטער נאַציע אין אַ בעשטימטער מלוכה; אָבער די אָביעקטיווע בעגרענעצטקייט פֿון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע דערגרייכונגען, וועלכע עס ברענגט מיט זיך די ענטוויקלונג און דער קאַמף פֿון די יודישע מינדערהייטען, אַלס מינדערהייטען, רופֿט־אַרויס די גרויסע יודישע וואַנדערונג, און אַזוי ווערט פֿאָרטגעזעצט די יודישע געשיכטע אין איהר פֿאָריגער ריכטונג — אין דער ריכטונג פֿון בעשאַפֿען דורך דער מאַסען־וואַנדערונג נייע יודישע מאַסען־ישובים. אָבער דער איצטיגער ענטוויקלונגס־צושטאַנד פֿון דער גאַנצער יודישער געזעלשאַפֿט און די אינעהעניגסטע טענדענצען פֿון דער איצטיגער יודישער וואַנדערונג פֿיהרען אונפֿערמיידליך דערצו, אַז די ענטוויקלונג פֿון די פֿערשיעדענע יודישע מינדערהייטען־„קאָלאָניעס" זאָל פֿעראייניגט און געקרוינט ווערען דורכ'ן ענטשטעהן פֿון אַ מעהרהייטס־„מעטראָפּאָליע", דורכ'ן בעשאַפֿען אַ יודישען קאָלאָניזאַציע־צענטר, וועלכער וועט ווירקען אויף די אַלטע יודישע צענטרען און פֿון זיי בעווירקט ווערען.

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

אין דער ענטוויקלונג פֿון דער תּושבֿ=קולטור פֿון די יודישע מינדער=
הייטען און אינ׳ם מיטהעלפֿען דעם אָביעקטיווען פּראָצעס פֿון פערענדיגען די
יודישע וואַנדערונגען דורכ׳ן בעשאַפֿען אַ קאָלאָניזאַציע=צענטר, וואו די ענט=
וויקלונג פֿון דער גאַנצער יודישער נאַציע וועט געפֿינען איהר העכסטע פער=
פֿאָלקאָמונג, -- איז דער עיקר פֿעראינטערעסירט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט.
אַדאַנק דער ענטוויקלונג פֿונ׳ם קאַמף פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט האַלטען
מיר ערב דעם סוף פֿון די קולטור= און שפּראַך=וואַנדערונגען פֿון יודישען
פֿאָלק, און די נייע יודישע קולטור האַלט ביי ווערען די איינהייטליכע קול=
טור פֿון דער איינהייטליכער יודישער נאַציע; אַדאַנק דעם יודישען פּראָלע=
טאַריאַט, וועלכער איז דער גרעסטער אָנטיילנעהמער אין דער יודישער עמי=
גראַציע, דרינגט אַלץ מעהר אַריין אין בעוואוסטזיין דער געדאַנק וועגען
דער נויטינקייט צו פֿערענדיגען די מאַטעריעלע וואַנדערונגען פֿונ׳ם יודישען
פֿאָלק דורך דער קאָנצענטרירונג פֿון די וואַנדערנדיגע יודישע מאַסען אויף
קאָלאָניזאַציע=יסודות.

די יודישע סאָציאַל=דעמאָקראַטיע מוז אָבשפּיגלען אַט די פֿיעלפֿאַכיגע
און דאָך ענג צוזאַמענגעפלאָכטענע פּראָצעסען אין דער ענטוויקלונג פֿונ׳ם
יודישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער לעבט און קעמפּט נישט נור אין די ראַה=
מען פֿון דער אָדער יענער מלוכה, נאָר אויך אין די ראַהמען פֿון דער איינ=
הייטליכער יודישער נאַציע. און די יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער=פּאַרטיי
שליסט דערום אַיין אין איהר פּראָגראַם ד פֿאָדערונג פֿון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר
א ו י ט אָ נ אָ מ י ע, וועלכע איז די העכסטע פערפֿאָלקאָמונג פֿון בעפֿרידיגען
די נאַציאָנאַלע תּושבֿ-אינטערעסען פֿונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, און דעם
ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם, וועלכער איז די העכסטע בעפֿרידיגונג פֿון
זיינע וואַנדער=אינטערעסען און די פֿאָלענדונג פֿון דער איינינקייט פֿונ׳ם
יודישען פּראָלעטאַריאַט, אַלס דעם אָרגאַנישען טייל פֿון דער איינהייטליכער
יודישער נאַציע.

בעשאַפֿען פֿעסטע פּאָזיציעס פֿאַר׳ן פּראָלעטאַרישען קלאַסען=קאַמף,
פֿאַר׳ן קאַמף פֿאַר סאָציאַליזם;

זיך דערשלאָגען פֿאַר׳ן יודי=
שען פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַן׳איינהייטליכען קלאַס פֿון דער איינהייטליכער
יודישער נאַציע, אַ נעהעריג אָרט

פֿאָרטזעצען און דורכפֿיהרען די רעוואָלוציע אין דער יודישער נאַציע, אי=
בערבויען דאָס יודישע לעבען אויף יסודות פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע,
אויפבויען די נייע יודישע קהלה, שאַפֿען און פֿערשטאַרקען די נייע וועלטלי=
כע יודישע קולטור, איבערגעבען די בעפרידיגונג פֿון די עמיגראַציע= און קאָ=

לאָניזאַציע־בעדערפענישען פון די יודישע מאַסען
און אין געהעריגען מאָמענט גרינדען צוליעב זייער
פלאַנמעסיגער בעפרידיגונג יודישע אַנשטאַלטען, פערשטאַר־
קען די פּאָזיציעס פונ׳ם יודישען פראָלעטאַריאַט אין דער יודישער נאַציע און
אין דער מלוכה, — דאָס זענען די גרונד־אויפגאַבען פון דער יודישער
סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי.



# די פעראייניגונג פון ס.־ס. און י. ס. *)

אין פּאָליטישען לעבען פונ׳ם יודישען פ־אָלעטאַריאַט איז פאָרגעקומען אַ זעהר וויכטיגע געשעהעניש: ס׳האָבען זיך פעראייניגט צוויי יודישע סאָציאַ־ליסטישע פאַרטייען—די יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי ס.־ס. און די יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי י. ס..

די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין רוסלאַנד איז כמעט פון זינט איהר געבאָרען אָן צעשפּאָלטען און צעבראָקעלט אויף פערשיעדענע ריכטונגען, שטרעמונגען, פראַקציעס און כתות. אויסער איהרע צוויי הויפּט־ריכטונגען— סאָציאַל־דעמאָקראַטען און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען — האָבען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גופא תמיד עקזיסטירט אָהן אַ שיעור שטרעמונגען און אונטערשטרעמונגען, וועלכע האָבען צווישען זיך געקעמפט. אין דער צייט פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינגאַנצען צעשפּאָלטען אויף צוויי הויפּט־ריכטנגען,—דער „באָלשעוויזם” און דער „מענשעוויזם”,—וואָס יעדע פון זיי האָט זיך גלייך אָנגעהויבען טיילען אויף פערשיעדענע ניואַנסען. אין דער צייט פון דער רעאַקציע האָבען די פראַקציעס אין יעדער פון די ריכטונגען אופגעבליהט פון גאָרנישט־טהון. די מלחמה און דערנאָך די גרויסע רעוואָלוציע האָט דערפיהרט די צעברע־קעלטקייט פון דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער בעוועגונג ביז דעם העכסטען גראַד. אַזאַ מזל האָט שוין די רוסלענדישע אַרבייטער־בעוועגונג: וואָס גרע־

*) דעם 20־טען מאַי 1917 איז אין רוסלאַנד פאָרגעקומען די פעראייניגונג פון די צוויי פאַרטייען. דאָס אַרטיקעל נעהמען מיר ארויס פונ׳ם „יידישען פראָלעטאַריער”, אָרגאַן פון דער פעראייניגטער פאַרטיי.

ס ר עס זענען די געשעהענישען, וואָס מעהר אייניגקייט זיי פאָדערען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, אַלץ מעהר ווערען צערבּרעקעלט די סאָציאַליסטישע כּוחות איף אָהן אַ שיעור כּתות און פראַקציעס.

כּמעט דאָסזעלבּע פלעגט ביז איצט פאָרקומען אויך אין די רייהען פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, און דעם יודישען אַרבּייטער איז אויסגעקומען צו זוכען זיין וועג צווישען גאַנצע פיער יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זייער בּעזונדערע עקזיסטענץ איז נישט גאָר מאָטיווירט געווען, אַזוי ווי נישט גאָר פערשטענדליך און דערקלערליך איז די אָבּגעזונדערטע עקזיסטענץ פון פיעל פראַקציעס און שטרעמונגען אין דער אַלרוסלענדישער אַרבּייטער-בּעוועגונג.

די יודישע סאָציאַליסטישע בּעוועגונג טיילט זיך פון זינט איהר געבּאָרען אָן אויף צוויי הויפּט-ריכטונגען: דער אַנטיטעריטאָריאַלישער לאַנד-סאָציאַליזם און דער טעריטאָריאַליסטישער נאַציע-סאָציאַליזם.

דער אַנטיטעריטאָריאַליסטישער לאַנד-סאָציאַליזם בּעטראַכט דאָס צווישען־מלוכה׳שע יודישע פאָלק נישט אַלס איינהייטליכען אָרגאַניזם, נאָר ער האַלט, אַז דאָס יודישע פאָלק האָט זיך שוין לאַנג צעשפּאָלטען אויף אַזוי פיעל נאַציעס, וויפיעל עס זענען פאַרהאַן לענדער, וואו די יודישע מאַסען בּילדען בּעדייטענדע מינדערהייטען. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט בּילדעט דעריבּער, לויט אָט דער שיטה, נישט אַנ׳אָרגאַנישען טייל פון דער איינהייטליכער יודישער נאַציע, נאָר ער איז אויך צערבּרעקעלט אויף פערשיעדענע לאַנד-נאַציעס, וועלכע האָבּען צווישען זיך בּשותּפות׳דיגס בּלויז די יודישע שפּראַך, אויף וויפיעל די יודישע מאַסען רעדען נאָך דערווייל דאָרט יודיש. דער לאַנד-סאָציאַליזם האַלט, אַז די אייניגקייט פון יודישען פאָלק האָט זיך געענדיגט אין רוים, אין שטח—צעזייהט אויף זיעבּען ימים—און זיך געענדיגט אין צייט—ס׳זענען נישטאָ קיין שום אָבּיעקטיווע פאַקטאָרען, וואָס פיהרען איהם צו איין צוזאַמענדיגער צוקונפט. דעריבּער אָנערקענט אָט די ריכטונג נור אָרטיגע פּראָבּלעמען פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, ווי ער שטעהט און געהט, אָבּער נישט צווישען־מלוכה׳־שע פּראָבּלעמען, און נישט קיין איינהייטליכע יודישע צוקונפט־פּערספּעקטיווען.

אָט די ריכטונג שפּיגעלט אין זיך, אייגענטליך, אָבּ די אידעאָלאָגיע, וועלכע האָט אויפגעבּליהט אין דער ניי־געבּאָרענער יודישער בּורזשואַזיע אין דער עפּאָכע פון דער יודישער עמאַנסיפּאַציע. ווען אין סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט האָט זיך פאַר׳ן יודישען פאָלק—און דעמאָלט האָט די יודישע בּורזשואַזיע געבּילדעט דאָס יודישע פאָלק—געעפענט די מעגליכקייט פון בּירגערליכער גלייכבּערעכטיגונג און די פּערספּעקטיווען פון אַנ׳אָרטיגער תּושב־קולטור, האָט די יודישע בּורזשואַזיע אויפגעפאַסט די בּירגערליכקייט אין יעדען לאַנד פון דער יודישער צעזייהטקייט אַלס די אָבּלייקענונג פון דער איינהייטליכקייט פון

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

דער יודישער נאַציע, אָדער אַ בירגער פון דער מלוכה און דעמאָלס שוין אויס מיטגליעד פון דער איינהייטליכער יודישער נאַציע, אָדער אַ מיטגליעד פון דער יודישער נאַציע און דעמאָלט נישט קיין בירגער פון דער מלוכה. ס'איז אָבער שווער צו ליקווידירען מיט־אַמאָל 30 דורות פון צוזאַמענדיגער ענטוויקלונג, נאָך שווערער איז זיך־נישט־רעכענען מיט דער אָביעקטיווער איינינגקייט, וואָס האָט דאָך עקזיסטירט אין לעבען פון די דעמאָלט נאָך שוויי־גענדיגע יודישע מאַסען. איז בעשאַפען געוואָרען אַנ'אויסגאַנג: פּראַנצויזישע בירגער פון משה רבנו'ס גלויבען, דייטשע, פּוילישע א. אַ. וו. בירגער פון משה רבנו'ס גלויבען.

אונטער דער ווירקונג פון אָט דער בורזשואַזער ליקווידאַציע־אידעאָלאָ־גיע, וואָס האָט זיך דערנאָך אָנגעהויבען אָנמערקען אויך אין די העכערע קלאַסען פון'ם יודישען פאָלק אין רוסלאַנד, האָט זיך געפונען די יודישע אַר־בייטער־בעוועגונג אין דער ערשטער פאַזע פון איהר ענטוויקלונג. די בירגער־אינטערעסען פון די יודישע מאַסען אין דער געגעבענער מלוכה האָט מען אויפגעכאַפּט אַלס אַ געגענזאַץ פון דער צווישען־מלוכה'שער איינינגקייט פון דער יודישער נאַציע. אַזוי ווי אָבער דער פּראָלעטאַריאַט קאָן דאָך נישט שאַפען קיין אויסטראַכטענישען, ווי בירגער פון משה רבנו'ס גלויבען, זענען בעשאַפען געוואָרען אַנדערע פיקציעס—רוסלענדישע בירגער פון דער יודישער שפּראַך, אַמעריקאַנער בירגער פון דער יודישער שפּראַך א. אַ. וו.

אָט די אידעאָלאָגיע פון אַ טייל יודישען פּראָלעטאַריאַט פערקערפּערט אין זיך דער „בונד".

דער טעריטאָריאַליסטישער נאַציע־סאָציאַליזם געהט אַרויס פון דער איי־ניגקייט פון דער צווישען־מלוכה'שער יודישער נאַציע און פון'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, אַלס איהר אָרגאַנישען טייל. ער זעהט נישט קיין שום תהום צווישען דער בירגערליכער ענטוויקלונג פון די יודישע מאַסען־ישובים אין די איינצעלנע לענדער און דער איינהייטליכער ענטוויקלונג פון דער יודישער נאַציע, וועלכע פיהרט צו בעשאַפען אַ יודישען קאָלאָניזאַציע־צענטר אין אַ וואָסער־ס'איז לאַנד, וואו ס'וועלען זיך אַמאָל צונויפגעהן אַלע שאַ־פונגס־וועגען פון'ם יודישען פאָלק און־ דער עיקר־־פון'ם יודישען פּראָלע־טאַריאַט.

דאָס יודישע פאָלק לעבט אין פערשיעדענע מלוכות, דאָס הייסט, עס איז עקסטעריטאָריאַל און בילדעט אומעטום אַ מינדערהייט. אָט די לאַגע פון אַ שטענדיגער מינדערהייט רופט אַרויס די בעגרענעצטקייט פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע מעגליכקייטען פון'ם יודי־שען פאָלק און בעזונדערס פון'ם יודישען אַרבייטער־קלאַס. די אָביעקטיווע בעגרענעצטקייט פון די מעגליכקייטען רופט אַרויס די גרויסע מאַסען־וואַנדע־

רונג מיט איהרע אינעווענינסטע שאַפונגס־טענדענצען און פיהרט דורך דער אָרגאַניזירונג פון די פאָלקס־כּוחות צום ענטשטעהן פון דער קינפטיגער יו־דישער געזעלשאַפט, וואָס וועט בעקרוינען די יודישע צענטרען פון אַלע לענדער מיט אַ נייעם, דעם וויכטיגסטען, יודישען מאַסען־צענטר. ס׳ווערט פאָרטגעזעצט די יודישע געשיכטע און זי האָט זיך ווייטער איהרע אייגענאַר־טיגע וועגען: אין איהר נעהמען שוין אַנ׳אָנטייל נישט בלויז די העכערע ספערען פון פאָלק, נאָר די גאַנצע נאַציע מיט׳ן פּראָלעטאַריאַט אין מיטעל־פונקט.

די יודישע מאַסען־צענטרען זענען אויטאָנאָם. זיי זענען אויטאָנאָם אין יודישען פאָלק, און יעדער פון זיי האָט זיך זיינע בעזונדערע אָרטיגע פּראָב־לעמען אין דער יודישער נאַציע גופא, אין הסכם מיט דעם אָדער יענעם בנ־זונדערען לאַנד אָדער מלוכה־סביבה, זיי זענען און דאַרפען זיין אויטאָנאָם בנוגע צו דער געגעבענער מלוכה, וועלכע דאַרף זיי איבערגעבען אַ טייל פון איהרע רעכט אויף בעשיצען און בעפרידיגען זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

דאָס איז געווען די סינטעטישע שיטה פונ׳ם טעריטאָריאַליסטישען נאַציע־סאָציאַליזם, וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט און אויסגעבילדעט אין צוויי הויפּט־פּראַקציעס—אין דעם ס.־ס.׳יזם און אין דעם סיימיזם.

דער לאַנד־סאָציאַליזם פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט געהט־אַריין אַלס אַנ׳אידעאָלאָגישער טייל פון זיין איינהייטליכען נאַציע־סאָציאַליזם, ווייל די בע־דערפענישען פון די איצטיגע לאַנד־ישובים פאָדערן פונ׳ם יודישען פּראָלע־טאַריאַט דיזעלבע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אויפמערקזאַמקייט, ווי די בעדערפענישען פון זיין צוקונפט, וועלכע האַלט זיך אין שאַפען. נאָר אין דער ענטוויקלונג איז די סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע בעוועגונג געגאַנ־גען נישט איינינ. בשעת די סאָציאַליסטען־טעריטאָריאַליסטען (ס.־ס.) האָבען מעהר גענומען אין בעטראַכט דעם עקסטעריטאָריאַלען מהות פונ׳ם יודיש־פּראָ־לעטאַרישען נאַציע־סאָציאַליזם און האָבען געשטרעבט צו שאַפען דעם סינטעז צווישען די אָביעקטיווע וואַנדערונגס־פּראָצעסען און דעם טעריטאָריאַליזם, האָ־בען די סיימיסטען (י. ס.) מעהר זיך פערנומען מיט אָרטיגע „לאַנד״־פּראָבלעמען פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, זיך אָבגעבענדיג מיט בעשיצען די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון די יודישע מאַסען אין די איצטיגע צענטרען פון זייער צע־זייהטקייט.

אייגענטליך, איז לכתחילה נישט געווען קיין היסטאָרישע נויטווענדיג־קייט, אַז די איינהייטליכע סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע בעוועגונג, וועלכע נעהמט־אַרום די ס.־ס. און די י. ס., זאָל צעשפּאַלטען ווערען: צו־נאָהענט זענען זיי געווען איינע צו די אַנדערע פון אָנהויב אָן. נאָר מיר האָבען זיך ענט־וויקעלט אין דער אַטמאָספער׳ע פון דער רוסלענדישער אַרבייטער־בעוועגונג מיט

איהר שטענדיגען פּראַקציאָניזם, די איינהייטליכע אין איהר עצם סאָציאַליסטיש־
טעריטאָריאַליסטישע בעוועגונג איז דעמאָלט גְעוועזן צו־יונג און נישט־ערפאַה־
רען און האָט נאָך געהאַט גענוג היסטאָרישע העזה אויף צו שפּאַלטען
זיך אַפילו צוליעב אַ „קוצו של יוד“,—ס'זענען אויך געווען פּיעל אַנדערע
סיבות, אָרגאַנישע און צופעליגע, און די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען, נאָהענ־
טע זענען מיט־גוואַלט דערווייטערט געוואָרען.

אָבער די אָביעקטיווע לאָגיק פון דער יודישער אַרבייטער־בעוועגונג האָט
געטהון איהרס. די ס.־ס. האָבען אָרגאַניש אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם לאַנד־
סאָציאַליזם, האָבען זיך אַלץ מעהר אַריינגעטהון אין די אינטערעסען און בע־
דערפעני‌שען פון די אויטאָנאָמע יודישע צענטרען, וועלכע האָבען דאָך און
וועלען שטענדיג האָבען אַ זעלבסטווערטיגע בעדייטונג אין דער ענטוויקלונג
פון יודישען פּראָלעטאַריאַט,—און זיי זענען געוואָרען גאָר נאָהענט צו
די י. ס.; די י. ס., פון זייער זייט, האָבען זיך אַלץ מעהר פערטיעפט אין דעם
מאַטעריעלען יסוד פון דער יודישער עקסטעריטאָריאַלקייט, זיי האָבען אָנגעהוי־
בען פאַר זיך שטעלען פּראָבלעמען פון יודישער                    ־מיגראַ־
ציע־קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק—און זיי זענען געוואָרען גאָר נאָהענט צו די ס.־ס.

די אידעאָלאָגישע דערנעהענטערונג האָט געזאָלט בעקרוינט און פערענדיגט
ווערען דורך אָרגאַניזאַציע־איינינגקייט נאָך אין יאָהר 1911, נאָר איבער שוין
גאָר אויסערליכע און נישט־אָרגאַנישע סיבות איז עס דעמאָלט נישט פאָרגע־
קומען.

די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעשטעלט פאַר'ן רוסלענדישען (
) פּראָלעטאַריאַט אַ בעפעהל־פאָדערונג: ער מוז פאַר'ן געזיכט
פון דער שטורמיש־געהענדיגער געשיכטע זיין פעסט און איינינג אין זיינע רייהען.
אָט די פאָדערונג האָט די רעוואָלוציע אַרויסגעשטעלט אויך און בעזונדערס פאַר'ן
יודישען פּראָלעטאַריאַט. אויפ'ן גאַנצען פּראָלעטאַרישען פראָנט קלינגט דער היס־
טאָרישער רוף צו סאָציאַליסטישער איינינגקייט און אַחדות.

בעזונדערס אין די ראַהמען פון דער
רוסלענדישער מלוכה: דער לאָזונג ווערט דיקטירט אין די אַרבייטער־רייהען
פון די פערשיעדענע נאַציעס. און מיר, די סאָציאַליסטען־טעריטאָריאַליסטען (ס.־ס.)
און די יודישע סאָציאַליסטען (י.־ס.), פאָלגען די ערשטע דעם היסטאָרישען רוף
פון דער גרויסער עפּאָכע און נעהמען אויף זיך די שליחות צוזאַמענצולעגען די
ערשטע גרונד־שטיינער פאַר דער סאָציאַליסטישער איינינגקייט פונ'ם יודישען
פּראָלעטאַריאַט.

פערענדיגענדיג די אידעאָלאָגישע דערנעהענטערונג פוןביידע שוועסטער־

ריכטונגען אין דער יודישער אַרבייטער־בעוועגונג, גיסען מיר זיך צונויף אין איין „פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי (ס.־ס. און י. ס.)“, וועלכע שטעלט זיך איינהייטליכע אויפגאַבען סיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטערשאַפט און סיי אין דעם איינהייטליכען אַרבייטער־קלאַס פון דער איינהייטליכער יודישער נאַציע, די פּרינציפּיעלע יסודות פון אונזער צונויפגיסונג זענען פאָרמולירט אין אַ בעזונדער אָבמאַך און מיטטיילונג. פיהרענדיג דעם קלאַסען־קאַמף פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט אויפ׳ן באָדען פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, קעמפט די פעראייניגטע פּאַרטיי פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יודישע מינדערהייטען, וועלכע בילדען גרויסע מאַסען־ישובים, און העלפט־מיט, שטיצענדיג זיך אויף די אָביעקטיווע כראַצעסען פונ׳ם מלוכה׳שען און צווישען־מלוכה׳שען יודיש־נאַציאָנאַלען לעבען, דער ענטוויקלונג פון דער יודישער געזעלשאַפט, וואו עס וועלען שוין האָבען שום שטערונגען און בעגרענעצטקייט אויפבליהען די שאַפונגס־כוחות פונ׳ם יודישען פאָלק און פון יודישען אַרבייטער־קלאַס.

די פעראייניגטע פּאַרטיי שטעלט זיך איינהייטליכע אויפגאַבען און ציעלען, אָבער איבער די וועגען און מעגליכקייטען, וועלכע פיהרען צו דער פערווירקליכונג פון איינעם פון איהרע גרונד־ציעלען—פונ׳ם טעריטאָריאַליזם,—זענען נאָך פערבליבען צווישען די פעראייניגטע ריכטונגען געוויסע חלוקי־דעות. די פעראייניגטע פּאַרטיי האָט נאָך דערוויל נישט פאָרמולירט איהר געמיינזאַמען קוק אויף דער היסטאָרישער טאַקטיק אויפ׳ן באָדען פונ׳ם טעריטאָריאַליזם. דער טעריטאָריאַליזם איז פאַר דער פעראייניגטער פּאַרטיי נישט קיין נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישע אויסטראַכטעניש. זי דרינגט איהם אויס פון די אָרגאַנישע פּראָצעסען פונ׳ם סאָציאַל־עקאָנאָמישען און נאַציאָנאַל־קולטורעלען לעבען פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט; ער איז פאַר איהר אַ היסטאָרישער מוז. און אויב דער טעריטאָריאַליזם איז פאַר דער פעראייניגטער פּאַרטיי אַ היסטאָרישער מוז, איז שוין אויך פערשטענדליך, אַז זי וועט און מוז זוכען און געפינען די וועגען, וואָס פיהרען צו זיין פערווירקליכונג: אין די ראַהמען פון דער פעראייניגטער פּאַרטיי עקזיסטירען בנוגע דער פראַגע צוויי ריכטונגען, וועלכע זענען נאָך נישט אינגאַנצען סינטעזירט געוואָרען, און עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז יעדע פּאַרטיי דיסקוטירט פריי איבער די גרונד־פראַגען פון איהר היסטאָרישער טאַקטיק בנוגע צו איהרע הויפּט־ציעלען. נאָר אַזוי ווי די פעראייניגטע ריכטונגען האָבען נאָך נישט אינגאַנצען גובר געווען די סעפּאַראַטע טראַדיציעס פון זייער צעשיידטער עקזיסטענץ, און אַזוי ווי ביי שותפות׳דיגע הויפּט־געדאַנקען און צוזאַמענדיגע מעשים עקזיסטירען דאָך כסדר בעזונדערע ווינקעלעך אין דער צוזאַמענדיגער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע, האָבען די פעראייניגטע צדדים גערעכענט פאַר נויטיג צו פּראָקלאַמירען אין זייער צונויפגיסונגס־אָבמאַך דאָס

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

זעלבּסטפערשטענדליכע דאָס רעכט צו דיסקוטירען איבער די וועגען און מעג־ליכקייטען, וואָס פיהרען צו דער פערווירקליכונג פונ׳ם טעריטאָריאַליזם. דאָס איז אויך איינס פון די נייעסען, וואָס מיר פיהרען־איין אין אונזער סאָציאַ־ליסטישער געזעלשאַפטליכקייט: אַ געוויסע פרייהייט פונ׳ם פּאַרטיי־געדאַנק ביי דער שטרענגער דיסציפּלין פון דער קלאַסען־אידעאָלאָגיע און דער קלאַסען־פּראַקטיק.

מיר האָפען, אַז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט אָבשאַצען די גאַנצע וויכטיגקייט און ערנסט פון דער פעראייניגונג פון די צוויי יודישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען. מיר האָבען די ערשטע געמאַכט דעם פּראַקטישען פּאָליטישען פּועל־יוצא פון דער גרויסער רוסלענדישער רעוואָלוציע. ביים העלען שיין פון איהרע גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע און מלוכה׳שע אויפגאַבען האָבען מיר די ערשטע פערשטאַנען גובר־צו־זיין אין אונזערע רייהען די סעקטאַנטישע שיטות און פּאָליטיק, וואָס הערשט אַזוי אינ׳ם לעבען פון יודישען פּראָלע־טאַריאַט. מיר האָבען געמאַכט אַ גרויסען שריט אוי׳ף וועג צו אָבשאַפען די דעזאָרגאַניזאַציע אין די רייהען פון דער יודישער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַ־טיע. די רעוואָלוציע איז פעראינטערעסירט אין דער איינינקייט פונ׳ם רוסלענ־דישען דאָס הייסט אויך פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט. די יודישע בורזשו־אַזיע מוז שוין ענדליך קעגען זיך אויך דערזעהן דעם איינינען און איינהייט־ליכען יודישען אַרבייטער־קלאַס. מיר האָבען געמאַכט דעם ערשטען שריט, נישט מקריב זייענדיג אַפּילו איינעם פון די גרונד־פּרינציפּען פון דער יודיש־פּראָ־לעטאַרישער אידעאָלאָגיע און פון די יודיש־פּראָלעטאַרישע קלאַסען־בעדערפע־נישען. מיר האָבען בעשאַפען די „פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרביי־טער־פּאַרטיי״ (ס.־ס. אין י. ס.), וואָס וועט, לאָ׳מיר האָפען, אויפשטעלען אונטער איהר פאָהן די צעריסענע איינינקייט פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט.



יוסף לעשצינסקי.

# די VI פּאַרטיי־קאָנפערענץ.

א

די קאָנפערענץ, וועלכע מיר האָבען אָבגעהאַלטען אין מאָסקווע די טעג פון 2 ביז 6 אַפּריל 1917, איז געווען איינע פון די פרוכטבאַרסטע.

פראַגען זענען געשטאַנען אַ סך און פראַגען האַרבע, נישט־ווענינער וויכטיגע, ווי פאַר אַ צוזאַמענפאָהר.

קיין מאָסקווע זענען מיר, יעדער בעזונדער, געפאָהרען מיט אַ היבש ביסעל אונרוהיגקייט: צי וועלען מיר אַלעמען ווידער טרעפען? צי האָבען אַלע בעהאַלטען די אינטימע פערבאָרגענע געטריישאַפט דעם פּאַרטיי־גייסט? צי וועט זיך געפינען אַ בשותפות'דיגע שפּראַך?—

די ערשטע קאָנפערענץ־זיצונגען האָבען די אַלע ספקות צו נישט געמאַכט. ביים ערשטען הילך פון דער רעוואָלוציע האָבען זיך אַלע חברים, וואָס זענען געשטאַנען אָן־אַ־זייט שוין אַ שטיק צייט, דערוועקט און מיט זייער אַרבייט האָבען זיי דערוויזען, אַז אַפילו אין דער שטילשטאַנד־צייט האָט זייער פּאַרטיי־געדאַנק נישט אויפגעהערט צו אַרבייטען.

יעדע קאָנפערענץ האָט די אויפגאַבע אונטערצופיהרען אַ געוויסען סך־הכל פון דעם, וואָס איז געטהון געוואָרען ביז איצט, און אָנצייכנען די ליניען פון דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג, פון די ווייטערדיגע מעשים. אין דעם פּרט האָט די פערגאַנגענע קאָנפערענץ, בלי־ספק, דאָס רעכט אויף אַ בכבוד'יגען אָרט אין אונזער פּאַרטיי־געשיכטע.

---

מיר קלייבען זיך נישט דאָ צו געבען קיין אויספיהרליכען דין־וחשבון—מיר וועלען זיך אָבשטעלען נור אויף די וויכטיגסטע מאָמענטען. אויפ'ן ערשטען פּלאַץ דאַרף מען געוויס פערצייכנען דאָס, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָפיציעל אַריינגענומען אין אונזער פּראָגראַם די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אַרום דער פראַגע האָט זיך פונאַנדערגעוויקעלט אויף דער קאָנפערענץ זעהר אַ לעבעדיגע און אינטערעסאַנטע דיסקוסיע: צי איז דאָס אַ רעוואָלוציע, וואָס מאַכט אַן איבערקעהרעניש אין אונזער פּאַרטיי־פּראָגראַם און פּאַרטיי־לעבען, אָדער דאָס איז בלויז אַ פאַקט פון עוואָלוציע, פון בהדרגה'דיגער, נאָר־

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

מאַלער ענטוויקלונג פֿון אונזער פּאַרטיי־געדאַנק? בעדייט דאָס אַ נייע ראַדיקאַל־אומגעענדערטע בעציהונג צום אָרטיגען לעבען, ד. ה. צו דער מעגליכער ענטוויקלונג פֿונ'ם יודישען לעבען אין די גלות־לענדער? וואָס פֿאַר אַ ווירקונג קאָן דאָס אין דעם פֿאַל האָבען פֿאַר אונזערע טעריטאָריאַליסטישע פּרינציפּען? די דיסקוסיע, ראַכט זיך אונז, האָט בעוויזען, אַז מיר האָבען דאָ צו טהון מיט אַנ'ער־שיינונג, וועלכע קאָן בעצייכענט ווערען מיט ביידע נעמען—עוואָלוציע און רעוואָלוציע—מיט־אַמאָל. און אין אמת'ען, דער אויטאָנאָמיסטישער געדאַנק איז אין אונזערע רייהען נישט קיין אונגעריכטער גאַסט. דאָס אָרטיגע לעבען האָבען מיר קיינמאָל נישט געפּרובט אָבצולייקענען, אפילו דעמאָלט, ווען מיר האָבען גערעדט נור וועגען פּריי־שול־פֿעראיינען. און די דירענדע ענטוויקלונג—די עוואָלוציע—האָט אונז געבראַכט צום אָנערקענען, אַז דאָס יודישע נאַציאָנאַלע לעבען קאָן דאָ אָרגאַניזירט און נאָרמאַליזירט ווערען—אויף וויפיעל ס'קאָן—נור אין מלוכה־רעכטליכע פֿאָרמען; צום אָנערקענען, אַז אין אַט די פֿאָרמען פֿון יודיש־נאַציאָנאַלען לעבען איז מעהר פֿון אַלעמען פֿעראינטערעסירט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט און די ברייטע דעמאָקראַטישע מאַסען. און ריכטיג איז אין דער דיסקוסיע אָנגעוויזען געוואָרען, אַז אויב אין אָנהויב פֿון אונזער פּאַרטיי־ענטוויקלונג האָבען מיר יאָ אָפֿט ווי געזינדיגט געגען דעם אָרטיגען לעבען, געגען גלות,—איז דאָס געווען בלויז אַרויסגערופֿען דערפֿון, וואָס מיר האָבען זיך געמוזט אָבגרענעצען פֿון די, וועלכע האָבען זיך געפּלייסט צו מאַכען „פֿון נויט אַ מעלה" און האָבען געוואָלט איינזעהן אין גלות־שיער נישט איינע פֿון די „כמה מעלות טובות" פֿון אונזער לעבען. מיר האָבען דעמאָלט געקעמפֿט פֿאַר אונזער טעריטאָריאַליסטישען פּרינציפּ—און בעה קאַמף, ווי בעוואוסט, איז שווער אַלעמאָל אָבצוהיטען די ריכטיגע פּערספּעקטיוו, אין דעם זין האָבען מיר בפירוש צו טהון מיט אַ פֿאַקט פֿון עוואָלוציע.

די ראָזיגע עוואָלוציע האָט זיך אויסגעדריקט אין אונזער טעטיגקייט. די פּאַרטיי, סיי איינצעלנע חברים און סיי אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס, האָבען געאַרבייט אין אַלע יודישע געזעלשאַפֿטען, וואָס גענומען אַלע צוזאַמען האָבען זיי ווי געבילדעט דעם קערן און יסוד פֿון די קינפֿטיגע יודישע אויטאָנאָמע אינסטיטוטען. דער קאָלעקטיווער פּאַרטיי־געדאַנק האָט אָט די אַרבייט סאַנקציאָנירט, זי אָנרופֿענדיג מיט איהר אמת'ען אויטאָנאָמיסטישען נאָמען. דאָס ערשטע מאָל האָבען מיר פּראָקלאַמירט אונזער אָנערקענען די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע נאָך אין יאַנואַר 1911־טען יאָהר אויף דער 4־טער קאָנפֿערענץ אין ווין—אָבער נאָך אין אַ נישט־קלאָרער און וואַקלענדיגער פֿאָרם. פֿאָרטגעזעצט האָבען מיר די אַרבייט אויף דער 5־טער קאָנפֿערענץ אין פּינסק, וועלכע איז פֿאָרגעקומען שוין אין אַפּריל 1915־טען יאָהר. און אויף דער 6־טער מאָסקווער קאָנפֿערענץ איז די עוואָלוציע אויף דעמראָזיגען באָדען נור אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרענדיגט געוואָרען.

## דער יודישער פראלעטאריער.

געהען מיר אבער איבער צו דער פראגע, וואס פאר א בעדייטונג האט דער פאקט — דאס ענדגילטיגע אריינגעהמען אין אונזער פראגראם די נאציאנאל-פערסאנאלע אויטאנאמיע — פאר אונזער ווייטערדיגער ענטוויקלונג, מוזען מיר אנערקענען — און מיט צופרידענהייט אנערקענען, — אז דאס איז די בעדייטונג פון א רעוואלוציע. מיט׳ן איינשליסען די אויטאנאמיע אין פראגראם האבען מיר פערענדיגט א בעשטימטען עטאפ פון אונזער ענטוויקלונג — די איינשליסונג דארף איצט ווערען אויך א התחלה פון א נייעם עטאפ, א סטימול, א טרייב-קראפט צו א נייער ענטוויקלונג. שוין אויף דער קאנפערענץ האבען פיעל חברים — און אין ערשטער רייהע דער חבר ליטוואקאוו — אנגעוויזען, אז צוזאמען מיט׳ן אננעהמען דעם אויטאנאמיזם ווערען אין א געוויסער מאס איבערגעדרוקט די ערטער, וועלכע ס׳פערנעהמען אין אונזער פראגראם פערשידענע הויפט-פונקטען. דערין טאקי בעשטעהט די רעוואלוציאניזירענדיגע בעדייטונג פון אט דעם פאקט. ס׳מוזען רעווידירט ווערען אין דעם פרט אונזערע טעארעטישע פאזיציעס, כדי ריכטיג איינצושטעלען די ארכיטעקטור פון אונזער פראגראם. די דיסקוסיע אויף דער קאנפערענץ האט געמאכט די התחלה, אנגעוויזען אויף דער וויכטיגקייט פון דער טעארעטישער ארבייט. איצט, האפען מיר, וועט דער קאלעקטיווער פארטיי-געדאנק פערטיפען און ציהען ווייטער די ארבייט און וועט שאפען די פולשטענדיגע הארמאניע צווישען אויטאנאמיזם און טעריטאריאליזם, צווישען אונזערע גרונד-פרינציפען און דעם נייעם שטיין אין אונזער פראגראם.

---

די קאנפערענץ האט זיך אבגעשטעלט אויף דעם טערמין „נאציאנאל-פערסאנאלע אויטאנאמיע”, און נישט אויף איינעם פון די טערמינען „נאציאנאל-קולטורעלע” אדער „נאציאנאל-פאליטישע”. דאס איז נישט קיין פשוט׳ער צופאל. ווען דער „בונד” בעצייכענט די יודישע אויטאנאמיע אלס קולטורעלע, שטעהט דאס אין ענגען צוזאמענהאנג מיט דער גאנצער שיטה זיינער אין דער נאציאנאלער פראגע. די בונדישע שוטה זאגט, אז אויב ס׳קאן זיין א רייד וועגען ספעציפישע נאציאנאלע אינטערעסען און בעדערפענישען — איז דאס נור בנוגע צו דער קולטור, קאנקרעט גערעדט, כמעט נור בנוגע צו דער שפראך. אין רשות פון דער יודישער אויטאנאמישער ארגאניזאציע דארפען דעריבער איבערגעהן נור קולטור-פראגען. אלע אנדערע פראגען, א חוץ ריינער קולטור, זענען שוין שייך צו דער קאמפעטענץ פון די אלגעמיין-מלוכה׳שע מאכט-ארגאנען. דער „בונד” קאן נישט און טאר נישט איינגעהן אויף א פערברייטערטער קאמפעטענץ פון דער יודישער אויטאנאמיע, ווייל דאס וואלט בעדייטען, ערשטענס, אז ער זאגט-זיך-אב פון זיין הויפט-הנהה אין דער פראגע, און ער וואלט געמוזט מודה-זיין אין דער איינענטימליכקייט פונ׳ם יודישען לעבען נישט נור אויפ׳ן געביעט פון קולטור; און

צווייטענס וואָלט ער אפשר אַרויסגעפֿיהרט זיין נאַציאָנאַל-קולטורעל פּראָגראַם פֿון בעשטימטע לאַנד-גרענעצען און וואָלט עס, חלילה, געמאַכט פֿאַר'ן פּראָגראַם פֿונ'ם איינציגען יודישען פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע לענדער, וואו דער יודישער אַרבייטער לעבט און קעמפֿט... ס'איז קלאָר, אַז אונזער קאָנפֿערענץ, זייענדיג ווייט פֿונ'ם בונד'ישען נייטראַליזם אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, האָט נישט געקאָנט אָננעהמען די פֿאָרמול פֿון ריין-קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

פֿון דער אַנדערער זייט האָט די קאָנפֿערענץ געפֿונען, אַז דער טערמין „פּאָליטישע אויטאָנאָמיע" דריקט אויך נישט אויס דעם אמת'ען אינהאַלט פֿון אונזער פֿאָדערונג. זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז די פֿאָדערונג פֿון אויטאָנאָמיע איז אַ פּאָליטישע, אַז די אינסטיטוציעס פֿון דער קינפֿטיגער יודישער אויטאָנאָמיע זענען אויך פּאָליטישע, ווייל זיי פֿערקערפּערן אין זיך אַ טייל פֿון דער מלוכה-מאַכט אין די ראַהמען פֿון זייערע פֿונקציעס. בעצייכענט מען אָבער די אויטאָנאָמיע בכלל מיט'ן נאָמען „פּאָליטישע" לאָזט דאָס אַנ'אָרט פֿאַר זעהר שעדליכע מיספֿערשטענדנישען: דאָס לאָזט מיינען, אַז מיר שטעלען זיך פֿאַר דעם יודישען קבוץ אינגאַנצען אָבגעזונדערט פֿונ'ם אַלגעמיינעם מלוכה-לעבען; אַז אָט דער קבוץ קאָן זעלבשטענדיג אויטאָנאָם פֿיהרען אַ פּאָליטיש לעבען; אַז דער קבוץ קאָן אויטאָנאָם לעזען אַלע פֿראַגען פֿון זיין לעבען אויף אַלע געביעטען. מיינט דאָס ווער — איז דאָס איינע פֿון די שעדליכסטע אילוזיעס, שמעקט דאָס מיט עלטען נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישען אַוואַנטוריזם, ווי דאָס איז אויף דער קאָנפֿערענץ בעטאָנט געוואָרען. מיינט מען דאָס נישט — איז אַוודאי נישט כדאי צו בענוצען זיך מיט אַ טערמין, וועלכער קאָן פֿערפֿיהרען אין די גראָבסטע טעות'ן. די קאָנפֿערענץ האָט מאַקי דעריבער כמעט אָהן ויכוחים אָבגעוואָרפֿען דעמדאָזיגען טערמין.

די קאָנפֿערענץ האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ טערמין, וואָס איז פֿריי פֿון אָט די ביידע נייגונגען: פֿון פֿערשמעלערן ביז גאָר, אָדער פֿון גאָר אויסגרייטערן די פֿונקציעס פֿון דער אויטאָנאָמיע. „נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע" צייכענט נור אָן דעם סוביעקט, וואָס בעקומט די רעכט; דער נאָמען בעדייט, אַז מיר פֿאָדערן, דער יודישער נאַציאָנאַלער קבוץ, אַלס אַזעלכער, זאָל בעקומען רעכט. דער נאָמען זאָגט אָבער גאָרנישט וועגען אינהאַלט פֿון אָט די רעכט. דער אינהאַלט ווערט פּשוט דעטאַל אויסגערעכענט. ס'ווערט אויסגעטייטשט, אַז אין רשות פֿון די יודישע אינסטיטוציעס דאַרפֿען איבערגעהן אָט די און די פֿראַגען, דהיינו: אַלע פֿראַגען, וואָס זענען פֿערבונדען מיט דער יודישער קולטור, איינינע פֿאָרמען פֿון סאָציאַלער פֿערזאָרגונג, סטאַטיסטיק און די פֿראַגען פֿון יודישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

## II

אִין עֶנגעַן צוזאַמעֶנהאַנג מִיט דעֶר אויטאָנאָמיע-פֿראַגעֶ געֶפֿינט זִיך אויך די דִיסקוסיעֶ, וועֶלכעֶ אִיז דעֶרוועֶקט געֶוואָרעֶן אויף דעֶר קאָנפֿעֶרעֶנץ אַרום דעֶם פּונקט: טעֶריִטאָריאַליִזם און עֶמיִגראַציעֶ.

מִיר האָבעֶן שוין אִין עֶרשטעֶן קאַפּיִטעֶל בּעֶמעֶרקט, אַז „צוזאַמעֶן מִיט אָננעֶהמעֶן דעֶם אויטאָנאָמיִזם ווערעֶן אִין אַ געֶוויִסעֶר מאָס פעֶרבּיטעֶן די עֶרטעֶר, וועֶלכעֶ ס'פֿעֶרנעֶהמעֶן אִין אונזעֶר פּראָגראַם פֿעֶרשיעֶדעֶנעֶ הויפּט-פּונקטעֶן". אויסטײַטשעֶן אִין אָנווײַזעֶן קאָנקרעֶט, אִין וואָס בּעֶשטעהט אָט דאָס „איבּעֶרבּײַטעֶן"— דעֶרִין זעֶהעֶן מִיר דעֶם זִין און דעֶם אִינהאַלט פֿון דעֶר דעֶרמאָהנטעֶר דִיסקוסיעֶ.

אִין אונזעֶר דאָגמאַטישעֶר שִיטה האָט דעֶר טעֶריִטאָריאַליִזם פֿעֶרנומעֶן דעֶם איבּעֶן-אָן. וואָס הײַסט דאָס? דאָס הײַסט: דעֶר יודִישעֶר צוקונפֿט-ישוב, דעֶר קבוץ, וואָס האָט ערשט געֶזאָלט אִין פּראָצעס פֿון ענטוויקלונג בּעֶשאַפֿעֶן ווערעֶן, האָט זִיך אונטעֶרטעֶניִג געֶמאַכט אַלעֶ אַנדערעֶ יודִישעֶ ישובים, וועֶלכע זעֶנעֶן שוין פֿאַרהאַן, וועֶלכע וועלען נִישט אויפֿהערעֶן צו זײַן אַפִילו דאַן, ווען אָט דער צוקונפֿט-ישוב וועֶט שוין אויך זײַן. יעדע גלות-מעֶגליִכקײַט האָט געֶהאַט נור אויף אַזויפִיעל אַ ווערט, אויף וויִפִיעל זי האָט אַ דיִרעקטעֶן שייכות צו אָט דעֶם אידעֶאַלעֶן ישוב. די גאַנצע „אָרטיִגע" אַרבּײַט האָט דעֶמאָלט—אַלעֶנפֿאַלס טעאָרעֶטיִש— געֶהאַט אַ זִין נור בּײַם שײַן פֿונ'ם טעֶריִטאָריאַליִסטיִשעֶן אידעֶאַל. קײן זעֶלבּשטעֶנדיִגען ווערט האָט קײן פּראָגראַם-פּונקט נישט געהאַט—אַלץ אִיז געֶוועֶן אונטעֶרגעֶוואָרפֿען דעֶם געֶציִעלטען קונפֿטיִגעֶן קאָלאָניזאַציעֶ-צעֶנטר. און ס'אִיז אִין אַ געֶוויִסער מאָס טאַקי אויסגעֶקומעֶן, אַז מִיר לײַקענעֶן-אָב נישט בּלויז דעֶם גלות'יִזם, נאָר אויך דעם גלות, ד. ה., דאָס לעֶבּעֶדיִגעֶ לעֶבּעֶן אַלײן. נאַטירליִך, האָט די פּראַקטיִק אויף יעֶדעֶן שריִט און טריִט נישט געֶשטימט, נאָר סותר-געֶוועֶן אָט די טעאָרעטיִשע שִיטה,—נישט יעדעֶ אַרבּײַט האָט זִיך געֶקײַטעֶלט דיִרעֶקט מיִט'ן טעֶריִטאָריאַליִזם. דעֶרפֿון אִיז אַרויסגעֶקומען די גוט-בּעקאַנטעֶ דִיסקוסיעֶ מכּוח דעֶם אִינעֶווענִיגסטעֶן דואַליזם: ווי אַזוי פֿאָרט מעֶן צונויף דעֶם „דאָ" מיִט'ן „דאָרטעֶן", די גאַנצעֶ פִיעלפֿאַכיִגעֶ אַרבּײַט אִין די גלות-לעֶנדעֶר מיִט'ן געֶפּלאַנטען צוקונפֿט-יִשוב. אויף דעֶמדאָזיִגעֶן פּונקט זעֶנעֶן טאַקי אַנדעֶרעֶ חברים געֶשטרויכעלט געוואָרעֶן, זײ האָבּעֶן נִישט געֶקאָנט גובר-זײַן אָט דעֶם דואַליזם—און זעֶנעֶן פֿעֶרזונקעֶן אִין ספֿקות...

די קאָנפֿעֶרעֶנץ האָט אִין דעֶם פּרט געֶמאַכט אַ גרויסעֶן שריִט פֿאָרויס. אִין אַ געֶוויסעֶן זִין וואָלט מעֶן געֶקאָנט זאָגעֶן: זי האָט אונז בּעֶפֿרײַט פֿון דעֶם צויבּעֶר פֿונ'ם קונפֿטיִגעֶן יודִישעֶן יִשוב. מִיר ווײַסעֶן: די יודִישעֶ קאָלאָניזאַציעֶ מוז אִין וועֶט שאַפֿעֶן אַ צעֶנטראַלעֶן יודִישעֶן קבוץ, דעֶרצו פִיהרט אָביעֶקטיִוו דעֶר גאַנג

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

פֿון דער ידישער עמיגראַציע נאָר דאָס ידישע לעבען בעשטעהט ניט בלײַ פֿון עמיגראַציע, און די עמיגראַציע שעפּט ניט אויס אַלע קװאַלען פֿון ידישע לעבענס-ענערגיע און ענטװיקלונגס-מעגליכקייטען, און ניט דער טעריטאָריאַליזם גיט-צו אַ זין דעם גאַנצען לעבען אונזערען, נאָר ער אַליין זוכט און געפֿינט זײַן זין און אַט דעם לעבען.

מיר זענען איצט אײך װײַט פֿון דעם אַזױ-אָנגערופֿענעם גלות׳יזם, װי אַלעמאָל. אונזער גאַנץ פֿערשטעהן דאָס יודישע לעבען איז דורכגעדרונגען מיט דער אָנערקענונג, אַז די עקסטעריטאָריאַלקײט לעגט איהר שטעמפּעל אויפ׳ן געשיכטע-גאַנג פֿון דער יודישער נאַציע; אַט דער פֿאַקט שטעהט אין צענטר פֿון אַלע אונזערע געדאַנקען בײַם בעטראַכטען און בײַם בענעהמען דאָס יודישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם; פֿון דער עקסטעריטאָריאַלקײט שטאַמט די בעגרענעצט-קײט פֿון אונזער נאַציאָנאַלער ענטװיקלונג, דער אוננאָרמאַלער סאָציאַלער בײַ פֿון יודישען פֿאָלק, די אָרימקײט פֿון דער יודישער קולטור, די אָבטרינניגקײט פֿון געװיסע און ניט גאָר קלײנע שיכטען פֿון דער נאַציע א. א. װ.—װאָס דאָס אַלין לעגט זיך אַזױ שװער אויפ׳ן קלאַסען-קאַמף פֿונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט. און הסכּם מיט׳ן דאָזיגען קוק בעקומט פֿאַר אונז די יודישע עמיגראַציע אױך אַ פּאָזיטיװען סאָציאַלען װערט. די װאַנדערונג ניט זי צעבראָקעלט און שיאַבט אָב דאָס יודישע פֿאָלק, נאָר פֿערקעהרט: זי צעמענטירט איהם, זי מאַכט מעגליך די גרעסערע, די גרעסטע נאָרמאַליזירונג פֿון יודישען לעבען.

מיר זענען װײַט פֿון גלות׳יזם — מיט׳ן גלות אָבער זענען מיר מעהר װי נאָהענט. ס׳איז מעהר נישטאָ קײן אָרט פֿאַר קײן שום דואַליזם. דער „דאָ“ איז אויטאָנאָם און פֿולבערעכטיגט צוגלײַך מיט׳ן „דאָרטען“. דער „דאָרטען“ איז פֿערבינדען דירעקט מיט׳ן װאַנדערונגס-פּראָצעס און דורך איהם שוין ממילא מיט׳ן גאַנצען יודישען לעבען.

די עמיגראַציע איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט אין יודישען לעבען און די פּאַרטײ פֿון ידישען פּראָלעטאַריאַט מוז נעהמען שטעלונג צו אַט דעם פֿאַקט. און מיר זאָגען: די פּאַרטײ פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט קאָן צום דאָזיגען פֿאַקט נור אײן שטעלונג נעהמען — אַרײַנטראָגען פּלאַנמעסיגקײט און בעװאוסטזיניגקײט אין דעם עמיגראַציע-פּראָצעס, אָנװענדען אַזאַ עמיגראַציע-פּאָליטיק, װאָס זאָל שטעהן אין הסכּם מיט די אָביעקטיװע מעגליכקײטען, װאָס זענען פֿערבאָרגען אין דער עמיגראַציע.

אַזױ פֿערשטאַנען, פֿערלירט דער טעריטאָריאַליזם דעם איבעריגען אין אונזער פּראָגראַם, אין אַמאָליגען זין פֿון דעם װאָרט. מיר זענען די פּאַרטײ פֿונ׳ם ידישען אַרבײַטער-קלאַס און אַלע לענדער, װאו די יודישע נאַציע לעבט און ענטװיקעלט זיך, ד. ה. די ידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. צופּאַסענדיג דאָס אַל-געמײן-סאָציאַליסטישע פּראָגראַם צו די ספּעציפֿישע לעבענס-תּנאים פֿונ׳ם יודישען

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

אַרבייטער, שליסען מיר איין אין דעם 'פּראָגראַם אויך די עמיגראַציע-פּאָליטיק און זאָגען, אַז ראַציאָנעלע יודישע עמיגראַציע-פּאָליטיק מוז און וועט זיין טעריטאָריאַליסטיש.

זעלבסטפערשטענדליך, האָבען זיך אויף דער קאָנפערענץ געפונען אויך איניגע דאָגמאַטיקער, וואָס אַט דער נייער געדאַנקען-גאַנג האָט זיי אַ ביסעל געשראָקען. אָבער די קאָנפערענץ האָט אַרויסבעוויזען איהרע סימפּאַטיעס דער נייער ריכטונג, נאָר אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע איז אָט די „איבערשאַצונג פון די פּראָגראַם-ווערטען" נישט פאַרפיקסירט געוואָרען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע זאָגט נור, אַז די קאָנפערענץ בלייבט טריי דעם אַנאַליז, וועלכער ברענגט אונז צום טעריטאָריאַליזם דורכ'ן איינשליסען אין אונזער אַרבייט די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע.

---

ווי מיר האָבען געזעהן, האָט זיך די דיסקוסיע געדרעהט בלויז אַרום דעם טעאָרעטישען יסוד פון'ם טעריטאָריאַליזם און זיין פּלאַץ אין אונזער פּאַרטיי-פּראָגראַם. און אין דעם פּרט איז די דיסקוסיע געווען זעהר פרוכטבאַר. געבליבען כמעט ווי נישט-בעריהרט איז אַ צווייטע, זעהר אַ וויכטיגע פראַגע: די פראַגע וועגען דער עמיגראַציע-פּאָליטיק גופא. אין וואָס דאַרף זיך קאָנקרעט אויסדריקען אָט די פּאָליטיק, כדי זי זאָל זיין טעריטאָריאַליסטיש? מיט וואָס דאַרף זיך אונטערשיידען אונזער עמיגראַציע-פּאָליטיק, אַלס טעריטאָריאַליסטישע, פון דער פּאָליטיק אויף דעמזעלבען געביעט פון אַנדערע פּאַרטייען און חברות, למשל, פון יק"אַ אפילו? צי נור דעריך, וואָס מיר וועלען שאַפען דעמאָקראַטישע עמיגראַציע-חברות, אָנשטאָט ביוראָקראַטישע קאַנצעלאַריעס? צי מיר וועלען טאַקי דעם תוך פון דער רעגולירונגס-אַרבייט אומבייטען?--אויף די אַלע פראַגען האָט די קאָנפערענץ קיין תשובות נישט געגעבען. און ס'איז גאַנץ פערשטענדליך: פאַר דער 'קאָנפערענץ זענען געשטאַנען צוויי הויפּט-אויפגאַבען--פאָרמולירען און פעסטשטעלען אונזער איצטיגען פּאַרטייאישען „אני מאמין" אין דעם טעאָרעטישען טייל פון אונזער פּראָגראַם, און בעשטימען אונזערע קאָנקרעטע פּאָליטישע און סאָציאַלע אויפגאַבען אין דעם רעוואָלוציאָנערען מאָמענט. די פּראַקטישע וועגען פון עמיגראַציע-פּאָליטיק, דאָס איז שוין נישט טעריטאָריאַליסטישע טעאָריע און צו דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק פון איצטיגען מאָמענט האָט זי אויך קיין שייכות נישט. די קאָנפערענץ האָט זיך דעריבער אינגאַנצען פערטהון אין די פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגען.



ם. שאַץ.

# די ענטוויקלונג פונ׳ם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

## I

די צוריקאויפשטעלונג פונ׳ם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל איז די וויכטיגסטע און ברענענדיגסטע אויפגאַבע פונ׳ם אַלוועלטליכען פראָלעטאַריאַט. מיר לעבען איצט איבער די געבורטס־וועהטאָגען פונ׳ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. די וועלט־געשעהענישען פון די לעצטע פאָר יאָהר האָבען בלי־ספק אַרויפגעלעגט זייער שטעמפעל אויך אויף די געגענזייטיגע בעציהונגען פון די איינצעלנע טיילען פונ׳ם אַלוועלטליכען אַרבייטער־קלאַס.

עס איז דעריבער כדאי אין אַלגעמיינע שטריכען צו בעטראַכטען די ביזהעריגע ענטוויקלונג פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל.

דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט עקזיסטירט אַנ׳ערך 10 יאָהר,—פון 1864 ביז 1873,— איז, ווי בעוואוסט, אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפונקט, אַז די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אַבסאָלוט איינאַרטיג און גלייך אין אַלע לענדער און ביי אַלע פעלקער. דערפאַר האָט מען געגרינ־דעט אַנ׳איינהייטליכע אַלוועלטליכע פאַרטיי — „די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָציאַציע", וואָס איהרע מיטגליעדער זענען געווען איינ־צעלנע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און אפילו איינצעלנע אַרבייטער פון פער־שיעדענע לענדער און פעלקער. די אָרגאַניזאַציע איז געווען שטרענג צענ־טראַליסטיש און האָט זיך געפונען אין רשות פונ׳ם גענעראַל־ראַט.

אַזוי האָט מען דעמאָלט פערשטאַנען דעם לאָזונג „פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פעראייניגט אייך!" אינ׳ם פשוט׳ן זין פון בעשאַפען אַנ׳איינ־הייטליכע אַלוועלטליכע פאַרטיי. אָבער אויך דעמאָלט האָט דער נאַציאָנאַלער מאָמענט געשפּיעלט אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל אַ געוויסע ראָלע.

אַזוי ווי די אַרבייטער האָבען פשוט גערעדט אויף פערשיעדענע שפּראַ־כען, האָט מען צוליעב טעכנישע טעמים און צוליעב דער פּראָפּאַגאַנדע דאָך געמוזט אָנערקענען אין אַ געוויסער מאָס דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ. אין דעם „מעמאָראַנדום", וואָס די דייטשע גרופּע האָט צוגעשטעלט דעם איי־זענאַכער קאָנגרעס, לייענען מיר:

„דער קרייז פון דער טעטיגקייט פון די נאַציאָנאַלע

צענטראַל־אָרגאַנען ווערט נישט בעגרענעצט דורך די מלוכה־גרענעצען, נאָר נעהמט־אַרום דעם גאַנצען שטח, וואו מען בענוצט זיך מיט אַגעוויסער שפראַך".

דערפון זעהען מיר קלאָר, אַז אויף וויפיעל דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל אפילו האָט בכלל אָנערקענט די מעגליכקייט און נויטווענדיגקייט נאַציאָנאַל צו אָרגאַניזירען די איינהייטליכע אַלוועלטליכע אַרבייטער־בעוועגונג, איז ער דורכאויס געשטאַנען אויפ'ן נאַציאָנאַלען פרינציפ און נישט אויף דעם מלוכה'שען.

אָבער אין אַלגעמיין איז דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל געבויט געווארען אויפ'ן יסוד פונ'ם אַטאָמיסטישען קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס שטיצט זיך נור אויפ'ן יחיד. ער איז געווען שטרענג צענטראַליסטיש, זיך בויענדיג נישט פון זינטען אַרויף, נאָר פון אויבען אַראָב. דערין איז שוין געלעגען דער טויט־אורטייל פונ'ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל. ווי נור דער סאָציאַליזם האָט אָנגעהויבען צו ווערען פון אַן'אינטעליגענטיש־קולטור־גרעגערישער שיטה אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע מאַסען־בעוועגונג, האָט ער זיך געמוזט אַלץ מעהר אַראָפּלאָזען צו די רעאַלע אינטערעסען און פּראַקטישע פּראָבלעמען פונ'ם אַלטעגליכען אַרבייטער־קאַמף. און דאָס האָט געמוזט ברענגען צו אַן'אַלץ ענגערען און אָרגאַנישען צוזאַמענבונד מיט די קאָנקרעטע בעדינגונגען פון דער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער סביבה, אין וועלכער עס קומט־פאָר דער פּראָלעטאַרישער קלאַסען־קאַמף.

די אויפגאַבע פונ'ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל איז געווען, צו פונאַנדערוואַרפען אין דער גאַנצער וועלט דעם זאָמען פונ'ם סאָציאַליסטישען געדאַנק. דערנאָך איז ער זיך פונאַנדערגעפאַלען און עס האָט געמוזט דויערן 16 יאָהר, ביז דער זאָמען האָט געבראַכט פרוכט אין די פערשיעדענע לענדער, ביז עס איז אָרגאַניש אויסגעוואַקסען דער נייער אינטערנאַציאָנאַל פון די גלייכבערעכטיגטע שטאַרקע מלוכה'שע און נאַציאָנאַלע סעקציעס.

## II

די אַרבייטער־בעוועגונג, וואָס האָט געלאָזען אַלץ טיעפערע וואָרצלען כמעט אין אַלע איירָאָפּעאישע לענדער, האָט בעשאַפען אין יאָהר 1889 דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. אין דעם יאָהר זענען זיך צונויפגעקומען אין פּאַריז שוין נישט מיטגליעדער פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע, נאָר בעפולמעכטיגטע פערטרעטער פון די אָרטיגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, כדי אַריינצוברענגען איינהייטליכקייט און אַחדות אין דער טעטיגקייט פון די נאַציאָנאַלע גרופּעס פונ'ם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט.

די קאָנגרעסען פונ׳ם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל פלעגען זיך מצהרסטען־טייל פערנעהמען מיט טעאָרעטישע ויכוחים און אַ געוויסע ראָלע האָבען אין זיי געשפּיעלט אויך אַנאַרכיסטישע עלעמענטען. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל פלעגט, פערשטעהט־זיך, אויך נישט אויסמיידען אַלגעמיין־פּרינציפּיעלע פראַגען, נאָר דעם אויבען־אָן פלעגען אויף זיי שוין פערנעהמען פּראַקטישע פראַגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק. דער קאָנגרעס פלעגט שטרעבען צו בעשטימען די מיטעל־ליניע אין אַלע וויכטיגסטע פראַגען פונ׳ם פּראָלעטאַרישען קלאַססען־קאַמף. און וואָס ענגער עס ווערט דער צוזאַמענבונד פונ׳ם אַלוועלטליכען אַרבייטער־קלאַס, אַלץ גרעסער ווערט די בעדייטונג פון זייערע איינצעלנע סעקציעס—מלוכה׳שע און נאַציאָנאַלע. כמעט אַלע בעשלוסען פונ׳ם קאָנגרעס ווערען אינ׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל צוגעגרייט און פאַקטיש אָנגענומען צוערשט אין די איינצעלנע סעקציעס און קאָמיסיעס.

און אויף די פלענאַר־זיצונגען פלעגט באמת נור געמאַכט ווערען דער סך־הכל פון די איינצעלנע בעשלוסען. און אַזוי ווי דער שווערפּונקט ליעגט דאָ בעצם אין די איינצעלנע סעקציעס, איז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל געבויט אויף גאַנץ אַנדערע יסודות, ווי דער ערשטער.

אַזוי ווי די ראַהמען פונ׳ם פּראָלעטאַרישען קלאַססען־קאַמף ווערען קודם־כל בעשטימט דורך די גרענעצען פון איינצעלנע מלוכות, האָט זיך דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל פון־אָנהויב־אָן אויפגעבויט אויפ׳ן מלוכה־פּרינציפּ. אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס פון דער געגעבענער מלוכה, וואָס בעפרידיגען די פאָדערונגען פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל, בילדען צוזאַמען איין סעקציע, וועלכע געהט־אַריין אַלס אַן׳אויטאָנאָמער, אין אַ געוויסער מאָס, טייל אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל.

דער אינטערנאַציאָנאַל אַליין בעשטימט, וועלכע אָרגאַניזאַציעס קאָנען אין איהם אַריינגעהן. די ערשטע דריי קאָנגרעסען פונ׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל—דער פּאַריזער (1889), דער בריסעלער (1891) און דער ציריכער (1893) — האָבען בעשלאָסען, אַז אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל קאָנען אָנטיילנעהמען „אַלע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס אָנערקענען די נויטוועדיגקייט פון דער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע און פונ׳ם פּאָליטישען קאַמף“.

די אָבשטימונגען פלעגען פּאָרקומען, געוועהנליך, לויט פערזאָנען, נאָר ביי וויכטיגע פּרינציפּיעלע פראַגען האָט יעדע נאַציע געהאַט דאָס רעכט צו פערלאַנגען אַן׳אָבשטימונג לויט די סעקציעס. אין די קאָמיסיעס האָט יעדע נאַציע געהאַט איין שטים.

די ערשטע צייט האָבען זיך די אַנאַרכיסטען אויך בעטייליגט אינ׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. אויף איינינע קאָנגרעסען, ווי, למשל, אויפ׳ן ציריכער (1893), זענען צוליעב דעם פּאָרגעקומען שטורמישע סקאַנדאַל־סצענעס.

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

דעריבער האָט דער לאָנדאָנער קאָנגרעס (1896) און נאָך איהם דער פּאַריזער (1900) גענויער בעשטימט די תּנאים, אויף וועלכע די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס ווערען צוגעלאָזען צום אינטערנאַציאָנאַל. לויט די בעשלוסען פון אָט די קאָנגרעסען האָבען דאָס רעכט צו בעטייליגען זיך אין׳ם אינטערנאַציאָנאַל בעקומען:

1) אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אָנערקענען די הויפּט־פּרינציפּען פונ׳ם סאָציאַליזם: די סאָציאַליזירונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און טויש־מיטלען; די אינטערנאַציאָנאַלע אייניגקייט און טעטיגקייט פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט אין דעם קאַמף פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט פאַר דער פּאָליטישער מאַכט;

2) אַלע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, וואָס שטעהען אויפ׳ן באָדען פון קלאַסען־קאַמף און אָנערקענען די נויטווענדיגקייט פונ׳ם פּאָליטישען קאַמף.

יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס וויל זיך בעטייליגען אין אינטערנאַציאָנאַל, מוז זיך קודם־כל ווענדען צו איהר מלוכה׳שער אָדער, לויט דער אָפיציעלער טערמינאָלאָגיע, צו דער נאַציאָנאַלער סעקציע. נאָר אויב די סעקציע זאָגט־אָב דער אָרגאַניזאַציע אין איהר בקשה, קאָן זי אַפּעלירען צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ, וואָס זיין בעשלוס אין דער פראַגע איז אַנ׳ענדגילטיגער.

בראש פון יעדער נאַציאָנאַלער סעקציע שטעהט געוועהנליך אַ נאַציאָנאַלער קאָמיטעט. נאָר אין די לענדער, וואו דער סאָציאַליזם איז פערטרעטען דורך פערשיעדענע ריכטונגען, ווי, למשל, אין רוסלאַנד, צעטיילט זיך די נאַציאָנאַלע סעקציע אויף אונטער־סעקציעס. יעדע סעקציע האָט אויפ׳ן קאָנגרעס אַ בעשטימטע צאָהל שטימען, פון 2 ביז 20, לויט דער בעדייטונג פון דער נאַציע, דער שטאַרקקייט פון איהרע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס א. א. וו.—יעדע סעקציע טיילט אַליין פונאַנדער איהרע שטימען צווישען איהרע אָרגאַניזאַציעס; אויב עס ענטשטעהען חלוקי־דעות, בעשליסט וועגען דעם דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ.

אויף די פּלענאַר־זיצונגען קאָנען פערלאַנגען אַנ׳אָבשטימונג לויט נאַציעס בישט 1, נאָר 3 נאַציעס. אין די קאָמיסיעס האָט יעדע נאַציע 2 שטימען.

פון דעם פּאַריזער קאָנגרעס אָן איז די פראַגע וועגען דער פערטרעטונג פון די איינצעלנע נאַציעס אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל אַ סך פערוויקעלטער געוואָרען צוליעב דער בילדונג פון אַ שטענדיגען אינטערנאַציאָנאַלען סעקרעטאַריאַט און קודם־כל פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ, וואָס איז, אין אַ געוויסער מאָס, דער אויספיהרונגס־אָרגאַן פונ׳ם קאָנגרעס. יעדע נאַציאָנאַלע סעקציע שיקט אינ׳ם ביוראָ 2 דעלעגאַטען מיט בעשליסונגס־שטימען. עס איז קלאָר, אַז יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט דערלאַזען צום קאָנגרעס, ווערט דורכדעם אַ טייל פון אינטערנאַציאָנאַל בכלל.

אַזוי איז געווען געבויט דער אויסערליכער אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט פונ׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. איצט וועלען מיר בעטראַכטען, ווי־אַזוי די אָפּיציעלע שפּראַך פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל האָט פערשטאַנען דעם בעגריף „נאַציאָנאַלע סעקציעס״ און ווי אָט דער בעגריף האָט זיך פּאַקטיש אין איהם ענטוויקעלט.

## III

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך צעטיילט, ווי מיר האָבען געזעהן, אויף „נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע  ס ע ק צ י ע ס״. ווען מיר קוקען זיך אָבער צו צו זיין צוזאַמענשטעלונג, זעהען מיר, אַז דער בעגריף „נאַציע״ ווערט דאָ בענוצט אין גאָר אַנ׳אַנדערען זין—אין אַ פיעל ברייטערען און אונבעשטימטערען, ווי מיר בענוצען איהם געוועהנליך. „נאַציאָנאַלע״ סעקציעס בילדען, למשל: 1) נאַציאָנאַל־איינהייטליכע מלוכות, ווי ד י י ט ש ל אַ נ ד, פ ר אַ נ ק ר י י ך, א י ט אַ ל י ע ן; 2) גאַנצע מלוכות, וואו עס לעבען אַ סך נאַציעס, ווי ע ס ט ־ ר י י ך, ר ו ס ל אַ נ ד; 3) טיילען פון גאַנצע מלוכות, ווי פ י נ ל אַ נ ד, א ו י ־ ס ט ר אַ ל י ע ן, ד ר ו ם ־ אַ פ ר י ק אַ, און 4) איינצעלנע נאַציעס, וואָס האָבען קיין מלוכה נישט, ווי פ ו י ל ע ן, ט ש ע כ ע ן.

מען קאָן דערפאַר בשום־אופן נישט זאָגען, אַז דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל איז געבויט געווען אויף וועלכען־ס׳איז אויסגעהאַלטענעם איינהייטליכען פּרינציפּ—ער איז אויסגעוואַקסען ביסלעכווייז, אָרגאַניש, אָבער אין דעם אָרגאַנישען פּראָצעס קאָן מען אָנמערקען געוויסע אינעווייניגסטע טענדענציעס און קודם־כל אַ קלאָרע ענטוויקלונג פונ׳ם מלוכה־פּרינציפּ צום נ אַ צ י אָ נ אַ ־ ל ע ן פּרינציפּ.

דער ערשטער פונדאַמענט, אויף וועלכען דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אויפגעבויט, איז בלי־ספק געווען די מ ל ו כ ה. באַלד אָבער האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזען, אַז די מלוכה־גרענעצען קאָנען בשום־אופן נישט אָנערקענט ווערען פון דער אַרבייטער־דעמאָקראַטיע אַלס אויבערשטער אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ, ווייל זיי ווערען זעהר אָפט בעשטימט דורך ריין־אימפּעריאַליסטישע, דינאַסטישע און אַנדערע צופעליגע און פאָלקספיינדליכע אינטערעסען. דערפאַר האָט טאַקי דער אינטערנאַציאָנאַל באַלד אָנגעהויבען מאַכען פערשיעדענע אויסנאַהמען פונ׳ם מלוכה׳שען פּרינציפּ.

דעם אָנהויב האָבען געמאַכט די פּוילען. אויף דעם בריסעלער אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס זענען געקומען פערטרעטער פונ׳ם פּוילישען פּראָלעטאַריאַט האָבען זיך פעראייניגט אין איין דעלעגאַציע און האָבען ערקלערט, אַז נישט־קוקענדיג דערויף, וואָס זיי קעמ־

פּען אין דריי פּערשיעדענע מלוכות, האָבען זיי דאָך געוויסע בשותפות׳דיגע אינטערעסען, וואָס שטערען זיי נישט צו געהן האַנד ביי האַנד מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אַנדערע נאַציעס, וועלכע וואוינען אין יענע מלוכות. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנערקענט די פּוילישע סעקציע. עס פערשטעהט זיך, אַז אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּיעלט, וואָס דאָס פּוילישע פּאָלק האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו קעמפּפען פאַר זיין פּאָליטישער זעלבשטענדיגקייט.

נאָך די פּוילען האָבען אויך די טשעכען בעקומען אַ זעלבשטענדיגע פערטרעטונג אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל, אַלס „אַלטע היסטאָרישע קרוינלאַנד בעהמען״, וואָס איז אַמאָל געווען אַ מלוכה. — דער טשעכישער פּראָלעטאַריאַט שטעלט זיך אָבער נישט אַלס ציעל די מלוכה׳שע זעלבשטענדיגקייט פון בעהמען. דאָ בעקומט דער ריין־נאַציאָנאַלער מאָמענט אַ קלאָרען אויסדרוק.—אָבער פאָרמעל האַלט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל נאָך אַלץ פעסט אָן דעם מלוכה־פּרינציפּ. באַלד נאָך די טשעכען בעקומען „נאַציאָנאַלע סעקציעס״ די פינלענדער, אויסטראַליער און דרום־אַפריקאַ, ווייל זייער פּאָליטישער כאַראַקטער איז „נאָהענט צו אַ מלוכה״.

פאַר יעדען איז אָבער קלאָר, אַז אין עצם קומט דאָ פאָר אַ שטענדיגער קאַמף פונ׳ם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, וואָס איז ביסלעכווייז אונטער פערשיעדענע פאָרמולען און הכשרים גובר דעם ריינעם מלוכה־פּרינציפּ. וואָרום צי איז דען נישט דער איינציגער קלאָרער אינהאַלט פון די אַלע טויטע בעגריפען, ווי: „געוועזענע מלוכה״, „היסטאָרישע פּראָווינץ״, „קרוינלאַנד״ א. א. וו., לעבעדיגע נאַציע?

בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פּרט די געשיכטע פון דער אַרמענישער סעקציע אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל. אין יאָהר 1904 האָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ אָבגעזאָגט די אַרמענער אין זייער בקשה פון אַנ׳אויטאָנאָמער סעקציע. אין יאָהר 1907 האָבען די אַרמענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דערין אויך פון טערקיי, ווידער אויפגעהויבען דיזעלבע פראַגע. דאָס ביוראָ האָט פּרינציפּיעל מסכים געווען מיט דער אַרמענישער פאָדערונג, אויב מ׳וועט בעווייזען, אַז די טעטיגקייט פון דער טערקיש־אַרמענישער פּאַרטיי טראָגט אַ סאָציאַליסטישען כאַראַקטער. און אין יאָהר 1908 האָבען די אַרמענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בעקומען אַ זעלבשטענדיגע סעקציע אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל.

אין דעמדאָזיגען פאַל האָט דער מלוכה־פּרינציפּ אַפילו פאָרמעל נישט געקאָנט שפּיעלען קיין שום ראָלע. אָבער אויך נאָכדעם האָט דער אינטערנאַציאָנאַל נאָך אַלץ נישט אָנערקענט אין זיין אָרגאַניזאַציע דאָס רעכט פון יעדער נאַציע צו פערלאַנגען אַ נאַציאָנאַלע סעקציע אין אינטערנאַציאָנאַל. די פאָדע־

רונג פון אַ נאַציאָנאַלער סעקציע פון די אוקראַינער, ליטווינער, קראָ־אַטען א. א. וו. האָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ אָבגעוואָרפען.

## IV

פראַקטיש איז דורכגעפיהרט געוואָרען דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס־פרינציפ, אָבער פאָרמעל האָט דער אינטערנאַציאָנאַל שטענדיג, ווי ווייט מעג־ליך, אויסגעמיידט די פרינציפיעלע בעטראַכטונג פון דער פראַגע. אין יאָהר 1903 האָבען די טשעכען געוואָלט, מ׳זאָל שטעלען אויף דער טאָג־אָרדנונג פונ׳ם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס אַ פונקט וועגען „דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״, נאָר דאָס ביוראָ האָט עס אָבגעוואָרפען.

אָבער לאַנג האָט מען די פראַגע נישט געקאָנט פערשוויינען. אויף דער זיצונג פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ דעם 10־טען נאָוועמ־בער 1906־טען יאָהר האָט זינגער אַריינגעטראָגען דעם פאָרשלאָג, מ׳זאָל אָרגאַניזירען די סעקציעס נור לויט מלוכות און נישט לויט די נאַציעס. געגען דעם פאָרשלאָג זענען ענערגיש אַרויסגעטרעטען די פוילען, טשעכען א. א. וו.; צום סוף איז אָנגענומען געוואָרען די פאָרמול, אַז אין אינטערנאַציאָנאַל זענען פערטרעטען „לענדער און נאַציעס״. דערמיט האָט דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל אָפיציעל זיך אָבגעזאָגט פונ׳ם ריינעם מלוכה־פרינציפ און זיך באמת געשטעלט אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז דאָר־טען, וואו די מלוכה־גרענעצען און די נאַציאָנאַלע גרענעצען פאַלען נישט צו־נויף, מוז מען זיך אויך רעכנען מיט דעם נאַציאָנאַלען פרינציפ.

אָפיציעל האָט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביורא ערקלערט, וואָס עס פערשטעהט אונטער דעם בעגריף „נאַציע״:

„אַלס נאַציע ווערט אָנערקענט יעדע גרופע פון יחידים, וואָס זענען אונ־טערגעוואָרפען אונטער איין רעגירונג. דאָך קאָן דאָס ביורא ביי אויסנאַהמס־פאַלען אָנערקענען אַלס נאַציע אויך אַזעלכע גרופעס פון יחידים, ביי וועלכע עס לעבט נאָך דאָס שטרעבען צו אויטאָנאָמיע און צו מאָראַלישער איינהייט, אַלס אַ פועל־יוצא פון אַ לאַנגער היסטאָרישער טראַדיציע, נישט־קוקענדיג אויף דעם, צי זי איז אָבהענגיג פון איינער אָדער פון איייניגע רעגירונגען״.

דאָ ווערט שוין קלאָר אָנערקענט דער נאַציאָנאַלער פרינציפ פאַר די נאַציעס, וואָס האָבען נישט קיין זעלבשטענדיגע מלוכה. דער יסוד פונ׳ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל איז אויף אַזאַ אופן נישט סתם־מלוכה, נאָר די נאַ־ציאָנאַל־איינהייטליכע מלוכה. אָבער ווי נור עס געפינט זיך אין איינער צי אין מעהרערע מלוכות אַזאַ גרופע פון מענשען, וואָס ערקלערט זיך אַלס נאַציע און

שטרעבט צו אויטאָנאָמיע, האָט דאָס ביורא דאָם רעכט—אָבער אויך דעם חוב!— אָט די גרופּע צו אָנערקענען און איהר געבען אַ נאַציאָנאַלע סעקציע אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל. ווייל דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז דאָס בילד פון דער צוקונפטיגער פרייער מענשהייט, קאָן בשום־אופן נישט פערוועהרען אפילו דער קלענסטער נאַציע דאָס רעכט זעלבשטענדיג און פריי צו בעשטימען איהר גורל, לכל־הפחות אין דער סאָציאַליסטישער משפחה. דער שטוטגאַרטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, וואָס האָט אָבגע־געבען דער נאַציאָנאַלער פראַגע אַ סך צייט און אויפמערקזאַמקייט, האָט קלאָר בעוויזען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויפ׳ן ברייטסטען אופן אָנערקענט דעם נאַציאָנאַלען פרינציפּ. נור אין אַ פרייער נאַציע קאָן דער פּראָלעטאַריאַט מיט ערפאָלג פיהרען זיין סאָציאַליסטישען קלאַסען־קאַמף און נור צווישען פרייע נאַציעס איז מעגליך די פערווירקליכונג פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַליזם.

עס איז פאַר יעדערען קלאָר, אַז די געשעהענישען פון די לעצטע פּאָר יאָהר בעשטעטיגען נאָך מעהר די ריכטיגקייט פון אָט דעם פּרינציפּ און אַז דער 3־טער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס וועט אין דער נאָהענטסטער צוקונפט געבאָרען ווערען, וועט אָנהויבען ווייטער צו בויען דעם בנין פון סאָציאַליסטישער אחדות דאָרטען, וואו דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט איהם פערענדיגט — פונ׳ם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ.



מ. אַנין.

# די יודישע פּערזענליכקייט.

## I

פּערזענליכקייט איז גאַנצקייט, האַרמאָניע פון אַ פילזייטיגען כאַראַקטער. אָרגאַנישע צונויפגיסונג פון די פערשידענע מענשליכע שטרעבונגען...

יעדער יחיד געהערט צו עטליכע געזעלשאַפטליכע קרייזען,—עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, קולטורעלע,– וואָס נעהמען איהם אַריין אין זיך אַלס אַ טייל. ער איז קודם־כל אַ מיטגליעד פון אַ בעשטימטען סאָציאַלען קלאַס מיט געוויסע איינהייטליכע עקאָנאָמישע און אידעאָלאָגישע אינטערעסען, ער לעבט אין אַ בעשטימטער פּאָליטישער סביבה אין דער אָדער יענער מלוכה, וואָס לעגט אויף איהם אַרויף געוויסע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע פליכטען. אין דער איינער צייט אָבער געהערט יעדער יחיד צו דער אָדער יענער נאַציע,

וואָס בעשטימט אין אַ בעדייטענדער מאָס זיין גורל אויף אַלע געביעטען פונ׳ם געזעלשאַפטליכען לעבען.

ווען די אָנגעהעריגקייט צו די אַלע פערשיעדענע היסטאָרישע קרייזען און די געזעלשאַפטליכע אידעאַלען, וואָס זענען מיט זיי פערבונדען, ווערען אינ׳ם יחיד אָרגאַניש פעראייניגט, דעמאָלט בעקומט־זיך אַ גאַנצע האַרמאָנישע פערזענליכקייט.

זשאָרעס, דער פיהרער פונ׳ם פראַנצויזישען פראָלעטאַריאַט, וואָס איז געפאַלען אינ׳ם טראַגישען העלדען־קאַמף געגען דער פערברעכערישער וועלט־שחיטה, איז געווען אין דער אייגענער צייט איינער פון די גלענצענדסטע קעפ פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, דאָס צאַרטסטע פּאָליטישע געוויסען פון דער פראַנצויזישער רעפובליק און דאָס פיינפיהלענדסטע האַרץ פון דער גרויסער פראַנצויזישער נאַציע...

דאָרטען אָבער, וואו עס פעהלט די האַרמאָניע פון די פערשיעדענע קולטור־קרייזען, וואו זיי זענען גייסטיג סותר איינער דעם אַנדערען, איז די פערזענליכקייט אונמעגליך. אויף איהר אָרט געפינען מיר—אינעווייניגסטע צע־ריסענקייט, מאָראַלישע סכסוכים, גייסטיגע איינזייטיגקייט. דעמאָלט בעקומען מיר אַלס נידריגסטע מדרגה די מאָראַלישע און גייסטיגע שפלות פון אַ נאַ־כאַמקעס, וואָס איז באמת ביז צום היינטיגען טאָג נאָך אין דער אָדער יע־נער פאָרם אַ מאַסען־ערשיינונג; און אויף אַ העכערער, מעהר אָרגאַניזירטער מדרגה פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער צעריסענקייט געפינען מיר—דעם בונ־דיסט, וואָס איז נישט בכוח אָרגאַניש צו פעראייניגען די פערשיעדענע גע־זעלשאַפטליכע און היסטאָרישע קרייזען, וואָס נעהמען-אַרום דעם יודישען אַר־בייטער...

מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר צוריק איז אָט די גייסטיגע צעריסענקייט און דאָס מאָראַלישע הינקען געווען „דער נאַטירליכער צושטאַנד פון יעדען יודישען צוקונפט־מענש״, פון יעדען, וואָס האָט געשטרעבט איבערצובוי־ען דאָס גאַנצע יודישע לעבען אויף נייע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע יסודות.

דער סאָציאַליסטיש־געשטימטער יוד, וואָס זיינע סימפּאַטיעס זענען גע־ווען אויף דער זייט פון דעם קעמפענדיגען אַרבייטער־קלאַס, האָט זיך נישט געקאָנט בעציהען מיט קיין בעזונדערער וואַרימקייט צום אַלטען יודענטום, וואָס איז כמעט אינגאַנצען בעשטאַנען פון סוחרים און מעקלער. אינ׳ם יודישען פאָלק גופא האָט ער דעמאָלט נישט געקאָנט געפינען די מאַסען, וואָס זאָ־לען געהן צוזאַמען מיט׳ן אַלוועלטליכען אַרבייטער־קלאַס אין קאַמף פאַר׳ן סאָ־ציאַליזם. אויף וויפיעל דער יודישער אינטעליגענט איז געווען סאָציאַליסטיש געשטימט, פלעגט דאָס איהם שטענדיג אָברייסען און אָבשטויסען פונ׳ם יודישען לעבען. און דאָך האָבען איהם אין דער אייגענער צייט הונדערטער היסטאָרישע

פעדעם צוגעבונדען צום יודישען פאָלק, דורכגעפלאָכטען זיין גאַנצען גייס־טיגען לעבען מיט די אָבקלאַנגען פון דער יודישער פערגאַנגענהייט און די אידעאַלען פון דער יודישער צוקונפט.

האָבען זיך אין דער נשמה פונ׳ם יודישען אינטעליגענט שטענדיג געראַנגעלט דער סאָציאַליזם און דאָס יודענטום-האָט זיך דאָס אבגעשפיגעלט אי אין דער אָרימקייט פון זיין סאָציאַליזם, אי אינ׳ם פּחדנות׳דיגען פערשווייגען פון זיין יודענטום. און אַ גרויסען מאָראַלישען ליגען האָט אָט די צעריסענקייט אַריינגעטראָגען אין זיין נשמה. דער סאָציאַליזם איז אינטערנאַציאָנאַל נור לויט זיינע ציעלען און מעטאָדען פון קאַמף, אָבער נישט לויט זיינע טרעגער און זיינע פאָרמען... קעמפענדיג פאַר׳ן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, האָט דער יודישער אינטעליגענט דעריבער געמוזט פערלאָזען זיין אייגענע נאַציע, איינע פון די עלטסטע און קולטורעל-רייכסטע נאַציעס, און זיך צופּאַסען צו אַ פרעמדער נאַציאָנאַלער סביבה. און דאָס איז געוועזען באמת אַ טראַגישע לאַגע, ווייל אָבגעבען זיך מיט יודישע ענינים וואָלט צו יענער צייט בעדייט — זיך שטעלען אין די רייהען פון די משרתים פון דער אלטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

## II

דערמיט האָט זיך נאָך נישט אויסגעשעפּט די טראַגעדיע פון דער בעוואוסטזיניגער יודישער פּערזענליכקייט.

לעבענדיג אין רוסלאַנד, אָדער ריכטיגער, זיך צאַפּלענדיג אין דער נעץ פונ׳ם צאַרישען מלוכה־סדר, האָט דער סאָציאַליסטיש־געשטימטער יוד געקאָנט פיהלען צו איהם נור די גרעסטע שנאה אי אַלס סאָציאַליסט, אי אַלס יוד.

אַלס סאָציאַליסט האָט ער געמוזט פיהלען דער טיעפסטען האַס געגען יענעם מלוכה-סדר, וואָס האָט נישט בלויז געהאַלטען אין קנעכטשאַפט און פינסטערניש צעהנדליגער פעלקער און מיליאָנען בירגער, נאָר ער איז אין דער אייגענער צייט אויך געוועזען דער זשאַנדאַרם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע, דער געפּעהרליכסטער פיינד פון דער אַלוועלטליכער דעמאָקראַטיע. אַ פּאַטריאָט פונ׳ם צאַרישען רוסלאַנד האָט געקאָנט דעריבער זיין נור דער, וואָס האָט מסחר געטריעבען מיט זיינע איבערצייגונגען און זיין געוויסען.

נאָך שטאַרקער האָט געמוזט זיין דער יודישער האַס צום אַלטען רעזשים. אויב עס איז ערגעץ געוועזען אַ מלוכה־סדר, וואָס איז אינגאַנצען געיוען געבויט אויף יודען-האַס, איז דאָס געוועזען — דער צאַריזם. צעהנדליגער יודישע דורות האָבען געקליבען אין זייערע נשמות דעם ברענענדיגען האַס

געגען דעם צאַריזם, וואָס האָט זיך סוף־כּל־סוף אַרויסגעגאָסען אינ׳ם העלדישען קאַמף פונ׳ם רעוואָלוציאָנערען יודישען אַרבייטער־קלאַס.

און בעת עס האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די גרויסע וועלט־שחיטה און אויך יודיש בלוט האָט זיך געגאָסען אין דער פערוויסטער וועלט, האָט דאָס רוסישע פאָטערלאַנד ביי זיך גופא אונערטרעגליך געמאַכט דאָס לעבען פון די יודישע פאָלקס־מאַסען דורך אַ מבול פון גירושים, בלבולים און פער־פאָלגונגען. די יודישע מאַסע האָט דעמאָלט געברענט פון שנאה און נקמה־געפיהלען. און בעת אונזערע „אויסדערוועהלטע" דומע־דעפוטאַטען האָבען אין יענע שענדליכע טעג פייערליך געשוואָרען טרייהייט דעם „הייליגען פאָטער־לאַנד", איז דאָס געווען אַ געמיינער פּאָליטישער שקר און אַ מאָראַלישע חרפה...

צעהנדליגער יאָהרען האָט געדויערט אָט דער קאַמף אין דער נשמה פונ׳ם יודישען יחיד:

דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסט, דער רוס־לענדישער בירגער און דער יוד האָבען זיין גייסט אויף שטיקער געריסען. איינער האָט דעם אַנדערען סותר געווען. איינער האָט דעם אַנדערען בעקעמפט. און די נשמה פונ׳ם סאָציאַליסטיש־געשטימטען יוד אין רוסלאַנד איז געווען פול מיט סכסוכים און בלוטענדיגע וואונדען...

III

בהדרגה האָבען די וואונדען אָנגעהויבען צו היילען זיך. עס האָבען זיך בעוויזען אינ׳ם יודישען לעבען סימנים און מעגליכקייטען פון אַ פרייער גאַנ־צער יודישער פערזענליכקייט. און אָנגעהויבען האָט זיך דאָס אין דער אייגע־נער שעה, ווען אינ׳ם גרויען בין־השמשות׳דיגען יודישען לעבען איז אויפגע־טרעטען דער יונגער יודישער אַרבייטער־קלאַס אַלס אַ פּאָליטישער פאַקטאָר, ווען עס איז געבאָרען געוואָרען דאָס נייע יודענטום...

דער יודישער פּראָלעטאַריער האָט שלום געמאַכט צווישען סאָציאַליזם און יודענטום — און פון דער יודישע נשמה איז פערשוואונדען געוואָרען איינער פון די אָנגעוועהטאָגסטע סכסוכים. דער יודישער סאָציאַליסט איז איצט נישט מעהר געצוואונגען צו פערלאָזען דאָס יודישע פאָלק. פערקעהרט, וואָס טיפער עס איז זיין סאָציאַליסטיש און מאָראַליש בעוואוסטזיין, אַלץ נעהענטער פיהלט ער זיך צו די ברייטע ליידענדיגע יודישע פאָלקס־מאַסען, אַלץ מעהר ווערט זיין אַלגע־מיין־סאָציאַליסטישער אידעאַל דורכגעפלאָכטען מיט די נאַציאָנאַלע שטימונגען און האָפנונגען פון דער פאָלקס־מאַסע.

אַלץ, וואָס עס איז פאַרהאַן אינ׳ם יודישען לעבען געזונטעס, שפּראָצענ־

דיגעס, לעבענספעהיגעס, קלייבט־זיך־צונויף אַרום דעם אַרבייטער־קלאַס, וואָס פיהרט דאָס יודענטום אויף נייע פרייע דרכים—דער קאַמף פאַר׳ן סאָציאַליזם, דער קאַמף פון דער ניי־יודישער פאָלקס־קולטור געגען די אַלטע טויטע קולטור־פאָרמען,—דער קאַמף פאַר אַ פריי וועלטליך יודיש לעבען, פאַר בעשאַפען אַ פעסטען קערן פון דער אַלוועלטליכער יודישער נאַציע געגען דעם חלום וועגען לאַנג פערשטאָרבענע וועלטען...

אָט דער אַלזייטיגער פרוכטבאַרער קאַמף, וואָס קומט איצט פאָר אויף אַלע געביעטען פונ׳ם יודישען לעבען, ווערט אָנגעפיהרט פון דער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטערשאַפט, וואָס האָט אויף אַזאַ אופן בעשאַפען דעם פעסטען יסוד פאַר דער פרייער יודישער פערזענליכקייט—און האָט קודם־כל פערוואַנדעלט דעם שאַרפען סכסוך צווישען סאָציאַליזם און יודענטום אין זײַן איינהייטליך־האַרמאָנישען לעבענס־קאַמף.

עס פערשטעהט זיך, דער פראָצעס איז נאָך נישט פערענדיגט. עס זענען נאָך נישט פערהיילט די אַלטע וואונדען. נישט אַלע סאָציאַליסטען־יודען האָבען שוין געפונען דעם וועג צום נייעם יודענטום, נישט אַלע זוכען איהם, נאָך קליין, בעגרענעצט איז דער יודישער קאַמף־פלאַץ.

מעשה נאַכאַמקעס האָט נאָך אין אונזערע טעג אויף אַ רגע בעלויכטען יענעם תהום פון מאָראַלישער שפלות, וואָס ווערט ענטפלעקט אין דער נשמה פונ׳ם יוד־סאָציאַליסט, בעת ער ענטלויפט פחדנות׳דיג פונ׳ם יודענטום און בעהאַלט זיך הינטער זיין רוסישען פ ס ע וו ד אָ נ י ם. דער פסעוודאָנים מעג זיין דער אויפריכטיגסטער רעוואָלוציאָנער—קיין פערזענליכקייט איז ער אָבער נישט...

קוקט זיך נעהענטער צו צו דער טעאָריע און פראַקטיק פון „ב ו נ ד" און אַפילו דאָ וועט איהר געפינען קלאָרע סימנים פון יענעם אַלטען מצב, ווען דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס סאָציאַלע יודענטום און סאָציאַליזם זענען בעטראַכט געוואָרען אַלס היפוכים, און אַזוי ווי צו קיין האַרמאָניע פונ׳ם סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען מאָמענט האָט דער בונד׳ישער געדאַנק נאָך נישט דערגרייכט, שטעלט ער, ווי אין די אַמאָליגע אַלטע צייטען, דאָס סאָציאַלע העכער פאַר׳ן נאַציאָנאַלען. דאָס נאַציאָנאַלע איז אַ ביי־זאַך, אָפט אַנ׳אונאָנגענעהמע ביי־זאַך.

„אַסימילאַציע? צוזאַמענגיסען זיך מיט דעם גרויסען רוסישען אָדער פוילישען פאָלק? געוויס אַ גוטער געדאַנק! אָבער וואָס וועט ווערען מיט דעם קלאַסען־קאַמף פון די יודישע אַרבייטער?" *)—אַזוי אַרגומענטירט נאָך היינט דער בונד׳ישער נייטראַליזם.

קומט דאָ נישט פאָר אין אַ געוויסער מאָס דאָסזעלביגע, וואָס מיר זעהען

*) אַבראַמאָװיטש, „אַרבייטער־שטימע", יובילעאום־נומער. 1917.

ביי די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטען מכּל־המינים, וואָס זענען אויך נישט פעהיג צו שאַפען דעם סינטעז צווישען דעם נאַציאָנאַלען און קלאַסען־מאָמענט און גיבען־אָב די בכורה דער נאַציע איבער דעם קלאַס?

דער „פעראייניגטער יודישער סאָציאַליזם״ האָט דעם סכסוך אינגאַנצען בעזיעגט און איז געקומען צום אָרגאַנישען סינטעז פוןביידע גלייכבערעכטיגטע מאָמענטען: קלאַס און נאַציע זענען נישט קיין היפוכים—זיי זענען צוויי זייטען פון׳ם איינהייטליכען קאַמף פאַר אַ פרייען זעלבטשטענדיגען לעבען. דאָ איז דערגרייכט געוואָרען די העכסטע מדרגה פון קאַמף פאַר אַ פרייער גאַנצער יודישער פּערזענליכקייט.

## IV

די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט אַריבערגעוואָרפען אַ בריק איבער דעם היסטאָרישען תהום, וואָס איז שטענדיג געלעגען צווישען דעם רוסישען פּאַטריאָטיזם און דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם פון איין זייט און צווישען דעם רוסלענדישען פּאַטריאָטיזם און דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין פון דער יודישער דעמאָקראַטיע פון דער אַנדערער זייט.

רוסלאַנד, דאָס רעאַקציאָנערסטע לאַנד אין דער וועלט, איז פּלוצלונג געשטעלט געוואָרען דורך דער געשיכטע בראש פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע

רעוואָלוציע. ווי עס זאָלען זיך נישט ענטוויקלען די ווייטערדיגע געשעהענישען אין רוסלאַנד, וועט אָבער קיין זאַך נישט זיין בכוח אויסצומעקען די גלענצענדיגע בלעטער, וואָס די רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט אַריינגעשריבען אין דער געשיכטע פון דער מענשען־בעפרייאונג.

דער סכסוך צווישען דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און דעם רוסלענדישען פּאַטריאָטיזם געהערט שוין צו דער פערגאַנגענהייט. און נור די, וואָס האָבען אַבסאָלוט קיין אַחריות־געפיהל נישט פאַר די קומענדיגע דורות, קאָנען זיך גלייכגילטיג בעציהען צו די שווערע נסיונות פון דרויסען און פון אינעווייניג, פאַר וועלכע עס שטעהט איצט דאָס בעפרייטע לאַנד.

אויב די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געלעגט דעם גרונד־שטיין פאַר דער בירגערלכיער גלייכבערעכטיגונג פון די יודען, האָט די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלוציע אָנערקענט די נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג פון׳ם יודישען פאָלק. אינ׳ם דאָזיגען פרט האָט אונז די געשיכטע אַ סך נעהענטער געבראַכט צו דער פולער בעפרייאונג פון דער יודישער פערזענליכקייט.

אין דעם מאָמענט, ווען דער יודישער יחיד האָט אין פראַנקרייך

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

בײַקומען בירגערליכע רעכט, האָט דער יודישער כּלל זיך תּיכּף בעהאַלטען הינטער זיין רעליגיעזען פסעוודאָנים: דער פּאַריזער „סנהדרין" האָט בעשלאָסען, אַז יודען זענען נור אַ רעליגיעזע גרופּע און נישט קיין נאַציע.

בעת אָבער די רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט אָנערקענט דאָס רעכט פון'ם יודישען כּלל אויף נאַציאָנאַלע זעלבסטבעשטימונג, האָבען זיך פּחדנות'דיגע יחידים בעהאַלטען הינטער ליטעראַרישע און פּאָליטישע פסעוודאָנימען..

געבענדיג דעם יודישען פאָלק בירגערליכע און פּאָליטישע פולבערעכ־טיגונג, האָט די רעוואָלוציע פערשאָטען יענעם קוואַל פון געמיינהייט און שנאה, וואָס האָט הונדערטער יאָהרען פער'סמ'ט דאָס לעבען פון די ברייטע יודישע מאַסען. אַריינגעהמענדיג די יודישע נאַציע אין דעם פרייען באַנד פון די גלייכבערעכטיגטע רוסלענדישע פעלקער, האָט די רעוואָלוציע נאָך פעסטער צונויפגעבונדען די פרייהייטס-אידעאַלען פון דער יודישער דעמאָ־קראַטיע מיט דעם גורל פון דער רוסלענדישער פעדעראַטיווער רעפּובליק.

די רעוואָלוציע האָט אונז אויף אַזאַ אופן אין אַלע פּרטים אַ כּך נעהענטער געבראַכט צו דער אָרגאַנישער פערבינדונג און האַרמאָנישער צו־נויפגיסונג פון די וויכטיגסטע שטרעמונגען און אידעאַלען פון דער יודישער דעמאָקראַטיע.

אין דער רוסלענדישער רעוואָלוציע קעמפט דער יודישער אַרבייטער־קלאַס אין דער אייגענער צייט פאַר אַ פריעדליכען צוזאַמענלעבען פון אַלע בעפרייטע רוסלענדישע פעלקער, פאַר דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פונ'ם יודישען פאָלק

דער קאַמף איז נאָך אין קיין פּרט נישט פערענדיגט. נאָכמעהר—די יודישע דעמאָקראַטיע איז נאָך כּמעט נישט צוגעטרעטען צו דער גרויסער היסטאָרישער אַרבייט—צו דער שעפּפערישער יודישער רעוואָלוציע. מיר שטעהען דערוויל ערשט ביים אָנהויב פון דעם וועג, וואָס פיהרט צו דער פרייער יודישער פערזענליכקייט. אַלענפאַלס אָבער זענען שוין אַ סך מניעות פון דעם וועג בעזייטיגט און די בעדינגונגען דערצו זענען בעשאַפען געוואָרען. די סלופּעס פון אָט דעם גרויסען היסטאָרישען וועג זענען: די נאַציאָנאַלע בעפרייאונג פונ'ם יודישען פאָלק אין די איינצעלנע לענדער—די טעריטאָריאַלע פערענטפערונג פונ'ם איינהייטס־פּראָבלעם פון דער אַל־וועלטליכער יודישער נאַציע—די בעשאַפונג פון אַ פרייער יודישער סאָציאַלי־סטישער געזעלשאַפט..

דאָס איז דער וועג פון צעריסענקייט צו גאַנצקייט, פון סכסוכים צו האַרמאָניע, פון פסעוודאָנימען צו פערזענליכקייט.

יעקב לעשצינסקי.

# די רעוואָלוציע און די נאַציאָנאַלע פראַגע.

די רוסישע רעוואָלוציע איז אפשר די טראַגישסטע פון אַלע רעוואָלוציעס, וואָס זענען ביז־אַהער פאָרגעקומען. אין קיין איינער פון די ביז־אַהערינגע בורזשואַזע רעוואָלוציעס איז נישט געווען אַזוי פיעל סתירות און געגענזאַצען, אַזעלכע טיעפע ווידערשפּרוכען און קאָנפליקטען, ווי אין דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָ האָט זיך פאַר אונז געטראָפען אַ מאָדנע פערפּלאָנטערטער און פערוויקעלטער קנויל פון סאָציאַלע, פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און קולטורעלע היפוכים און ווידערשפּרוכען, אויפגאַבען און פּראָבלעמען, וואָס זייער לעזונג און צעוויקלונג איז געווען פערבונדען מיט אַ סך סכנות פאַר'ן קיום פון דער גאַנצער מלוכה, וואָס אפילו נור זייער אויפדעקען און ענטפּלעקען האָבען שוין געטראָגען אַ געוואַלטיגע געפאַהר. צעהנדליגע פעלקער פון פערשידענסטער מאַטעריעלער און אינטעלעקטועלער קולטור, די טיעפסטע סאָציאַלע געגענזאַצען אין שטאָדט מיט אַ מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך די העכסטע מענשליכע אידעאַלען, און אַ הונדערט־מיליאָניג, ווייניג דיפערענצירט פויערטום, וואָס פערווישט אַלע שפּאַלטונגען און צעטיילונגען; אַן אייראָפּעאישע אינטעליגענץ, וואָס נעהמט אַן אָנטייל אין לעצטען וואָרט פון דער וויסענשאַפט, און אויף יעדען אינטעליגענט צעהנדליגער טויזענדער שטאָדטישע און דאָרפישע אַנאַלפאַבעטען; פּאָליטישע אידעאַלען פון אמת'ער פאָלקסהערשאַפט, אידעאַלען, וואָס זענען אויסגעטראָגען גאַנצע הונדערט יאָהר אין דער נשמה פון אַ קופּקעלע אינטעליגענץ, און אין לעבען קיינע כמעט פּאָליטישע אינסטיטוציעס און קיינע כמעט פּאָליטישע טראַדיציעס, און ועל־כולם מיליאָנען בעוואָפענטע מענשען, פערמאָרעטע, אויסגעמוטשעטע, בעליידיגטע, אויפגערייצטע, אָבגעריסענע פון דער היים, פערוואָרפענע אין פרעמדע קאַנטען, מיליאָנען בעוואָפענטע פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטען, וואָס זענען פּלוצלונג געוואָרען בעוואָפענטע פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערען אָט דידאָזיגע ביטערע קשיה פון צעוויקלען דעמדאָזיגען קנויל, וועלכער האָט אין זיך איינגעפלאָכטען און צוזאַמענגעפלאָכטען אַזוי פיעל געגענזעצליכע אויפגאַבען, האָט די רעוואָלוציע אַוועקגעשטעלט פאַר אונזער דור.

און אונזער דור— זיין בעוואוסטזיניגער טייל, וואָס האָט געזאָלט האַלטען די לייצעס פון דער רעוואָלוציע אין די הענט, וואָס האָט געזאָלט מאַכען אַ וועג פאַר די כוואַליעס, וואָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון די ים־בּרעגען, — האָט

דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטען, איז דורכגעפאַלען און, מען מוז זיך מודה־זיין, מיאוס דורכגעפאַלען. נעהמט מען די רעוואָלוציע אין איהר גאַנצער גרויס, מוז מען זאָגען, אַז איהר אונגליק האָט געשטעקט אינ'ם באָלשעוויזם: אינ'ם סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען באָלשעוויזם—אינ'ם שטרעבען פון די אונטערדריקטע קלאַסען אַריבערצושפּרינגען די אָביעקטיווע גרענעצען פון דער רעוואָלוציע, אַריינשפּרינגען מיט־אַמאָל פון גיהנום גלייך אין גן־עדן, נישט אָבהאַלטענדיג זיך אין קאָרידאָר פון גן־עדן; אינ'ם שטרעבען פון די אונטערדריקטע פעלקער צו צערייסען נישט בלויז די קייטען, אין וועלכע זיי זענען לאַנגע הונדערטער יאָהרען געווען געשמידט, נאָר אויך צערייסען די זיידענע פעדעם פון געמיינזאַמע שותּפ'ישע קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסען, איבערהאַקען מיט־גוואַלט די פעדעם, וואָס ציהען זייער יניקה פון אַלגעמיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען, פון שותּפ'ישע סאָציאַלע אויפגאַבען. טיילען מיר אָבער אויס די נאַציאָנאַלע פראַגע אַליין און וואַרפען אַנ'איבערבליק אויף דער ענטוויקלונג פונ'ם דאָזיגען פּראָבלעם אין משך פונ'ם יאָהר פון דער רעוואָלוציע, וועלען מיר מוזען מודה־זיין, אַז גראָד אין דעם פּרט האָבען זיך די אָנפיהרענדע פּאַרטייען אויסגעצייכענט מיט אַ מינימאַליזם, וואָס האָט געהאַט די טרויעריגסטע רעזולטאַטען.

נור ביים שוואַכען צושטאַנד פון דער גרויס־רוסישער אינדוסטריע האָבען דידאָזיגע קאַנטען—איינער מעהר, דער אַנדערער ווייניגער—געקאָנט ענטוויקלען אַ גאַנץ גרויסע, בערך אייגענע פאַבריקאַציע; נור דער גרויסער אינעווייניגסטער מאַרק פון דער הונדערט־און־זיעבציג מיליאָניגער רוסלענדישער מלוכה האָט געגעבען דידאָזיגע קאַנטען די מעגליכקייט צו שאַפען אַ מאָדערנע אינדוסטריע, בעזונדער אינטעסיווע ענטוויקלען די ספּעציעלע צווייגען, וואָס זענען פערבונדען מיט נאַטירליכע רייכקייטען פון דעם אָדער יענעם קאַנט; נור די גרויסע און שטאַרקע מלוכה האָט געקאָנט שיצען די יונגע און שוואַכע פאַבריקאַציע פון אַלע דידאָזיגע קאַנטען פון דער קאָנקורענץ פון די מעכטיגע שכנים, וועלכע רינגלען זיי אַרום, און נור דידאָזיגע שטאַרקע מלוכה האָט געקאָנט עפענען פאַר די אַלע קאַנטען דעם אַלוועלטליכען מאַרק, דעם גרויסען קאָלאָניאַל־מאַרק, וואו דער קאַפּיטאַליזם שפּיעלט זיין טייוועל־שפּיעל מיט די קאַפּיטאַליסטען פון פערשיעדענע לענדער.

פון צווייטען צד, וואוינען אין דידאָזיגע אַלע קאַנטען פעלקער, וועלכע האָבען אָדער אַ שטאַרקע אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור, אַדער אַ גרויסע

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

היסטאָרישע נאַציאָנאַלע פערגאַנגענהייט, אָדער אַזאַ פרימיטיווע נאַציאָנאַלע מאַסע, וואָס זאָגט־צו אַ גלענצענדיגע נאַציאָנאַלע צוקונפט און אין איינציגע פאַלען איניגע מאָמענטען צוזאַמען מיט די אויסגערעכענטע. דידאָזיגע פעלקער, געשטיקטע און געוואָרגענע אין פשוט׳סטען זין פון וואָרט אַזוי פיעל הונדער־טער יאָהרען, האָבען געטראָגען אין זייערע הערצער אַ טיעפען האַס נישט נור צום אַלטען רעזשים, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם דרוק, נאָר אויך צו דער גרויס־רוסישער קולטור, וואָס האָט געדיענט אַלס מיטעל פאַר דער פינסטערער אַרבייט פון דער רעאַקציע; נישט נור צו דעם טייל פון גרויס־רוסישען פאָלק, וואָס האָט אונמיטעלבאַר געהאָלפען דעם צאַרישען רעזשים אין זיין שוואַר־צער אַרבייט אין אַלע קאַנטען, נאָר צום גאַנצען גרויס־רוסישען פאָלק, וואָס איז געווים אין דער גרעסטער מאָס שולדיג אין דער לאַנגיעהריגער הערשאַפט פון אַנ׳אָבגעלעבטען און דורך־און־דורך דורכגעפוילטען מלוכה־סדר. דידאָזיגע אַלע פעלקער האָבען צופיעל היסטאָרישע זכרונות פון זעלבשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען און צופיעל מלוכה־עלעמענטען פאַר אַ מעגליכען זעלבשטענדיגען קיום, אַז זיי זאָלען זיך בענוגענען מיט אַ ביינדעל פון טיש פון דער רעוואָלוציע, אין וועלכער זיי האָבען געשפיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע.

געפינען דעם האַרמאָנישען גלייכגעוויכט צווישען דערדאָזיגער עקאָנאָמי־שער צוזאַמענגעבונדקייט און קולטור־פּאָליטישער זעלבשטענדיגקייט; געפינען די ־עאַלע פאַסיגע פּאָליטישע פאָרמען פון צוזאַמענלעבען, וואָס זאָלען נישט האָ־בען אין זיך קיין שום שפורען פון נאַציאָנאַלער הערשאַפט און נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט, וואָס זאָלען געבען דעם מאַקסימום פון נאַציאָנאַלער פרייהייט און זאָלען דאָך בעהאַלטען דעם מאַקסימום פון עקאָנאָמישער צוזאַמענגעהעפטקייט אָט דאָס איז געווען דאָס היסטאָרישע פראָבלעם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס די רעוואָלוציע האָט פאַר אונז אַוועקגעשטעלט, איינצורייסען אינגאַנצען מיט דער אַלטער ירושה; אַוועקגעבען אין אַרכיוו דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע סיס־טעם פון דער אַלטער רעגירונג; איבערבויען רוסלאַנד גאָר אויף נייע יסודות; נ׳שט מורא האָבען פאַר דער גרעסטער דעצענטראַליזאַציע; פערקעהרט, מאַכען די מאַקסימאַליסטישע פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער פרייהייט פאַר אַ מיטעל צו פערפעסטיגען די איינהייטליכקייט פון דער רעוואָלוציע און פון לאַנד; זו־כען צו צעמענטירען די אַזוי שוואַך אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסענע טיילען פון דער אומגעלומפערטער גרויסער מלוכה דורך דעם מאַקסימאַליסטישען אָבלאָזען פון אַלע פעדעם, וואָס דערמאָהנען אפילו נור אין די אַמאָליגע קייטען, און דורך דעם פרייוויליגען רצון פון די פעראינטערעסירטע אינ׳ם צוזאַמענלעבען — אָט דאָס איז געווען דער וועג, דער איינציג ריכטיגער וועג, וואָס די היסטאָריע האָט אָנגעצייכענט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע.

קוקען מיר זיך אָבער צו צו דער בעציהונג פון דער רוסישער רעוואָלוציאָ־

נערער אינטעליגענץ, וועלכע האָט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער רוסישער רעוואָלוציע, צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, מוזען מיר קומען צום פועל־יוצא, אַז דער סאָציאַלער בגלשעוויזם, צו וועלכען זי האָט תמיד געהאַט אַזאַ גרויסע נייגונג, האָט זי געבראַכט צום נאַציאָנאַלען מיגימאַליזם. שוין באַלד מעהר פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט, אַז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ לעבט אין אַ פיבער פון ערב דער סאָציאַלער רעוואָלוציע; און פאַר׳ן נאַציאָנאַלען פּראָבלעם, וואָס פערנעהמט, ווי מיר זעהען שוין איצט, אַזאַ גרויסען און וויכטיגען אָרט אין דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט זי ביז די סאַמע לעצטע טעג כמעט נישט געהאַט קיין שום אינטערעס. ערשט דעמאָלט, ווען אַלע שרייפלעך זענען שוין צעשרויפט געוואָרען, ווען דער צעפאַלונגס־פּראָצעס האָט דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה—אָט דעמאָלט איז מען געקומען צום שכל און מען איז גרייט געווען נאָכצוגעבען מעהר ווי די אָביעקטיווע גרענעצען ערלויבען עס, און דאָס האָט שוין נישט געקאָנט העלפען, נישט געקאַנט אפילו אַרויסרופען געגנוג צוטרוי

און אויב דער סאָציאַלער באָלשעוויזם, וואָס זיין התחלה ציהט ער פון דער גרויס-רוסישער אינטעליגענץ און זיין שטאַרקסטע ענטוויקלונג האָט ער געפונען אין די גרויס־רוסישע מאַסען, האָט געשפּיעלט די טראַגישסטע ראָלע אין דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט דער נאַציאָנאַלער מינימאַליזם פון דערדאָזיגער אינטעליגענץ און פון דידאָזיגע רעוואָלוציאָנערע מאַסען געהאַט נישט קיין קלענערע טראַגישע פאָלגען. דערדאָזיגער נאַציאָנאַלער מינימאַליזם האָט געבראַכט די קאַנטען פון רוסלאַנד צום נאַציאָנאַלען באָלשעוויזם און אינ׳ם לעצטען האָבען זיי געפונען אַ מיטעל צו קעמפען מיט׳ן סאָציאַלען באָלשעוויזם.

ווען די נאַציאָנאַלע פראַגע וואָלט ברייט געלעזט געוואָרען פון די ערשטע רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען, וואָלט דער סאָציאַלער קאַמף פון די מאַסען פאַר עקאָנאָמישע און פּאָליטישע דערגרייכונגען פערשטאַרקט די אייניייטליכקייט פון דער רעוואָלוציע און דערמיט אויך פון רוסלאַנד בכלל. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אָבער אָבגעלעגט און אָבגעשטופּט געוואָרען -און זי האָט נישט נור צעשפּאַלטעז דעם רעוואָלוציאָנערען פראָנט, נאָר אויך צעריסען רוסלאַנד

די רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען אָבער—די באָלשעוויסטישע געהט נישט אין חשבון. האָבען געהאַנדעלט פולשטענדיג אין גייסט פון די הערשענדיגע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. ס׳איז נישט וויכטיג, וואָס די ס.־ר. האָבען אין זייער פּראָגראַם געהאַט די בעסטע תשובות אויף אַלע נאַציאָנאַלע פראַגען—אין לעבען האָבען זיי געאַרבייט סאָלידאַר מיט די סאָצ.-דעמאָקראַטען. און קערענסקי, טשערנאָוו און גאָץ האָבען דער נאַציאָנאַלער פראַגע אָבגעגעבען נישט מעהר אויפמערקזאַמקייט, ווי פּלעכאַנאָוו, צערעטעלי און טשכעאידזע.

אין די צעהנדליגער יאָהרען פון גרייטען־זיך צו דער רעוואָלוציע איז נישט נור נישט בעשאַפען געוואָרען קיין איינהייטליכער רעוואָלוציאָנערער פראָנט, נאָר מען האָט די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פאַרטייען פשוט אויס־געלאַכט און אויסגעשפּאָט; און שוין בשעת רעוואָלוציע, אין די דע־היבען־סטע רעוואָלוציאָנערע מאָמענטען, האָט דאָס דערמאָהנען פון דער וויכטיגקייט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אַרויסגערופען אין די אָנפיהרענדיגע רייהען האָס אָדער שפּאָט און קיינמאָל נישט קיין טיפען און אמת׳ען פערשטאַנד. דער פעדעראַטיווער פּרינציפּ, וואָס האָט בעדאַרפט און געקאָנט שאַפען די איינהייטליכקייט פון דער רעוואָלוציע און אויך פון רוסלאַנד, און האָט גע־מוזט דעריבער קומען פאַר די אַלגעמיינע סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַ־גען אָט דערדאָזיגער פּרינציפּ איז אָנגענומען געוואָרען פון די רעוואָלוציאָ־נערע פאַרטייען צו־שפּעט און איז פון די רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען אַפילו נאָכדעם נישט דורכגעפיהרט געוואָרען.

דערדאָזיגער פּרינציפּ בלייבט אָבער דער היסטאָרישער און רעוואָלוציאָ־נערער אידעאַל, וואָס טראָגט אין זיך דעם מאַקסימום פון נאַציאָנאַלער פריי־הייט און גאַראַנטירט די פרייע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פאַר אַלע פעלקער.— און פאַר׳ן דאָזיגען אידעאַל וועט די אַרבייטער־דעמאָקראַטיע נישט אויפהע־רען צו קעמפען.



ב. אניך.

# דער בונד פון שטאַרקע.

אַמאָל האָבען זיי זיך געהאַלטען פאַר דעם איינציגען פאָרשטעהער פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט. נאָכדעם ווי צעהנדליגער יאָהרען פון דער יו־דישער אַרבייטער-בעוועגונג האָבען בולט אויפגעדעקט די אָהנמעכטיגקייט פון אָט דער בונד׳ישער פּרעטענזיע, האָט מען זיך ערקלערט פאַר דעם איינציג כשר׳ען פאָרשטעהער פונ׳ם יודישען סאָציאַליזם—מיר, דער בונד, הייסט עס, זענען סאָציאַליסטען, אַלע אַנדערע יודישע סאָציאַליסטען זענען נאַציאָנאַ־ליסטען.

„מ׳קאָן מיינען,-- שרייבט ה׳ ר. א. אין דער „אַרבייטערשטימע" נ. 23,— אַז זיי (ד. ה. די יודישע פאַרטייען, וואָס רופען־זיך־אָן סאָציאַליסטישע...) שטעהען אַזוי נאָהענט צו אונז, אַז ס׳איז פשוט גאָר נישט כדאי צו רעדען וועגען ד׳

פּראָגראַם-אונטערשיעדען! דאָס איז אַ גרויסער טעות! מיר זאָגען דיזעלביגע ווערטער, אָבער מיר מיינען פערשיעדענע פּאָליטישע בעגריפען! זייער סאָציאַליזם און אונזער סאָציאַליזם זענען צוויי פערשיעדענע זאַכען, זייער נאַציאָנאַל פּראָגראַם און אונזער פּראָגראַם אונטערשיידען זיך נישט נור אין קלייניגקייטען וועגען דער קולטורעלער אָדער נישט-קולטורעלער אויטאָנאָמיע! זייער גאַנץ דענקען, זייער גאַנצע פּסיכאָלאָגיע, זייער גאַנצע טאַקטיק איז דורך-און־דורך נאַציאָנאַליסטיש, אויפגעבויט אויפ'ן יסוד פון נאַציאָנאַלער אַחדות. צוערשט נאַציאָנאַל, דערנאָך סאָציאַליסט! אונזער טאַקטיק, אונזער וועלט-אָנשויאונג איז פּונקט דער היפוך דערפון".

וועגען פּראָגראַמען פון פּאָליטישע פּאַרטייען, הייסט דאָס, איז אייגענטליך גאָר נישטאָ וואָס צו רעדען. קולטורעלע צי נישט-קולטורעלע אויטאָנאָמיע, דאָס זענען... „קלייניגקייטען". דער עיקר איז—דאָס „דענקען, די פּסיכאָלאָגיע, די טאַקטיק".—דאָס זענען פאַר דעם בונדאָוויעץ ה' ר. א. די איינציגע אָביעקטיווע סימנים, לויט וועלכע אַ פּאָליטישע פּאַרטיי דאַרף בעשטימען איהרע בלאָקען און אָבמאַכען מיט די אַנדערע פּאַרטייען. עס פערשטעהט זיך, אַז וויבאַלד פּסיכאָלאָגיע, דער חשבון-הנפש, איז דער עיקר—זענען די טרודאָוויקעס, למשל, פאַר'ן „בונד" די כשר'סטע סאָציאַליסטען, און די פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטיי פערדיענט לחלוטין נישט דעם נאָמען סאָציאַליסטישע.

מיר קענען איהם צו-גוט, אָט דעם בונד'ישען חשבון-הנפש, זיינע פּסיכאָלאָגישע חקירות: אַלץ, וואָס ס'איז נוצליך פאַר'ן „בונד", איז סאָציאַליסטיש, כשר; אַלץ, וואָס קאָן בעטראַכט ווערען אַלס קאָנקורענץ פאַר'ן „בונד", איז קלייינבירגערליך, טרף. און דעמאָלט, ווען די פּסיכאָלאָגיע האָט שוין אַרויסגעזאָגט איהר דעה, דאַרף מען זיך שוין נישט שטאַרק פונאַנדערקלייבען אין די מיטלען פון קאַמף—דעמאָלט איז אַלץ כשר, וואָס ברענגט אַ שאָדען דעם געגנער, דעם קאָנקורענט. און—מען... אינסינואירט אָהן אַ סוף...

אַמאָל איז געווען ביים „בונד" דער הויפּט־כלי-זיין: „קלייינבירגערליך", היינט כאַפּט מען זיך פאַר אַ שטרוי—פאַר פּסיכאָלאָגיע, פאַר דענקען און פיהלען. מיר, בונדיסטען, האָבען, הייסט עס, דעם פּאַטענט אויף כשר-סאָציאַליסטיש דענקען און פיהלען; פערשטעהט זיך, אַז פאַר די אַנדערע יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז געבליבען נור כלל-ישראל־נאַציאָנאַליזם.

ה' ר. אַ. וויס בלי־ספק, אַז וועגען דעם דענקען פון אַ פּאַרטיי קאָן מען רעדען נור אויף אַזויפיעל, אויף וויפיעל עס דריקט־זיך-אויס אין קאָלעקטיווע פאָרמען פון פּראָגראַם-פאָדערונגען און פּאַרטיי-בעשלוסען.

למשל: ווען אַ פּאַרטיי פאָדערט פאַר דער נאַציע, צו וועלכער זי גע־

הערט, נור נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע, מאַכען מיר דערפון געוויסע אויספיהרען וועגען דעם דענקען פון דער פּאַרטיי: אַז זי האַלט די נאַציע פאַר אַ גייסטיגע, ווי, למשל, דובנאָוו, אחד-העם, אָדער זי זוכט צו „לאָקאַליזירען" די געפאַהר פון דער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג—עס זאָל ביים פּראָלעטאַריאַט, חלילה, נישט געבאָרען ווערען דער געדאַנק, אַז די אויטאָנאָמיע דאַרף בעפרידיגען אַלע זיינע נאַציאָנאַלע בעדערפעניסען אין פולער מאָס.

ווייטער: בעת אַ יודישע אַרבייטער-פּאַרטיי נעהמט-אָן אַ קאָנפערענץ-בעשלוס, אַז די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיכערן מיט איהר ביודזשעט דאָס רעכט פון יעדער מינדערהייט צו גרינדען נישט-יודישע שולען, מאַכען מיר דערפון געוויסע אויספיהרען וועגען דעם דענקען און דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פּאַרטיי: למשל—אַז די פּאַרטיי האָט זיך אָבגעזאָגט פון פריהערדיגען „נייטראַליזם". דער בונד'ישער נייטראַליזם האָט דאָך שטענדיג געטענה'ט, אַז דער „בונד" איז גלייכגילטיג, צי דער יודישער אַרבייטער וועט זיך ענטוויקלען אין אַ יודיש-קולטורעלער סביבה, אָדער, למשל, אין אַ רוסיש- אָדער פּויליש-קולטורעלער.—איצט האָט דער „בונד" זיך אָבגעזאָגט פון זיין פּאַסיווקייט אין דערדאָזיגער פראַגע. ער ווייזט-אַרויס אַ געוויסע אַקטיווקייט—אינ'ם פערפעסטיגען די פּאָזיציעס פון דער יודישער... אַסימילאַציע. דען אויב יענע רעזאָלוציע איז דיקטירט דורך וואָסערע-ס'איז אינטערעסען, זענען דאָס בשום-אופן נישט יודישע אַרבייטער-אינטערעסען, נאָר דורכאויס אינטערעסען פון דער בירגערליכער אַסימילאַציע.

דערפון קאָן מען אויך מאַכען אַ געוויסען פּסיכאָלאָגישען אויספיהר: אַז נייטראַל, פּאַסיוו איז דער „בונד" דעמאָלט, בשעת מען דאַרף בעפרידיגען געוויסע פּאָזיטיווע נאַציאָנאַלע בעדערפעניסען פונ'ם יודישען אַרבייטער-קלאַס, און דורכאויס נישט נייטראַל, נאָר זעהר אַקטיוו, וואו מען קאָן איהם העלפען זיך-אָבזאָגען פון זיינע נאַציאָנאַלע בעדערפעניסען און זיך אַסימילירען: מען נעהמט אונטער די פּאַרטיי-פליגלען דאָס רעכט צו גרינדען נישט-יודישע שולען, מען קעמפט ענערגיש קעגען שבת-רוה, א. אַ. וו.

ה' ר. א. איז פּאַלקאָם געדעכט: דאָס דענקען און די פּסיכאָלאָגיע פון אַזאַ פּאַרטיי קאָן בשום-אופן נישט דערוועקען דעם חשד, אַז זי איז נאַציאָנאַליסטיש אָדער אפילו נאַציאָנאַל. צוערשט אַסימילאַציע, דערנאָך סאָציאַליזם!

און דעריבער איז טאַקי ה' ר. א. גערעכט: נישט יעדעס וואָרט דריקט-אויס זיין אמת'ען בעגריף: מען קאָן אויפהענגען פון דרויסען אַ נאַציאָנאַלע שילד—און פיהרען הינטער איהר אַנ'אַסימילאַטאָרישע פּאָליטיק. און גראָד ביי יודען געפינען איינינע פּאַרטייען פון רעכטס און פון לינקס, אַז

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

דאָס איז טאַקי בעקוועמער...

עס פערשטעהט זיך דעריבער, אַז פאַר'ן ה' ר. א. איז יעדע פאַרטיי־רעאַקציאָנער-נאַציאָנאַליסטיש, אויב זי איז נישט-„נייטראַליסטיש". „צוערשט נאַציאָנאַל, דערנאָך סאָציאַליסט!"—אָט די סתירה פון נאַציאָנאַל און סאָציאַליסטיש, די אידעע וועגען בכורה פון נאַציאָנאַליזם איבער סאָציאַליזם, איז בכלל זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בונדישען „דענקען און פיהלען".

קאָן, למשל, אַ פראַנצויזישען אָדער ענגלישען סאָציאַליסט אַריינפאַלען אין קאָפּ די קשיה: וואָס איז ער פריהער—אַ פראַנצויז, אָדער אַ סאָציאַליסט?—ער איז ביידעס צוגלייך—דאָ איז קיין סתירה נישטאָ. און אויב ה' ר. א. האַלט, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט און דערביי צופעליג אַ יוד, אַז זיין יודענטום איז עפּיס אַ צוגאָב, און אָפּטמאָל אַנ'אונאָנגענעהמער צוגאָב, צו זיין „אַלגעמיין־מענשליכען" סאָציאַליזם, ליעגט דאָ טאַקי אַ גרויסע סתירה צו אונזער פערשטעהן פונ'ם יודישען פראָלעטאַרישען פּראָבלעם. מיר זענען באמת נישט סאָציאַליסטען־יודען און אפילו נישט יודען-סאָציאַליסטען—מיר זענען יודישע סאָציאַליסטען. דער יודישער סאָציאַליזם איז פאַר אונז אַנ'אָרגאַנישע איינהייט, וואו עס איז נישטאָ קיין סתירה און קיין בכורה פון יודענטום און סאָציאַליזם.

אין עצם איז פאַר'ן ה' ר. א. פאַרהאַן נור איין מעגליכקייט: אָדער כלל-סאָציאַליזם, אָדער כלל-ישראל. און אַזוי ווי נור דער „בונד" שטעהט אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון כלל־סאָציאַליזם, זענען שוין ממילא אַלע אַנדערע יודישע סאָציאַליסטען—כלל-ישראל־פּאָליטיקער, וואָס זייער גאַנץ דענקען, זייער גאַנצע פּסיכאָלאָגיע, זייער גאַנצע טאַקטיק איז אויפגעבויט אויפ'ן יסוד פון נאַציאָנאַלער אחדות.—אויב אָט דער מאַנעווער פון בונדישער וואַהל-קאַמפּאַניע וואָלט נישט געווען אַזוי אונבעגרינדעט און לעכערליך, וואָלט ער געווען נור שענדליך. אויב ווער-ס'איז פון די יודישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען בעשעפטיגט זיך נישט בלויז מיט „הויכע פּאָליטיק", ד. ה. מיט נאָכשלעפּען-זיך נאָכ'ן אַלגעמיין-פּאָליטישען וואָגען, און פיהרט אויך אינ'ם יודישען פאָלק אַ בעוואוסטזיניגען און ענטשלאָסענעם קאַמף געגען דער בורזשואַזיע אין אַלע געביעטען פונ'ם יודישען לעבען, איז דאָס בלי־ספק ווענינגער פון אַלעמען דער „בונד", וואָס זיין קאַמף איז דאָ מעהר געווענדעט געגען אינסטיטוציעס און אייגענאַרטיגקייטען פונ'ם יודישען קולטורעלען לעבען, ווי געגען די סאָציאַלע און פּאָליטישע טרעגער פון דער יודישער רעאַקציע

אין זיין קאַמף געגען אַ פול-בערעכטיגטער, נישט-בעגרענעצטער יודישער אויטאָנאָמיע, געגען אַ פול־בערעכטיגטער לעבענספעהיגער קהלה, אין זיין קאַמף פאַר דאָס רעכט פון די בירגערליכע מינדערהייטען זיך צו אַסימילירען, פערגעסט דער „בונד" אָפּט דאָס רעכט פון דער פּראָלעטאַרישער מעהרהייט

זיך פריי און אַלזייטיג צו ענטוויקלען, און אין זיין שטענדיגען קאָנקורענץ-קאַמף געגען די אַנדערע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטייען און זיין שטרעבען זיי צו איזאָלירען פון דער אַלגעמיין-רוסלענדישער דעמאָקראַטיע פערגעסט אָפטמאָל דער „בונד״ די בכורה פונ׳ם סאָציאַליזם איבער נאַציאָנאַליזם און געהט אין אַריהרענדיגער איינינגקייט אפילו מיט דער יודישער בורזשואַזיע.

בעת, למשל, ה׳ ר. א. האָט געשריבען וועגען אונזער טאַקטיק פון נאַציאָנאַלער אַחדות, האָט ער בלי-ספק געהאַט אין זינען די וואַהלען פון די יודישע פאָרשטעהער אין דער קאָמיסיע אויף צוצוגרייטען די גרינדונגס-פערזאַמלונג, וואו דער „בונד״ איז געגאַנגען מיט׳ן פעראייניגטען כלל־ישראל געגען דעם פעראייניגטען יודישען סאָציאַליזם...

אומעטום זענען פאַרהאַן פערשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען און פאַרטייען, וואָס קעמפען איינע געגען דער אַנדערער; נאָר פון קיין סאָציאַליסטישער פאַרטיי ווערט אָט דער קאַמף נישט געפיהרט מיט אַזעלכע מיטלען פונ׳ם „בונד״, וואָס שטעלט שטענדיג אויבען-אָן נישט די אינטערעסען פון דער יודישער אַרבייטער־בעוועגונג, די איינהייט פונ׳ם יודישען אַרבייטער-קלאַס, נאָר די ענג פערשטאַנענע פאַרטיי-אינטערעסען. און אויב אויף די ערטער קומען־פאָר ערגעץ אָפטמאָל נאַטירליכע בלאָקען און אָבמאַכונגען פון די פערשיעדענע ריכטונגען אינ׳ם יודישען סאָציאַליזם, קאָנט איהר זיכער-זיין, אַז גלייך וועט קומען דער צ.-ק. פון „בונד״ און מיט-געוואַלט צררייסען אָט דעם בלאָק, כדי... צונויפצובינדען די בונד׳ישע אָרגאַניזאַציע מיט די נ.-ס., טרודאָוויקעס וכדומה.

און זאָלען די ה׳ ר. א. אונז נישט דערצעהלען, אַז די דעזאָרגאַניזאַטאָרישע טאַקטיק איז דיקטירט דירך זייער סאָציאַליזם; ניין, קודם-כל דורך זייער אַנטינאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין דער יודיש-פּראָלעטאַרישער בעוועגונג און דורך זייער שטרעבען אויסצונוצען די פּראָטעקציע פון די „שטאַרקע״, כדי גובר-צו־זיין דעם אידעען-שונא אין דער יודישער סאָציאַליסטישער בעוועגונג.

יאָ, זיי זענען אין בונד מיט די שטאַרקע, דעריבער האַלטען זיי אין רעקלאַמענגעשריי: מיר זענען דער בונד פון די שטאַרקע! — נאָר דער „בונד״ פיהלט, אַז אין דער יודישער אַרבייטער-וועלט איז ענטשטאַנען אַ כח, וואָס זוכט נישט נור זיך אָנצושפאַרען אָן די שטאַרקע און זיך פוצען אין פרעמדע פעדערן, נאָר קודם-כל צונויפקלייבען און צו אָרגאַניזירען אַלע יודיש-פּראָלעטאַרישע כוחות צום אויסגעהאַלטענעם קאַמף פאַר די אַלזייטיגע אינטערעסען פונ׳ם יודישען אַרבייטער־קלאַס, אַלס אַ פולווערטיגען זעלבשטענדיגען טייל פון דעם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט און אַלס אַנ׳אָרגאַנישען

טייל פון דער יודישער נאַציע.

נאָר דער „בונד" וויל נישט און קאָן נישט דערלאָזען דעם געדאַנק, אַז מיר, דער „בונד פון שוואַכע", זענען די יורשים פונ'ם „בונד", וואָס קלאַמערס זיך אַזוי פעסט אָן די שטאַרקע.—דערפאַר איז קלאָר, אַז די פּעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטיי עקזיסטירט אַלס אַ כח אין דער יודישער אַרבייטער-וועלט, אָבער עקזיסטירט בכלל נישט פאַר די בונד'ישע וואַהל-אָבמאַכונגען..



ם. שאַין.

# שטערער פון דער יודישער אויטאָנאָמיע.

מיר זענען די טרעגער פון דער יודישער רעוואָלוציע. די קעמפער געגען דער היינטיגער סוהר'ישער כנסת-ישראל פאַר דער מאָרגענדיגער נייער וועלטליכער יודישער נאַציע

פאַר די בית-המדרש-דיפּלאָמאַטען זענען מיר די אַסימילאַטאָרען. פאַר די סאָציאַליסטישע חדר-אויטאָנאָמיסטען זענען מיר שאָוויניסטען. פאַר דער גאַנצער מחנה יורשים פון אַלטען פערשימעלטען געהעטאָ זענען מיר אויטאָפּיסטען.

נייע היסטאָרישע וועגען טרעטען מיר אויס פאַר דער אויפלעבענדיגער יודישער נאַציע. מיר—דער פּראָלעטאַרישער אַוואַנגאַרד פון דער נאַציע, און פון אַלע זייטען—שונאים. די ליאַרעמדיגע הידד-נאַציאָנאַליסטען ציהען דאָס פאָלק מיט אַלע מיטלען צוריק אינ'ם אַלטען זומפּ פון יאוש און אונפּרוכטבאַרקייט—פון אַנ'אמונה אַהן אמת'ען גלויבען און פון אַ נאַציע אָהן לעבעדיגער קולטור.

און פון-דער-זייט האַלט דער „רעאַל-פּאָליטישער" בונדיזם אין איין צי-טערן פאַר אַ ברייטער אויטאָנאָמיע. ער פּיהלט, אַז אונזער אַרבייט גיט דעם לעצטען טויטקלאַפּ זיינע אַלטע טראַדיציעס: דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבעגרענצונג, וואָס איז אַ כשר קינד פון דער נאַציאָנאַלער ליקווידאַציע און אַ נישט-וועניגער כשר אייניקעל פון דער נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע.

אמת, מיר זענען—די מאַקסימאַליסטען אינ'ם יודישען סאָציאַליזם: מיר זעהען היינט, אינ'ם צעזייהטען און צעבּרעקעלטען היינט—דעם געזונטען ליכטיגען מאָרגען, דעם מאַרגען פון דער גאַנצער יודישער נאַציע, וואָס געהט מיט פעס־

טע זיכערע טריט צו נאַציאָנאַלער פרייהייט און צום סאָציאַליזם. און טאַקי דערפאַר זענען גראָד מיר געשטעלט געוואָרען אין דעם איצטיגען היסטאָרי־שען מאָמענט אין אַ געוויסער מאָס בראש פון דער גרויסער פעראַנטוואָרטלי־כער אַרבייט פון איבערבויען דאָס יודישע לעבען אויף נייע יסודות.

דאָס, וואָס ווערט איצט געשאַפען אין אוקראַינאַ, זענען די ערשטע מו־טיגע טריט פון דער יודישער רעוואָלוציע. דער יודישער נאַציאָ־נאַל-ראַט, די בעניי טע יודישע קהלה, די נאַציאָנאַל־פערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע–דאָס זענען די ערשטע באמת רעוואָ־לוציאָנערע מעשים פון יודישען ·פראָלעטאַריאַט, וואָס דאַרפען און וועלען אַרייספיהרען דאָס יודישע פאָלק אויפ׳ן ברייטען וועג פון סאָציאַלער און נאַ-ציאָנאַלער בעפרייאונג. און דאָס אַלץ וועט פערשריבען ווערען אין אונזער אַקטיוו, אַלס אונזער היסטאָרישער פער-דיענסט....

ווי בעציהען זיך אָבער צו אונזער אַרבייט די אַנדערע גרופּעס פון יודישען פאָלק? צי געפינען מיר די אונטערשטיצונג פון די אַנדערע אָרגאַניזירטע כוחות פון יודישען פאָלק?

לאָ׳מיר קודם־כל אַ קוק טהון אויף יענער זייט פון דער באַריקאַדע, וואו ס׳פלאַטערן די ווייס־בלויע פאָהנען, פערדעקענדיג די שוואַרץ־בלויע רעאַקציע.

פונ׳ם ערשטען מאָמענט פון דער רעוואָלוציע האָט דער ציוניזם אין אונז דערזעהן זיין געפעהרליכסטען שונא, ווייל מיר זענען נישט געקומען מיט ווער־טער און חלומות, גאָר מיט רעוואָלוציאָנערע מעשים.

דעם „בונד״ אָבער, דעם אַלטען „דם-שונא״, האָבען זיי פלוצלונג אָנ-געהויבען מאַכען עלעגאַנטע קאָמפּלימענטען: זיין שטאַרקקייט, זיין לייטישקייט, זיין פאָרזיכטיגקייט. דער „בונד״ וועט קיין „נאַרישקייטען״ נישט טהון. ער וועט רוהיג אָבוואַרטען. מיט איהם קאָן מען אויסקומען... און די גאַנצע שווע־רע אַרטילעריע פון דעמאַגאָגיע און רכילות האָט מען געווענדעט געגען אונז, די „פעראייניגטע״. און ס׳האָט זיך בעקומען אַ מערקווירדיג בילד.

זיי, וואָס זענען צו יעדער רגע גרייט פאַר דער נייער ספּעקולאַציע־מעגליכקייט צו פערראַטען די יודישע פאָלקס־אינטערעסען, זיי געפינען ביי זיך די חוצפה אונז צו בעשולדיגען אין נאַציאָנאַלען פערראַט! זיי, וואָס שפייזען מיט זייער טאָג־טעגליכער טעטיגקייט און פּאָליטיק די אַסימילאַציע און די קאַריעריסטישע משומדים־כוואַליע, זיי טרעטען־אַרויס אַלס פערטיידיגער פון דער יודישער אמונה און פון דער יודישער קולטור געגען דער שאַפענדיגער אַרבייט פונ׳ם יודישען סאָציאַליזם! זיי, וואָס האָבען זייער גאַנצע פּאָליטישע און אי־דעאָלאָגישע חיונה געצויגען פונ׳ם אַלטען קנעכטשאַפט־רעזשים, זיי זעהען אַפילו נישט, ווי משונה׳דיג לעכערליך זיי זענען אין דער ראָלע פון די „אמת׳ע״

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

פערטיידיגער פון „דעמאָקראַטיזם״ געגען אונז, די „אוזורפּאַטאָרען״ פונ׳ם יודישען פאָלקס־ווילען! זיי, וואָס זענען שטענדיג הכנעה׳דיג געפאַלען כורעים פאַר יעדען — אַפילו דעם קלענסטען טרעגער פון מאַכט, זיי האָבען אויפגעהויבען די אמת שקלאַפישע מרידה געגען די מאַכט־אָרגאַנען פון דער יודישער דעמאָקראַטיע — געגען דעם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט און נאַציאָנאַל־ראַט. זיי, וואָס האַלטען אין איין דרש׳ענען וועגען נאַציאָנאַלער אַרבייט, וועגען יודישען מלוכה־גייס״, באָיקאָטירען, סאַבאָטירען און צעשטערען די אמת׳ע מלוכה־אַרבייט פון דער יודישער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע.

זיי, וואָס האַלטען אין איין ראַטעווען די אינטערעסען און דעם כבוד פונ׳ם יודישען פאָלק, טרייבען פּאָליטישע ספּעקולאַציע מיט פוסטע רמזים פונ׳ם ענגלישען אימפּעריאַליזם, וואָס ספּעקולירט פון זיין זייט אויף די יודישע צרות און יודישליכע חלומות...

דער ציוניזם וויל נישט דאָס נייע פריי ע וועלטליכע יודענטום. ער ווערט פערציטערט, ווען אין די דיקע ווענט פונ׳ם אַלטען גהעטאָ כאַפּט־זיך־אַריין אַ פריש ווינטעל פון פרייהייט, אַ ליכטיגער שטראַהל פון זונענשיין, ווייל זיי זענען די קינדער פון פינסטערניש און קנעכטשאַפט.

אָבער אונזערע פריינד פון דער זייט באַריקאַדע? ווי בעציהט זיך צו אונזער אַרבייט דער בונדיזם?

אמת, דער „בונד״ האָט זיך שוין אָבגעזאָגט פונ׳ם „מאָנאָפּאָל״ אויף דעם יודישען סאָציאַליזם, אָבער צוזאַמען דערמיט וויל ער זיך אויך אָבזאָגען פון דער פּעראַנטוואָרטליכער בעטייליגונג אין דער יודישער רעוואָלוציע, וואָס הויבט זיך ערשט אָן.

פונ׳ם ערשטען מאָמענט פון דער רעוואָלוציע האָבען מיר בעטראַכט דעם „בונד״ אַלס אונזער נאַטירליכען פערבונדעטען אינ׳ם קאַמף געגען דער יודישער רעאַקציע. און מיר האָבען דאָס אָפען אַרויסגעזאָגט. מיר האָבען צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דער יודישער אַרבייטער־בעוועגונג קלאָר און שאַרף פאָרמולירט די נויטווענדיגקייט און מעגליכקייט פון פעראייניגען אַלע כוחות פונ׳ם יודישען אַרבייטער־קלאַס אין אַנ׳ איינהייטליכער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי. און אויב דער בונדיזם וואָלט עפּיס געלערנט פון דער פערגאַנגענהייט און וואָלט דערפיהלט אין זיך דעם גייסט פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער תקופה אין דער יודישער געשיכטע, וואָלטען מיר געקאָנט אויף אַלע געביעטען פונ׳ם יודישען לעבען אין געשלאָסענע רייהען פיהרען דעם רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישען קאַמף.

דאָס לעבען האָט אונז אָבער איבערצייגט, אַז אויב דער בונדיזם האָט אַלס אידעאָלאָגיע אַפילו אין די רייהען פון „בונד״ שוין באַנקראָ־

יטירט, איז דער פּראָצעס פּאָליטיש נאָך נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז דער „בונד" זאָל אויפהערען זיך נאָכצושלעפּען אינ'ם אַריערגאַרד פון דער יודישער רעוואָלוציע.

דער „בונד", וואָס האַלט מיט רעכט פאַר איינס פון זיינע גרעסטע פּער־דיענסטען וואָס ער איז געגאַנגען בראש פון דער רוסלענדישער רע־וואָלוציע, אַלס אַנ'אָרגאַנישער טייל, איז אינ'ם יודישען לעבען ביז צום היינ־טיגען טאָג געבליבען ווי איינער, וואָס קוקט-זיך־צו צו אַלץ ווי אַ זייטיגער, ווי עמיצער, וואָס קוקט נישט תיכף אַראָבצורייסען די אַלטע הורבות, כדי צו בויען אויף זייער אָרט אַ נייעם בנין, נאָר קודם־כל כדי חרוב צו מאַכען, צו ליקווידירען. און וואָס ווייטער וועט זיין, „ווע לען מיר דעמאָלט זעהן"... דער עיקר איז- עס זאָל וואָס ווענינער בלייבען, העכסטענס שול־ראַטען...

מיר זאָגען: די יודישע אויטאָנאָמיע, איהר כאַראַק־טער און מהות דאַרפען בעשטימט ווערען דורך דער יודישער נאַציע גופא, דורך דער יודישער גרינדונגס־פערזאַמלונג. און ווי שטאַרק עס זאָל דערוויל נישט זיין די ממשלה פון דער בירגערליך־רוחניות'דיגער רעאַקציע, דעם קאַמף מיט איהר מוז די יודישע דעמאָקראַטיע דורכפיהרען קודם־כל אינ'ם יודישען לעבען גופא.

ווערט דער בונדיזם פערציטערט: זאָל בעשטימען דעם יודישען גורל יוער עס וויל— די אַלרוסלענדישע, אוקראַינישע, מאָלדאַוואַנישע, באַשקירדישע גרינדונגס־פערזאַמלונג, נור נישט די יודישע! און דעריבער סאַבאָ־טירט דער בונדיזם אונזער טעטיגקייט דורכצופיהרען די נאַציאָנאַלע אויטאָ־נאָמיע, אַנשטאָט זי מיט אַלע כוחות צו אונטערשטיצען.

זיי, די בונדיסטען, זענען אַ סך בעשיידענער, פרומער פון אונז, זיי פערלאַנגען פון אוקראַינאַ נישט פיעל: „אַ דעפּאַרטאַמענט פאַר פאָלקס־בילדונג", וואָס וועט זיך בעשיידען אָבטהון זיין קליינע אַרבייט אונטער דער אַלגעמיי־נער השגחה פון מלוכה...—מעהר דאַרפען מיר, יודען, גאָרנישט! עס פער־שטעהט זיך, אַז ווער. עס איז בעשיידענער, קאָן אין דעם פרט מעהר אויסנעה־מען ביי די אומות־העולם; נאָר, צי וועט די יודישע געשיכטע זאָגען דעם „בונד" אַ דאַנק דערפאַר, וואָס ער פערנעהמט זיך אין אַזאַ וויכטיגען מאָמענט מיט נאַציאָנאַלער זעלבסטבעגרענצונג, דערין מעג מען צווייפלען.

מיר פיהלען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער גרויסער אויסבויענדיגער אַרבייט פון דער יודישער אויטאָנאָמיע און מיר טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט מיט שטאָלץ; דעריבער האַלטען מיר פאַר אונזער חוב אָנצווייזען דער ברייטער יודישער עפענטליכקייט אויף די אָפענע און בע־האַלטענע שטערער פון דער יודישער אויטאָנאָמיע.

אויף דעם ציוניזם, וואָס סאַבאָטירט בעוואוסטזיניג אונזער אַרבייט, פער־

בייטענדיג דעם פאָלקס־ווילען אויף פוסטע חלומות, און אויף דעם בונדיזם, וואָס שטרעבט אַרויפצולעגען קייטען אויף דעם יודישען פאָלקס־ווילען, אויסנוצענדיג דערביי די אַנטידעמאָקראַטישע בעשרענקונגס-טענדענצען פון די הערשענדיגע פעלקער, — אויף זיי, אויף׳ן ציוניזם און בונדיזם, וועט פאַלען די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט, אויב ס׳וועט אונז זיך נישט אײַנגעבען צו דערפיהרען אונזער אַרבייט צום ערפאָלגרייכען סוף.

און יעדער יודישער אַרבייטער און יעדער יודישער דעמאָקראַט איז מחויב מיט אַלע כוחות צו אונטערשטיצען די פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פאַרטיי אין איהר גרויסער היסטאָרישער אַרבייט!

---

# אויטאָנאָמיע.

**דער געזעץ־פּראָיעקט וועגען דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אַריינגעטראָגען דורך דער „פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פאַרטיי״ און אָנגענומען דורך דער אוקראַינישער צענטראַל־ראַדע.**

§ 1. יעדע נישט־אוקראַינישע נאַציע, וואָס וואוינט אין אוקראַינא, האָט דאָס רעכט אין די גרענעצען פון דער אוקראַינער פאָלקס-רעפּובליק אויף אַ נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ס׳הייסט, דאָס רעכט זעלבשטענדיג אײַנצואָרדנען איהר נאַציאָנאַל לעבען. דאָסדאָזיגע רעכט ווערט פערווירקליכט דורך די אָרגאַנען פונ׳ם נאַציאָנאַלען פערבאַנד (זעה § 3), וואָס זיין מאַכט פערשפּרייט זיך אויף אַלע זיינע מיטגליעדער, נישט־אָבהענגיג פון דעם, וואו זיי וואוינען, אין די גרענעצען פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק. דאָס איז דאָס רעכט פון דער נאַציע, וואָס קאָן ביי איהר נישט אָבגענומען ווערען, און קיין שום נאַציע קאָן נישט בערויבט אָדער בעגרענעצט ווערען אין דעמדאָזיגען רעכט.

§ 2. דאָס רעכט אויף דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציעס רוסישער, יודישער און פוילישער, וואָס וואוינען אויף דער טעריטאָריע פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, ווערט געגעבען מיט דער קראַפט פון דעמדאָזיגען געזעץ. די ביעלאָרוסישע, טשעכישע, מאָלדאַוואַנישע, דייטשע, טאָטערישע און גריכישע נאַציעס אָבער קאָנען זיך בענוצען מיט׳ן רעכט אויף נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אויב אינ׳ם גענעראַל־געריכט וועט אָנגעגעבען ווערען אַ מעלדונג וועגען דעם פון יעדער נאַציע בעזונדער. די מעלדונג דאַרף זיין אונטערגעחתמ׳עט נישט־וועניגער ווי פון 10,000 בירגער, וואָס זענען נישט בעגרענעצט אין זייערע פּאָליטישער רעכט. נאָכדעם ווי דאָס

גענעראַל־געריכט וועט קאָנטראָלירען אינ׳ם אַלגעמיינעם איינגעפיהרטען סדר די ריכטיגקייט פון דער מעלדונג, גיט עס וועגען דעם צו וויסען דעם קאַבי־נעט פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפּובליק, כדי צו פערשפרייטען די קראַפט פון דעם געזעץ אויף׳ן אָנגעוויזענעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד.

3 §. כדי צו פערווירקליכען דאָס רעכט, וואָס איז אָנגעצייכענט אין 1 §, בילדען די בירגער פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפּובליק, וואָס געהערען צו דער אָנגעגעבענער נאַציע, אויף דער טעריטאָריע פון דער א. פ. ר. אַ נאַציאָנאַלען פערבאַנד. וועגען די מיטגליעדער פון יעדען נאַציאָנאַלען פערבאַנד ווערען געפיהרט צעטלען פון נעמען, אינאיינעם בילדען זיי דעם נאַציאָנאַלען קאַדאַסטער (רעיעסטער), וואָס ווערט פּובליקירט נאָכדעם ווי ער וועט צונויפגעשטעלט ווערען, און יעדער איינציגער בירגער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אַז מען זאָל איהם אַריינטראָגען אין דעם אָדער יענעם נאַציאָנאַלען קאַדאַסטער, אָדער מען זאָל איהם אויסשליסען פון איהם.

4 §. דער נאַציאָנאַלער פערבאַנד האָט דאָס רעכט אַרויסצוגעבען געזעצען און דאָס רעכט פון פערוואַלטונג אין די ענינים, וואָס האָבען אַ שייכות צו די בעדערפעניסען און אינטערעסען פון דער אָדער יענער נאַציע. גענוי וועט דער קרייז פון דער אַרבייט פון׳ם נאַציאָנאַלען פערבאַנד בעשטימט ווערען אין דער אָרדנונג, וואָס איז אָנגעוויזען אין 3 § פון אָט דעם געזעץ.

5 §. פון די הכנסות פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפּובליק ווערען איבערגעגעבען דעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד און די אָרגאַנען פון דער אָרטיגער זעלבסט־פערוואַלטונג אַזעלכע סומעס, וועלכע דאַרפען, לויט דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג פון דער אָדער יענער נאַציע, אויסגעגעבען ווערען אויף ענינים, וואָס געהערען־אַריין אין קרייז פון פערוואַלטונג פון דעם פערבאַנד. די אָרגאַנען פון דעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד האָבען אויך דאָס רעכט פון בעשטייערן די מיטגליעדער פון דעם פערבאַנד.

6 §. די געזעצען און פעראָרדנונגען פון דעם פערבאַנד טאָרען נישט אַרויסגעהן פון די גרענעצען פונ׳ם קרייז פון זיין פערוואַלטונג (8 §), און נור נאָכדעם ווען זיי ווערען פּובליקירט דורך דער נאַציאָנאַלער אופראַווע (9 §), בעקומען זיי אַנ׳אָבליגאַטאָרישע מאַכט פאַר אַלע מיטגליעדער פון פערבאַנד.

7 §. דעם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפּובליק געהערט דאָס רעכט אַכטונג־צו־געבען אויף דער געזעצמעסיגקייט פון די פעראָרדנונגען פונ׳ם נאַציאָנאַלען פערבאַנד. אויב מצד דעם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט קומט־אָן אַ פּראָטעסט אין פערלויף פון אַ חודש צייט, נאָכדעם ווי די פעראָרדנונג איז פּובליקירט, ווערט די פראַגע איבערגעגעבען דעם גענעראַל־געריכט; און אויב דאָס גענעראַל־געריכט אָנערקענט, אַז דער פּראָטעסט איז אַ ריכטיגער, ווערט אָבגעשטעלט די מאַכט פונ׳ם פערפּראָטעסטירטען געזעץ.

8 §. דער קרייז פון די ענינים, מיט וועלכע דער נאַציאָנאַלער פערבאַנד און זיינע בעזונדערע אָרגאַנען פערוואַלטעט, ווערט בעשטימט דורך אַ פעראָרדנונג פון דער גרינדונגס־פערזאַמלונג פון יעדער נאַציע, וועלכע ווערט אויסגעוועהלט דורך די בירגער פון אָט דער נאַציע פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפובליק לויט׳ן אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען, געהיימען און פראָפּאָרציאָנעלען וואַהלרעכט, אָהן אונטערשיעד פון געשלעכט, און ווערט בעשטעטיגט דורך דער גרינדונגס־פערזאַמלונג פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפובליק אָדער דורכ׳ן אַלאוקראַאינישען פאָלקס־צוזאַמענפאָהר. די חלוקי־דעות, וועלכע קאָנען פאָרקומען צווישען דער נאַציאָנאַלער גרינדונגס־פערזאַמלונג און דער גרינדונגס־פערזאַמלונג פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפובליק, ווערען איבערגעגעבען אין אַ פשרה־קאָמיסיע, וועלכע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אַ גלייכער צאָהל פאָרשטעהער פון דידאָזיגע אַנשטאַלטען.

9 §. די אָרגאַנען פון דעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד זענען מלוכה־אָרגאַנען און ווירקען לויט די אַלגעמיינע יסודות. דער העכסטער אָרגאַן פון דעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד איז דער נאַציאָנאַל־ראַט, וועלכער ווערט אויסגעקליבען דורך די מיטגליעדער פון דעם פערבאַנד לויט׳ן 8 § פון דעם געזעץ. דער העכסטער אויספיהר־אָרגאַן פון דעם פערבאַנד איז די נאַציאָנאַלע אופראַווע, וועלכע ווערט אויסגעוועהלט דורכ׳ן נאַציאָנאַלען ראַט און איז פאַר איהם פעראַנטוואָרטליך.

10 §. אין געגעראַל־סעקרעטאַריאַט פון דער אוקראַאינישער פאָלקס־רעפובליק געהען־אַריין סעקרעטאַרען פון די נאַציעס, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין נאַציאָנאַלע פערבאַנדען. די גרויס־רוסישע, די יודישע און די פוילישע נאַציעס האָבען יעדערע אַ בעזונדערען סעקרעטאַר.

11 §. אַלע סכסוכים און פראַגען פון קאָמפּעטענץ, וועלכע קאָנען פאָרקומען צווישען דעם נאַציאָנאַלען פערבאַנד, פון איין זייט, און, פון דער אַנדער זייט, די אָרגאַנען פון דער מלוכה-רעגירונג און אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג, ווערען איבערגעגעבען דורך די אַדמיניסטראַטיווע אָבטיילונגען צו די געהעריגע געריכט־אַנשטאַלטען.

12 §. די נאַציאָנאַלע פערבאַנדען פון דער אוקראַאינישער פאָלקס-רעפובליק האָבען דאָס רעכט אַריינצוציעהן אין די נאַציאָנאַלע פערבאַנדען פון זייערע נאַציעס, וועלכע ווירקען און די גרענעצען פון דער רוסישער פעדעראַטיווער רעפובליק.



מ. אַין.

# אויפ'ן גרענעץ פון צוויי עפּאָכעס;

דער רעוואָלוציאָנערער פאַרלאַמענט פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק האָט איינשטימיג אָנגענומען דעם געזעץ וועגען נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

מיט דעמדאָזיגען אַקט איז די צענטראַלע ראַדע אַריבער דעם גרענעץ, וואָס טיילט־אָב צוויי עפּאָכעס אין דער געשיכטע פון די געגענזייטיגע באַציהונגען פון די נאַציעס

אין דער פערענטפערונג פונ'ם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם האָבען שטענדיג געקעמפט צוויי געגענזעצליכע מעטאָדען פון דער בורזשואַזיע און פונ'ם פּראָלעטאַריאַט.

די גרונד־פּרינציפּען פון דער בורזשואַזער פּאָליטיק אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זענען: די שאָוויניסטישע אָבגעזונדערטקייט פון דער אייגענער נאַציע און די אימפּעריאַליסטישע הערשאַפט איבער די אַנדערע אָרומיגע פעלקער.

געגען דעם האָט דער פּראָלעטאַריאַט אַרויסגעשטעלט זיין מעטאָד פון דער פולער גלייכבערעכטיגונג און זעלבסטבעשטימונג פון אַלע נאַציעס און זייער פרייען פעדעראַטיווען פערבאַנד

כדי אָט דעם גרויסען ציעל צו דערגרייכען, האָט דער פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף געגען די נאַציאָנאַלע רייבונגען פון די הערשענדיגע קלאַסען אַרויסגעשטעלט די אידעע פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס דאַרף געבען יעדער נאַציע די רעכטליכע מעגליכקייט פון אַ פרייער ענטוויקלונג און גלייכצייטיג אויסגלייכען די ליניע פונ'ם פּראָלעטאַרישען קאַמף.

מיט דעם געזעץ וועגען נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע מאַכט דער פּראָלעטאַריאַט דעם ערשטען פּרוב אומצובויען די נאַציאָנאַלע באַציהונגען אויף נייע יסודות. עס ווערט צום ערשטען מאָל אַריבערגעוואָרפען אַ בריק

איבער דעם תּהום, וואָס האָט ביז איצט שטענדיג אָבגעטיילט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען פון דער הערשענדיגער נאַציאָנאַלער מעהרהייט. מיט׳ן דאָזיגען געזעץ ערקלערט די אַרבייטער־דעמאָקראַטיע, אַז פאַר איהר זענען נישטאָ קיין פעלקער־בעלי־הבתים און פעלקער־אורחים. אוקראַינאַ איז פון־איצט־אָן אַ ברי־דערליכע פעדעראַציע פון גלייכבערעכטיגטע נאַציעס.

דאָס געזעץ וועגען נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז אַ גייסטיגער פּראָדוקט פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען געדאַנק, עס איז אָבער בשום־אופן נישט קיין צופאַל, וואָס די איניציאַטיווע פון זיין ערשטער פּראַק־טיש׳ער דורכפיהרונג אין לעבען געהערט דער יודישער אַרבייטער־דעמאָקראַטיע, דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער עקסטערריטאָריאַלער יודישער נאַציע, וועלכער איז מעהר פון אַלעמען פּראָינטערעסירט אינ׳ם נצחון פון דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַ־לער אויטאָנאָמיע

דער געזעץ, וואָס די אוקראַאינישע דעמאָקראַטיע האָט אָנגענומען, איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי (ד״ר מ. זילבערפאַרב, מ. גורגין, שאַץ). די בעראַטונג ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי האָט דעם פּראָיעקט בעשטעטיגט, דער יודישער גענעראַל־סעקרעטאַר, חבר מ. זילבערפאַרב, האָט איהם אַריינגעטראָגען און דורכגעפיהרט אינ׳ם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט אַלס פערטרעטער פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַר־טיי. דער מחבר פון די שורות האָט פערטיידיגט דעם געזעץ־פּראָיעקט אין דער געזעצגעבענדיגער קאָמיסיע, און אַלס אַ בעריכט־אָבגעבער פון דער קאָמיסיע האָט ער איהם פאָרגעלעגט און פערטיידיגט אין דער צענטראַלער ראַדע.

פון איין זייט פיהרען די ציונים מיט די מיאוס׳טע מיטלען זייער פערדער־טערישען קאַמף געגען דער שאַפונגס־אַרבייט פון דער יודישער דעמאָקראַטיע, פערפלייצענדיג דאָס יודישע לעבען מיט אַ מבול פון נאַציאָנאַליסטישע דרשות וועגען סובערעניטעט און ארץ־ישראל־מליצה אָהן אַ סוף

פון דער אַנדערער זייט שטרעבט דער „בונד״ אַריבערצוטראָגען דעם שווערפונקט פון אונזער אינעווייניגסטען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם אין די אַלגע־מיינע מלוכה־אַנשטאַלטען, העלפענדיג דערמיט נישט דער איבערבויאונג פונ׳ם יודישען נאַציאָנאַלען בנין אויף נייע יסודות, נאָר זיין פּאַראַליזירונג.

ביי אַזעלכע אומשטאַנדען האָט די פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי געמאַכט די ערשטע באמת רעוואָלוציאָנערע שריט אויפ׳ן וועג פון פערוואַנדלען די אָבגעלעבטע פער׳חלומ׳טע כנסת־ישראל אין אַ לע־בעדיגער, פריי־שאַפענדיגער יודישער נאַציע.

אין אַ טראַגישער צייט איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר

דעם בנין פון אונזער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אַ סך אויס־יעניגסטע און אײַנעוועניגסטע מניעות ליעגען נאָך אויפ׳ן וועג פון איהר פּראַקטישער פערווירקליכונג.

נאָר—דער וועג איז אויסגעטראָטען אין די יודישע דעמאָקראַטיע מוז אין פעסט געשלאָסענע רייהען זיך לאָזען אויף איהם אין קאַמף געגען אַלע שונאים פון דער יודישער רעוואָלוציע.



# פון רוסלאַנד.

פאַר׳ן מלחמה־אויסברוך, ווען דאָס פּאָליטישע לעבען האָט צוריק מיט אַ נייעם שטראָם זיך גענומען בעוועגען, האָט אויך אויפגעלעבט די אַרבייטער־בעוועגונג. דאָס פּאַרטיי־לעבען האָט פון־דאָסניי אָנגעהויבען צו פליסען. אין שטעדט און שטעדטלעך זענען די אָרגאַניזאַציעס מיט נייע האָפנונגען צוגעטראָטען צו דער אַרבייט, צוצוגרייטען די מאַסען צו דער אָנקומענדיגער רעוואָלוציע.

מיט׳ן מלחמה־אויסברוך איז אָבער נישט אינגאַנצען אָבגעשטעלט געוואָרען די אַרבייט. די געשעהענישען האָבען זיך ענטוויקעלט און זענען געגאַנגען לויט׳ן היסטאָרישען וועג, ביז אין מערץ 1917 האָט די לאַנג ערוואַרטע רעוואָלוציע אויסגעבראָכען.

מיט׳ן אויסברעכען פון דער רעוואָלוציע איז ענטשטאַנען אַ נויטווענדיגקייט צונויפצורופען אַ קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם צווייטען חודש פון דער רעוואָלוציע, דעם 2־טען אַפּריל 1917. דאָס איז געווען די 6־טע פּאַרטיי־קאָנפערענץ, אין וועלכער ס׳האָבען אָנטייל גענומען ביז 40 דעלעגאַטען. צווישען די פיעל פראַגען, וועלכע די קאָנפערענץ האָט בעהאַנדעלט, איז אויך בערעדט געוואָרען די „פערייניגונגס־פראַגע״ און ס׳איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען אַ ווּאונש צו פעראייניגען די ס.־ס. מיט די י. ס. אויף דער קאָנפערענץ איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ צ.־ק. פון 11 חברים: מ. ליטוואַקאָוו, מ. גוטמאַן, ד״ר מ. שאַץ (מ. אַנין), אַ סאָקאָלאָווסקי, י. כורגין, ד. לעווין, ש. וויינצמאַן, נ. גערגעל, נ. אויפּריכטיג, מ. מגידסאָן, י. דערסאַנסקי, און אַלס קאַנדידאַטען: דאַווידאָוויטש, ראַשקעס און ה׳טע ז. ליטוואַקאָוו.

דער ווּאונש פון פעראייניגעןביידע פּאַרטייען איז אויך אַרויסגעזאָגט געוואָרען אויף דער מאָסקווער קאָנפערענץ פון דער י. ס. אַ.־פּ., וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 15־טען מערץ.

די פעראייניגונג האָט זיך גענומען באַלד פערווירקליכען דורך קאָאָרדי־

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

ני־ען די טעטיגקייט פון ביידע צ.־ק.׳ען. דעם 1־טען מאַי איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַ בשותפות׳דיגער אויפרוף, און דעם 28־טען מאַי זענען לויט אַנ׳אָבמאַך פון ביידע צ.־ק.׳ען די פאַרטייען צונויפגעגאָסען געוואָרען אונטער׳ן נאָמען „פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פאַרטיי (ס.־ס. און י. ס.)“. ביידע צ.־ק.׳ען האָבען זיך פעראייניגט. אַזוי־אַרום זענען צוגעקומען נאָך 10 חברים: ז. ראָזין (בן־אַדיר), י. נאָוואַקאָווסקי, ד״ר זילבערפאַרב (באַזין), י. לעשצינסקי, מ. לעוויטאַן, מ. ראַסקין, א. לעווקאָווסקי, י. ברעגמאַן, זַדוו. ג. קאַהאַן און א. זיסמאַן. צוזאַמען 21 מיטגליעדער.

די רעוואָלוציע ענטוויקעלט זיך, דאָס פּאָליטישע לעבען מאַכט גוואַלטיגע פאָרטשריט און צוזאַמען מיט די געשעהעגישען ענטוויקעלט זיך די „פעראייניגטע יודישע סאָצ. פאַרטיי“.

די פאַרטיי נעהמט אַנ׳אַקטיווען אָנטייל אין פּאָליטישען לעבען. זי איז געווען פערטרעטען אין אַלטען צענטראַל־אויספיהרונגס־קאָמיטעט פון די ראַטען; אין פיעל ראַטען אין די פּרעזידיומס. איז האַמעל איז דער פאָרזיצענדער געווען אונזער אַ חבר—לעווענטאָוו.

אויף דער מאָסקווער מלוכה־בעראַטונג (12—14 אויגוסט 1917 האָט די פּאַרטיי געהאַט אַ פראַקציע פון 9 מאַן, און אויף דער דעמאָקראַטישער קאָנפערענץ (14—22 סעפטעמבער)—אַ פראַקציע פון 11 מאַן. אין דערוויילינגען ראַט פון דער רוסלענדישער רעפּובליק („פאָר־פּראַרלאַמענט“) האָט די פּאַרטיי געהאַט 2 פערטרעטער: די ה״ה גוטמאַן און לעווקאָווסקי. אַ בעזונדערע אַקטיווע טעטיגקייט האָט די פאַרטיי ענטוויקעלט ביי די וואַהלען צו דער קאָנסטיטואַנטע. אין צוויי גובערניעס זענען געשלאָסען געוואָרען בלאָקען: אין וויטעבסקער—מיט די רוסישע ס.־ר., אין כערסאָנער—מיט די רוסישע און אוקראַינישע ס.־ר., און אין די איבעריגע גובערניעס איז די וואַהל־קאַמפּאַניע געפיהרט געוואָרען זעלבשטענדיג. אין אַלע גובערניעס צוזאַמען האָט די פאַרטיי בעקומען 50 טויזענד שטימען (אין מינסקער—5 טויז.; יעקאַטערינאָסלאַווער—6 טויז.; קיעווער 14 טויז.; מאָהילעווער—3 טויז., א. א. וו.) אין כערסאָנער גובערניע איז דורכגעגאַנגען דער ה׳ דאַווידאָוויטש. ער איז דער איינציגער יודישער סאָציאַליסט אין דער גרינדונגס־פערזאַמלונג.—נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקעהרעניש זענען די חברים ארויסגעטרעטען פון די אָרטיגע אויספיהרונגס־קאָמיטעטען און פרעזידיומס.

אַ בעזונדער אָנגעזעהענעם אָרט האָט די פּאַרטיי פערנומען אין די קאַנטאָראַנען פון די פעדעראַטיווע טיילען פון דער רוסלענדישער רעפּובליק. אין אוקראַינאַ איז דורך דער איניציאַטיווע פון דער פאַרטיי געשאַפען געוואָרען ביי דער אוקראַינישער רעגירונג אַ ספעציעלער פּאָסטען פון אַ יודישען מיניסטער. דעם פּאָסטען האָט פערנומען אַ צייט זער חבר ד״ר זילבערפאַרב (באַ־

זין). זיין ערשטער געהילף איז געווען חבר י. כּורגין. אין דער געוועזענער ראַדע האָט די פּאַרטיי געהאַט אַ פראַקציע פון 13 מאַן, און אין אויספיהרונגס־קאָמיטעט (קליינע ראַדע) 2 חברים: מ. ליטוואַקאָוו און מ. שאַץ. די טעטיגקייט פון די חברים אין ראַדע איז געווען זעהר אַנ׳אַקטיווע און אַנ׳אָנגעזעהענע, מיט׳ן פערנעהמען אין אַלע וויכטיגע קאָמיסיעס ערטער א. א. וו.; אין געזעצגעבערישער קאָמיסיע: ח״ח שאַץ און נאָוואַקאָווסקי; אין אַנקעטע־אויספאָרשונגס־קאָמיסיע: ח״ה ראָזענבלאַט און ברעגמאַן; עקאָנאָמישער—נאָוואַקאָווסקי; ביודזשעט־כּערסאָנסקי; פון אָנפראַגען־ ח׳ ראַשקעס; אין מיניסטעריום (אויסער דעם חבר זילבערפאַרב־ מיניסטער, אין כּורגין וויצע)—די חברים: גערגעל—דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אַלגעמיינע ענינים; זיין וויצע—ח׳ כּעראָסאָנסקי; מ. שאַץ־יוריסטקאָנסולענט פון יודישען מיניסטעריום; יעקב לעשצינסקי פערוואַלטער פון דער עקאָנאָמישער סטאַטיסטישער אָבטיילונג.

די געזעץ־פּראָיעקטען זענען אין ראַדע אָנגענומען געוואָרען אין אונזער רעדאַקציע. די בונד׳ישע „אויסבעסערונגען״ וועגען בעגרענעצען די קאָמפּעטענץ און פונקציעס פון דער אויטאָנאָמיע ווי אויך די ציוניסטישע „אויסבעסערונגען״ זענען אָבגעוואָרפען געוואָרען.

אין די וואַהלען צו דער אוקראַינישער גרינדונגס־פערזאַמלונג האָט די פּאַרטיי אַנ׳אָנטייל גענומען און אין קיעוו האָט די פּאַרטיי בעקומען מעהר שטימען פון די איבעריגע יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

אין דער מאָלדאַווישער רעפּובליק בעטייליגט זיך די פּאַרטיי אין „ספאטול־צער״, אַ סוראָגאַט פון אַ פּאַרלאַמענט. דער פערטרעטער פון פּאַרטיי איז חבר אייגער, וועלכען ס׳איז איבערגעגעבען געוואָרען אויסצואַרבייטען אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגען נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע.

אין ווייס־רוסלאַנד האָט די פּאַרטיי 2 פערטרעטער אין אויספיהרונגס־קאָמיטעט, די חברים מ. גוטמאַן און ד. מאַץ. אַדאַנק דער איניציאַטיווע פון דער פּאַרטיי איז דער אויספיהרונגס־קאָמיטעט פון אַלווייסרוסישען צוזאַמענפאָהר דערפילט געוואָרען מיט פערטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען. אויך האָט דער אויספיהרונגס־קאָמיטעט אָנגענומען אונזער פּאָרשלאָג, וועגען אַריינגעהמען אין דער שלום־דעקלאַראַציע דעם פּונקט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

ווי גרויס ס׳איז די ווירקונג פון דער פּאַרטיי, קאָנען בעווייזען די וואַהלען צו די שטאָדט־דומעס אין זעמסטוועס: וואָלאָסטנע, אויעזדנע און גובערניאַלע.

אין אַלע שטאָדט־דומעס האָט די פּאַרטיי דורכגעפיהרט ביז 200 ראַטמענער: אין אָדעס—6; זשיטאָמיר 10; יעקאַטערינאָסלאַוו—6; וויטעבסק 5; האָמעל—7; כּאַרקאָוו 9; כּערסאָן 4; לוגאַנסק—6, א. א. וו. אין פיעל שטעדט

איז די פאַרטיי פערטרעטען אין די פרעזידיומס. אין רעזשיצא איז פאָרזיצענ־דער פון דומע דער חבר ד״ר עפשטיין.

אויפ׳ן פראָפעסיאָנעלען געביעט אַרבייט די פאַרטיי זעהר טעטיג. אויף דער 3־טער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון די פראָפ. פעראיינען האָט די פאַרטיי געהאַט אַ פראַקציע פון 5 מאַן. אין רוסלענדישען ראַט פון די פראָפעס. פעראיינען האָט די פאַרטיי דורכגעפיהרט דעם חבר ראַבינאָוויטש. פיעל חברים געפינען זיך אין די אָרטיגע צענטראַל־ביוראָס פון די פראָפ. פעראייינען, ווי: אין אַלרוסלענדישען פערבאַנד פון די האַנדעלס-אָנגעשטעלטע און פון צוקער־פאַבריק־אַרבייטער, א. א. וו.

אין דער יודישער גאַס פיהרט די פאַרטיי אַ שטאַרקע טעטיגקייט אויף אַלע געביעטען. די פאַרטיי האָט זיך אַקטיוו בעטייליגט אין דער אַרבייט צום צוגרייטען דעם אַלרוסלענדישען יודישען קאָנגרעס. אויף דער קאָנפערענץ אין פעטערבורג, אויף צו בעשטימען די טאָג־אָרדנונג, האָט די פאַרטיי געהאַט אַ פראַקציע פון 12 מאַן. די פאַרטיי האָט פערטיידיגט, אַז אין טאָג-אָרדנונג זאָל יאָ אַריינגעהן דער פּונקט וועגען די יודען פון אַנדערע לענדער, געגען „בונד״, וועלכער איז אַרויסגעטרעטען געגען דעם, און געגען אַ בעזונדערען. פונקט וועגען פאַלעסטינאַ, ווי די ציוניסטען האָבען געפאָדערט. אין אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט זענען פון דער פאַרטיי אַריין 4 פערטרעטער.—צוליעב די פּאָליטישע געשעהענישען זענען די וואַהלען צום צוזאַמענפאָהר נישט פאָרגעקומען. אין אָדעס, וואו די וואַהלען זענען יאָ פאָרגעקומען, איז אויסגעוועהלט געוואָרען דער ח׳ דאַווידאָוויטש.

אין פיעל שטעדט זענען שוין פאָרגעקומען די וואַהלען צו די קהלות. די פאַרטיי האָט דורכגעפיהרט ביי די וואַהלען חברים: אין קיעוו—7; מאָסקווע—3; ביעלאָצערקאָוו—6; לוגאַנסק—8; סאַמאַראַ—9; קריוואָראָג—9; אָריאָל—4; סמאָלענסק—7; אופאַ—7; פיראַטין—8; יוזאָווקע—11; האָמעל—9; זשיטאָמיר—6; אָזעס—8; אומאַן—18; מיראָפּאָל—6; קרעמענעץ—5; סמיעלע—7; לובען—4; אָסטראָג—5; שפּאָלע—4; לאָקאַשיווקע—6; פּאָלאָנאָע—2; בערדיטשעוו—2, א. א. וו.

אין נאַציאָנאַל-ראַט האָט די פאַרטיי 10 פערטרעטער. דער ח׳ ליטוואַקאָוו איז פאָרזיצענדער.

אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר פון יודישע קאָלאָניסטען אין כערסאָנער גוב. איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, אַז די יודישע קאָלאָניסטען האַלטען פאַר זייער פאָרשטעהער אין גרינדונגס־פערזאַמלונג דעם ח׳ דאַווידאָוויטש. ס׳איז פאָרגעלעגט געוואָרען צו רעכענען אַלס זייערע פאָרשטעהער די ציוניסטישע דעפוטאַטען און אויך גרוזענבערג׳ן, נאָר דער צוזאַמענפאָהר האָט עס אָבגעוואָרפען און דער קאָלאָניסטישער „נאַקאַז״ איז אָבגעשיקט געוואָרען צום חבר דאַווידאָ-

אויפ'ן צוזאַמענפאָהר פון די יודישע לעהרער האָט די פאַרטיי־פראַקציע געשפּיעלט אַ זעהר אָנגעזעהענע ראָלע. די פראַקציע איז בעשטאַנען פון 25 מאַן. אין פּרעזידיום איז געווען פערטרעטען דער חבר י. עפּשטיין.

אין צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלרוסלענדישען דעמאָקראַטישען לעהרער־פערבאַנד געהען־אַריין די חברים: לעוויטאַן, עפּשטיין און בראָוואַרניק.—

די צאָהל פאַרטיי־מיטגליעדער איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרען, אויסער אין אוקראַינאַ, וואו די פאַרטיי צעהלט ביז 20 טויזענד מיטגליעדער.

ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ פאַרטיי־צוזאַמענפאָהר, נאָר צוליעב די פּאָליטישע אומשטענדען איז דער צוזאַמענפאָהר נישט פאָרגעקומען.

די צאָהל אָרגאַניזאַציעס דערגרייכט ביז 250, די בעדייטענדסטע זענען אין אַלטען „תחום": קיעוו, אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו, האָמעל, וויטעבסק, זשיטאָמיר, כאַרקאָוו, לוגאַנסק, אומאַן, פּראָסקוראָוו, יעליסאַוועטגראַד, פּאָלטאַווע, פּאָלאָצק א. אַנד.; אין נייעם תחום: מאָסקווע, פּעטערבורג, סאַמאַרא, סאַראַטאָוו, קאַזאַן, סמאָלענסק, וואָראָנעזש א. אַנד.

די פאַרטיי פערמאָגט אַ רייכע פּרעסע. דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פאַרטיי איז דער „יודישער פּראָלעטאַריער" (וואָכענבלאַט) און „נייע צייט" (טעגליכע צייטונג)—ביידע אין קיעוו; אַ רייהע קאַנט־אָרגאַנען—אין ווייס־רוסלאַנד: „אונזער וועג"; אָדעסער ראַיאָן—„אונזער וואָרט"; יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט—„דער קעמפּפער"; אין קאַזאַן—„אונזער ריכטונג" (רוסיש); אין פעאָדאָסיע—„פעאָדאָסיער אָנזאָגער" (רוסיש); כאַרקאָווער ראַיאָן—„אַרבייטער־צייטונג"; ביעלאָצערקאָוו—„אונזער שטימע"; אין לוגאַנסק—„יודישער סאָציאַליסט" (רוסיש); אין אָדעס— „דער אַרבייטער־געדאַנק" (רוסיש); אין פּעטערבורג –„יודישער פּראָלעטאַריער" (רוסיש).

אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט די פאַרטיי אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע.

פיעל שוועריגקייטען האָט די פאַרטיי געהאַט דורכצומאַכען, וועלכע זי איז אין פיעל הינזיכטען בייגעקומען, און נאָך מעהר שטערונגען זענען ענטשטאַנען דורך די לעצטע געשעהענישען; אָבער דער גלויבען און די האָפנונג גיט דער פאַרטיי כוח דורכצומאַכען דעם שווערען וועג צו פולער בעפרייאונג פונ'ם אַרבייטער־קלאַס בכלל און דעם יודישען בפרט.



# רעזאָלוציעס און בעשלוסען,

## אָנגענומען אויף דער VI אַלרוסישער קאָנפערענץ פון ס.־ס., וועלכע איז פאָרגעקומען פון 2 ביז 6 אַפּריל 1917 אין מאָסקווע.

---

### I

### וועגען 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג.

I. האַלטענדיג, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אויסנוצען דעם איצטיגען מאָמענט אויף אַיינצופיהרען דעם 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג אין אַלע צווייגען פון דער פּראָדוקציע, אַז ביי דער צייטוועקמעסיגער אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע אוןביים ראַציאָנאַלען אויסנוצען אַלע אַרבייטס־קרעפטען אין לאַנד און אויפ׳ן פּראָגנאָז שרעקט נישט די אַיינפיהרונג פונ׳ם 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג מיט קיין אָבשוואַכונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון די אונטערנעהמונגען און פון שוצפעהיגקייט פונ׳ם לאַנד,—געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיג:

א) די צייטווייליגע רעגירונג זאָל אַרויסגעבען אַ דעקרעט וועגען אַיינפיהרען דעם 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג בתנאי, אַז ס׳ווערט נישט פערקלענערט דער אַרבייטס־לוין;

ב) אַז ס׳ווערט אַיינגעשטעלט אַ געזעלשאַפטליכע קאָנטראָל איבער אַלע אונטערנעהמונגען, וואָס אַרבייטען אויף לאַנדשוץ און וואָס גרייטען פּראָדוקטען פון ערשטער נויטיגקייט.

II. דערביי געפינט די קאָנפערענץ, אַז אין דער איבערגאַנגס־צייט:

א) ווערט דערלאָזט, אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן לאַנדשוץ אין די אָנגעווייזענע אונטערנעהמונגען, איבערשטונדען־אַרבייט מיט דער הסכמה אין יעדען בעזונדערען פאַל פונ׳ם פאַבריק־קאָמיטעט (און אין קליינע אונטערנעהמונגען — פונ׳ם פּראָפעסיאָנעלען פעראיין) אָדער אויסגלייך־קאַמערן. די איבערשטונדען־אַרבייט קאָן נישט, על־כל־פנים, געדויערן מעהר פון צוויי שעה און דאַרף בעלוינט ווערען, ווייניגסטענס, אויף 50 פּראָצענט העכער פונ׳ם נאָרמאַלען לוין.

ב) צוליעב אַ מעהר ערפאָלגרייכען קאַמף מיט דער אַגיטאַציע פון דער בורזשואַזיע אין דער אַרמעע געגען דעם 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג איז געוואונשען, אַז אין די פאַבריק־קאָמיטעטען זאָלען זיך בעטייליגען פערטרעטער פון די ראַטען פון סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען מיט אַ בעראַטונגס־שטים.

III. כדי צו שאַפען די מעגליכקייט פון אײנפיהרען דעם 8־שעה׳דיגען אַרבייטס־טאָג אויך אין דער קליין־אינדוסטריע, אין וועלכער ס׳איז בעשעפ־טיגט די מעהרהייט פון די יודישע אַרבייטער, איז נויטיג שטרעבען אָבצושאַ־פען, וואו דאָס איז מעגליך, די שטיק־ און הויז־אַרבייט.

IV. די ציוויליזירטע רעגירונג דאַרף היכף אַרויסגעבען אַ דעקרעט וועגען אײנפיהרען אָרטיגע און צענטראַלע אויסגלייך־קאַמערן.

V. די קאָנפערענץ געפינט פאַר נויטיג צו פאָדערן פון דער ציוויליזירטער רעגירונג באַלד אַרויסצוגעבען אַ דעקרעט וועגען בעגרענעצען דעם מלחמה־ריוח.

II

## וועגען מלחמה און אינטערנאַציאָנאַל.

בעגריסענדיג די אויפרופען צו די פעלקער פון דער וועלט פון׳ם פעט־ראָגראַדער ראַט פון סאָלדאַטען־ און אַרבייטער־דעפוטאַטען, געפינט די קאָנ־פערענץ פאַר נויטיג צו פאָדערן פון דער רעגירונג אַ באַלדיגען מגע־ומשא מיט די פערבונדעטע מלוכות, כדי גלייך עפענען די פרידענס־אונטערהאַנדלונגען אויפ׳ן סמך פון׳ם לאָזונג: „אָהן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס, אויפ׳ן יסוד פון זעלבסטבעשטימונג פון די פעלקער”. די אונטערהאַנדלונגען דאַרפען געפיהרט ווערען עפענטליך.

אינ׳ם שלום־טראַקטאַט דאַרף געשטעלט ווערען אַ פונקט וועגען אָבשאַ־פען אין די מלוכות, וועלכע שליסען שלום, אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע בעגרענצונגען און פערזיכערן פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען דאָס רעכט פון נאַציאָנאַל־פערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

III

## אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

### א) וועגען נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

1) דער רוסלענדישער פראָלעטאַריאַט איז פעראינטערעסירט אין אַזאַ

פאָרם פון דעמאָקראַטיזירען די מלוכה־אָרדנונג פון רוסלאַנד, ביי וועלכער ס'זאָ־לען וואָס מעגליכער פערקלענערט ווערען די צווישען־נאַציאָנאַלע רייבונגען, וועלכע ליעגען אויפ'ן וועג פון דער קלאַסען־אַחדות פונ'ם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד און שטערען זייער פרייע ענטוויקלונג.

2) אַזאַ מלוכה־אָרדנונג איז אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק, וועלכע בעשטעהט פון געגענדען, וואָס זענען קונאַנדערגעטיילט לויט'ן עטנישען פּרינציפּ, ביי דער גאַראַנטיע פון די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען.

3) די גאַראַנטיע פון רעכט פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטען איז דאָס אָנערקענען די רעכט פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די פעלקער פון רוסלאַנד.

4) דער קאָמפּעטענץ פון די אָרגאַנען פון דער יודישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע געהערען: די נאַציאָנאַלע קולטור און פאָלקס־בילדונג, פּראָפעסיאָנעלע און טעכנישע בילדונג, עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע, געזעלשאַפטליכע פערזאָרגונג, סטאַטיסטיק א. א. וו.

5) די אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע האָבען דאָס רעכט פון פּאָרשטעהערשאַפט און אויך דאָס רעכט פון צוואַנגס־בעשטייערן.

6) נישט לעזענדיג די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע גרונד־פּראָבלעמען פון יודישען פאָלק, וואָס שטאַמען פון זיין עקסטעריטאָריאַל־קייט, איז די נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע איינע פון די נויטיגע בעדינ־גונגען פאַר'ן ערפאָלגרייכען קלאַסען־קאַמף פונ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט.

## ב) די עפענטליכע רעכט פון דער יודישער שפּראַך.

פאַר די יודישע מינדערהייטען, וועלכע דערגרייכען אין געגעבענעם אָרט אַ געוויסען פּראָצענט, דאַרף דער געזעץ גאַראַנטירען דאָס רעכט צו בענוצען זיך מיט זייער אייגענער שפּראַך, הן אין די אָרטיגע מלוכה־אַנשטאַלטען, הן אין די אָרגאַנען פון אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג.

## IV

## וועגען עמיגראַציע און טעריטאָריאַליזם*).

אַרויסגעהענדיג פון די גרונד־הנחות פונ'ם פּאַרטיי־פּראָגראַם און בעשטע־

---

*) רעזאָלוציע וועגען טעריטאָריאַליזם, אָנגענומען אויפ'ן ערשטען אָרדענטליכען צוזאַמענפאָהר פון דער סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי אין לייפּציג, 1906:

1) די געגענוועהרטיגע יודישע עמיגראַציע איז אַ רינג אין קייט פון די שטענ־דיגע יודישע וואַנדערונגען, וועלכע ווערען אַרויסגערופען דורך דער סאָציאַל־עקאָנאָ־

טיגענדיג, אַז דער אַרויסגאַנגס־פונקט פון פערווירקליכען דעם טעריטאָריאַליזם איז די רעגולירונג פון די סטיכישע וואַנדערונגס־פּראָצעסען, געפינט די קאָנ־פערענץ פאַר נויטיג:

I. איינשליסען די אויפגאַבען פון עמיגראַצ־ע־און קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק אין דער קאָמפּעטענץ פון דער יודישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

II. שאַפען אַ צווישען־מלוכה׳שען יודישען אָרגאַן אויף רעגולירען די יודי־שע עמיגראַציע.

## V

## וועגען דער קהלה.

נעהמענדיג אין בעטראַכט, אַז מיט דער קהלה־אָנפיהרונג זענען פערבונ־דען בעדייטענדיגע מאַטעריעלע און קולטורעלע אינטערעסען פונ׳ם יודישען פראָלעטאַריאַט און פון די ברייטע יודישע מאַסען; אַז די קהלה־ווירטשאַפט געפינט זיך, אַדאַנק דעם אַלטען פּאָליטישען רעזשים און דער פּיעליאָהריגער ממשלה פון דער יודישער פּלוטאָקראַטיע, אין אַ רואינירטען צושטאַנד; אַז אין איצטיגען רעוואָלוציאָנערען מאָמענט האָט זיך געעפענט די מעגליכקייט, אַז די קהלה־אָנפיהרונג זאָל אַריבערגעהן אין רשות פון דער ברייטער פאָלקס־מאַסע און

מישער סטרוקטור פונ׳ם יודישען פאָלק פון איין זייט און דורכ׳ן סאָציאַל־עקאָנאָמי־שען צושטאַנד פון די עמיגראַציע־ און אימיגראַציע־לענדער — פון דער אַנדער זייט.

איהר איצטיגע ענטוויקלונג ענטהאַלט שוין אין זיך שפּראָצונגען פון דער קינפטיגער יודישער געזעלשאַפט.

2) זייענדיג אַ האַנדעלס־פערמיטלערישע אין פעאָדאַלען פעריאָד, געהט די יודישע עמיגראַציע איבער מיט דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין אַ מלאכה־און אַרבייט־עמיגראַציע און, געהענדיג אין די אינדוסטריעל ענטוויקעלטע לענדער, שאַפט זי דאָרט בעזונדערע פּראָדוקציע־צווייגען, נויטהוענדיג אין זיי קאָנצענטרירענ־דיג זיך.

3) אין איהר ווייטערדיגען וואוקס פאַלט די יודישע עמיגראַציע אַריין אין אַ ווידערשפּרוך מיט די פאָרמען פון קאָנצענטראַציע, וועלכע זי אַליין בעשאַפט, און בייט נויטוועגדיג איהר ריכטונג.

4) געהענדיג אין דער ריכטונג פון קינסטלען ווידערשטאַנד, מוז זיך פער־וואַנדלען די יודישע עמיגראַציע אין קאָלאָניזאַציע, וועלכע העלפט מיט, צוליעב איהר קאָלעקטיווען כאַראַקטער, דער קאָנצענטרירונג פון די יודישע מאַסען אויף אַ פרייער טעריטאָריע.

5) דער עמיגראַציע־ און קאָלאָניזאַציע־פּראָצעס שאַפט אין זיין ענטוויקלונג אַ רעאַלען באָדען פאַר׳ן ענטשטעהן פון אַ יודישער געזעלשאַפט.

זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ וועלטליכער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע,--געפינט די קאָנפערענץ:

I. אַז עס דאַרפען אויף די ערטער תיכף געגרינדעט ווערען אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעטען פון פאָרשטעהער פון פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטליך־וועלטליכע אָרגאַניזאַציעס (פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, קאָאָפּעראַטיוען, בילדונגס־חברות א. א. וו.) מיט׳ן צוועק שוין איבערצובויען די יודישע קהלה אויפ׳ן גרונד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען, געהיימען און פּראָפּאָרציאָנעלען וואַהל-רעכט פאַר אַלע יודישע בירגער פון 20 יאָהר אָן, אָהן אונטערשיעד פון געשלעכט. די אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעטען דאַרפען זיך דערשלאָגען ביי די שטאָדט־אופראַוועס (אָדער ביי די שטאָדטיגע געזעלשאַפטליכע קאָמיטעטען) די געהעריגע פולמאַכט און די נויטיגע פינאַנץ־מיטלען. די קאָמיטעטען האָבען דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען די טעטיגקייט פון אַלע וועלטליכע קהלה־אַנשטאַלטען;

II. אַז מ׳דאַרף פאָדערן פון דער צייטווייליגער רעגירונג אַרויסצוגעבען אַ דעקרעט וועגען רעאָרגאַניזירען אויף די אויבענדערמאָהנטע וואַהל־יסודות די יודישע קהלה, וואָס זאָל

א) אַריינעהמען אין איהר טעטיגקייט־קרייז אַלע ספּעציעל־נאַציאָנאַלע וועלטליכע ענינים פון דער יודישער בעפעלקערונג: בילדונג, פּראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג, די רעגולירונג פון עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע און געוויסע מינים פון געזעלשאַפטליכער פערזאָרגונג;

ב) האָבען דאָס רעכט אַרויפצולעגען אויף די יודישע בירגער אַ פּראָגרעסיווען אָבצאָהל פון הכנסות, פערמעגענס און ירושות און זעלבשטענדיג צו פערוואַלטען מיט די קהלה־פינאַנסען.

די רעאָרגאַניזירונג פון דער קהלה דאַרף איבערגעגעבען ווערען מיט׳ן זעלבען דעקרעט אין די הענד פון די דערמאָהנטע אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעטען, אָדער אין אַנדערע צייטווייליגע איבערגאַנגס-אָרגאַניזאַציעס.

III. דאָס איבערגעהן פון אַלע וועלטליכע אַנשטאַלטען פון די יודישע געזעל-שאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס אין רשות פון דער רעאָרגאַניזירטער קהלה אויף די אויבענדערמאָהנטע דעמאָקראַטישע יסודות.

## VI

## וועגען אַלרוסלענדישען יודישען צוזאַמענפאָהר.

נעהמענדיג אין בעטראַכט: א) אַז די אויפגאַבע פונ׳ם אַלרוסלענדישען צוזאַמענפאָהר איז צו פאָרמולירען די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פונ׳ם יודישען פאָלק אין רוסלאַנד און שאַפען אַ צייטווייליגע אָרגאַניזאַציע צו פערוואַלטען מיט די ספּעציעלע יודישע ענינים; ב) אַז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט איז אונ־

מיטעלבאַר פעראינטערעסירט אין ענטשיידען דידאָזיגע אויפגאַבע, געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיג אָנטיילצונעהמען אין דעם צוזאַמענפאָהר מיט'ן תנאי, אַז ער וועט צונויפגערופען ווערען אויפ'ן יכוד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען, געהיימען און פראָפאָרציאָנעלען וואַהל־רעכט פאַר אַלע יודען אין עלטער פון 20 יאָהר אָן, אָהן אונטערשיעד פון געשלעכט.

II. די קאָנפערענץ געפינט, דאָס אין דער פראַגע וועגען דער לאַגע פון די יודען אין די אַנדערע לענדער אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן פריעדענס־קאָנגרעס דאַרפען אַרויסגעשטעלט ווערען פאָלגענדע פאָדערונגען:

א) אָבשאַפען אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע בעגרענצונגען אין יענע לענדער, וואו אַזעלכע בעגרענצונגען עקזיסטירען נאָך;

ב) גאַראַנטירען די רעכט פון נאַציאָנאַל־פערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די יודישע מינדערהייטען אין יענע מלוכות, וואו זיי וועלען דאָס פערלאַנגען.

דיזעלבע גאַראַנטיעס דאַרפען געפאָדערט ווערען אַלס אַ פאָר־בעדינג ביים סאַנקציאָנירען דורכ'ן קאָנגרעס נייע מלוכה'שע פאָרמירונגען.

## VII

## וועגען דער בעציהונג צו אַנדערע יודישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

נעהמענדיג אין בעטראַכט:

א) אַז פאַר די לעצטע יאָהרען איז פאָרגעקומען אַ בעדייטענדע געגענזייטיגע התקרבות צווישען אַלע יודישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען;

ב) אַז די פאַרטייען פיהרען, אין זעלגעניין, איין און דעמזעלבען עקאָנאָמישען און פאָליטישען קלאַסען־קאַמף;

ג) אַז די צעברעקעלטקייט פון די יודישע פראָלעטאַרישע כוחות איז בעזונדער שעדליך אין איצטיגען רעוואָלוציאָנערען מאָמענט, ווען דער פראָלעטאַריאַט דאַרף פערפעסטיגען און פערברייטערן זיינע פאָזיציעס אין פראָצעס פון בויען דאָס אַלרוסלענדישע און יודישע לעבען,—

געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיג צו מאַכען טריט פאַר דער פעראייניגונג פון די יודישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין איין יודישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער־פאַרטיי.



# די ערשטע אַלאוקראַינישע קאָנפערענץ פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.ס. און י.ס.).

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אויף דער רעכטער זייט און אַלע רעוואָלוציאָנערע ערובערונגען זענען געשטעלט געוואָרען אין געפאַהר.

די יודישע גאַס, וואָס איז אין פיעל הינזיכטען רעאַקציאָנערער ווי אַנדערע, האָט באַלד דערפיהלט די אָנקומענדיגע נייע צייט און ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אויף צו פערניכטען די אַלע דורך בלוט ערוואָרבענע אויטאָנאָמע איינריכטונגען דורכ'ן פראָלעטאַריאַט.

די ניי-געשאַפענע לאַגע האָט געשטעלט פאַר דער קאָנפערענץ צוויי וויכטיגע אויפגאַבען: אונטערצופיהרען אַ סך-הכל פון דער אַרבייט פאַר אַ יאָהר רעוואָלוציע און אָנצייכענען די וויטערדיגע ליניעס פון טעטיגקייט און אָנמערקען אַ וויטערדיגען פּלאַן פון אַרבייט ביי דער ניי-געשאַפענער לאַגע צוליעב'ן

אָברייסען-זיך פון גרויס-רוסלאַנד.

די קאָנפערענץ האָט בולט בעוויזען, ווי שטאַרק ס'זענען די פּאָזיציעס פון דער פ. י. ס. אַ.-פ. אין אוקראַינאַ.

דאָס ערשטע מאָל האָט אַ יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַזוי טיעף אויפגעטרייסעלט די ברייטע מאַסען און אַזוי ווייט פערכאַפּט די פערוואָרפענע ווינקעלעך פון דער יודישער גאַס.

פאַר אַ יאָהר רעוואָלוציע האָט די פעראייניגטע פּאַרטיי פערנומען איינס פון די בעדייטענדסטע ערטער, וואָס האָט געבראַכט די געגנער צו מודה-זיין אין דער ווירקונג, וואָס די פּאַרטיי האָט אויף דער אַרבייטער-גאַס.

דער ערפאָלג פון דער פּאַרטיי ערקלערט-זיך דערמיט, וואָס דאָס פּראָגראַם האָט אַמבעסטען פערשטאַנען, ווי אַזוי אָרגאַניש צו פערבינדען די אַלגעמיינע פּראָלעטאַרישע און אויך דעמאָקראַטיש-פּאָליטישע לאָזונגען מיט די אייגענאַרטיגע אינטערעסען פון יודישען אַרבייטער און פון די ברייטע מאַסען.

דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער אידעאַל, איינגעפלאָכטען אין די אָרגאַנישע געוועבען פון יודישען לעבען, בעדעקט מיט פלייש און ביין פון אונזערע בעזונדערע נאַציאָנאַלע בעדערפעניששען און אינטערעסען, האָט געמוזט ווערען דער שטאַרקסטער רעוואָלוציאָנערסטער פאַקטאָר אין אונזער לעבען.

נישט פון-דער-פרעמד זענען מיר געקומען, נאָר פון די טיעפעניששען פון

## דער יודישער פראָלעטאַריער.

דער אַרבייטער־גאַס; נישט מיט אַבסטראַקטע טעאָריעס, גענומען פון אַנדערע סביבה׳ס און לעבענס און זיי איבערגעטראָגען אין דער יודישער אַרבייטער־גאַס, נאָר דורכמאַכענדיג די גאַנצע ענטוויקלונג פאַר די לעצטע פאָר צעהנדליג יאָהרען צוזאַמען מיט׳ן יודישען אַרבייטער אין אַלע זיינע עטאַפען, האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט צו ווערען איינע פון די שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון יודישען אַרבייטער אין אוקראַינאַ.

---

די קאָנפערענץ איז געעפענט געוואָרען ביי אַ זעהר געהויבענער און יום־טוב׳דיגער שטימונג. דער זאַל איז איבערפולט פון דעלעגאַטען, פון אָרטיגע און צוגעפאָהרענע חברים, פיעל געסט און פריינד פון דער פ. י. ס. אַ.-פ.; צווישען די דעלעגאַטען זענען פאַרהאַן די, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער פאַרטיי פון ערשטען טאָג אָן פון איהר גרינדונג ביז היינט. דאָס זענען די אַלטע קעמפער פאַר׳ן סאָציאַליסטישען אידעאַל אין דער יודישער אַרבייטער־גאַס, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם ליידענס־וועג פון יודישען אַרבייטער אין צאַלע זיינע עטאַפען.

די ערשטע זיצונג עפענט דער ח׳ ליטוואַקאָוו, וועלכער בעגריסט די ערשטע אַלאוקראַאינישע קאָנפערענץ און אַלע חברים פון דער פאַרטיי, וועלכע זענען צעריסען דורך גרענעצען, נאָר געבונדען דורך איין סאָצ. אידעאַל, און ווענדט זיך מיט אַ רוף צו פיהרען דעם ווייטערדיגען פראָלעטאַרישען קאַמף פאַר׳ן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען געדאַנק אין די רייהען פון דער פ. י. ס. אַ.־פ. דער גאַנצער זאַל ענטפערט מיט זינגען פון „אינטערנאַציאָנאַל“.

עס געהען־אַרויף אויף דער טריבונע פערשידענע פערטרעטער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, ווי: „בונד“, „ר. ס.-ד. אַ.־פ.“, „אוקראַאינישע ס.-ר“, „פ.־צ.“ און אַנד., וועלכע בעגריסען די קאָנפערענץ, אָנווייזענדיג, אַז דער איצטיגער מאָמענט פאָדערט אַ פעראייניגונג פון אַלע סאָציאַליסטישע כוחות אין אַן׳איינהייטליכען פראָנט אינ׳ם קאַמף פאַר די רעוואָלוציאָנערע ערעאָבערונגען. בעזונדער—שטרייכט־אונטער דער פאָרשטעהער פון „בונד“—פאָדערט־זיך אַזאַ פעראייניגונג ביים יודישען פראָלעטאַריאַט, ווייל דער מאָמענט דיקטירט צו זוכען דעם וועג פון פעראייניגען די סאָציאַליסטישע כוחות אין דער יודישער גאַס. מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען ענטפערט דער זאַל אויף די בעגריסונגען.

די קאָנפערענץ געהט־איבער צו דער אַרבייט און קלייבט־אויס אַ פרעזידיום פון 7 חברים: מ. ליטוואַקאָוו, י. לעשצינסקי, מ. זילבערפאַרב (באַזין), מ. ראַשקעס, לעווקאָווסקי, מישקין און מאָסטאָוואָי און טרעט־צו צו בעהאַנדלען די טאָג-אָרדנונג, וועלכע איז בעשטאַנען פון: 1) פאָליטישער מאָמענט—רעפ. ה״ח ליטוואַקאָוו און נאָוואַקאָווסקי; 2) נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע—רעפ. מ. לעוויטאַן;

3) אַרבייטער־פּאָליטיק—רעפ. י. כּערסאָנסקי ; 4) בעציהונג צו אַנדערע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען—רעפ. מ. ליטוואַקאָוו, גערגעל און נאָוואַקאָווסקי ; 5) עקאָ־נאָמישע פּאָליטיק אין דער נאָהענטער צוקונפט—רעפ. י. לעשצינסקי, און פיעל אַנדערע פּונקטען.

אַ בעזונדערען אינטערעס האָט אַרויסגערופען דער בעריכט פון הבר זיל־בערפאַרב (באַזין) וועגען זיין טעטיגקייט אַלס מיניסטער.

דער ח׳ באַזין ווייזט־אָן, אַז דער געזעץ־פּראָיעקט וועגען נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט אַ וועלט־בעדייטונג, איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין הסכּם מיט׳ן פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי. אַ גרויסען קאַמף איז אויסגעקומען צו פיהרען פאַר׳ן אַדורכפיהרען דעם געזעץ סיי געגען רעכטס, ווי די ציוניסטען און אַחדות׳ניקעס, און סיי געגען לינקס—דעם „בונד", וועלכער האָט געוואָלט בעגרענעצען די קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. נאָר צום סוף האָבען מיר געזיגט און אויך דער „בונד" האָט געשטימט פאַר אַ ברייטערער קאָמפּעטענץ.

לאַנג דויערנדע אָוואַציעס זענען געמאַכט געוואָרען דעם הבר זילבער־פאַרב, דעם ערשטען יודישען סאָציאַליסטישען מיניסטער.

די ח"ח שאַץ און נאָוואַקאָווסקי גיבען־אָב אַ בעריכט וועגען דער טע־טיגקייט פון דער פּאַרטיי־פראַקציע אין דער ראַדע און ווייזען־אָן די גרונד־יסודות פון דער טאַקטיק, ביי וועלכע ס׳האָט זיך געהאַלטען די פראַקציע: 1) שטיצען די אוקראַינישע דעמאָקראַטיע, קעמפענדיג דערביי געגען איהרע נאַ־ציאָנאַליסטישע נטיות, און 2) פערטיידיגען די פעדעראַטיווע אידעע, קעמפענדיג געגען די גרויס־רוסישע צענטראַליסטישע שטרעבונגען. די פראַקציע האָט אַ טיכטיגען אָנטייל גענומען אין דער אַרבייט פון די קאָמיסיעס—געזעצגעבערי־שע, פינאַנציעל־עקאָנאָמישע א. אַנד.

אויסהערענדיג די בעריכטען און אָננעהמענדיג די רעזאָלוציעס, טרעט־צו די קאָנפערענץ אויסצוהערען צוויי רעפעראַטען פון די ח"ח ליטוואַקאָוו און נאָ־וואַקאָווסקי וועגען פּאָליטישען מאָמענט.

דער הבר ליטוואַקאָוו אין זיין רעפעראַט ווייזט־אָן אויפ׳ן זיגזאַג־וועג פון דער דורכגעמאַכטער רעוואָלוציע אין איצטיגען צושטאַנד און פיהרט־אויס, אַז די נאָהענטע אויפגאַבען זענען: 1) אונטערשטיצען די זעלבשטענדיגקייט פון אוקראַינאַ, וועלכע שטעהט איזאָלירט אין איהר קאַמף, און אַגיטירען פאַר אַ פריוויליגען אַריינטרעטען אין דער רוסלענדישער פעדעראַציע ; 2) קעמפען פאַר דער פולער אויטאָנאָמיע פון די שטאָדטפערוואַלטונגען ; 3) קעמפען, אַז עס זאָלען אָבגעהיט ווערען די אַלע אַרבייטער־רעכט, וואָס זענען דערגרייכט גע־וואָרען דורך דער רעוואָלוציע ; 4) פערטיידיגען די רעכט פון די נאַציאָנאַלע

מינדערהייטען און 5) שאַפען אַנ׳איינהייטליכען סאָצ. פראָנט און אויפשטעלען דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

דער חבר נאָוואַקאָווסקי ווייזט־אָן אויף פערשיעדענע מיינונגען אין פערשטעהן די רעוואָלוציע און פיהרט־אויס, אַז די אויפגאַבע פון פראָלע־טאַריאַט איז, אין דער פערבינדונג מיט דער איצטיגער אַלוועלטליכער סיטו־אַציע, אויפבויען דעם רואינירטען סאָציאַלען אָרגאַניזם. די אויפגאַבע קאָן ערפילען נור אַ סאָציאַליסטיש-דעמאָקראַטישע מאַכט, וואָס זאָל זיך שטיצען אויף די כּוחות פון דער שטאָדטישער און דאָרפישער אַרבייטער־דעמאָקראַטיע.

די צוויי רעפעראַטען האָבען אַרויסגערופען לאַנגע דעבאַטען, אין וועל־כע ס׳האָבען זיך אָבגעשפּיגעלטביידע ריכטונגען וועגען פּאָליטישען מאָמענט, און ס׳ווערט אָנגענומען אַ געהעריגע רעזאָלוציע.

דער חבר לעוויטאַן רעפערירט וועגען דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און ווייזט־אָן, אַז מיר דאַרפען פעסטשטעלען די בעציהונגען צווישען די קהלות און מוניציפּאַליטעטען און, אין אַלגעמיין, צווישען די אויטאָנאָמע אַנשטאַלטען. בעזונדערס פאָדערט דער איצטיגער מאָמענט אָנצושטרענגען אַלע כּוחות צו פערפעסטיגען די אויסגעקעמפטע אויטאָנאָמיע.

דער חבר שאַך־אַנין ווייזט־אָן, אַז דער קאַמף, וואָס איז געפיהרט גע-וואָרען אַרום דער אויטאָנאָמיע פון דער רעוואָלוצ. דעמאָקראַטיע, איז געגען דעם ווילען פון דער בלוי־ווייס־שוואַרצער רעאַקציע. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, ווען דער פּראָלעטאַריאַט בכלל איז געווען פערנומען מיט בויען נייע מלוכה־פאָרמען, איז דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט נאָך צוגעקומען צו לע־גען די גרונד־יסודות פון׳ם נייעם וועלטליכען יודישען לעבען. פערשיעדענע מאָמענטען האָט דורכגעלעבט דער קאַמף פאַר דער אויטאָנאָמיע—און ביז ס׳וועט נישט בעפעסטיגט ווערען די דעמאָקראַטישע מלוכה־אָרדנונג בכלל און די יו־דישע בפרט, מוז דער יודישער אַרבייטער, נישט אָבשרעקענדיג זיך פאַר די פרישגעבאַקענע אַרכי־דעמאָקראַטען פון ווייס־בלוי־געל־שוואַרצען בלאָק, וואָס בעשולדיגען אונז אין פערכאַפּען די מאַכט איבער׳ן פאָלקס־ווילען, פאָרטזעצען די אָנגעהויבענע אַרבייט.

דער יודישער פּראָלעטאַריאַט ערפילט די היסטאָרישע שליחות פון דער נאַציע—און מיר מוזען און מיר וועלען די שליחות ערפילען.

ס׳ווערט אַרויסגעזאָגט, אַז אַרום דער אויטאָנאָמיע מוז געפיהרט ווערען אַנ׳עקשנות׳דיגער קאַמף און אַרום דער קהלה בעדאַרף אונזער קאַמף זיך ריכ־טען אַרום דער וועלטליכקייט.

די קאָנפערענץ ווערט אויפגעלעבט, ווען ס׳ווערט בעהאַנדעלט דער פּונקט „וועגען אונזערע בעציהונגען צו די אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען”.

דער ערשטער רעפערירט דער ח׳ נאָוואַקאָווסקי וועגען די ס.־ד. און

ס.־ר.; ער פיהרט־אויס, אַז דער פּאַרטיי־קאַמף אין די אַרבייטער־רייהען האָט די שעדליכסטע ווירקונגען און ס׳מוז דערצו נעהמען אַ סוף. אין איצטיגען מאָמענט, וועלכער געהערט אפשר צו די נישט־פּרעהליכע, ווען ס׳בעוויזען זיך וואָלקענס אויפ׳ן הימעל, וואָלט געווען אַ פערברעך, אויב ביידע ריכ־טונגען אין רוסלענדישען סאָציאַליזם וועלען זיך נישט דערלאַנגען די הענט און שליסען די רייהען. די קאָנפערענץ דאַרף אַרויסטראָגען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס׳זאָל אַרויסגעזאָגט ווערען, אַז דער איצטיגער מאָמענט פאָדערט ס׳זאָל געשאַפען ווערען אַנ׳אייניגונג צווישען די ס.־ד. און ס.־ר. און בעזונ־דערס אין אוקראַינאַ, וואו די ס.־ד. און ס.־ר. זענען נאָך צעטיילט אויף רוסישע און אוקראַינישע.

דער צווייטער רעפערירט דער חבר גערגעל וועגען פעראייניגען די יודי־שע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין יודישען סאָציאַליזם—זאָגט דער חבר גער־געל—זענען פאַרהאַן צוויי ריכטונגען: „בונד" און נישט־„בונד". די פּ־צ. זע־נען עקסטע טעריטאָריאַליסטען, דעריבער איז די ליניע פון פעראייניגען־זיך געוועוענדעט צו די פּ.־צ.; אָבער די פעראייניגונג דאַרף נישט זיין קיין מעכאַ־נישע, נאָר מיר מוזען צוגרייטען די פעראייניגונג דורך קאָאָרדינירען די טע־טיגקייט. די פעראייניגונג קאָן פאָרקומען אויף פאָלגענדע בעדינגונגען: 1) קלאַ־סען־קאַמף און סאָציאַליזם; 2) נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע; 3) טעריטאָריאַליסטי־שער שטאַנדפּונקט, און 4) פּאַלעסטינאַ אַלס אַ דיסקוסיע־פראַגע אין פּאַרטיי גופא.

דעם דריטען רעפעראַט לייענט ח׳ ליטוואַקאָוו. דער ח׳ ליטוואַקאָוו ווייזט־אָן, אַז אין „בונד" קומט־פאָר אַנ׳עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון דער־נעהנטערן־זיך צו אונז. דער גאַנצער שווערפּונקט ביים „בונד" איז דאָס, וואָס ער וויל בעקעמפען די יודישע בורזשואַזיע און פערוועלטליכען דאָס יודישע לעבען דורכ׳ן אויסען—דורך דער מלוכה, דורך די מוניציפּאַלע אַנשטאַלטען,— און דאָס פיהרט דעם „בונד" צו דער שמאָלער אויטאָנאָמיע. דאָס בעווייזט אָבער, אַז דער „בונד" גלויבט נישט אינ׳ם כח פון יודישען פּראָלעטאַריאַט, אַז ער זאָל זיין קלאַסען־קאַמף אין דער יודישער נאַציע פיהרען אַליין—אין דער צייט, וואָס דער „בונד" פאָדערט נור אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע; אָבער ווען ער בעגעגענט זיך מיט דער ווירקליכקייט, ווערט ער נעהענטער צו אונזער נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע.—די פראַגען בנוגע עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע וועלען סיי־ווי־סיי שטעהן פאַר די יודישע אויטאָנאָמע אַנשטאַלטען און וועלען מוזען פערענטפערט ווערען אַלס אַנ׳אינטערנאַציאָנאַל פּראָבלעם פון יודי־שען פאָלק, דאַן וועט דער „בונד" מוזען געבען אַנ׳ענטפער אויף די פראַגען און דאָס וועט איהם נאָך נעהענטער מאַכען צו אונז.

איבערגעהענדיג צום רעפעראַט פון חבר גערגעל, ווייזט־אָן דער ח׳ ליט־

וואַקאָוו, אַז דער ח׳ גערגעל שוועבט אין אַלטען, לאַנד־זוכענדיגען טעריטאָ־ריאַליזם אויף דער קאַרטע. די פּ.־צ. זענען גרויסע פּראַקטיקער, זיי האַלטען נישט פון לאַנד-זוכעניש אין האָבען שוין גרייט אַ לאַנד — און דאָס איז דאָס אַלטע היסטאָרישע לאַנד: ארץ־ישראל. דאָס איז אָבער אַ שמאָל פערשטעהן פונ׳ם עמיגראַציע־ און קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעם, ווייל נישט דורך קינסטליכע מיטלען שאַפט מען אַ לאַנד. מיר זענען ווייט פון די לאַנד-זוכענדיגע טערי־טאָריאַליסטען און נאָך ווייטער פון די לאַנד־האָבענדיגע פּ.־צ. מיט זייער שכאָל פערשטעהן דעם טעריטאָריאַליזם, וואָס איז ביי זיי אין גרונד אַ היס־טאָריש־רעכטליכע פראַגע, פערבונדען מיט אַלטע ראָמאַנטישע איבערלעבונגען.

דעריבער — פּיהרט־אויס דער ח׳ ליטוואַקאוו — ציהט זיך אונזער וועג-ליניע אין דער ריכטונג פון פעראייניגען דעם „בונד״ מיט דער פּ. י. ס. אַ.-פּ. אין איין פּאַרטיי אויף פאָלגענדע פּונקטען: 1) איינהייטליכקייט פון דער צווישען־מלוכה׳שער יודישער נאַציע און פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט. 2) די ברייטע אויטאָנאָמיע פאַר׳ן דרויסען, און קולטורעלע — אין אינעווענינגסטען יודי־שען לעבען, און 3) דאָס וואַנדערונגס־פּראָבלעם און זיין לעזונג דורך קאָנ־צענטרירטע עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע.

אין די דעבאַטען האָבען זיך בעטייליגט די ח״ח י. לעשצינסקי, לעוויטאַן, מישקין, אַנין, נאָוואַקאָווסקי, לעווקאָווסקי א. אַנד.

מעהרסטע טייל הברים האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז כל־זמן די פּ.־צ. וועלען זיך נישט אָבזאָגען פון פּאַלעסטיניזם, קאָן קיין רייד נישט זיין וועגען פעראייניגען זיך מיט זיי. בנוגע צו פעראייניגען זיך מיט׳ן „בונד״ האָט איין טייל חברים זיך אַרויסגעזאָגט, אַז דאָס וועט זיין מעגליך דאַן, ווען ער וועט זיך שטעלען אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון אַלוועלטליכקייט פונ׳ם יודישען פּראָלע־טאַריאַט, קאָנצענטרירטע עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע; די מיינונג פון אַ צווייטען טייל חברים איז, אַז דער טערטאָריאַליזם דאַרף נישט זיין קיין שטערונג צו דער פעראייניגונג, ווייל מיט דער ענטוויקלונג פונ׳ם לעבען וועלען די פראַגען פערענטפערט ווערען.

נאָך אַ טייל חברים האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ס׳איז צו־פריה צו רע־דען וועגען פעראייניגונג, נאָר מיר דאַרפען פעסטער בעגרינדען אונזערע פּרינציפּען, און דאָסזעלבע בעדאַרף אויך דער „בונד״ טהון, — דאַן וועט זיך שאַפען די מעגליכקייט צו רעדען וועגען פעראייניגונג.

די אַלגעמיינע מיינונג איז אָבער, אַז די נאָהענטע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז — צוצוגרייטען דעם באָדען און אַרבייטען אין דער ריכטונג פון דערנעהענטערן זיך דורך פערשיעדענע אָבמאַכען און קאָאָרדינירונגען.

די קאָנפערענץ האָט בעהאַנדעלט נאָך פיעל פראַגען, וועלכע האָבען נעהאַט אַ מעהר אָרטליכען כאַראַקטער.

אין „עו" קאָנפערענץ האָבען זיך בעטייליגט 78 דעלעגאַטען, געוועהלט פון איבער 15 טויזענד מיטגליעדער.

ס'איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ הויפּט־קאַנט־קאָמיטעט, וועלכער האָט די אויפגאַבען—צו פערבינדען און אָנפיהרען די אַרבייט אין אוקראַינאַ.

שווערע קאַמפען האָט די פאַרטיי דורכגעמאַכט, ביז זי האָט אויסגעקעמפט די פּאָזיציעס, וועלכע זי פערנעהמט. נייע צייטען זענען פאַר דער פאַרטיי ענטשטאַנען, צייטען, וועלכע פאָדערן פיעל מוט און גלויבען, דורכצומאַכען דעם שווערען ליידענס־וועג פון סאָציאַליסטישער פרייהייט; אָבער מיט'ן בעוואוסטזיין און גלויבען, אַז סוף־כל־סוף וועט דער זיעג געהערען דעם פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך די קאָנפערענץ געשלאָסען מיט'ן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" און די „שבועה".






דעם 31-טען דעצעמבער 1917 איז ער אין זיינע בעסטע יאָהרען אַוועק פֿון אונזערע רייהען...

איינער פֿון אונזערע בעסטע און ענערגישע מיטקעמפֿער פֿאַר דער אַרבייטער=זאַך.

געבאָרען אין יאָהר 1890 ביי נישט=פֿערמעגליכֿע עלטערן, האָט ער שוין אין זיין פֿריהער יוגענד געמוזט אָנקומען אַלס אַרבייטער אויף דער פֿאַבריק, וואו צוזאַמען מיט נאָך אַ סך חברים=אַרבייטער האָט ער דערפֿיהלט דעם גאַנצען יאָך, וועלכער דריקט אין שטיקט מיליאָנען, די גאַנצע אַכֿזריות פון דער הײַנטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וואָס איז געבויט אויף אונגערעכֿטיגקייט און עקספּלואַטאַציע.

מיט זײַן יונגען טעמפּעראַמענט־פֿולען גייסט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפֿען אין דער אַרבײַטער-בעוועגונג — און אין די יאָהרען 1905—1906, אין די רעוואָלוציאָנס-יאָהרען, זעהט מען איהם שוין אַלס טיכטיגען מיטגליעד פון דער וואַרשאָיער אָרגאַניזאַציע פֿון דער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס.).

אַלע פֿערפֿאָלגונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פֿון דער צאַרישער אָכראַנע, האָבען אָבער נישט אָבגעשראָקען דעם יונגען קעמפּער און ביז דער לעצטער צייט איז ער אַלס מיטגליעד פֿון וואַרשאָווער קאָמיטעט פֿון דער י. ס. אַ.=פּ. (ס.-ס.) מיט אַן אידעאַלער חבר׳ישער איבערגעבענהייט געשטאַנען און דער רייה פֿון אונזערע בעסטע פֿאָרקעמפֿער. נישט קוקענדיג אויף זיין שוואַכֿען געזונד=צושטאַנד, האָט ער נאָך אין די מלחמה-יאָהרען זעהר אַ סך מיטגעהאָלפֿען דער גרינדונג פון בילדונגס-פֿעראיין פֿאַר יודישע אַרבײַטער, פֿון דער אַרבייטער-קיך, פֿון דער אַרבײַטער=קינדערהיים, פֿון פעראייניגטען אַרבייטער-קאָאָפּעראַטיוו, פון

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

אַ גאַנצע רייה פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען. אָבער די שלעכטע לעבענס-בעדינגונגען און די שווינדזוכט, מיט וועלכער ער איז נאָך אין דער פריהער יוגענד בעשאָנקען געוואָרען, האָבען ביי איהם זיינע לעצטע כוחות צוגענומען, ביז ער איז נאָך שווערע ליידען, אַ יונגער, אין מיטען קאַמף, אַרויסגעריסען געוואָרען פון אונזערע רייהען!

אַ טויזענד-קעפּיגער עולם פון אַרבייטער, חברים און פריינד האָט דעם פערשטאָרבענעם חבר בעגלייט צו זיין אייביגער רוה.

עהרע זיין אָנדענקען!



היינריך וועבער (אָטאָ בויער).

# די באָלשעוויקעס און די אינטערנאַציאָנאַליסטען.

די געשיכטע פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון די זעכציגער יאָה־רען ביז׳ן יאָהר 1904 איז די געשיכטע פון דעם קאַמף, וואָס די „אינטעליגענץ״ האָט געפיהרט געגען צאַריזם. דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס אין רוסלאַנד איז דעמאָלט בעשטאַנען נור פון די געבילדעטע, פון די אינטעלעקטועלע קרעפטען. דידאָזיגע כוחות זענען אָבער געווען אַליין צו־שוואַך צו קאָנען אײַנברעכען די מאַכט פון אַבסאָלוטיזם, און זיי האָבען געזוכט צוצוציהען צוהילף די ברייטע פאָלקס־מאַסען: פריהער (שוין פון די זעכציגער יאָהרען אָן) די פויערן, און דאַן (אָנהויבענדיג פון די 90־גער יאָהרען) די אינדוסטריעלע אַרבייטער. פונקט ווי די דייטשע אינטעליגענץ פון פאַר דער מערץ־רעוואָלוציע *), האָט אויך די רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ פון די נײַנציגער יאָהרען זעלעגט איהר האָפנונג אויפ׳ן פּראָלעטאַריאַט. די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע איז נישט ענטשטאַנען אַלס אַרבייטער־פּאַרטיי, נאָר אַלס פאַרטיי פון אינטעליגענטען, וואָס האָבען געוואָלט די אַרבייטער־מאַסען וועקען, אָרגאַניזירען און ערציהען צום קלאַסען־קאַמף, כדי דערנאָך זיך צו שטיצען אויף דער קראַפט און אַזוי־אַרום אײַנברעכען די מאַכט פון אַבסאָלוטיזם.

פונ׳ם יאָהר 1893 אָן האָבען זיך אין די רוסישע שטעדט געבילדעט קליינע סאָציאַליסטישע קרייזלעך („סאָיוזי באָרבי״, קאַמף־פעראיינען), וואָס זענען כמעט אויסשליסליך בעשטאַנען פון אינטעלעקטועלע כוחות און סטודענטען. אײַנצעלנע מיטגליעדער פון די קרייזלעך האָבען אָנגעקניפּט פערבינדונגען מיט די אַרבייטער. צום פּאָליטישען קאַמף האָט מען אָבער פּאָרלויפיג די אַרבייטער נאָך נישט געקאָנט צוציהען: דער דרוק פון דער פּאָליציי איז געווען צו־שטאַרק און די אַרבייטער אַליין זענען נאָך אויך געווען דערצו צו־גראָב, צו־ווייניג ענט־וויקעלט. די דערמאָהנטע מיטגליעדער פון די קרייזלעך האָבען זיך דעריבער בעגרענעצט דערמיט, וואָס זיי האָבען געיאָונען די אַרבייטער דורך מיטהעלפען זיי אין זייערע לוין־אינטערעסען: זיי האָבען זיי געהאָלפען אויס׳קעמפען זיך אַ

---

*) אין יאָהר 1848.

## דער יודישער פראָלעטאַריער.

בעסערען לױן, אָרגאַניזירט זייערע שטרייקען א. ז. וו. אַזױ צוזאַ אױכן האָבען זיי צונױפגענומען אַרום זיך קלײנע אַרבײטער-גרופּעס, מיט װעלכע זיי זענען פעו׳כליבען אין אַ שטענדיגער פערבינדונג. אַרום די אײגענטליכע פּאַרטײ-מיטגלידער, ד. ה. אַרום די מאַרקסיסטיש אױסגעבילדעטע אינטעליגענטען, װאָס נור זיי אַליין האָבען אָנגעהערט צו די סאָציאַליסטישע קרייזלעך, — האָט זיך אַזױערנאָך אָנגעזאַמעלט דער אָנהױב, דער ברײטערער קרײז: אַ מאַסע אַרבײ-טער, װאָס האָבען אַליין צו דער פּאַרטײ נישט אָנגעהערט, האָבען גאָרנישט אָדער כמעט גאָרנישט געװאוסט פון סאָציאַליזם, נאָר זיי זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון סאָציאַליסטען.

די פּראַקטישע טעטיגקייט פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע איז, װי געזאָגט, געװען בעגרענעצט בלױז מיט דער אַרבײט פון אָרגאַניזירען און אָנפיהרען דעם קאַמף פאַר אַ העכערען לױן. דידאָזיגע ענטװיקלונגס-פּאַזע פון דער רוסלענדי-שער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע װערט דעריבער בעצייכענט מיט׳ן נאָמען „עקאָ-נאָמיזם“. *)

די שטאַרקע ענטװיקלונג פון דער אינדוסטריע אין די יאָהרען 1895—1898 האָט אַרױסגערופען אַ כװאַליע פון שטרייקען אין גאַנץ רוסלאַנד. צוזאַמען אָבער מיט׳ן װירטשאַפטליכען קריזיס פון 1898 איז די שטרייק-בעװעגונג אָבגעפּאַלען און דער עקאָנאָמיזם האָט דורכדעם פערלאָרען די מעגליכקייט װייטער צו אַרבײטען. דאַגעגען האָט אין די װייטערדיגע יאָהרען זיך אָנגעהױבען אין די רוסישע אוניװערזיטעטען אַ סטודענטען-בעװעגונג, װאָס האָט געפיהרט צו גרױסע גאַסען-דעמאָנסטראַציעס, אין װעלכע עס זענען אַרײנגעצױגען געװאָרען אױך אַר׳בײטער.

די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אַזױערנאָך אַרױפגעשטופּט גע-װאָרען אױפ׳ן װעג פון פּאָליטישען קאַמף. אין יאָהר 1900 איז ערשיענען די „איסקראַ“, רעדאגירט דורך לענינ׳ען און מאַרטאָװ׳ען, — די ערשטע װירקליך פּאָליטישע צײטונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דאָ איז מען שױן אַװעק װײטער פון עקאָנאָמיזם און דער פּאָליטישער קאַמף

---

*) לכתחילה איז דער לױן-קאַמף געװען פאַר די אינטעליגענטען נור א מיטעל, כדי אױפ-צוטרײסלען די אַרבײטערשאַפט און צו װעקען איהר בעװאוסטזײן. אַזױ אָבער װי זיי זענען פּראַקטיש כסדר געװען פערנומען מיט׳ן אָרגאַניזירען דעם לױן-קאַמף, איז סוף-כל-סוף דאָס מיטעל געװאָרען פאַר זיי א זעלבשטענדיגער צװעק. זייער אידעאָלאָגיע האָט זיך אַלזאָ בעענדערט: דער קאַמף פאַר דער פּאָליטישער פרײהײט איז געװאָרען די אױפגאַבע פון דער ליבעראַלער בורזשו-אַזיע, בעת די אױפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז געװאָרען דער קאַמף פאַר די דירעקטע עקאָנאָמישע אינטערעסען פון אַרבײטער-קלאַס. די אַרגומענטען פאַר דער אױפפאַסונג פון קלאַסען-קאַמף האָבען זיי בעשעפּט פונ׳ם דײטשען רעװיזיאָניזם.

פאַר דער עראָבערונג פון דער מלוכה-מאַכט איז פעסטגעשטעלט געוואָרען אַלס אויפגאַבע פאַר'ן רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט.

אַרום דער „איסקראַ" האָט זיך איצט צונויפגענומען אַ גאַנצע מחנה „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערען", וואָס האָט זיך סיסטעמאַטיש און פּראָפעסיאָנעל פערנומען מיט'ן דורכ'גנב'ענען די „איסקראַ" פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד און אָרגאַניזירען דאָרט די פערשפּרייטונג פון דעם אָרגאַן.

דידאָזיגע רעוואָלוציאָנערען זענען אַריינגעדרונגען אין די פּאַרטיי-גרופּעס פון די איינצעלנע רוסישע שטעדט, האָבען בעקעמפט די „עקאָנאָמיסטען" און אַריינגענומען די הנהגה אין זייערע הענד — די פּאַרטייאישע קרייזלעך צוזאַמען מיט די אַרבייטער-מאַסען, וואָס האָבען זיך אַרום זיי גרופּירט, זענען זאונטערגעוואָרפען געוואָרען זייער פיהרונג און זייערע לאָזונגען.

איצט האָט די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע בעקומען דאָס פאָלגענדע אויסזעהן: אין די איינצעלנע שטעדט האָבען עקזיסטירט „לאָקאַלע קאָמיטעטען", וואָס זענען בעשטאַנען פון פינף—זעקס „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערען" און אינטעליגענטען. איז איין מיטגליעד אַרויסגעטרעטען, האָבען די פערבליבענע מיטגליעדער קאָאָפּטירט אַ נייעם אויף זיין אָרט. די אַרבייטער האָבען אויף דער צוזאַמענשטעלונג פון די קאָמיטעטען קיין שום ווירקונג נישט געהאַט, און נור די מיטגליעדער אַליין פון די קאָמיטעטען האָבען זיך גערעכענט פאַר פולבערעכטיגטע פּאַרטיי-חברים. זיי האָבען אָרגאַניזירט די אַרבייטער דורכדעם, וואָס איינצעלנע פון זיי האָבען אָנגעפיהרט מיט קלענערע אַרבייטער-גרופּעס (על-פי-רוב צו צעהן פערזאָן) און זיי פעראייניגט אין קליינע אָרגאַניזאַציעס. דידאָזיגע אַרבייטער-אָרגאַניזאַציעס האָבען אָבער, ווי געזאָגט, נישט געהאַט קיין שום אַיינפלוס אויף דער פיהרונג פון דער פּאַרטיי. זיי האָבען גיכער געדאַרפט פשוט אויספיהרען די אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי, אַגיטירען פאַר די אַרויסגעגעבענע לאָזונגען פון אָרטיגען קאָמיטעט און פערשפּרייטען די „איסקראַ" און די אַנדערע פלוגבלעטער, וואָס דער קאָמיטעט האָט זיי איבערגעגעבען. דאָס איז געווען „ד דיקטאַטור פון דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע איבער דער מאַסען-בעוועגונג".

די עקאָנאָמיסטען האָבען געקעמפט געגען דער דיקטאַטור. זיי האָבען זיך הויפּטזעכליך געשטיצט אויף די אַרבייטער, וועלכע זענען נאָך געווען שוואַך ענטוויקעלט פאַר'ן פּאָליטישען קאַמף און וועלכע האָבען די הויפּט-אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזאַציע געזעהן אינ'ם קאַמף פאַר אַ העכערען לוין. די אָרטיגע קאָמיטעטען זענען אָבער געלעגען אין די הענד פון די „פּאָליטיקער", די אָנהענגער פון דער „איסקראַ", וועלכע האָבען בעטראַכט דעם פּאָליטישען קאַמף פאַר דער וויכטיגסטער אויפגאַבע פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. די עקאָנאָמיסטען האָבען געפאָדערט, אז די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע זאָל דעמאָקראַטיזירט ווערען, אַז

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

די אָרטיגע קאָמיטעטען זאָלען אונטערגעוואָרפען ווערען זייערע אָנגעשלאָסענע אַרבייטער-גרופּעס; די מעהרהייט דאַגעגען פון די „פּאָליטיקער“ האָט זיך פעסט געהאַלטען ביי דער דיקטאַטור פון דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע איבער די נאָך נישט אויסגעבילדעטע, נאָך נישט רעוואָלוציאָנער בעוואוסטזיניגע אַרבייטער. נור אויף דעם וועג—האָבען די פּאָליטיקער געהאַלטען — וועט קאָנען איינגעהיט ווערען דער ריינער פּאָליטישער, רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטי־שער כאַראַקטער פון דער בעוועגונג.

דער אינערליכער קאַמף וועגען דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט געדויערט אויך שוין נאָך דעם, ווי די עקאָנאָמיסטען זענען אינגאַנצען בעזיעגט געוואָרען און די גאַנצע רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט קאָנצענטרירט אַלע איהרע כוחות אויפ'ן פּאָליטישען קאַמף; און דער סכסוך האָט ענדליך אויפ'ן לאָנדאָנער פּאַרטיי-טאָג פון 1903 געפיהרט צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי: באָלשעוויקעס (לענין) פון איין זייט און מענשעוויקעס (מאַרטאָוו, אַקסעלראָד) פון דער צווייטער.

די באָלשעוויקעס האָבען זיך געהאַלטען דורכאויס ביי דער דיקטאַטור פון אַ געהיימער, פעסט צענטראַליזירטער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פון „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערען“ און מאַרקסיסטיש אויסגעבילדעטע אינטעליגענטען איבער די אַרבייטער-מאַסען, וואָס זענען אונטערגעוואָרפען זייער אַיינפלוס. די מענשע־וויקעס האָבען געפאָדערט צו דעמאָקראַטיזירען די אָרגאַניזאַציע און צו פער־וואַנדלען זי אין אַן אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליסטישע אַרבייטער.

אויסערליך האָט, אַלזאָ, געפיהרט צו דער שפּאַלטונג דאָס חלוקי־דעות וועגען דער פאָרם פון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. אין דעם חלוקי-דעות איז אָבער בעצם געווען בעהאַלטען אַ פיעל טיעפערער גענענזאַץ. די באָלשעוויקעס זענען קודם-כל געווען רעוואָלוציאָנערען. פאַר זיי איז געווען נישט וויכטיג די דעמאָ־קראַטיע אין דער פּאַרטיי, אַבי עס זאָל נור אַמשאַרפסטען אַרויסגעשטעלט ווערען איהר רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער. זייער אידעאַל איז געווען די דיקטאַטור פון די רעוואָלוציאָנערסטע עלעמענטען איבער דער ווייניגער בעוואוסטזיניגער, ווייני־גער רעוואָלוציאָנערער מאַסע. פאַר די מענשעוויקעס דאַגעגען איז געווען נישט אַזוי וויכטיג דער רעוואָלוציאָנערער, ווי דער דעמאָקראַטישער און פּראָלע־טאַרישער כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען געוואָלט די פּאַרטיי דעמאָקראַטיזירען און אַריינגעהמען אין איהר די אַרבייטער, ווען אפילו דער רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פון דער בעוועגונג וועט דורכדעם צייטווייליג אַ ביסעל וואַסערדיג ווערען. זייער אידעאַל איז געווען אַ פּראָלעטאַרישע מאַסען־בעוועגונג לויט'ן מוסטער פון מערב- און מיטעל-אייראָפּאַ *).

---

*) זעה יעגאָראָוו'ס אַרטיקעל אין: „אָבשטשעסטווענאָיע דוויזשעניע וו ראָסיאי“ (פּט"ב

* *
*

דער אינערליכער קאַמף אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט לכתּחילה זיך אויסגעדריקט אין דער מחלוקת וועגען דער פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט באַלד אויך אַרויסגערופען אַ נייע מחלוקת — וועגען דער טאַקטיק. נאָך די מפּלות אין מאַנדזשוריע (אינ'ם יאָהר 1904) האָט זיך מיט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי'ס מיניסטעריום געזאָלט אָנהויבען אַ „נייע ערא״ פאַר רוסלאַנד — די „עראַ פון צוטרוי״—און צווישען דער אַריסטאָקראַטיע און דער בורזשואַזיע האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען אַ ליבעראַלע בעוועגונג. צו דער בעוועגונג האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געמוזט אָננעהמען א בעשטימטע שטעלונג און דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזען די סתירה צווישען ביידע ריכטונגען.

די מענשעוויקעס, קודם־כּל דעמאָקראַטען, האָבען געפונען, אַז די ליבעראַלע בעוועגונג דאַרף אויסגענוצט ווערען, כּדי צו קאָנען בעסער אָרגאַניזירען דעם פּראָלעטאַריאַט. די פּראָלעטאַרישע בעוועגונג ווידער פון איהר צד זאָל שטאַרקען און שטופּען פאָרויס די ליבעראַלע בורזשואַזיע. דער פּראָלעטאַריאַט האָט דעריבער, לויט זייער מיינונג, זיך געדאַרפט בעטייליגען אין אַלע אַרויסטרעטונגען און פאָדערונגען פון די ליבעראַלען.

די באָלשעוויקעס, קודם־כּל רעוואָלוציאָנערען, האָבען די רעוואָלוציאָנערע אַקציע פון פּראָלעטאַריאַט אַוועקגעשטעלט שאַרף און בולט געגען דער לעגאַלער טעטיגקייט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אַרויסטרעטען געגען די ליבעראַלע דעמאָנסטראַציעס פון דער בורזשואַזיע, און אַנטקעגען איהרע מאָנאַרכיסטיש־קאָנסטיטוציאָנעלע לאָזונגען זאָל ער שאַרף אַרויסשטעלען זיינע רעוואָלוציאָנער־רעפּובליקאַנישע פאָדערונגען.

אין דער ליטעראַטור איז די מחלוקת וועגען דער טאַקטיק אויסגעוואקסען ביז אַ שאַרפער פּאָלעמיק וועגען דער גאַנצער אויפפאַסונג פון דער אַנקומענדיגער רעוואָלוציע.

די מענשעוויקעס האָבען ערקלערט, אַז די קומענדיגע רוסלענדישע רעוואָלוציע קאָן זיין נור אַ בירגערליכע, און די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט

---

1909, ארויסגעגעבען דורך מארטאָוו, מאכלאָוו און פעטרעסאָוו) און די דאָרט אָנגעגעבענע רוסישע ליטעראַטור. אין דייטש: „בעריכט דער סאָציאלדעמאָקראטישען ארבייטער־פּארטיי רוסלאנדס אן דען אינטערנאציאָנאלען סאָציאליסטען־קאָנגרעסס אין אמסטערדאם, 1904״, מינכען 1904 (אויך אין דער זאמלונג: „אויס דער וואפענקאממער דעס סאָציאליזמוס״, האלביאָהר־באנד 4. פראנקפורט א. מ. 1905); „די לאגע דער סאָציאלדעמאָקראטיע אין רוסלאנד״, בערלין 1912.

איז, צו שטיצען די בורזשואַזיע אין איהר קאַמף געגען אַבסאָלוטיזם, כּדי אָנ־שטאָט דעם אבסאָלוטיסטיש־פעאָדאַלען רעזשים צו שאַפען אַ בורזשואַזו־ליבעראַלען.

די באָלשעוויקעס דאַגעגען האָבען געהאַלטען, אַז די רוסלענדישע רעוואָ־לוציע וועט אַרויסרופען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט זיך פּער־איינינגען מיט די פויערן. מיט דער רוסלענדישער רעוואָלוציע וועט, אמת, נאָך נישט אָבגעשלאָסען ווערען די עפּאָכע פון די בירגערליכע רעוואָלוציעס אין אייראָפּאַ, מיט איהר וועט זיך אָבער אָנהויבען די עפּאָכע פון די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס אין דער גאַנצער וועלט, וועלכע וועלען צעשמעטערן די מאַכט פון אינטערנאַציאָנאַלען קאַפּיטאַליזם און אַיינפיהרען דעם סאָציאַליזם.

לויט די פערשיידענע אויפפאַסונגען איז געווען פערשיידען אויך די טאַק־טיק פון די ביידע פּאַרטייען: די מענשעוויקעס האָבען פּראָקלאַמירט דעם בונד פון פּראָלעטאַריאַט מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע געגען דעם צאַריזם. די באָלשעוויקעס—דעם בונד פון אַרבייטער־קלאַס מיט די פויערן נישט בלויז געגען צאַריזם און געגען די פּריצים, נאָר אויך געגען דער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

די רעוואָלוציע איז געקומען דעם 22־סטען יאַנואַר 1905. די פּאַרטיי איז פלוצלונג פון איהרע „אונטערערדישע״ בעהעלטענישען אַוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר'ן ליכטיגסטען שיין פון דער ברייטסטער עפענטליכקייט. די קליינע נעלע־טיגע פּראָפּאַגאַנדאַ־קרייזלעך זענען איבער־נאַכט געוואָרען די פיהרער פון אַ ריעזיגער מאַסען־בעוועגונג, און דער דראַמאַטישער גאַנג פון דער בעוועגונג האָט אויסגעלאַכט די האָפנונגען און פּלענער סיי פון דער, סיי פון יענער ריכטונג.

דער פּאָליטישער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט איז געגאַנגען כמעט האַנד ביי האַנד מיט'ן ווירטשאַפטליכען. דאָס זעלבסטבעוואוסטזיין פון די אַרבייטער, וואָס האָבען דורכ'ן אָקטאָבער־שטרייק פון 1905 געצוואונגען דעם צאַריזם צו זיין ערשטער קאַפּיטולאַציע, האָט שוין נישט געקאָנט מעהר פערטראָגען דעם דעס־פּאָטיזם אין דער פאַבריק. מיט אַ סטיכישער קראַפט האָבען זיך גלייך נאָכ'ן קאַמף פאַר דער קאָנסטיטוציע אָנגעהויבען פערביטערטע קאַמפען איבער'ן אַרבייט־לוין און דער אַרבייט־צייט. די בורזשואַזיע, דערשראָקען און פערביטערט, האָט זיך געזוכט שוץ הינטער די באַגנעטען פון צאַר. פאַר איהר איז די רעוואָ־לוציע שוין געווען געענדיגט און דערשטיקט, בעת פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך דער קאַמף אייגענטליך ערשט אָנגעהויבען. דער קלאַסען־אַנטאַגאָניזם האָט דעם ליבעראַליזם און סאָציאַליזם שאַרף אַוועקגעשטעלט איינעם געגען אַנ־דערען. די האָפנונג פון די מענשעוויקעס אויף דעם בונד פון פּראָלעטאַריאַט מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַנ'אוטאָפּיע. נישט־וועניגער פאַלש האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען אויך די האָפנונג פון די

באָלשעוויקעס אויף דעם בונד פון אַרבייטער-קלאַס מיט די כויערן. אמת, די פויערן זענען אין דער אָדער יענער געגענד אַרויסגעטרעטען געגען די פּריצים. די פלאַמען, וואָס האָבען אַ תל געמאַכט פון די פּריצי׳שע הויפען און נחלאות, האָבען אָבער אַריינגעוואָרפען די זעמסטוואָ-ליבעראַלען אין די אָרעמס פון צאַריזם, און דער אייגענער פויער, וואָס האָט נאָך נעכטען געהאָלפען פערברענען די פּריצ׳ישע הויפען, האָט היינט, אָנגעטהון אין אַ מיליטערישען „שינעל״, דער-שטיקט די רעוואָלוציע אין די שטעדט.

דער פּראָלעטאַריאַט איז צעקלאַפּט געוואָרען, די רעוואָלוציע דערשטיקט— אין גאַנץ פערשיעדענע שטימונגען האָבעןביידע פּאַרטייען פערלאָזען דאָס שלאַכט-פעלד.

די מענשעוויקעס האָבען קריטיקירט די „פעהלערן״, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט בעת דער רעוואָלוציע, צוליעב וועלכע די ליבעראַלען זענען בידים געשטופּט געוואָרען אין לאַגער פון דער רעאַקציע. דאָס, וואָס פאַר די מענשעוויקעס איז געווען אַ רעזולטאַט פון טאַקטישע פעהלערן, איז אָבער פאַר די באָלשעוויקעס—גאַנץ ריכטיג—געווען אַנ׳אונאויפהערליכע קאָנסעקווענץ פון דער קלאַסען-בעוועגונג.

די מענשעוויקעס האָבען געגלויבט, אַז די רעוואָלוציע איז געענדיגט, און די פּאַרטיי מוז זיך אויף אַ לענגערער צייט צופּאַסען צו אַ פריעדליכער קאָנסטי-טוציאָנעלער ענטוויקלונג. עס מוזען אויסגענוצט ווערען די נייע, כאָטש בע-שיידענע מעגליכקייטען פון אַ לעגאַלער טעטיגקייט אין גאָסוד. דומאַ, עס מוזען אויסגענוצט ווערען די קראַנקען-קאַסעס, פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, קאָאָפּעראַ-טיווען, בילדונגס-פעראיינען א. א. וו.

די באָלשעוויעקס האָבען נישט אָנערקענט, אַז די רעוואָלוציע איז גע-ענדיגט. „באַלד וועט זי זיך שטורמיש אַ ריס טהון אין-דער-הויך, באַלד וועט זי ווידער קומען נאָך זהאַסטיגער און שטאַרקער״. זיי האָבען זיך פעסט געהאַלטען ביי דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע און ביי די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען פון אַ בעוואָפענטען אויפשטאַנד אַלס מיטעל צו דערגרייכען דאָס נאָהענטסטע ציעל: די קאָנסטיטואַנטע. די מענשעוויקעס, וועלכע האָבען געלעגט דאָס הויפּטגעוויכט אויף די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס און אָנשטאָט די רעוואָלוציאָ-נערע לאָזונגען אַרויסגעשטעלט מעהר בעשיידענע קאַמף-ציעלען,—זיי זענען איצט אין באָלשעוויסטישען לאַגער געוואָרען „ליקווידאַטאָרען״, זיי האָבען געוואָלט „ליקווידירען״ די אַלטע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע און די פּאַרטיי-טראַדיציע. דער קאַמף צווישען די פראַקציעס איז איצט געוואָרען שטאַרקער און שאַרפער, ווי ביזהער. *)

---

*) זעה: בעריכט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אויפ׳ן VIII-טען

## דער יודישער פראָלעטאריער.



עס איז געקומען די מלחמה, און—פון איהר אַרויסגערופען — די צווייטע, די גרויסע רעוואָלוציע. פון דעם מערץ-אויפשטאַנד זענען ענטשטאַנען צוויי מאַכט-אָרגאַניזאַציעס: די „סאָוויעטען" (אַרבייטער-און סאָלדאַטען-ראַטען) פון איין זייט, און די „פּראָוויזאָרישע רעגירונג" פון דער בורזשואַזיע — פון דער צווייטער. די דאָפּעל-הערשאַפט פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען זיך געגענזייטיג פיינד געהאַט, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר נישט-אויסהאַלטעוודיג. עס איז געקומען די מאַי-רעוואָלוציע און מיליוקאָוו מיט גוטשקאָוו'ן זענען צרויס-געפלויגען פון דער רעגירונג.

וואָס זאָל זיין ווייטער?

די מענשעוויקעס זענען געווען איבערצייגט, אַז זיי שטעהען אינמיטען אַ בירגערליכער רעוואָלוציע, וואָס וועט מוזען סוף-כל-סוף איבערגעבען די מלוכה און די מאַכט אין די הענד פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. יעדע פּראָבע פון פּראָלעטאַריאַט, אַראָבצוואַרפען די בורזשואַזיע און אַליין צו פערנעהמען איהר פּלאַץ, וועט נור מוזען אַרויסרופען די קאָנטער-רעוואָלוציע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף דעריבער שטיצען די הערשאַפט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, כדי עס זאָל אויף איהר אָרט נישט קומען צוריק דער צאַריזם. צו דעמדאָזיגען צוועק זענען צערעטעלי און סקאָבעלעוו אַריינגעטרעטען אין דער „פּראָוויזאָרישער רעגירונג".

די באָלשעוויקעס האָבען געהאַלטען, אַז זיי שטעהען אויף דער שוועל פון אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס וועט בעגרינדען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פערווירקליכען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג. פערבונדען מיט די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען און פויערן, מוזען דעריבער די אַרבייטער אַרונטערוואַרפען די בורזשואַזיע און פערכאַפּען אין זייערע הענד די מלוכה-מאַכט. „די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטען" — דאָס איז געווען זייער לאָזונג.

לכתחילה האָבען די מענשעוויקעס געהאַט דאָס איבערגעוויכט. די קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע האָבען זיי אָבער געצוואונגען צו פיהרען אַ פּאָליטיק, וואָס איז געווען געגען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער-מאַסען: זיי האָבען געמוזט אַיינשטימען, צו פיהרען ווייטער די מלחמה, זיי האָבען

---

אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען, 1910; טראָצקי: רוסלאַנד אין דער רעוואָלוציאָן, דרעזדען 1910; טשערעוואַנין: דאָס פּראָלעטאַריאַט אונד די רוססישע רעוואָלוציאָן, שטוטגאַרט 1908; קאַמעניעוו: דוויע פּאַרטיאי, פּט"ב 1911; טראָצקי: די רוססישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע, „קאַמף", II.

געמוזט בעקעמפען ווירטשאַפטליכע פאָדערונגען פון די אַרבייטער און פויערן, זיי האָבען געמוזט אָנווענדען צוואַנגס-מיטלען געגען די סאָלדאַטען, און אויך די יואַהלען צו דער קאָנסטיטואַנטע האָבען זיי געמוזט לאָזען אָבשלעכען און אָבציהען. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די אַרבייטער האָבען פּערלאָרען דעם צוטרוי צו די מענשעוויקעס און זענען מאַסענווייז איבערגעגאַנגען צו די באָלשעוויקעס. די פּאַרטיי, וואָס איהר אידעאַל איז געווען אַ פּראָלעטאַרישע מאַכען-בעוועגונג, איז פון די פּראָלעטאַרישע מאַסען פערלאָזען געוואָרען.

די באָלשעוויקעס האָבען אָבער געוואונען אויף זייער צד נישט בלויז די פאַבריק-אַרבייטער, נאָר אויך די סאָלדאַטען. עס איז נישט ריכטיג, פעראַנטוואָרטליך צו מאַכען די באָלשעוויקעס אַליין פאַר דעם, וואָס די רוסישע אַרמעע איז צעפאַלען און דעמאָראַליזירט געוואָרען. דאָס ערקלערט זיך מעהר מיט'ן ניעדריגען קולטור-צושטאַנד פון דער אויסגעמאַטערטער, אַנאַלפאַבעטישער סאָלדאַטען-מאַסע, וואָס איז בעהערשט געוואָרען פון די פרימיטיווע אינסטינקטען און איז נישט פעהיג געווען צו פערשטעהן די נויטיגקייט פון פערטיידיגען דאָס לאַנד און די רעוואָלוציע געגען דעם אויסערליכען שונא. זי איז נישט פעהיג געווען דאָס צו פערשטעהן, אַזוי ווי זי איז נישט פעהיג געווען אויך צו פערבייטען די צעבראָכענע אַלטע מעכאַנישע דיסציפּלין דורך דער פריוויליגער דעמאָקראַטישער דיסציפּלין פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרמעע.

אמת אָבער איז, אַז די באָלשעוויקעס האָבען דורך דער מעטאָדע פון זייער אַגיטאַציע געגען דער מלחמה און געגען די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע אָפּיציערען אויפגערייצט די ווילדע אינסטינקטען פון די סאָלדאַטען און מיטגעהאָלפען דעם צעפאַלען-זיך פון דער אַרמעע. זיי האָבען דערמיט געבראַכט דערצו, אַז רוסלאַנד איז ענטוואָפענט געוואָרען און די מאַכט פון'ם דייטשען אימפעריאַליזם האָט זיך אין אייראָפּאַ פערשטאַרקט. פון דער צווייטער זייט האָבען זיי דערמיט פערבונדען די אַרמעע מיט'ן רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט און נישט דערלאָזען, אַז זי זאָל ווערען אַ ווערקצייג פאַר דער קאָנטר-רעוואָלוציע.

ווען קאָרנילאָוו האָט אָנהויב סעפּטעמבער מאַרשירט אויף פּעטערבורג, האָט די רעגירונג געמוזט בעוואָפענען די פּעטערבורגער אַרבייטער, כדי אָבצושלאָגען דעם ערוואַרטען אָנגריף פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע. פונקט אָבער ווי פּאַריז אין יאָהר 1871 איז אַריינגעפאַלען אין די הענד פון פּראָלעטאַריאַט, ווען מ'האָט דאָס פּאַריזער פאָלק בעוואָפענט געגען די דייטשען, אַזוי איז אויך פּעטערבורג אַריינגעפאַלען אין די הענד פון די אַרבייטער, ווען מ'האָט דער פּעטערבורגער בעפעלקערונג געגעבען געוועהר אין די הענד צו קעמפען געגען קאָרנילאָוו'ן. די פּראָבע פון קאָרנילאָוו'ס אויפשטאַנד האָט געפיהרט צו דער רעוואָלוציע פון 25-סטען אָקטאָבער (אַ. סט.), וואָס האָט דעם פּעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט, אָנגעפיהרט פון די באָלשעוויקעס, געמאַכט פאַר'ן בעל-הבית פון

דער הויפּטשטאָדט, און אַדאַנק דער שטיצע פון דער אַרמעע איז די הערשאַפט איבער דער הויפּטשטאָדט פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ דיקטאַטור איבער רוסלאַנד.

די באָלשעוויקעס פּערטרעטען נור אַ מינדערהייט פון רוסישען פאָלק. זיי שטיצען זיך אָבער אויף דער מאַכט פון דער רויטער גוואַרדיע און אַ גרויסען טייל פון דער אַרמעע און אַזויערנאָך האָבען זיי זיך דערהאַלטען ביי דער מאַכט. זיי קאָנען זיך האַלטען נור דורכדעם, וואָס די מעהרהייט, וועלכע איז צו זיי פיינדליך, האָט פאַר זיי מורא. זיי האָבען דעריבער געמוזט די צייטונגען אונטערדריקען, די פיהרער פון די געגנערישע פאַרטייען אַרעסטירען און די קאָנסטיטואַנטע צעטרייבען.

אַזוי האָבען איצט די באָלשעוויקעס אינ'ם גאַנצען גרויסען רוסלאַנד בעזייט די מעטאָדע, מיט וועלכער זיי האָבען זיך אין משך פון אָנדערטהאַלבען צעהנדליג יאָהר בענוצט אין דעם קליינעם מאַסשטאַב פון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע: די דיקטאַטור פון דער רעוואָלוציאָנערער מינדערהייט איבער דער נאָך נישט בעשטימטער, נישט אויסגעבילדעטער און נישט בעוואוסטזיניגער מעהרהייט. אויב אָבער מיט אָנדערטהאַלבען צעהנדליג יאָהר צוריק האָט זיך זייער דיקטאַטור אין דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע געשטיצט בלויז אויף די פּאַראַגראַפען פונ'ם פּאַרטיי-סטאַטוט, שטיצט זי זיך איצט אויף דער רעאַלער מאַכט פון דער רויטער גוואַרדיע.

דער סאָציאַליזם פון די באָלשעוויקעס בעקומט אין דער לאַגע אַן'אייגענאַרטיגע, ספּעציפישע פיזיאָנאָמיע, וואָס זעהט-אויס גאַנץ פרעמד אין די אויגען פון די מערב- און מיטעל-אייראָפּעאישע סאָציאַליסטען.

קודם-כל שטעלט ער זיך אינגאַנצען געגען די טראַדיציאָנעלע לאָזונגען פון דער דעמאָקראַטיע. דאָס גאָר-ערשטע קאַמף-ציל: אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, פּערטרעטען דורך אַ פּאַרלאַמענט מיט אַלגעמיינעם און גלייכען וואַהל-רעכט, ווערט איצט פון די באָלשעוויקעס בעטראַכט און בעהאַנדעלט ווי אַ „קליינבירגערליכער אידעאַל“. זיי שטעלען איהם איצט אַנטקעגען זייער נייעם מלוכה-אידעאַל: אַ „סאָוועט פון די סאָוויעטען“. די מלוכה זאָל אָנגעפיהרט ווערען דורך אַ קאָמיטעט פון די אַרבייטער- און די סאָלדאַטען-ראַטען אין גאַנץ רוסלאַנד. די בורזשואזיע, דאָס קליינבירגערטום און אין דער פּראַקטיק אויך די מעהרהייט פון די פּויערן פּערליערען דורכדעם יעדע ווירקונג אויף דער צוזאַמענשטעלונג פון דעם מלוכה-ווילען, וועלכען זיי זענען אונטערגעוואָרפען. בלויז די פאַבריק-אַרבייטער און די סאָלדאַטען הערשען איבער'ן לאַנד, הגם זיי זענען אַ מינדערהייט פון דער בעפעלקערונג.

דאָסדאָזיגע אָבקעהרען-זיך פון דער דעמאָקראַטיע מצד די באָלשעוויקעס האָט אַ היסטאָרישען ביישפּיעל. ווען דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דעמאָלט אויך

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

נאָך געווען אַ מינדערהייט פון דער בעפעלקערונג, האָט אין די פראַנצויזישע רעוואָלוציעס געפּרובט פערכאַפּען די מאַכט אין זיינע הענד, האָט ער זיך אויך געמוזט (1871 ,1848) אַנטקעגענשטעלען דעם דעמאָקראַטישען פּאַרלאַמענט, וואו די בורזשואַזיע האָט זיך געשטיצט אויף די פּויערן און געהאַט אַ מעהרהייט געגען די אַרבייטער. אין די איינצעלנע געמיינדעס, וואו עס זענען געראָד געווען קאָנצענטרירט גרעסערע אַרבייטער-מאַסען, האָבען זיי געקאָנט פערכאַפּען די מאַכט. אין דער מלוכה בכלל זענען זיי אָבער מאַיאָריזירט געוואָרען פון די פּויערן. געגען דעם מלוכה-אידעאַל פון אַ צענטראַליזירטער דעמאָקראַטישער רעפּובליק האָבען דעריבער דאַן די פראַנצויזישע אַרבייטער אַרויסגעשטעלט זייער אידעאַל: „אַ פעדעראַציע פון די קאָמונעס״. איצט האָט די פאָדערונג ווידער אויפגעלעבט אין דער געשטאַלט פון דער באָלשעוויסטישער פאָרמולע: „אַ סאָוויעט פון די סאָוויעטען״. דאָס מוז זיין דער מלוכה-אידעאַל פונ׳ם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט אין די לענדער, וואו די אַרבייטער זענען נאָך אַ מינדערהייט פון דער בעפעלקערונג.

דער כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג לאָזט זיך נישט ברענגען אין הסכם מיט די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט. בעקומענדיג אין האַנד די פּאָליטישע מאַכט, מוז דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבען צו בעקומען אין זיין רשות אויך די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע. די רעוואָלוציע האָט אָבער נור צעשטערט דעם אַלטען ביוראָקראַטישען מלוכה-אַפּאַראַט און קיין נייע דעמאָקראַטישע פערוואַלטונגס-אָרגאַניזאַציע נישט געשאַפען. די באָלשעוויקעס האָבען דעריבער נישט געקאָנט אַוועקשטעלען די גאַנצע אינדוסטריע אונטער דער אַלגעמיינער השגחה פון די אָרגאַנען פון דער נייער דעמאָקראַטישער סאָציאַלער אַדמיניסטראַציע. זיי האָבען בלויז יעדע אינדוסטריע-אַנשטאַלט אונטערגעוואָרפען דער השגחה פון די אַרבייטער, וועלכע זענען אין דער אַנשטאַלט בעשעפטיגט: די באַהנען אונטער דער קאָנטראָל פון די באַהן-אָנגעשטעלטע, די טעקסטיל-פאַבריקען אונטער דער קאָנטראָל פון די טעקסטיל-אַרבייטער א. א. וו.

דערמיט אַליין האָבען זיי אָבער זיך שוין אָבגעזאָגט פונ׳ם פּרינציפּ פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. דער פּרינציפּ הייסט יעדען צווייג פון דער אינדוסטריע איבערגעבען אין רשות פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, בעת די באָלשעוויקעס האָבען זיך דאָ דערנעהנטערט צום סאָציאַלען אידעאַל פונ׳ם סינדיקאַליזם.

די פראַנצויזישע אַרבייטער זענען אַ מינדערהייט פון פראַנצויזישען פאָלק — און צוליעב דעם, וואָס די פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג אין פראַנקרייך געהט בכלל צו זעהר פּאַמעליך, קאָנען זיי נישט האָפען, צו ווערען אַזוי גיך אַ מעהרהייט. זייער אידעאַל קאָן דעריבער נישט זיין, אַז די גאַנצע אינדוסטריע זאָל אונטערגעוואָרפען ווערען דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, וואָרום דעמאָלט

וועט אויסקומען, אַז די פאַבריק-אַרבייטער וועלען אונטערגעוואָרפען ווערען דער מעהרהייט פון די פויערן און קליינבירגער. זיי מוזען גיכער שטרעבען דערצו, אַז יעדער אינדוסטריע-צווייג זאָל איבערגעגעבען ווערען דער ספּעציעלער אָרגאַ-ניזאַציע פון דעמדאָזיגען צווייג.

און אָט דעם אידעאַל פון פראַנצויזישען סינדיקאַליזם פּרובען איצט די רוסלענדישע אַרבייטער פערווירקליכען. דער באָלשעוויסטישער דעקרעט וועגען דער „אַרבייטער-קאָנטראָל אין די פאַבריקען" האָט אין זיך דעם פּרינציפּ פון דער אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער די אַרבייטער דאַרפען שטרעבען דאָרט, וואו זיי קאָנען נישט האָפען איינצופיהרען אַ דעמאָקראַטישען סאָציאַלען פערוואַלטונגס-אַפּאַראַט, וואָס זאָל איבערנעהמען די אינדוסטריע אין זיין מאַכט.

דאָס טעאָרעטישע איבערגעוויכט פונ׳ם דייטשען סאָציאַליזם נעהמט-זיך דערפון, וואָס די דייטשע אַרבייטער זענען די מעהרהייט—אַ גיך-וואַקסענדיגע מעהר-הייט — פונ׳ם דייטשען פאָלק. זיי קאָנען אַלזאָ האָפען, אַז ביי אַ דעמאָקראַטישער אָרדנונג וועלען זיי בעקומען די מאַכט אין דער מלוכה און דורך דער דעמאָ-קראַטישער מלוכה וועלען זיי אויך בעהערשען די אינדוסטריע.

וואו די אַרבייטער זענען אַ מינדערהייט פון פאָלק און זיי געלינגט נור צייטווייליג צו פערכאַפּען די מלוכה-מאַכט,—ווי אין יאָהר 1848 און 1871 אין פראַנקרייך און היינט אין רוסלאַנד,—דאָרט בעקומט דער סאָציאַליזם גאָר אַנ׳אַנ-דער פּנים, דאָרט טרעט-אַרויס די קלאַסען-אָרגאַניזאַציע פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט (קאָמונע אָדער סאָוועט) געגען דער דעמאָקראַטיע, און די סאָציאַליסטישע „אַרבייטער-קאָנטראָל אין די פאַבריקען" געגען דער סאָציאַליסטישער פאָדערונג—אַוועקצושטעלען די גאַנצע אינדוסטריע אין רשות פון דער דעמאָקראַטישער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע. די טעאָריע און די פּראַקטיק פון די באָלשעוויקעס בעשטעהען אין דעם, וואָס זיי זוכען צוצופּאַסען דעם סאָציאַליזם צו אַ לאַנד, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך יונג און נישט-ענטוויקעלט און די אַרבייטער זע-נען דעריבער נאָך אַ מינדערהייט פון פאָלק. זיי זוכען צוצופּאַסען דעם סאָציאַליזם צו דער ווירטשאַפטליכער אָבגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד.

עס איז געווען קלאָר און זיכער, אַז דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיינע נצחונות אין מערץ, מאַי און אָקטאָבער האָבען ביז דער העכסטער מדרגה אויפגעוועקט אין איהם דאָס בעוואוסטזיין פון זיין מאַכט, וואָס האָט אַליין בעקומען געוועהר אין די הענד און געהאַט די אַרמעע אויף זיין צד, — עס איז געווען קלאָר און זיכער, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט מאַכען די פּראָבע, איינצוברעכען די מאַכט פון קאַפּיטאַליזם און איינצופיהרען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג. אָט די גוואַלטיגע פּראָבע האָט ער געמאַכט אונטער דער אָנפיהרונג פון די באָלשעוויקעס. פּונקט אָבער אַזוי זיכער ווי די פּראָבע איז געווען, אַזוי זיכער איז אויך איהר דורכפאַל.

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

קאַרל מאַרקס האָט אונז ערקלערט, פאַרוואָס די פּראָלעטאַרישע רעוואָ-לוציעס אין פראַנקרייך אין יאָהר 1848 און 1871 האָבען געמוזט דורכפאַלען:

„די ענטוויקלונג פון אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט איז בכלל אָבהענגיג פון דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע. אונטער איהר הער-שאַפט בעקומט ערשט דער פּראָלעטאַריאַט די ווייט-אויסגעשפּרייטע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, וואָס קאָן זיין רעוואָלוציע אויפהויבען ביז דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַלען אויפשטאַנד; אונטער איהר שאַפט ער ערשט אַליין די מאָדערנע פּראָדוקציע-מיטלען, וועלכע וועלען אויך ווערען די מיטלען פון זיין רעוואָ-לוציאָנערער בעפרייאונג. די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע קאָן נור דאָרט הערשען, וואו די מאָדערנע אינדוסטריע שאַפט זיך איהרע געהעריגע אייגענטום-פערהעלט-נישען, און נור דאָרט קאָן די אינדוסטריע די מאַכט בעקומען, וואו זי האָט איינגענומען דעם וועלט-מאַרק, וואָרום די נאַציאָנאַלע גרענעצען זענען נישט גע-נוג פאַר איהר ענטוויקלונג. די פראַנצויזישע אינדוסטריע האָט אָבער דעם נאַציאָ-נאַלען מאַרק אַליין אויך ערשט קוים דורך אַ מעהר אָדער וועניגער מאָדיפיצירטען פּראָהיביטיוו-סיסטעם *). ווען דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט האָט אין דעם מאָמענט פון אַ רעוואָלוציע אין פּאַריז אַ פּאַקטישע מאַכט און אַן'איינפלוס און דאָס היצט איהם אונטער אַ שפּרונג צו טהון איבער זיינע כּוחות, — איז עס אין איבעריגען טייל פון פראַנקרייך צוזאַמענגעשטופּט אין איינצעלנע צעוואָרפענע אינדוסטריעלע צענטרען, כּמעט גאָר נישט-קענטיג אין דער איבערצאָהל פון די פּויערן און קליינבירגער. דער קאַמף געגען קאַפּיטאַל אין זיין ענטוויקעלטער מאָדערנער פאָרם, אין זיין שפּיץ-פּונקט—דער קאַמף פון אינדוסטריעלען לוין-אַרבייטער געגען דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע — איז אין פראַנקרייך אַן'אָב-געזונדערטער פּאַקט, וואָס קאָן נישט געבען דער רעוואָלוציע קיין נאַציאָנאַלען אינהאַלט".

אויך דעם רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט האָט די „פּאַקטישע מאַכט", וואָס די רעוואָלוציע האָט איהם אַריינגעשטופּט אין די הענד, „אונטערגעהיצט אַ שפּרונג צו טהון איבער זיינע כּוחות". דער שפּרונג וועט אָבער אויך דורכפאַלען צוליעב דעם, וואָס אין אַ לאַנד, וואו די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע איז נאָך אַן'אָבגעזונדערטע ערשיינונג, קאָן די אָבשאַפונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט נישט ווערען קיין אינהאַלט פאַר אַ נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע **).

*) מאָדיפיצירען—ענדערן, ווייכער מאַכען; פּראָהיביטיוו-סיסטעם — סי-סטעם פון א געהעכערטען (פּראָהיביציאָנעלען) אָבצאָהל פאַר אריינגעפיהרטע אויסלענדישע סחורות אדער פון פערבאָטען אריינצופיהרען געוויסע סחורות.

**) זעה: מארקס, די קלאסען-קאמפען אין פראנקרייך 1850—1848, בערלין 1895; מארקס, דער בירגער-קריעג אין פראנקרייך, בערלין 1891; ענגעלס, פאָרוואָרט צו מארקס' „קלאסען-קאמפען אין פראנקרייך".

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

* *
*

די מענשעוויקעס זענען געווען ווייטזיכטיגער פון זייערע געגנער. זיי האָבען פאָרויסגעזעהן, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז מעגליך ערשט ביי אַ בעשטימטער מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג און אַז אין רוסלאַנד איז די מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג נאָך נישט דערגרייכט געוואָרען. צוליעב דעם אָבער, וואָס זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז רוסלאַנד לעבט איבער אַ בירגערליכע רעוואָלוציע, האָבען זיי געפאָדערט פון פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל גאָר אָהן אַ קאַמף זיך אָבזאָגען פון דער מאַכט לטובת דער בורזשואַזיע. זיי האָבען כסדר געציטערט דערפאַר, טאָמער וועט דער אָדער יענער אַרויסטריט פון פּראָלעטאַריאַט אַרויסרופען די קאָנטר-רעוואָלוציע, און דעריבער האָבען זיי נישט געהאַט די דרייסטקייט צו פיהרען אַנ׳אויסגעהאַלטענע, מוטיגע פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק אפילו אין די ראַהמען פון דער בירגערליכער רעוואָלוציע. דורכדעם האָבען זיי אַליין דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיך אָבגעשטויסען און איהם געטריעבען אין די אָרעמס פון די באָלשעוויקעס.

אינ׳ם קלאַסען-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט געגען דער בורזשואַזיע, וואָס די בירגערליכע רעוואָלוציע האָט געמוזט מיט-זיך מיטברענגען, האָבען זיך די באָלשעוויקעס געשטעלט בראש פון פּראָלעטאַריאַט. אין די שטורמס פון דער רעוואָלוציע האָבען זיי זיך פעסט געהאַלטען ביי די שטימונגען פון פּראָלעטאַריאַט און געטריי אויסגעדריקט זיין ווילען און זיינע אידעאַלען. אויף אַזאַ אופן זענען זיי צעשוואומען געוואָרען אין פּראָלעטאַריאַט אין איבערגענומען פון איהם אויך— זיינע אילוזיעס; אויף אַזאַ אופן האָבען זיי געפיהרט דעם פּראָלעטאַריאַט צו עקספּערימענטען, וואָס קאָנען זיך ענדיגען נור מיט אַ דורכפאַל.

עס זענען פאַרהאַן אויך אין רוסלאַנד סאָציאַל-דעמאָקראַטען, וואָס האָבען נישט די אילוזיעס נישט פון רעכטס און נישט פון לינקס. דאָס זענען: די מענשעוויקעס-אינטערנאַציאָנאַליסטען אונטער דער פיהרונג פון מאַרטאָוו, מאַרטינאָוו און סעמקאָווסקי; די אינטערנאַציאָנאַליסטען, וואָס גרופּירען זיך אַרום מאַקסים גאָרקי׳ס „נאָוואַיאַ זשיזן“ (אַווילאָוו, באַזאַראָוו א. א.), און די מינדערהייט פון די באָלשעוויקעס, אונטער ריאַזאַנאָוו׳ס פיהרונג, וואָס בעקעמפט די דיקטאַטור פון לענינ׳ען מיט טראָצקי׳ן. די אַלע גרופּעס בעצייכענען מיר צוזאַמען מיט׳ן נאָמען „אינטערנאַציאָנאַליסטען“.

די אינטערנאַציאָנאַליסטען האָבען פון מאַי אָן געפיהרט אַ קאַמף געגען דער קאָאַליציע פון די מענשעוויקעס מיט דער בורזשואַזיע, געגען זייער אַריינ-

טרעטען אין דער בירגערליכער רעגירונג, געגען זייער שטיצען קערענסקי'ס מלחמה־פאָליטיק און בכלל געגען זייער נאָכגעביגקייט בנוגע צו די בירגערליכע פאַרטייען. ווען די געמעסיגטע רעגירונג האָט זיך שוין נישט געקאָנט מעהר האַלטען, האָבען זיי געפאָדערט, עס זאָל געשאַפען ווערען אַ קאָאַליציע פון די דעמאָקראַטישע פאַרטייען, די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. דידאָזיגע קאָאַליציע האָט געזאָלט איבערנעהמען די רעגירונג, דורכפיהרען די וואַהלען צו דער קאָנסטיטואַנטע און דאַן איבערגעבען די פיהרונג פון דער מלוכה יענער פאַרטיי, וועלכע וועט פון פאָלק אַליין בעקומען די מעהרהייט אין דער קאָנסטיטואַנטע.

מיט דער אייגענער ענטשלאָסענקייט, מיט וועלכער זיי האָבען בעקעמפט דעם אָפּאָרטוניזם פון די מענשעוויקעס, בעקעמפען זיי אָבער היינט די דיקטאַטור פון די באָלשעוויקעס. זיי טרעטען־אַרויס געגען דעם טעראָר פון דער רויטער גוואַרדיע, געגען דעם פאַקט פון צעטרייבען די קאָנסטיטואַנטע, געגען דעם „דעקרעטיניזם", וואָס גלויבט, אַז מען קאָן אויפבויען אַ נייע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג דורך טעגליכע נייע דעקרעטען, וועלכע קאָנען נישט דורכגעפיהרט ווערען שוין דערפאַר אַליין, ווייל דאָס לאַנד האָט נישט קיין שום פערוואַלטונגס־אַפּאַראַט.

די אינטערנאַציאָנאַליסטען האָבען בעקעמפט די מענשעוויקעס, ווייל די לעצטע האָבען זיך געשטעלט געגען פּראָלעטאַריאַט. איצט בעקעמפען זיי די באָלשעוויקעס, ווייל זיי האָבען איבערגענומען די אילוזיעס פון פּראָלעטאַריאַט און רייצען זיי נאָכמעהר אויף. זיי האָבען געגען רעכטס און לינקס ערפילט די אויפגאַבע, וואָס ליעגט אויף יעדען מאַרקסיסט: זיך נישט צו שטעלען געגען פּראָלעטאַריאַט, ווי די מענשעוויקעס האָבען געטהון, נאָר אין איהם, אין פּראָלעטאַריאַט גופא, צו אַרבייטען לויט די אָנווייזונגען פון מאַרקסיזם; דערביי אָבער אויך נישט צעשוואומען ווערען אין די צייטווייליגע אילוזיעס פון פּראָלעטאַריאַט,— ווי דאָס איז געשעהן מיט די באָלשעוויקעס,—נאָר בעקעמפען דידאָזיגע אילוזיעס מיט דער הילף פון דער העכערער זאַכליכער פערטיעפונג, וואָס עס גיט אונז דער מאַרקסיסטישער אַנאַליז פון די בעדינגונגען פון קאַמף און די בעדינגונגען פון דער ענטוויקלונג.

אין שטורמישע צייטען זיעגען שטענדיג די עקסטרעמען פון רעכטס און לינקס. דער צענטער איז אין אַזעלכע פאַלען שטענדיג מאַכטלאָז. נאָר אַזעלכע אָבער, וואָס יאָגען זיך נאָך ערפאָלג, קאָנען דערפון דרינגען, אַז דער צענטער איז „די בלאָטע", אַז דער צענטער איז אונגערעכט.

דער חבר ר ע נ נ ע ר שרייבט אין יאַנואַר־העפט פון „קאַמפף", אַז איך האָב די רוסלענדישע געשעהענישען אין אָקטאָבער אויסגעטייטשט פונ'ם שטאַנדפונקט פון די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטען, דאָס הייסט: „פּראַקטיש פאַלש".

**היינט** „בין איך אַפּנים אַליין אַ באָלשעוויק“.

רעננער האָט אַ טעות. איך בין היינט, פּונקט אזוי ווי איך בין געווען אין אָקטאָבער, איבערצייגט, אַז די געשיכטע וועט אין רוסלאַנד אויך, אַזוי ווי אומעטום, גערעכט געבען דעם „מאַרקסיסטישען צענטרום“, וואָס ווערט אין רוסלאַנד פערטרעטען דורך די אינטערנאַציאָנאַליסטען. די געשיכטע וועט גערעכט געבען דעם צענטר געגען רעכטס און געגען לינקס, געגען די מענשעוויקעס ווי געגען די באָלשעוויקעס.

*   *
*

די אָקטאָבער-רעוואָלוציע איז געווען אַ נצחון פונ׳ם רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט. די וואָרט-פיהרער פון רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט זענען היינט די באָלשעוויקעס און מיט זייער גורל איז פערבונדען דער גורל פון רוסלענדישען אַרבייטער-קלאַס. זיי קומט דעריבער אונזער סימפּאַטיע און (אויף וויפיעל מיר זענען עס אימשטאַנד צו געבען) אויך אונזער הילף, אַזוי ווי דאָס קומט דעם קעמפענדיגען פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער. פיינדליכע אַרויסטרעטונגען געגען די באָלשעוויקעס, אַזעלכע, למשל, ווי דער אַרויסטריט פון אָטטאָ בּרוין, דער מיטגליעד פונ׳ם דייטשען פּאַרטיי-קאָמיטעט *), — זענען גראָד איצט, ווען דער דייטשער אימפּעריאַליזם טרעט-אַרויס אין קאַמף געגען די באָלשעוויקעס אין נאָמען פון דער בירגערליכער אָרדנונג, אַ גראָבע בעליידיגונג פון די פליכטען, וואָס עס לעגט-אַרויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון פּראָלעטאַריאַט. געגען דער בורזשואַזיע, וואָס בעקעמפט די באָלשעוויקעס דורך די רכילות׳ען פון איהר פּרעסע און מיט די באַגנעטען פון איהרע סאָלדאַטען, מוזען מיר זיך שטעלען אויף דעם צד פון די באָלשעוויקעס, מיט וועלכע מיר זענען פערבונדען און בלייבען פערבונדען דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער אחדות, דורך די אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסען-אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט און דורך דעם שותפות׳דיגען אידעאַל פון סאָציאַליזם.

דערפון איז אָבער נישט געדרונגען, אַז מיר מוזען איבערנעהמען אַלע אילוזיעס פון די באָלשעוויקעס, מסכים זיין מיט אַלע זייערע גענג און אָנערקענען זייערע אַלע טעאָרעמעס.

דער חבר רעננער שרייבט: „ווען איך וואָלט איצט געווען אין רוסלאַנד, וואָלט איך וואַרשיינליך געגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס“. פאר דעם, וואָס קען

---

*) „פאָרווערטס“, 15 פעברואר 1918.

גראָד אי רעננער׳ן, אי די באָלשעוויקעס, קלינגט אַזאַ ערקלערונג אַ ביסל קאָמיש און רעננער אַליין וועט עס היינט, דאַכט זיך, נישט איבער׳חזר׳ן. אַ שטיקל אמת איז אָבער פאַרהאַן אין דעם.

אין אָנהויב פון דער מלחמה האָט דער דייטשער פראָלעטאַריאַט געפיהלט, אַז דייטשלאַנד׳ס מפלה וועט מאַכען אַ תל אויך פון דער דייטשער פאָלקס-ווירטשאַפט און אַזויערנאָך זיין אַנ׳אונגליק פאַר דעם דייטשען אַרבייטער-קלאַס. ער איז דעריבער אַריינגעפאַלען אין דער פאַטריאָטישער שטימונג, פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסען שיידעמאַנ׳ס פאָליטיק. אַדאַנק דעם מאַרקסיסטישען אַנאַליז האָט רעננער פערשטאַנען און ערקלערט די ענטשטעהונג פון דער שטימונג ביים דייטשען פראָלעטאַריאַט. רעננער האָט אָבער דערפון געצויגען דעם בעשלוס, אַז ער מוז אויך פאָלגען די פאָליטיק פון דער שטימונג. ער האָט זיך געשטעלט אויף שיידעמאַנ׳ס זייט.

אין משך פון דער רעוואָלוציע איז די מאַכט אין רוסלאַנד אַריינגעפאַלען אין די הענד פון פראָלעטאַריאַט. דער לעצטער איז אַזויערנאָך „אונטערגעהיצט געוואָרען אַ שפרונג צו טהון איבער זיינע כוחות": עס איז ענטשטאַנען די שטימונג, פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסען די באָלשעוויסטישע פאָליטיק. און ווייל די מאַרקסיסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע גיט אונז די מעגליכקייט צו פערשטעהן די ענטשטעהונג פון דער שטימונג, מיינט דער חבר רעננער, אַז קוים וואָלטען מיר געווען אין רוסלאַנד, וואָלטען מיר אויך געמוזט פיהרען די פאָליטיק, וואָס נעהמט זיך פון דער דערמאָהנטער שטימונג. דער חבר רעננער וואָלט זיך אין רוסלאַנד געשטעלט אויף לענינ׳ס צד.

אַדאַנק דער מאַרקסיסטישער מעטאָדע האָבען מיר די מעגליכקייט צו בעגרייפען יעדען צייטווייליגען גייסטיגען צושטאַנד פון פראָלעטאַריאַט אין אַ בעשטימטען לאַנד דורך די אָביעקטיווע עקזיסטענץ-בעדינגונגען פון דעם פראָלעטאַריאַט. דער חבר רעננער האָט אָבער אַ טעות, ווען ער גלויבט, אַז די אויפגאַבע פון דעם מאַרקסיסטישען פאָליטיקער איז בעגרענעצט בלויז דערמיט, אויסצודריקען די צייטווייליגע גייסטיגע שטימונג פונ׳ם פראָלעטאַריאַט פון זיין לאַנד; אַז ער מוז מיטמאַכען אַלע פאַלשע דרכים פון דעם פראָלעטאַריאַט און אַלע אילוזיעס פונ׳ם אַרבייטער-קלאַס פון זיין צד נור דערפאַר, ווייל די דרכים און אילוזיעס לאָזען זיך מאַרקסיסטיש ערקלערען מיט די עקאָנאָמישע בעדינגונגען פון דעם לאַנד.

דער מאַרקסיזם האָט אין דער אַרבייטער-בעוועגונג אַ גאַנץ אַנדערע אויפגאַבע. ער דאַרף געגען די בעזונדערע אינטערעסען פון די אַרבייטער אין איין לאַנד אַרויסשטעלען די אַלגעמיינע אינטערעסען פון אינטערנאַציאָנאַלען פראָלעטאַריאַט, ער דאַרף געגען די צייטווייליגע מאָמענט-אינטערעסען פון די אַרבייטער פערטיידיגען די אינטערעסען פון זייער קומענדיגער ענטוויקלונג. אין

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

בין דעריבער גלייך תחילת דער מלחמה נישט געגאַנגען מיט שיידעמאַנ'ען. געגען די אילוזיעס, וואָס דער מאָמענט רופט-אַרויס, דאַרף דער מאַרקסיזם זיך פעסט האַלטען ביי די פּרינציפּען, וואָס שטיצען זיך אויף דער היסטאָרישער ערפאַהרונג, אויף די היסטאָרישע ענטוויקלונגס-טענדענצען. דעריבער בין איך אויך אין רוסלאַנד נישט געגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס.

ערפילט דער מאַרקסיזם דידאָזיגע אויפגאַבען, מוז ער קעמפען געגען נישט-ריכטיגע מעשים פון רעכטס און געגען אילוזעס פון לינקס. מאַרקס אַליין האָט שוין געקעמפט געגען די ענגלישע טרעדיוניאָניסטען, געגען די פראַנצויזישע פּרודאָניסטען און די דייטשע לאַסאַלעאַנער פון רעכטס, ווי געגען די רוסלענדי-שע, איטאַליענישע און שפּאַנישע באַקוניסטען פון לינקס. אַזוי ערפילען היינט די רוסלענדישע אינטערנאַציאָנאַליסטען זייער שווערע פליכט אין קאַמף געגען די מענשעוויקעס פון איין זייט און געגען די באָלשעוויקעס פון דער צווייטער זייט. אַזוי קעמפט אין דייטשלאַנד דאָס „מאַרקסיסטישע צענטרום“, אונטער דער פיה-רונג פון קאַאוטסקי און האַאַז, געגען דער שיידעמאַן-חברה פון רעכטס, ווי געגען די ראַדעק-לייט פון לינקס. די עסטרייכישע מאַרקסיסטען, וועלכע האָבען זיך אויפ'ן פּאַרטיי-טאָג בעצייכענט מיט'ן נאָמען „די לינקע“, דאַרפען אויך פונקט אַזוי פערטיידיגען די יסודות פון דער מאַרקסיסטישער פּאָליטיק סיי געגען דעם אָפּאָרטוניזם פון אונזערע רעכטע (וועלכע ווילען צופּאַסען דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה בכלל און צו דער עסטרייכישער נאַציאָנאַלי-טעטען-מלוכה בעזונדער), סיי געגען דעם „לינקס-ראַדיקאַליזם“, וואָס ליעגט נאָך לינקער פון „די לינקע“: דאָס משוגעת, וואָס גלויבט, אַז נישט-רעכנענדיג זיך לחלוטין מיט די אָביעקטיווע בעדינגונגען פון קאַמף און נצחון, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט נור וועלען, און די קאַפּיטאַליסטישע וועלט וועט גלייך אונטערגעהן.

(„דער קאַמפּף“) וויען, 24 פעברואר 1918.



אַ. סאָקאָלאָווסקי.

# די יודישע רעוואָלוציע.

## I

פון די ערשטע טעג אָן פון דער גרויסער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט גענאָגט און געפּלאָגט די יודישע רעוואָלוציאָנערען דאָכ, וואָס די אויסגעבראָכע־נע „ערד־ציטערניש“ און די גוואַלטיגע איבערקעהרענישען אין אַרומיגען לעבען פון גאַנצען לאַנד לאָזען זיך נישט פיהלען אין דער יודישער וועלט. וואָס וויטער די געשעהענישען האָבען זיך פונאַנדערגעוויקעלט, אַלץ בולט'ער האָט זיך אַרויס געשטעלט, אַז די יודישע רעוואָלוציע פערשפּעטיגט, אַז דער שטורמווינד, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען און פערכאַפּט די פערשקלאַפּטע אָבגעשטאַנענע פעלקער, האָט נישט אויפגערודערט די ברייטע יודישע מאַסען. דער יוד פון אַ גאַנץ יאָהר, דער המון, וואָס איז מחוץ די פאַרטייען, האָט זיך נישט גענומען צוזאַמען מיט די אונטערדריקטע קלאַסען פון די אויפגעוואַכטע שכנ'ישע נאַציעס איבערצוקוקען ביים ליכט פון די נייע אומשטענדען די אַלטע סאָציאַל־פּאָליטישע השגות, וואָס ער האָט בעקומען בירושה פון די אַמאָליגע דורות.

ער האָט נישט נור נישט אַרויסגעוויזען קיין אייגענע איניציאַטיווע אין שאַפען נייע פאָרמען פון זיין פאָלקס־לעבען, נאָר ער האָט כמעט גלייכגילטיג בעגעגענט אַלע צורופען און לאָזונגען פון די יודישע סאָציאַליסטען. נאָכמעהר, דעם פשוט'ען דורכשניטליכען יודען האָט נישט אויפגעמונטערט אַפילו דער פאַקט, וואָס האָט געטראָפען צום ערשטען מאָל, זינט יודען האָבען פערלאָרען זייער פּאָליטישע זעלבשטענדיגקייט, נעמליך, אַז זיי האָבען דורך דער רעוואָלוציע בע־קומען פרייהייט נישט בלויז ווי בירגער יחידים, אָבער אויך ווי אַנ'איינהייטליכער קיבוץ, ווי אַ נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו.

אין פלוג האָט דאָך דאָסדאָזיגע געשעהעניש בעדאַרפט נעהענטער ברענגען צום בעוואוסטזיין פון די ברייטסטע שיכטען דעם מהות פון דער רעוואָלוציע. אין דער אמת'ען אָבער זעהען מיר דאָס נישט. מיר בעמערקען נישט קיין התפעלות פון דער מעגליכקייט אויסצונוצען די בעקומענע מלוכה־רעכט, בכדי אונגעשטערט און פריי צו פערענטפערן די נאַציאָנאַלע שאלות. זאָל די נאַציאָ־נאלע אויטאָנאָמיע בעדייטען, אַז עס הויבט זיך־אָן אַ נייע תקופה פון דער יודישער געשיכטע, אַז דער גאַנצער שטייגער פונ'ם יודישען עפענטליכען לעבען, ווי ער

האָט זיך היסטאָריש אויסגעבילדעט, ווערט דורכאויס און פולשטענדיג רעוואָלו־ציאָניזירט — זי ווערט סיי־ווי נישט אויפגענומען מיט קיין גרויסער בעגייסטערונג. אפנים, דער רוב פון פאָלק בענעהמט נאָך נישט די אָביעקטיווע בעדייטונג פון דעם, וואָס די רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט געהאַט פאַר דער יודישער דעמאָ־קראַטיע. מען האָט נאָך נישט אַיינגעזעהן, אַז די אַקס, וואָס אַרום איהר דרעהט זיך די ראָד פון דער יודישער געשיכטע, איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען צו די אינטערעסען, שטרעבונגען און אידעאַלען פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען.

אויף די מערב־אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס, וואָס האָבען געבראַכט פאַר די מערב־יודען בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, האָט זיך אָבגערופען די טרעגע־רין פון דער יודישער געשיכטע אין יענע צייטען — די יודישע בורזשואַזיע, און האָט פייערליך ערקלערט איהרע נטיות צו אַסימילאַציע און דערביי אויסגע־טייטשט די יודישע פרייהייט ווי פרייהייט אויפצוהערען צו זיין יודען. צו דער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט שוין די יודישע דע־מאָקראטיע אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פוז אַ פולקאָמענערען און בעסער אָרגאַניזירטען נאַציאָנאַלען לעבען, די פאָדערונג פון אויטאָנאָמיע. פערשטעהט־זיך, אַז דערדאָזיגער אונטערשיעד איז אַ ווענדע־פונקט אין דער יודישער געשיכטע, וואָס האָט זעהר פיעל צו זאָגען און אָנצוזאָגען פאַר דער יודישער רעוואָלוציע.

מיר טאָרען אָבער נישט פערמאַכען די אויגען אויף דעם, וואָס קיין ממשות׳דיגע רעזולטאַטען פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע זענען ביי אונז נישט צו מערקען. די מדרגות פון סאָציאַלען לייטער האָבען זיך נישט איבערגע־רוקט, און די נידריגע פּראָגרעסיווע שיכטען און קלאַסען האָבען נישט אַרויסגענומען די מאַכט און ממשלה פון די העכערע, אום צו שטעלען זיך ביים רודער פון פּאָליטישען און געזעלשאפטליכען לעבען. נישטאָ ביי אונז קיין עולים ויורדים, די אונטערשטע שטאַנדען האָבען זיך נישט אויפגעהויבען אויפ׳ן רוקען פון רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס, און די אויבערשטע זענען נישט אַראָבגעזונקען אויפ׳ן דעק.

אַדרבה, די פערשיעדענע וואַהלען מיט אַלע בעוואָרענישען ביז אַ קוצו־של־יוד פון דעמאָקראטיזם, וואָס האָבען אויפ׳ן שטח פון גאַנץ רוסלאַנד אָבגעגעבען דעם נצחון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, האָבען ביי אונז געגעבען די אוי־בערהאַנד דער כלי־קודש־גביר׳יש־ציוניסטישער רעאַקציע.

נאָכמעהר, אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע האָבען די כלי־קודש, די רבנים, דיינים, ראשי־ישיבה, מטיפים און גלאַט שענע כשר׳ע יודען זיך פּאָליטיש אויסקריסטאַליזירט און זענען אויפגעטראָטען אויף דער פּאָליטישער סצענע אין דער געשטאַלט פון אַ פריש־געבאַקענער קלעריקאַלער פּאַרטיי. די הייליגע כנופיה האָט אַוועקגעוואָרפען איהרע אַלטפרענקישע טראַדיציאָנעלע גענג, וואָס זענען געווען צוגעפּאַסט צו געבען זיי די השפעה אויף די צאַנ־

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

קדשים אין די ד׳ אַמות פון בית-המדרש, און האָט גענומען אָרגאַניזירען זיך אויפ׳ן מאָדערנעם אופן און בענוצען דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג פון פּראָגראַמען, קאָנפערענצען, קאָמיטעטען, בלאָקען, רעזאָלוציעס, — מיט איין וואָרט, אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען אויסען די זינדיגע ערד.

די משונה׳דיגע בעשעפענישען, ווי „מסורת וחרות“, „נצח-ישראל“ און „אַחדות“, האָבען פערוואַנדעלט די פרומע יודען אין פּאָליטישע קעמפער פאַר פרומקייט, און די אונשולדיגע פּאָליטיק אין בית-המדרש איז מגולגל געוואָרען צו אַ בית-המדרש אין דער פּאָליטיק.

פון די אָנגעצייכענטע ערשיינונגען קומען מיר צו דעם פּועל-יוצא, אַז ביי יודען האָט די רעוואָלוציע נישט געביטען די קרעפטען-פערהעלטענישען לטובת דער דעמאָקראַטיע, נאָר זי איז, פערקעהרט, לעת-עתה געוואָרען אין אַ גרויסער מאָס אַ כלי-זין פון דער יודישער רעאַקציע.

די אָנהענגער פון אַתה-בחרתנו-שטאַנדפּונקט וואונדערן זיך נישט, וואָס יודען זענען אין דער רעוואָלוציע אַ יוצא-מן-הכלל... זיי האָבען אַ פאַרטיגען תירוץ: ביים אויסדערוועהלטען פאָלק גילטען נישט די אַלגעמיינע געזעצען. לויט דערדאָזיגער שיטה, איז דער אויסנאַהם ביי אונז נאָרמאַל און דאָס נאָרמאַלע איז ביי אונז אַנ׳אויסנאַהם. אַי וואָס, דער יודישער פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע פאַרטייען? איז, פון איין זייט, דער רעאַלער יודישער סאָציאַליזם, ווי ער שטעהט און געהט, נישט יודישליך, אַ מין געוויקס פון פרעמדע פעלדער אין אונזער וויינגאָרטען, און פון דעם צווייטער זייט, זענען כל ישראל, אַלע יודען, רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטען, און בשעת-הדחק אַפילו סאָציאַליסטען. ממילא, איז די רעוואָלוציע ביי אונז גאָר איבריג, און ס׳איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס בשעת אַרום אונז קעהרט זיך די וועלט, האַלטען מיר שטאַט, און דאָס רעדעל פיהרען ווייטער די אַלטע בעקאַנטע ציוניסטען, העברעאיסטען, אַחדות׳ניקעס און נגיד׳ישע זיידענע יונגעלייט.

דער קומענדיגער היסטאָריקער, וואָס וועט נישט זיין פערבלענדעט פון זייטיגע פניות, וועט זיך געוויס פערטראַכטען אויף דעם פערדראָסיגען פּאַראַדאָקס און וועט זוכען די פיעל סיבות, וואָס האָבען דאָס גורם-געוועזן.

נאָר די יודישע אַרבייטער און סאָציאַליסטען, ווי אַקטיווע פאַקטאָרען אינ׳ם יודישען געזעלשאַפטליכען לעבען, וועלען זיך נישט בעגנוגענען מיט דער אויספאָרשונג פון דעם „רעטעניש“ לעתיד-לבוא און דאַרפען אָבלערנען אַ פּאָליטישען מוסר-השכל פונ׳ם יודישען „מאַסען-שטרייק“ געגען דער רעוואָלוציע. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט מוז אַזוי בויען זיין טאַקטיק, אַז ער זאָל קאָנען אַרויסרייסען די ברייטע שיכטען פונ׳ם פאָלק פון דער רעאַקציאָנערער שליטה און מיט ערפאָלג זיין קלאַסען-קאַמף ווייטער פיהרען.

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

## II

קודם-כּל מוז פעסטגעשטעלט ווערען, אַז די אַרבייטערשאַפט איז דער איינציגער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער כּח אינ׳ם יודישען לעבען. די רעוואָלוציע האָט אונ׳רחמנות׳דיג אויפגעדעקט די אָפּטמאָל טראַגישע איינזאַמקייט פון יודישען פּראָלעטאַריאַט אפילו אויפ׳ן ריין דעמאָקראַטישען באָדען, וואָס איז נוגע די קליינבירגערליכע קלאַסען צוגלייך, ווי דעם אַרבייטער. דאָס, וואָס ביי אַנדערע פעלקער ווערט אָבגעטהון פון די דעמאָקראַטישע שיכטען אָהן דעם פּראָלעטאַריאַט, צי לכּל הפּחות בשותּפות מיט׳ן פּראָלעטאַריאַט, פאַלט ביי אונז איינגאַנצען אויפ׳ן אַרבייטער-קלאַס. דידאָזיגע לאַגע פערוויקעלט זעהר די אויפגאַבען פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, מאַכט נאָך חשוב׳ער זיין ראָלע אינ׳ם יודישען לעבען און פאָדערט פון איהם אַ סך שעפּפערישע ענערגיע און פּאָליטישען פערשטאַנד.

אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע האָבען די סאָציאַליסטען געהאָפּט, אַז די נייע-געגרינדעטע „פאָלקס-פּאַרטיי“ וועט אפשר אויספילען די גרויסע און וויכטיגע שליחות צו ווערען אַ קערנדעל פון אַנ׳עכטער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אַזאַ פּאַרטיי האָט געזאָלט זיין אַ גרויסער געווינס פאַר דער גאַנצער יודישער געזעלשאַפטליכקייט און וואָלט געוויס מיטגעהאָלפען און געשטיצט דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין דעמאָקראַטישע טעטיגקייט.

ס׳איז קלאָר, אַז די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי קאָן נישט בעשאַפען ווערען בנשימה אַחת, ס׳איז אַ לאַנג דויערנדיגער פּראָצעס. נאָר צי איז די „פאָלקס-פּאַרטיי“ אָט דער יאָדער, פון וועלכען ס׳וועט מיט-דער-צייט אויסוואַקסען די אמת׳ע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי? פערמאָגט זי די מעגליכקייטען פון אַזאַ ענטוויקלונג? דער יודישער אַרבייטער דאַרף וויסען, מיט וועמען ער האָט צו טהון אין דער „פאָלקס-פּאַרטיי“, אויף-וויפיעל ער קאָן אויף איהר אויסרעכענען, בכדי זיך נישט צו נאַרען אין חשבון. —

די „פאָלקס-פּאַרטיי“ האָט זיך פערמאָסטען אויף דער האָרעפּאַשנער מאַסע, האָט זי אָבער אין משך פון דער רעוואָלוציע נישט אַרויסגעוויזען קיין מינדסטע ווירקונג אויף דידאָזיגע מאַסען.

מי ומי ההולכים, ווער זענען זיי? אַ קליין הייפעלע אָנגעזעהענע כּלל-טהוער און ליטעראַטען בראש, מיט עטליכע מנינים אינטעליגענטען, געוועזענע סאָציאַליסטען—בעלי-תשובה, וואָס שלאָגען זיך על-חטא אויף זייער פערגאַנגענהייט און האָבען אַלץ מעהר חרטה אויף די אַמאָליגע אידעאַלען, וואָס שטאַרקער זיי דערפיהלען, אַז דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען טעמפּעראַמענט און די שאַפונגס-ענערגיע האָט מען געלאָזען דער „ערשטער ליעבע“. פּרובט מען זיך פערבייטען דעם יוגענד - ענטוזיאַזם מיט מעלות פון עלטערע יאָהרען

און מען בלאָנדזשעט-אַרום, ניכטערע און גרויע, אָהן אַ טראָפּען התלהבות, מיט סמיכות אויף פּראַקטישקייט, רעאַלער פּאָליטיק, וואָס איז אויסען נישט קיין פאַנטאַזיעס און ווייט-געהענדיגע צוועקען, נאָר דאָס, וואָס מען קאָן אָנטאַפּען מיט די הענד. פון דער מאַסע זענען זיי אָבגעריסען און ציהען נישט די יניקה פון די ווירקליכע אינטערעסען און היסטאָרישע טענדענצען פונ׳ם ברייטען המון; די טרייב-קראַפט זייערע ליעגט אין די בענקענישען און זוכענישען פון פאָלקס-טימליכקייט. בכן טרעפט איהר אָפט, אָנשטאָט אַ טריט פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, אַ פאָלקסטימליכע העויה. גרענעצען האָט די „פאָלקס-פאַרטיי" געפונען — פון רעכטס ציוניסטען און פון לינקס סאָציאַליסטען. נאָר צווישען די גרענעצען איז כוכט. קליגט מען זיך, מיט וואָס צוצוציהען דאָס פאָלק.

כלל-ישראל-פּאָליטיק?—איז שוין אָבער אויף דעם פּאָסטען פאַרהאַן עלטערע, געניטערע און ביליכערע קאַנדידאַטען. גיט מען אין נדן אַריין בעקאַנטע נעמען, מפורסמים,—זענען די פּערזענליכקייטען צו-גרויס פאַר אַזאַ קליינער פּאַרטיי, און צוזאַמען קאָנען זיי גלאַט נישט הויזען, בלייבט דער לעצטער טויז — טאַקטיק. זי איז דער עיקר, פּראָגראַם איז אַ טפל, פּראָגראַם שמעקט דאָך מיט צוקונפט, מיט אַ זעלבשטענדיגען בענעהמען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען וכדומה אַזעלכע אַבסטראַקציעס. איז מען נישט מקפיד, מעג זי זיין נעבעלדיג, צעשוואומען און אינהאַלטסלאָז.

דער אבן-פּנה פון דער „פאָלקס-פאַרטיי" איז טאַקטיק. איז דאָך פּאָרט זאונבעשטימט, ווערעס בעדערפעניששען און שטרעבונגען מען דריקט-אויס און אויף וועמען מען שפּאַרט-זיך-אָן — ווערט די טאַקטיק געווענדעט אויף פערקערפערן נישט דעם אייגענעם, נאָר דעם פרעמדען פּאָליטישען ווילען. האָט די פּאַרטיי נישט קיין זעלבשטענדיגע, נור פערמיטלערישע צוועקען, און מהאי טעמא איז זי לויטער „פּשרה-מאַכעריי". ראשית-חכמה פון דער טאַקטיק איז נאָכגעביגקייט. האָט מען נישט קיין מוט צום קאַמף, איז מען מבטל די נויטווענדיגקייט פון קאַמף. כאַראַקטעריסטיש איז פאַר דער „פאָלקס-פאַרטיי", וואָס זי פּרובט זיך טאַנצען על שתי הסעיפים, אינ׳ם היסטאָרישען צוזאַמענשטויס צווישען די צוויי וועלטען, דער אַלטער און נייער, צווישען דעם וועלטליכען און רעליגיעזען יודענטום. זי סטאַרעט זיך אָבּ׳פּטר׳ן מיט אַ המצאָה׳לע דעם שטרייט, אונזער אַזוי-צו-זאָגען גענעראַל-שלאַכט, וואָס איז אָביעקטיוו נישט אויסצומיידען. אָנשטאָט מיט בעשטימטקייט צוצושטעהן צו דער אָדער יענער מחנה, הוידעט מען זיך צווישען פּרינציפּיעלער אָנערקענונג פון וועלטליכקייט און פּראַקטישער פּשרה מיט דער רעליגיעזער וועלט, און בכדי נישט אַיינצורייסען מיט דער לעצטער, בריהט מען זיך אויף אַלע כלים צו פערבייטען געשיכטע דורך אַ געלונגענעם אַיינפאַל. אמת, אין דער שפּראַכען-פראַגע איז די „פאָלקס-פאַרטיי" עטוואָס אויסגעהאַלטענער, נאָר אויך דאָ איז מען מיט איהר נישט אינגאַנצען זיכער. ווער ווייס, וואוהין

הוילע טאַקטיק אַליין, וואָס איז נישט קיין מיטעל צו אַ ציעל, נאָר דער ציעל גופא, קאָן פערפיהרען און צו וואָסערע ברעגען זי קאָן צוזעגלען דאָס קליינע שיפעלע" אַזוי זוכּה די לעצטע צייט די „פאָלקס-פּאַרטיי" אויסצונעהמען ביים צעטומעלטען אומצופריעדענעם בעל-הבית, וואָס האָט פיינט בתכלית השנאה די סאָציאַליסטען, מיט אָנפאַלען אויף זיי. געוויס זענען די בעשולדיגונגען געגען די סאָציאַליסטען ביי היינטיגען טאָג אַנ׳אַרטיקעל עובר-לסוחר. און די „פאָלקס-פּאַרטיי" רוקט און אָריענטירט-זיך אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער שטימונג אויף רעכטס. הגם אַ יודען איז שווער אָבצונאַרען, — אַ קונץ איצט, אַז די רעוואָלוציע קייקעלט זיך באַרג-אַראָב, זידלען סאָציאַליסטען? אָבער פריהער, בשעת די סאָציאַליסטען זענען געווען אין די פעדערן, איז דאָך די „פאָלקס-פּאַרטיי" נכשל געוואָרען און זיך געחבר׳ט, בעוונותינו הרבים, מיט זיי! הקיצור, דערווייל איז די „פאָלקס-פּאַרטיי" נישט מעהר, ווי אַ קליינע, וואַקעלדיגע, כאַראַקטערלאָזע אינטעליגענטישע גרופּע. איהר ווייטערדיגען גורל איז שווער פאָרויסצוזאָגען. — דער נסיון פון דער „פאָלקס-פּאַרטיי" ווייזט אונז נאָך אַנ׳איבעריג מאָל, ווי ווייט די שפּראָצונגען פון אַ יודישער בירגערליכער דעמאָקראַטיע פערפלאָנטערן זיך אינ׳ם שפּינוועב פון דער פערגאַנגענהייט.

על-כן איז אין דער היסטאָרישער קאָמפּליצירטער יודישער סביבה נור דער אַרבייטער-קלאַס לעת-עתה מסוגל פאָרצובערייטען ווי די איינצעלנע עלעמענטען, אַזוי אויך די אַלגעמיינע הנחות פאַר דער יודישער רעוואָלוציע. ווייל נור ער שעפּט זיין אידעאָלאָגיע פון נייע מקורים און איז נישט געבונדען מיט די פּענטעס פון דער נאָך גאַנץ איינפלוסרייכער אַלטער וועלט.

דער קלאַסען-קאַמף מוז אינ׳ם פּראָצעס פון זיין פערצווייגונג און ענטוויקלונג ברענגען דעם יודישען אַרבייטער צו אַ יודישער רעוואָלוציע.

**די יודישע רעוואָלוציע איז דער נאַציאָנאַלער אינהאַלט פונ׳ם פּראָלעטאַרישען קלאַסען-קאַמף, און דער קלאַסען-קאַמף פון דער יודישער אַרבייטערשאַפט איז די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע.** — די יודישע סאָציאַליסטען טאָרען בשום-אופן נישט פערגעסען די ביידע פאַקטען, אַז די יודישע רעוואָלוציע איז נאָך נישט דורכגעמאַכט, און אַז דורכמאַכען זי קאָן נור דער פּראָלעטאַריאַט אַליין. און אַרויסגעהענדיג פון דידאָזיגע פאַקטען דאַרפען מיר בויען אונזער טאַקטיק און פאָרטזעצען די אַרבייט אויף צו פערווירקליכען די יודישע רעוואָלוציע.



מ. שאַץ—אַנין.

# לאַסאַל און מאַרקס, אַלס יודען.

## I

די עמאַנסיפּאַציע פון די יודען אין מערב-אייראָפּאַ האָט ברייט אויפגעריסען די טויערן פון גהעטאָ און — מ'האָט זיך אַלאָז געטהון דורך זיי אין דער גרויסער אַרומיגער וועלט...

„בערייכערט זיך!" — מיט דעמדאָזיגען קאַמף-געשריי האָט זיך אַוואָרף געטהון דאָס מערב-יודענטום אויף די ניי-אויפגעעפענטע מערק, טראָגענדיג אַהין סיי זייערע מאַטעריעלע סחורות, סיי זייערע גייסטיגע פעהיגקייטען און קולטו-רעלע ווערטען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ רעש'דיגע יאָגעניש און נישט-וועניג האָבען דערגרייכט די העכסטע סאָציאַל-עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. בערזע, באַנקען, פּרעסע, וויסענשאַפט, טעאַטער און אין אַלע איבריגע „פרייע פּראָפעסיעס", אומעטום האָבען די יודען פערנומען דעם בעדייטענדסטען און אָנגעזעהענסטען אָרט.

קיין ראַדיקאַלע איכות'דיגע פערענדערונגען זענען אייגענטליך אינ'ם סאָציאַלען לעבען פון די עמאַנסיפּירטע מערב-יודען נישט פאָרגעקומען. די פער-ענדערונגען האָבען געטראָגען אַ מעהר כמות'דיגען, אויסערליכען כאַראַקטער.

פונ'ם יודישען געלד-וועקסלער איז אויסגעוואַקסען דער באַנקיר, פונ'ם וואָכערער — דער פינאַנסיסט און בערזע-מאַן. דער פעדלער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אינ'ם בעל-הבית פון אַ וואַרען-הויז. פונ'ם תלמוד'יסט האָבען זיך אַרויס-געטיילט — דער געלעהרטער, דער שרייבער, דער יוריסט, דער פּאָליטיקער א. א. וו. אַזוי האָט זיך געצויגען די „גאָלדענע" קייט פון יודישער מאַטעריעלער און גייסטיגער מעקלעריי און פערמיטלעריי אין מערב-אייראָפּאַ: די זיידעס האָבען פערזאָרגט די אַרומיגע וועלט מיט הלוואות, די זיהן — מיט סחורות, די אייניקלעך — מיט פעליעטאָנען און אָפּערעטקעס... געענדערט האָט זיך נור דער מאַסשטאַב, די פאָרם; דער סאָציאַלער פּרצוף און אינהאַלט זענען אָבער געבליבען די אַלטע — מעקלעריש-פערמיטלערישע.

אין דער אייגענער צייט, בעת דאָס בעפרייטע גהעטאָ-יודענטום האָט איבערגע-לעבט דעם האָניג-חודש פון דער קאַפּיטאַליסטישער בערייכערונג, איז ביי די אַרומיגע פעלקער גיך און שטאַרק געוואַקסען יענער סאָציאַלער קלאַס, וואָס איז פון דער געשיכטע בעשטימט דורכצופיהרען אין קאַמף דעם נייעם אַרבייטס-פּרינציפּ.

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. די יודען, וואָס זענען אַמאָל אַרויסגעטראָטען אַלס די פּאָהנען-טרעגער און פּיאָנערען פון קאַפּיטאַליזם, האָבען אויף אַזאַ אופן אין אַ געוויסער מאָס פערגיכערט און פערטיעפט דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע, מיטגעהאָלפען דער פערשאַרפונג פון די סאָציאַלע היפוכים און נישט-ווילענדיג מיטגעהאָלפען דער ענטוויקלונג פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס דאַרף ווערען דער קרבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

דער פּראָלעטאַריאַט איז דעמאָלט אָבער נאָך נישט געווען קיין קלאַס אין׳ם פולען זין פון וואָרט. דאָס זענען געווען גרויסע מענשען-מאַסען, אָנגעזאַפּט מיט אַ טיעפער אונצופריעדענקייט, מיט אַ שטאַרקען פּראָטעסט געגען דער הערשענדיגער וועלט. אָבער דער פּראָטעסט האָט נאָך נישט געפונען זיין געזעלשאַפטליכע פאָרם, די אונצופריעדענקייט איז געווען נישט-אָרגאַניזירט.

אין די איינצעלנע ווערקשטאַטען און פאַבריקען איז געוואַקסען דאָס געפיהל פון האַס געגען די אונטערדריקער און עס איז אָנגעוואַקסען דאָס געפיהל פון סאָציאַלער אַחדות פון אַלע אונטערדריקטע. די פערזענליכע געפיהלען פון האַס און פּראָטעסט האָבען אָנגעהויבען בהדרגה פערוואַנדעלט צו ווערען אין אַ קלאָרען פּאָליטישען קלאַסען-בעוואוסטזיין. די איינצעלנע אַקטען פון נקמה און קנאָה האָבען זיך אָנגעהויבען צונויפגיסען אין אַנ׳אָרגאַניזירטען קאַמף פון אַ קלאַס, וואָס פערשטעהט זיינע היסטאָרישע ציעלען, כוחות און וועגען פון זייער פערווירקליכונג.

עס פערשטעהט זיך, אַז יענע עלעמענטען פונ׳ם מערב-יודענטום, וואָס האָבען נישט געקאָנט און נישט געוואָלט זיך בעטייליגען אין דער רעש׳דיגער יאָגעניש נאָך רייכטום און ריוח, די יחידים, אין וועמען ס׳האָבען געלעבט די אידעאָלאָגישע און עטישע קאַמף-טראַדיציעס פון דער פערגאַנגענהייט, די אַלע האָבען זיך געמוזט ווענדען אַהין, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַמף געגען דער נייער קנעכטשאַפט. און די בעסטע אינטעלעקטועלע כוחות פונ׳ם מערב-יודענטום האָבען זיך געשטעלט אין די ערשטע רייהען פונ׳ם סאָציאַליסטישען חיל. פריי פון די נישט-אויסגעלעבטע רעשטען פונ׳ם אייראָפּעאישען פעאָדאַליזם, פון דער פאַר-קאַפּיטאַליסטיש-מיטעלאַלטערליכער ירושה, האָט דער פרייהייטס-דורשט, וואָס איז פון דורות אָנגעקליבען, געטראָגען דעם יוד-אינטעליגענט אין די רייהען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט. ער האָט אָנגעהויבען וועקען די אונבעוואוסטזיניגע, צונויפקלייבען די אויפגעוואַכטע, פיהרען אין קאַמף די אָרגאַניזירטע, בעפרוכפערן דעם געדאַנק און דעם ווילען פונ׳ם אַרבייטער-קלאַס.

און היסטאָריש בלינד זענען די, וואָס מיינען, אַז ס׳איז אַ פּשוט׳ער צופאַל, וואָס ביים וויעג פונ׳ם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל שטעהען צוויי יודען-העלדען פון טהאַט און געדאַנק: לאַסאַל — דער וועקער און אָרגאַניזאַטאָר

## דער יודישער פראָלעטאַריער.

פון דער דייטשער אַרבייטער-בעוועגונג, און מאַרקס — דער שעפער פונ'ם גרויסען אידעאָלאָגישען און פּאָליטישען בנין פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם.

II

אין פערדינאַנד לאַסאַל איז פערקערפערט אַ שטיק יודישע געשיכטע. ער איז אַ יודישע קוויט, וואָס האָט זיך ברייט פונאַנדערגעבליהט אויף דער דייטשער ערד.

פון קינדהייט אָן איז זיין נשמה פול מיט שטורמישע משיח-שטימונגען און העראָאישע שטרעבונגען. ער פיהלט אין זיך דעם כח פון יענע אויסדערוועהלטע, וואָס פיהרען די מאַסע צו ליכטיגע ציעלען, אין „דאָס פערשפּראָכענע לאַנד"...

יהושע, דוד אלראי, שבתי צבי, פערדינאַנד לאַסאַל — דאָס זענען אַלץ פערזענליכקייטען פון איין מין און פון איין שניט. פון זיי ברענט דער הייליגער דורשט נאָך גרויסע בעפרייענדיגע מעשים, — יעדער אין די ראַהמען פון זיין עפּאָכע.

דער יונגער לאַסאַל טרוימט: ער וועט בעפרייען דאָס יודישע פאָלק און אויפ'ן וועג פון גלענצענדיגע נצחונות איהם פיהרען קיין ציון.

לאַסאַל ווערט עלטער, ער מוז פיהרען דאָס פאָלק צו פרייהייט און ליכט.— אָבער וועמען פיהרען? די פראַנקפורטער יודישע באַנקירען אָדער די בערלינער בערזען-מעקלערס? ניין, די וועלען זיך אין-ערגעץ נישט לאָזען פיהרען. אונטער די הויפענס גאָלד איז ביי זיי אויסגעלאָשען געוואָרען יעדער פונק פונ'ם משיח-גלויבען.

לאַסאַל פיהלט דאָס, ער ברענט פון כעס און פערצווייפלונג: „אַ וואָרעם, ווען מען טרעט איהם מיט די פיס, דרעהט זיך פון וועהטאָג, אָבער דאָס יודישע פאָלק, מיין פאָלק, בויגט נאָך נידריגער דעם רוקען אונטער די קלעפּ".

ניין, אַזאַ פאָלק קאָן מען נישט פיהרען אין „דאָס פערשפּראָכענע לאַנד". אַזאַ פאָלק איז אויך נישט פעהיג זיך אַקטיוו צו בעטייליגען אינ'ם קאַמף פאַר דער וועלט-בעפרייאונג. די וועלט-בעפרייאונג מוז קומען צו איהם פון-דרויסען.— לאַסאַל זוכט מיט בענקעניש דעם אַוואַנגאַרד, וועלכען מען קאָן אָנפיהרען אין דעם קאַמף, וואָס דאַרף בעפרייען די וועלט און מיט איהר אויך זיין פאָלק, זיין פערשקלאַפט, פערשוועכט פאָלק... און דעם אַוואַנגאַרד האָט לאַסאַל מיט זיין נביא'ישער זיכערקייט געפונען אינ'ם אַרבייטער-קלאַס.

לאַסאַל שאַפט די מעכטיגסטע אָרגאַניזאַציע פונ'ם פּראָליטאַרישען אינטערנאַציאָנאַל. זיין וועג איז דער וועג פון טריאומף; יעדע בעוועגונג זיינע — אַ

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

היסטאָרישער אַקט; יעדעס וואָרט—דער אָנזאָג פון אַ נצחון. אַרום זיין פּאָהן קלייבט ער צונויף די אָבגעזונדערטע טיילען פונ׳ם דייטשען אַרבייטער-קלאַס. אין דער פּערזענליכקייט פון לאַסאַל, דעם פיהרער, איז דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט צום ערשטען מאָל געקומען צום בעוואוסטזיין פון זיין גרויסען פּאָליטישען כח. און מיט אַ וואונדערבאַרער קראַפט קריסטאַליזירט זיך אַרום איהם אין דער קורצסטער צייט דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט, אַלס פּאָליטישע איינהייט.

אויף אַרבייטער-פערזאַמלונגען, אויפ׳ן באַנק פון די אָנגעקלאָגטע אין געריכט, ביי פערהאַנדלונגען, — אומעטום און שטענדיג רעדט לאַסאַל מיט דער שטאָלצער שפּראַך פון דעם אויסדערוועהלטען, מיט דער שפּראַך פון אַ גרויסען כח, וואָס איז געקומען צום היסטאָרישען זעלבסטבעוואוסטזיין.

לאַסאַל חנפ׳עט קיינעם נישט — נישט דעם שטאַרקען, און נישט דעם שוואַכען. ער ווערט קיינמאָל נישט בטל אין דער מאַסע, שטענדיג איז ער דער פולער בעל-הבית איבער זיך. אין אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען קלינגט דער שטאָלצער לייט-מאָטיוו: „איך!“ — איך און דער פּראָלעטאַריאַט! איך און דאָס יונגע דייטשלאַנד! איך און ביסמאַרק!...

פעראַנטוואָרטליך איז ער נור פאַר זיין אייגענעם געוויסען, זיין פייערדיגער פּאַטאָס מאַכט אונמעגליך יעדע געגנערשאַפט און צעטיילונג פון די פּראָלעטאַרישע רייהען. געגען לאַסאַל׳ען איז אונמעגליך אַן אָפּאָזיציע — דען ער איז דער פיהרער פון גאָטס גענאָד, דער דיקטאַטאָר-בעפרייער.

אין לאַסאַל ברענט דאָס גרויסע פייער פון היסטאָרישער שאַפונג. פון דער יוגענד אָן פיהלט ער אין זיך דעם כח פון אַ פאָלקס-בעפרייער. נאָר זיין אייגען פאָלק בעפרייען האָט ער נישט געקאָנט — ער האָט פּשוט אַזאַ פאָלק פאַר זיך נישט געהאַט. פיהרט ער צו פרייהייט דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט. דאָס קאָן אָבער נישט בעפריעדיגען אינגאַנצען לאַסאַל׳ס שעפערישע כּוחות: וואַרפט ער זיך אין אַלע זייטען — ער איז אַ געלעהרטער, פילאָזאָף, דראַמאַטורג, יוריסט, פּובליציסט, פּאָליטיקער. נאָר דאָס אַלץ איז איהם ווייניג — עס שטילט נישט דעם מעכטיגען שאַפונגס-דראַנג.

איבערמענשליכע כּוחות טרייבען איהם אויף אַלע וועגען פון טהון, דענקען און פיהלען, ער וואַרפט זיך אויף דאָס גרויסע און קליינע. די אינעווייניגסטע נישט-בעפריעדענקייט רופט-אַרויס ביי איהם אַ טיעפע אונרוה, מישט-אַריין אין זיינע איבערלעבונגען דעם גיפט פון פערזענליכען אַוואַנטוריזם, טרייבט איהם פריהצייטיג אין קבר אַריין...

נישט-קוקענדיג אויף דער אָרגאַנישער צונויפגעבונדענקייט פון זיין גייסט מיט די יודישע וואָרצלען און יודישע פרייהייטס-חלומות, איז לאַסאַל „אַוועקגעגאַנגען“ פונ׳ם יודישען פאָלק, האָט געמוזט אַוועקגעהן. דער סאָציאַליסטישער קעמפער וואָלט געמוזט דערשטיקט ווערען אין די ענגע, פינסטערע גהעטאָ-מוי-

ערן. לאַסאַל׳ס אַנטלויפען פון׳ם אַלטען גהעטאָ איז געווען פסיכאָלאָגיש און היסטאָריש אונפערמיידליך: דאָס יודישע פאָלק האָט צו יענער צייט נאָך נישט געהאַט קיין סאָציאַליסטישען חיל, האָט איהם לאַסאַל געפונען ביים דייטשען פאָלק. זיך נישט פערדעקענדיג מיט קאָסמאָפאָליטישע פחדנות׳דיגע פראַזען, האָט ער זיך געשטעלט בראש פון׳ם דייטשען אַוואַנגאַרד.

דאָס איז אין דער אייגענער צייט דאָס גרויסע נאַציאָנאַלע און אינטער-נאַציאָנאַלע פערדיענסט פון לאַסאַל׳ען.

לאַסאַל, דער סאָציאַליסט, האָט אַריינגעשריבען איינע פון די גלענצענדע זייטען אי אין דער נייער געשיכטע פון׳ם יודישען פאָלק, אי אין דער וועלט-געשיכטע פון׳ם אינטערנאַציאָנאַלען קאַמף פאַר סאָציאַלער פרייהייט און פעלקער-שלום...

# III

דער פראָלעטאַריאַט איז אַרויסגעטרעטען אויף דער וועלט-אַרענע מיט דער כונה אַראָבצוריסען דעם גאַנצען אַלטען וועלט-בנין און אויפצובויען אויף זיין אָרט אַ נייעם. כדי צו פערניכטען די אַלטע וועלט, צונויפגעפלאָכטען פון קנעכט-שאַפט און הערשאַפט, האָט דער פראָלעטאַריאַט בעדאַרפט קודם-כל, וועניגסטענס אין אַלגעמיינע שטריכען, אָנצונעהמען דעם פּלאַן פון צוקונפטיגען פרייען סאָ-ציאַלען בנין.

איינצעלנע שטריכען און גאַנצע טיילען פון אָט דעם אַרכיטעקטאָר-פּלאַן זענען געווען פונאַנדערגעוואָרפען ביי פערשיעדענע פעלקער. זיי זענען הוך דעם געווען ענג פערבונדען מיט׳ן אַלטען סאָציאַלען סדר. און עס איז נויטווענדיג געווען צו פעראייניגען אין זיך דעם געניאַלען קריטישען אַנאַליז פון דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג מיט׳ן געניאַלען אינטואיטיווען סינטעז און פּראָרויס-זעהן דאָס קומענדיגע, כדי צו בעשאַפען דעם גרויסען צוקונפט-פּלאַן. דאָס האָט פערלאַנגט אַנ׳אונגעהייער מעכטיגען און רייכען אינטעלעקט, אַ געניאַלע פערזענ-ליכקייט, וואָס פעראייניגט אין זיך דעם געלעהרטען און רעוואָלוציאָנער, דעם פילאָזאָף און נביא, — און ווידער איז דער גאון געקומען פון׳ם אַלטען גהעטאָ.

קאַרל מאַרקס — איז אַ קינד פון אונטערדריקטסטען פאָלק, אַנ׳איי-ניקעל פון תלמידי-חכמים. אין זיין מוח זענען אָנגעקליבען אוצרות פון רעוואָלו-ציאָנערע געדאַנקען וועגען גוטס און בייז. אין זיין גייסט זענען קאָנצענטרירט טויזענדיאָהריגע כוואַליעס פון פראָטעסט און שנאה געגען פערשיעדענע פאָרמען פון קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג. אין זיין נשמה פלאַקערט דאָס טויזענדיאָה-ריגע פייער פון וועלט-היסטאָרישען פאַטאָס, וואָס צעשטערט שטענדיג דאָס אַלטע און בויט דאָס נייע.

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

קאַרל מאַרקס איז אַ רינג פון יענער גרויסער היסטאָרישער קייט פון גאוניםֿ, פון די, וואָס שאַפען געטער און צעשטערען געטער, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט שטענדיג אַרויסגערוקט פון זיך אין מאָמענטען פון גרויסע היסטאָרישע איבערקעהרעניש און וועלט-קריזיסען.

אויף אַלע וויכטיגסטע עטאַפּען פון׳ם וועג, וואָס פיהרט פון די געטער דורך דעם גאָט צום פרייען מענשען, געפינען מיר איהם, דעם יודישען גאון.

די אוראַלטע וועלט פון מענשען-יחידים, מענשען-אַטאָמען, וואָס זענען נאָך נישט געווען צונויפגעבונדען דורך דעם געדיכטען נעץ פון סאָציאַלער מיטאַרבייטערשאַפט, איז געשטאַנען אין אַ גייסטיגער אונבעהאָלפענקייט פאַר דער געהיימניספולער וועלט, וואָס איז אַזוי רייך אין פאָרמען און ערשיינונגען. האָט זיך דער גייסט געניויטיגט אין אַזאַ בעגריף און פאָרשטעלונג, וואָס זאָל אין זיך פעראייניגען די גאַנצע וועלט און סימבאָליזירען זיין איינהייטליכקייט. ס׳האָט געמוזט בעשאַפען ווערען דער איין-איינציגער גאָט, דער מאָנאָטעאיזם.

האָט איהם בעשאַפען דער לעגענדאַרישער משה, די פערקערפערונג פון׳ם קליינעם יודישען וואַנדער-פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגעלט דורך מעכטיגע פיינדליכע פעלקער מיט זייערע הונדערטער געטער און געצען. ער האָט גובר געווען דעם פעטישיזם פון פיעל-געטעריי, פון דער וועלט-צעריסענקייט און האָט בעשאַפען דעם גרויסען גאָט-סימבאָל, וואָס איז איינהייטליך אין זיין קאָסמישער גאַנצקייט און צוויי-איינהייטליך אין זיין סאָציאַל-אָרגאַניזירענדיגער פונקציע: ער איז דער גאָט פון נקמה, וואָס שטראָפט פאַר בייז, און דער אל-רחמים, וואָס בעפריעדיגט פאַר גוטס...

בעת די קולטור-וועלט איז שפּעטער אַריינגעטראָטען אין אַ תקופה פון אָנקלייבען כוחות פאַר די קומענדיגע שאַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטען, ווען די ברייטע פאָלקס-מאַסען האָבען אין פיין און נויט געדאַרפט בעשאַפען די רייכטימער פאַר די קומענדיגע פרייע דורות און די פאָלקס-קנעכטשאַפט האָט געהאַט איהר היסטאָרישע בערעכטיגונג, דעמאָלט איז דער גאָט פון נקמה אין קאַמף מיט דעם בייזען געוואָרען געפעהרליך פאַר דער געזעלשאַפט. דער פּראָצעס פון אָנקלייבען נייע סאָציאַלע כוחות און היסטאָרישע מעגליכקייטען האָט אַרויסגערוקט אויף׳ן אָרט פון׳ם גאָט, וואָס שטראָפט פאַר דאָס שלעכטס, אַ גאָט, וואָס איז פול מיט אונטערטעניגקייט און הכנעה, וואָס פיהרט נישט קיין קאַמף געגען דעם שלעכטס פון דער וועלט, אַ גאָט פון אַיינשלעפערנדיגע הבטחות און וועקסלען אויף יענער וועלט, אויף׳ן הימעל.

די פערשקלאַפטע ליידענדיגע וועלט האָט זיך גענויטיגט אין אַ גאָט, וואָס זאָל איהר פערלייכטערן דעם פיין, ליידענדיג מיט איהר צוזאַמען. האָט יהושוע דער נאַזאַריייער דורך זיין לעבען און טויט געגעבען דער וועלט

פון די הערשער דעם גאָט פאַר די קנעכט...

עס ציהען זיך דורות. די אַלטע פעטישען האָבען ערפילט זייערע אָרגאַניזירענדיגע פונקציעס. די אַטאָמען-יחידים וואַקסען זיך אַלץ שטאַרקער און פעסטער צונויף אין מעכטיגע סאָציאַלע אָרגאַניזמען. דער גאָט פון רחמנות ווערט אינגאַנצען דער כלי-זין פון קנעכטשאַפט, וואָס שטערט די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט: ס׳וואַקסט אַלץ מעהר די נויטווענדיגקייט אַראָבצוואַרפען די געטער, וואָס שטעהען איבער דער וועלט און אויסער דער וועלט. איז געקומען דער גרעסטער גאָט-צעשטערער, ברוך שפינאָזאַ, און האָט צעשטערט אַלע געטער: גאָט איז אַלץ, גאָט איז גאָרנישט, גאָט איז אומעטום, גאָט איז ערגעץ ניט. און ווילסטו איהם זוכען, וועסטו איהם געפינען נור אינ׳ם מענשליכען שׂכל, אינ׳ם מעכטיגען פערשטאַנד פון דער דענקענדיגער פערזענליכקייט...

און ווייטער ציהען זיך דורות פון קאַמף. די וועלט פון הערשער און קנעכט איז שוין אַריבערגעשריטען איהר העכסטע מדרגה. די וועלט איז פול מיט גרויסע מעגליכקייטען, שענע האָפנונגען און טיעפע פאָרגעפיהלען. די וועלט זוכט איהר מעכטיגען בעפרייער. אַ יחיד קאָן דאָס נישט זיין: עס קאָן נור זיין די קאָלעקטיווע פערזענליכקייט, דער סאָציאַלער קלאַס, וואָס בעשאַפט די נייע וועלט און וועט זי בעפרייען פון דער אַלטער קנעכטשאַפט. די געבורט פון אָט דער קאָלעקטיווער פערזענליכקייט, פונ׳ם פרייען מענשליכען כלל אינ׳ם גייסט פונ׳ם גאונ׳ישען יחיד איז בלי-ספק איינע פון די העכסטע אַנטפּלעקונגען פונ׳ם שעפערישען גייסט. כדי דאָס צו דערגרייכען, האָט מען געמוזט קודם-כל אַריבערטראָגען דעם צענטר פון די גאָט-זוכענישען פון יענעם אַלגעמיין-קאָסמישען אַלוועלטליכען געביעט, אויף וועלכען זיי האָבען זיך ביז-איצט בעוועגט, אינ׳ם געביעט פון די ריין מענשליכע, סאָציאַלע בעציהונגען, קאָנצענטרירען דעם גאַנצען אידעען-פּאַטאָס אויף נייע סאָציאַלע און פּאָליטישע אַנטפּלעקונגען. דער „פאַר-היסטאָרישער“ פּעריאָד פון דער מענשליכער ענטוויקלונג איז פערענדיגט. ס׳דאַרף אויפהערען די הערשאַפט פון דער אויסערליכער נויטווענדיגקייט. די מענשהייט מוז איבערגעהן צו אינעוועניגסטער פרייהייט, צו דער הערשאַפט פונ׳ם פרייען מענשען איבער דער אויסערליכער וועלט פון נויטווענדיגקייטען...

דער נביא פון אָט דער גרעסטער איבערקעהרעניש אין דער וועלט-געשיכטע, דער אַנטפּלעקער פון דעם נייעם מענשען פונ׳ם קאָלעקטיווען וועלט-בעפרייער איז — קאַרל מאַרקס.

מאַרקס דער קעמפער האָט גובר געווען דעם פעטיש פון נישט-קעמפען געגען דאָס בייז. מאַרקס דער געלעהרטער האָט אויפגעדעקט און צעשטערט דעם פעטיש פונ׳ם קאַפּיטאַליסטישען סחורה-אויסבייט. מאַרקס דער אַנאַליטיקער האָט בעפרייט דאָס יונגע לעבענספעהיגע „זיין“ פון די פערזשאַווערטע קייטען פונ׳ם אַלטען „בעוואוסטזיין“. מאַרקס דער סינטעטיקער האָט בעוויזען דעם נייעם קעמ־

פענדיגען בעוואוסטזיין די מיטלען און וועגען וואָס גיכער גובר־צו־זיין דאָס אַל־טע פערשימעלטע „זיין‟. מאַרקס דער רעוואָלוציאָנער האָט גערופען דעם פראָ־לעטאַריאַט צום קלאַסען־קאַמף, וואָס פיהרט צום אייביגען פעלקער־שלום.

פונ׳ם מאַטעריאַלען אינטערעס פונ׳ם אַרבייטער־יחיד ביז צו די העכסטע קול־ערעלע לעבענס־פאָרמען פון דער פעראייניגטער מענשהייט האָט דער שעפע־רישער גייסט פון מאַרקס געצויגען די אויסגעהאַלטען־איינהייטליכע ענטוויקלונגס־ליני. און זיין נביא׳ישער פאַטאָס, פערשטאַרקט דורך דער אייזערנער דיסציפ־לין פון זיין מעכטיגער לאָגיק, פיהרט און טרייבט דעם קעמפענדיגען פראָלעטאַ־ריאַט אויף די ברייטע וועגען פון וועלט־בעפרייאונג...

# IV

מאַרקס איז אַוועקגעגאַנגען פונ׳ם יודישען פאָלק? ניין, ער האָט זיך צו איהם פשוט נישט צוריקגעקעהרט. צי האָט ער געקאָנט נישט אַוועקגעהן? צי האָט ער געקאָנט צוריקקומען פונקט אַזוי — ווי לאַסאַל?... מאַרקס קאָן זיך אָבער נישט בעגנוגענען מיט דעם געדאַנק, אַז ער טהוט עפּיס, ווייל ער מוז, ווייל אַנדערש קאָן ער נישט. ער טהוט שטענדיג, ווייל ער וויל, ווייל ער ווייס. ער איז נישט פון דער מחנה, וואָס געהט־אַוועק פונ׳ם יודענטום מיט אַ לייכט הארץ און ריינעם געוויסען, פחדנות׳דיג פערמאַכענדיג די אויגען און דעם מוח פאַר דאָס יודישע פּראָבלעם. מאַרקס קאָן נישט אַוועקגעהן, פערענטפערן די פראַגע פאַר זיך, נישט־געבענדיג קיין אַלגעמיינעם ענטפער אויף דער גאַנצער פראַגע פאַר אַלעמען. און ער גיט זיין ענטפער.

וואָס איז אַזוינס דאָס „יודענטום‟ פון מאַרקס? — אַ גייסטיג בילד פונ׳ם מערב־יודענטום, וואָס לויפט בראש פונ׳ם אַלוועלטליכען קאַפּיטאַליזם, דאָס יודענ־טום איז דער טרייבענדיגער גייסט פונ׳ם קאַפּיטאַליזם, זיין קווינט־עסענץ.

„וואָס איז דער וועלטליכער יסוד פונ׳ם יודענטום? — דאָס פּראַקטישע בעדערפעניש, דער אייגענער נוצען.

וואָס איז דער ערדישער קולט פונ׳ם יוד? — דאָס וואָכער־געשעפט.

וואָס איז אַנ׳ערדישער גאָט? — דאָס געלד...

אויסגעצייכענט! דערפאַר וואָלט געווען די עמאַנסיפּאַציע פונ׳ם וואָכער־געשעפט, פון געלד, ד. ה. פונ׳ם פּאַקטישען רעאַלען יודענטום, אויך די זעלבסט־עמאַנסיפּאַציע פון אונזער געזעלשאַפט‟...

דער מעכטיגער האַס געגען דאָס קאַפּיטאַליסטישע יודענטום און געגען זיין רעליגיעזען פּרצוף, וואָס האָט אין זיך אַיינגעזאַפּט די קווינט־עסענץ פונ׳ם קאַפּיטאַליסטישען גייסט, אָט דער האַס איז ביי מאַרקס׳ן אַ פּראָדוקט פון

יענער טיפעסטער צונויפגעבונדענקייט מיט'ן יודישען פאָלק, פון וועלכער עס וואַקסט-אַרויס ביי אַנדערע בעדינגונגען די שטאַרקסטע ליעבע.

אין די לעבענס-תנאים און ענטוויקלונגס-מעגליכקייטען פונ'ם מערב-יודענטום האָט מאַרקס נישט געזעהן קיין אָביעקטיווע וועגען, וואָס פיהרען צו אַ פּאָזי-טיווער פערענטפערונג פונ'ם כלל-פּראָבלעם. דערפאַר האָט דאָס לעבען איהם בעוויזען אַסך וועגען, וואָס העלפען דעם יחיד—נעגאַטיוו גובר-זיין דאָס יודענטום, אַלס אָביעקטיווע איבערלעבונג, אַלס אַ בעשטימטע גייסטיגע— אַמאָל אַ מעלה— אָפּט אַ חסרון, און צייטענווייז גאָר אונגליק—פונ'ם יחיד...

שאַפט זיך מאַרקס פון די צעבראָקעלטע עלעמענטען פון דער ווירקליכ-קייט—זיין גייסטיגען פּרצוף פונ'ם יודענטום געגנוי לויט'ן בילד פון זיין דם-שונא, לויט'ן שניט און מוסטער פונ'ם קאַפּיטאַליזם. די העכסטע אויפגאַבע פון זיין לעבען איז געווען— גובר-זיין דעם קאַפּיטאַליזם: זיין מערב-יודישער וועהטאָג האָט איהם געטריעבען גובר-צו-זיין דאָס יודענטום אַלס גייסטיגע טרייב-קראַפט פונ'ם קאַפּיטאַליזם. אויף אַזאַ אופן פלעכט-זיך-דורך מאַרקס' לעבענס-אויפגאַבע מיט זיין ענטפער אויף דער יודען-פראַגע. דער קאַפּיטאַליזם און דאָס יודענטום זענען—דער גוף און די נשמה. די פערניכטונג פונ'ם גוף איז—די „בעפרייאונג" פון דער נשמה. „די עמאַנסיפּאַציע פונ'ם יודענטום איז — די וועלט-עמאַנסי-פּאַציע פונ'ם יודענטום".

אַ כאַראַקטעריסטישע אַנאַלאָגיע: געגנוי לויט דעמזעלביגען מעטאָד פער ענטפערט די יודישע פראַגע אַ דענקער פון גאָר אַנ'אַנדער שיטה— אָטאָ ווייניגער. פאַר די אַסימילאַציאָנס-דורשטיגע עלעמענטען פונ'ם יודישען פאָלק אין אַלע צייטען, אין אַלע לענדער און פון אַלע וועלט-אויפפאַסונגען — איז דאָס יו-דענטום נישט אַ לעבעדיגער קאָלעקטיווער אָרגאַניזם, נאָר אַ בעשטימטע גייסטיגע אייגענשאַפט פונ'ם יחיד, וואָס איז קודם-כל אַ מניעה זיך צונויפגיסען מיט דער אַרומיגער מעהרהייט. כדי גובר-צו-זיין אָט דידאָזיגע מניעה, קאָנ-סטרואירט זיך אָטאָ ווייניגער אויך זיין יודענטום און אויך ווי מאַרקס לויט'ן שניט און מוסטער פון זיין סימבאָל פונ'ם וועלט-בייז.

## V

געוויס האָט מאַרקס' אויפפאַסונג פון דער יודען-פראגע געהאַט געוויסע וואָרצלען אין די בעדינגונגען פונ'ם אַרומיגען לעבען. קודם-כל אין דער ענט-וויקלונג פונ'ם מערב-אייראָפּעאישען סאָציאַליזם. די אַרבייטער-בעוועגונג האָט זיך שטענדיג גענויטיגט אין אינטעליגענטע כוחות, וואָס זאָלען זי בעדיענען, און גראָד דאָס יודענטום האָט דעם סאָציאַליזם— ווי בכלל דעם גאַנצען אינטע-

# דער יודישער פּראָלעטאַריער.

לעקטועלען אַרבייט-מאַרק—שטענדיג געגעבען נישט-ווייניג אַזוינע פּוחות. און דער עיקר נור דערפאַר איז מאַרקס׳ קוק אויף דער יודען-פראַגע, וואָס איז בנוגע צום יודישען לעבען גופא שוין אין יענער צייט געווען אַ גראָבער אַנאַכראָניזם, ביז צום היינטיגען טאָג געבליבען דער הערשענדיגער לייט-מאָטיוו אין די בעציהונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע כּמעט אין אַלע לענדער צו דער יודיש-נאַציאָנאַלער בעוועגונג. אַז מען רעכענט זיך איצט אינ׳ם סאָציאַליזם בכלל ווייניג מיט נאַציאָנאַלע פראַגען, קאָן מען בשום-אופן נישט בעהויפּטען. גראָד פערקעהרט! נור בנוגע צו דער יודען-פראַגע איז אַלץ געבליבען ביים אַלטען! און איינע פון די הויפּט-סיבות דערפון איז בלי-ספק די שטאַרקע בעטייליגונג אינ׳ם סאָציאַליזם פון דער אַסימילירטער יודישער אינטעליגענץ, וואָס שטרעבט צוצודעקען דורך אַנ׳אַלגעמיין-אידעאָלאָגישען מאַנטעל איהר אינדיווידועלע נאַציאָנאַלע איבערלויפעריי אינ׳ם לאַגער פון דער אַרומיגער מעהרהייט.

אויב די בעציהונג פון מאַרקס׳ן צו דער יודען-פראַגע קאָן נאָך געפינען פסיכאָלאָגישע ערקלערונגען אין די תּנאים פונ׳ם יודישען לעבען אין יענער צייט, איז די אייגענע בעציהונג פון זיינע אידעאָלאָגישע יורשים אין אונזערע טעג, בעת עס קומען-פאָר אַזוינע טיעפע געזעלשאַפטליך-קולטורעלע און פּאָליטישע בעוועגונגען אין דער סאָציאַל-דיפערענצירטער יודישער נאַציע, — איז אָט די אייגענע בעציהונג נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי אַ טעאָרעטישע פאַר-גרינדונג—און שטענדיג זעהר אַ שוואַכע — פונ׳ם „פּראַקטיש“-אוטיליטאַריסטישען קוק אויף דאָס יודענטום בכלל און אויפ׳ן יודישען סאָציאַליזם בפרט.

אָט האָט למשל איינער פון די טאַלענטפולסטע יורשים, אָטאָ בויער, אָנגעשריבען זעהר אַנ׳אינטערעסאַנט בוך „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די ס.-ד.“— איז דער קאַפּיטעל וועגען דער יודען-פראַגע אַ מוסטער פון לאָגישע, פּאָליטישע און מאָראַלישע ווידערשפּרוכען.

נאָך מעהר כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דער היינטיגער טעאָרעטישער פיהרער פונ׳ם מאַרקסיזם קאַרל קאַאוטסקי האָט אין זיין לעצטער אָבשאַצונג פון דער יודען-פראַגע איבערגע׳חזר׳ט מיט אייגענע ווערטער מאַרקס׳ געדאַנקען און דערביי אינגאַנצען אויפגעדעקט זייער שמאָל-אוטיליטאַריסטישען אינהאַלט:

„די יודען זענען אַ פּראָגרעסיווער עלעמענט, דאָס יודענטום אָבער— אַ רעאַקציאָנערע“ (קאַאוטסקי „ראַסע און יודענטום“ 1917). פּשוט גערעדט: בעטייליגען זיך די יודען אַלס יחידים אין די אַלגעמיינע, ד. ה. הערשענדיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, זענען זיי נוצליך; בעטייליגען זיי זיך אָבער אין אַ יודיש-נאַציאָנאַלער אָדער יודיש-סאָציאַליסטישער בעוועגונג, זענען זיי—שעדליך... פאַר דער נאַציאָנאַלער מעהרהייט.—אַלע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען זענען פּראָגרעסיוו, די יודישע איז—מיטעלאַלטער; — „אַזוי לאַנג ווי דאָס יודענטום עקזיסטירט אין אונזער סביבה, זענען מיר נאָך נישט אַרויס אינגאַנצען פונ׳ם מיטעלאַלטער,

און וואָס גיכער זיי וועלען פערשווינדען, אַלץ בעסער איז פאַר דער געזעלשאַפט און פאַר די יודען גופא"... (קאַוטסקי).

דאָס מיאוס'ע „זיין" פון דער יודישער אַסימילאַציע האָט נישט געקאָנט אַרויסרופען קיין שענערען „בעוואוסטזיין", ווי אַ האַרבען טויט-אורטייל פאַר דער יודישער נאַציע.

דער קאַמף פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט פאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער בעפרייאונג פונ'ם יודישען פאָלק וועט אויך דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם בעפרייען פונ'ם גרויסען אידעאָלאָגישען ליגען בנוגע צו דער יודישער נאַציע און פון דער גרויסער מאָראַלישער אונגערעכטיגקייט בנוגע צום יודישען סאָציאַליזם...



NIEL.

# די ציוניסטישע סעקטע און די אַרבייטער-בעוועגונג.

ביי אַלע פעלקער, בעזונדערס ביי די אונטערדריקטע נאַציעס, פערנעהמען די בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטישע פאַרטייען אַ גרויסען אָרט.

די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע מלוכה איז בכלל געבויט אויף אונטערדריקונג פון קלאַסען, און ווען אַזאַ מלוכה איז בעוואוינט מיט פערשיעדענע נאַציעס, קומט דאָרט נאָך צו דער דרוק אויף די שוואַכערע נאַציעס, וואָס מיר רופען אָן נאַציאָנאַלער דרוק.

דער נאַציאָנאַלער דרוק שאַפט ביי יעדען פאָלק אַ גינסטיגען באָדען, אויף וועלכען די בורזשואַזיע בויט איהר שאָוויניסטיש-אַנטידעמאָקראַטישען טעמפּעל, וואוהין זי רופט די אַרבייטער-מאַסען און בכלל די פאָלקס-מאַסען צו פערגעסען זייערע קלאַסען-אינטערעסען, אַוועקוואַרפען זייער קלאַסען-פּאָליטיק און זיך אָפּפערן פאַר'ן גאָט פון נאַציאָנאַלער אַחדות.

די בורזשואַזיע נוצט-אויס דעם נאַציאָנאַלען דרוק, וועלכער שאַפט בעדינגונגען פאַר פערהייליגען יענע פערגאַנגענהייט, ווען די איצט אונטערגעדריקטע נאַציע האָט געפיהרט אַ מעהר אָדער וועניגער פריי און זעלבשטענדיג לעבען, און זעהט צו פערגעטערן די אָבגעשטאַנענע און פערגליווערטע פאָרמען פון

דערדאָזיגער פערגאַנגענהייט, צו וועלכער זי לאָזט נישט זיך צוצוריהרען, כדי אַזוי-אַרום אויסצונוצען די פאָלקס-מאַסען פאַר איהרע אייגענע, בורזשואַזע, קלאַסען-אינטערעסען.

די בורזשואַזיע זעהט שטענדיג צו פערדעקען זיך מיט אַ נאַציאָנאַלער שירמע, כדי אַזוי-אַרום אָבווענדען דעם פראָלעטאַריאַט פון די געגענזעצליכע אינטערעסען זייערע און אָבציהען דעם אַרבייטער-קלאַס פון׳ם בעפרייאונגס-קאַמף, וועלכען ער פיהרט.

אין דער צייט, ווען דער בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם פון די הערשענדיגע נאַציעס לאָזט זיך באַלד און לייכט אָנטאַפּען, ווייל צו-בולט זעהט זיך דאָ אַרויס דער קלאַסען-אונטערשלאַג און די שאָוויניסטישע פּאָליטיק, איז אָבער דער נאַציאָנאַליזם פון די אונטערגעדריקטע נאַציעס מעהרסטענטייל פערדעקט מיט פּריוויליגיעס-לאָזונגען, וואָס גיבען די מעגליכקייט דער בורזשואַזיע מיטצוציהען נאָך זיך די מאַסען און אָפּטמאָל אויך דעם פּראָלעטאַריאַט.

און דורכדעם וואָס דער פּראָלעטאַריאַט ווערט, געגען זיינע קלאַסען-אינטערעסען, אַריינגעצויגען אין קאַמף צווישען די פערשידענע בורזשואַזיעס, ווערט אויף אַ צייט אָבגעשטופּט זיין בעפרייאונג, און די סאָציאַליסטישע אויפקלערונגס-אַרבייט בעגעגענט פיעל שטערונגען, וועלכע פערהאַלטען דעם פּראָצעס פון סאָציאַליסטישען בעוואוסטזיין.

די אַרבייטער-בעוועגונג שטרעבט דורך איהר אויפקלערונגס-אַרבייט צו בעווייזען, אַז נישט אין די אָדער אין יענע פערגליווערטע נאַציאָנאַלע פאָרמען שטעקט דאָס וועזען פון דער נאַציע, נאָר פערקעהרט, די אָבגעשטאַנענע פאָרמען פון דער פערגאַנגענהייט פערהאַלטען און בילדען די אינעווענינגסטע קייטען, וואָס שטערען די פרייע ענטוויקלונג פון דער נאַציע און פערצוימען דעם וועג פאַר איהר פאָרטשריטליכער בעפרייאונג.

די אַלע ערשיינונגען, אין אַזאַ אָדער אין אַנ׳אַנדער פאָרם, אין אַזאַ אָדער אין אַנ׳אַנדער מאָס, קומען-פאָר ביי אַלע פעלקער און די יודישע נאַציע איז אין דערדאָזיגער הינזיכט נישט קיין אויסנאַהם.

צו די אַלגעמיינע בעדינגונגען פון היינטיגען קאַפּיטאַליסטישען לעבען קומען-צו ביי דער יודישער נאַציע אַזעלכע מאָמענטען, וואָס מאַכען די לאַגע פיעל שווערער און פערוויקעלטער. דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג וועט דערפאַר אויסקומען צו פיהרען אַ ביטערען און שווערען קאַמף געגען דעם בורזשואַזען נאַציאָנאַליזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען.

נישט דאָס ערשטע מאָל קומט אונז אויס אָנצוווייזען אויף דעם אייגענאַרטיגען כאַראַקטער פון דער יודישער געזעלשאַפטליכקייט, אויף די אינעווענינגסטע פּראָצעסען, אויף דער פערהעלטעניש פון די כוחות, וואָס ווירקען אין יודישען לעבען, וועלכע האָבען גאָר בעזונדערע אייגענשאַפטען אין פערגלייך מיט די

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

אַרומיגע פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואוינען.

דידאָזיגע אייגענשאַפטען ווייזען זיך בולט אַרויס אין מאָמענטען פון גרויסע קאַמפּען פון אַ היסטאָרישער בעדייטונג.

ווען דאָס לאַנד, וואו מיר וואוינען, לעבט-דורך אַ רעוואָלוציע, וועלכע צעטרייסעלט און רוקט-אַרויס די פערבאָרגענע כּוחות אויף דער געזעלשאַפטליכער אַרענע, דאַן בעווייזט-זיך-ארויס דאָס אייגענאַרטיגע פּנים פון די כּוחות, וואָס ראַנגלען זיך אויף דער יודישער גאַס.

ווען מ'בעטראַכט די יודישע בירגערליכע גרופּעס, וואַרפט זיך אין די אויגען דער שאַרפער ווידערשפּרוך צווישען דעם ראַדיקאַליזם צו אויסען און דעם גוואַלטיגען קאָנסערוואַטיזם צו אינעוועניג, צים יודישען לעבען.

דער יודישער בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט איז אין בעצוג צו דער אַלגעמיינער מלוכה-אָרדנונג אַ פּראָגרעסיסט, שעצט און ענטציקט זיך מיט דער דעמאָקראַטיע אין איהרע פאָרשטעהער; אָבער ווען דערזעלביגער אויסערליכער „ראַדיקאַל" ווענדט זיך צום יודישען לעבען, ווערט ער גאָר אַנדערש, ער ווערט פערוואַנדעלט אין אַנ'עכטען קאָנסערוואַטאָר, טרייבענדיג אַ רעאַקציאָנערע פּאָליטיק.

דערזעלביגער נאַציאָנאַליסט, אַפילו דער עקסטרעמסטער, ווייס, אַז דאָס, וואָס די בורזשואַזיע פון דער הערשענדיגער נאַציע פערוואַנדעלט די אָבגעשטאַנענע און פערגליווערטע פאָרמען פון סאָציאַל-עקאָנאָמישען און פּאָליטיש-קולטורעלען לעבען, וועלכע זענען אַ ירושה פון דער פערגאַנגענהייט, אין הייליגקייטען, צו וועלכע קיינער טאָר זיך נישט צוריהרען, ווייל דורכדעם ווערט כּלומר'שט אונטערגעגראָבען דער יסוד פונ'ם נאַציאָנאַלען קיום, איז נישט מעהר ווי אַ פערטומלען די מוחות פון די מאַסען, וועלכע די בורזשואַזיע וויל אויסנוצען פאַר זיך. און ווען דעם יודישען נאַציאָנאַליסט קומט-אויס אַרויסצוטרעטען געגען דער בורזשואַזיע פון דער הערשענדיגער נאַציע, ווייסט ער שטענדיג אָנווייזען, אַז דערדאָזיגער געדאַנקען-גאַנג איז אַ ריינער אויסדרוק פון זייערע גרופּעס-אינטערעסען.

דאָס איז אָבער בנוגע צו די אומות-העולם און נישט צום יודישען לעבען, ווייל דאָ בעקומט דערזעלביגער נאַציאָנאַליסט גאָר אַנ'אַנדער אויסזעהן, ער בעגעגענט זיך דאָך מיט זיינע קלאַסען-געגנער, וועלכע ער אַליין וויל אויסנוצען אין קאַמף געגען די בורזשואַזע גרופּעס פון אַנדערע פעלקער, און ער ערקלערט אַלס נאַציאָנאַלען פעררעטער יעדען, וואָס וועט וואַגען צו האָבען די דרייסטקייט אָנצוריהרען די אַלטע טראַדיציעס, אַפילו די סאַמע אָבגעשטאַנענסטע, פון וועלכע ער אַליין איז שוין לאַנג ווייט אַוועק אין זיין פּריוואַט-לעבען.

דידאָזיגע טראַדיציעס, ווי געזאָגט, ווערען דורך די נאַציאָנאַליסטען פערוואַנדעלט אין הייליגטימער, צו וועלכע מ'טאָר זיך נישט צוריהרען, ווייל דערמיט וואָלט מען בעגאַנגען אַ נאַציאָנאַלען פעררעט...

דידאָזיגע צוויי־פּנים׳דיגקייט פון די פערשיעדענע נאַציאָנאַליסטען איז ענג פערבונדען מיט זייערע קלאַסען־ און גרופּעס־אינטערעסען, וועלכע דיקטירען זיי אָנצונעהמען צו אויסען אַזאַ שטעלונג און צו אינעווענינ אַנ׳אַנדערע.

אַזאַ מין צוויי־פּנים׳דיגקייט איז כאַראַקטעריסטיש נישט נור פאַר׳ן בירגער־ליכען נאַציאָנאַליסט, נאָר אויך פאַר אַ טייל האַלב־אַסימילירטע אינטעליגענץ, וואָס האַלט פאַר אַ חוב צו אַרבייטען פאַר דער יודישער מאַסע.

אויף דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטליכער אַרענע פערנעהמט דידאָזיגע אינטעליגענץ אַ גאַנץ אויסגעהאַלטענע פּאָזיציע, האָט אַ גענוג פּאָליטישען זין און פּאָליטישען טאַקט אויף פונאַנדערצונעהמען די פערשיעדענע פּאָליטישע שטרעמונגען און זיך האַלטען ביי זייערע דעמאָקראַטישע אָדער סאָציאַליסטישע פּרינציפּען; וויבאַלד אָבער אַזאַ אינטעליגענט קומט אין דער יודישער גאַס, בעגרייפט ער כמעט נישט די שפּאַלטונגען אין דער יודישער געזעלשאַפט און הויבט־אָן נישט־ווילענדיג צו פּרעדיגען כלל־ישראל־פּאָליטיק.

דידאָזיגע גרופּעס—אָהן אונטערשיעד צי האַלב־אַסימילאַטאָרישע אינטעלי־גענץ, אָרטאָדאָקסאַלע און סתם בעל־הבית׳ישע נאַציאָנאַליסטען—זענען דאָך נישט אַזוי שעדליך און געפעהרליך פאַר דער דעמאָקראַטיע, ווייל מיט זיי, מיט דידאָ־זיגע גרופּעס, געהט דער קאַמף אויף דער ליניע פון רעאַלע אינטערעסען און לעבענס־בעדערפענישען.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז די ציוניסטישע סעקטע מיט איהרע פערשיעדענע שאַטירונגען, וואָס פיהרט שוין און וועט אַלץ ווייטער פיהרען אַ ביטערען קאַמף געגען דער דעמאָקראַטיע בכלל און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בפרט. די ציוניסטישע סעקטע שטעלט־פאַר מיט זיך נישט בלויז אַנ׳אַנטידעמאָקראַטישען כח, נאָר אויך אַ רעאַקציאָנערע גרופּע פון גאָר אַ בעזונדערען שניט, וואָס אַנדערע פעלקער ווייסען דערפון נישט.

אונזער געשיכטליך לעבען ביז היינטיגען טאָג האָט בעשאַפען אַ גוואַלטיגען תהום צווישען דער געגענוואַרט און יענער פערגאַנגענהייט, ווען דאָס יודישע פאָלק האָט געלעבט מעהר אָדער וועניגער זעלבשטענדיג, און דער תהום איז צו־טיעף און צו־גרויס, גאַנץ אַנדערש, ווי דאָס איז ביי אַנדערע פעלקער.

דאָס ווערען אַרויסגעריסען פון לאַנד און אַרט לעבען, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט געפיהרט, און ווערענדיג צעשפּרייט אויף נייע ערטער— און פון יע־נער צייט איז שוין פאַריבער אַ קאָלאָסאַלער פעריאָד פון אַ צווייטויזענד־יאָהריגען געשיכטליכען לעבען און ענטוויקלונג אויף די נייע ערטער—דאָס אַלץ האָט געפיהרט דערצו, וואָס ס׳איז געשאַפען געוואָרען אַ באָדען פאַר די ציוניס־טישע לופט־שלעסער, אָברייסענדיג זיך פון דער רעאַלער ווירקליכקייט.

די ציוניסטען, שטרעבענדיג צוזאַמענצוגיסען דעם היינט און די צוקונפט מיט דער גרוי־אַלטער פערגאַנגענהייט פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיגקייט, זענען

ממילא דערפיהרט געוואָרען דערצו, וואָס זיי מוזען אָבלייקענען און אויסמעקען דעם גרעסטען טייל פון אונזער געשיכטע — צוויי טויזענד יאָהר!...

אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, אין דעם גאַנצען געדאַנקען-גאַנג פון דער ציוניסטישער וועלט-אָנשויאונג איז נישטאָ קיין אָרט פאַר די צוויי טויזענד יאָהר, דעם פעראַכטעטען „גלות“.

די ציוניסטען, וועלענדיג די גרוי-אַלטע פערגאַנגענהייט אונמיטעלבאַר צו-זאַמענקייטלען מיט'ן היינט און צוקונפט, מוזען ערקלערען די צוויי טויזענד יאָהר אַלס אַ טרויעריגע געשיכטליכע „מיספערשטענדעניש“. און אָט אַזאַ מין פערשטעהן געשיכטע, אָט אַזאַ וועלט-אָנשויאונג, וועלכע שטיצט זיך נישט אויף דער רעאַלער ווירקליכקייט, האָט בעשאַפען אַ באָדען נישט נור פאַר אַ רעאַקציאָנער-שאָוויניסטי-שער פּאָליטיק, נאָר אויך פאַר אַזאַ פּאָליטיק, וואָס איז אינגאַנצען אָבגעריסען פון לעבען, פון דער קאָנקרעטער ווירקליכקייט.

די אַנדערע גרופּעס, ווי די סתם בעל-הבת'ישע און אָרטאָדאָקסאַלע שיכ-טען, זייענדיג קאָנסערוואַטיוו און פיהרענדיג אַ קלעריקאַלע פּאָליטיק, שטעהען אָבער אויפ'ן באָדען פון רעאַלער ווירקליכקייט, וואָס לאָזט זיי נישט, געטריבען פון זייערע גרופּעס-אינטערעסען, צו הלומ'ען וועגען איבערפעקלען זיך מיט זייער האָב און גוטס פון דער אַלטעגליכער ווירקליכקייט אין פאַנטאַסטישע לופט-שלעסער. פאַר ראָמאַנטישע טרוימערייען פון דער גרויער פערגאַנגענהייט גיבען זיי אַפילו אָב אַ גאַנץ בכבוד'יגען אָרט, האָפענדיג אויף משיח'ן, וואָס וועט זיי אויסלייזען, אָבער די טרוימערייען דיקטירען נישט זייער רעאַלע פּאָליטיק פון וואָכעדיגען לעבען.

די אַרבייטער-בעוועגונג האָט אין דידאָזיגע גרופּעס אַ געגנער, וועלכער לאָזט זיך לייכטער בעקעמפען אויף דעם באָדען פון רעאַלע אינטערעסען, וואָס ווייזען בולט אַרויס די קלאַסען-געגענזאַצען צווישען זיי און דעם פּראָלעטאַריאַט און בכלל צווישען די מאַסען, וועלכע זענען נאָהענט צום אַרבייטער-קלאַס.

די ציוניסטישע סעקטע האָט זיך גאָר אַנ'אַנדער שטייגער פון בעטראַכטען דאָס רעאַלע לעבען. זיי נוצען-אויס די טרויעריגע לאַגע פון געוויסע שיכטען און פלעכטען דאָס אַדורך מיט זייערע ראָמאַנטישע טרוימערייען פון דער גרוי-אַלטער פערגאַנגענהייט מיט אלע זייערע לופט-שלעסער, רופענדיג די מאַסען אין זייער ציוניסטישען טעמפּעל. די ציוניסטען שטרעבען אָבצורייסען די מאַסען פון היינט, פון זייער לעבען, וואָס געהט גאָר אין אַנ'אַנדער ריכטונג, ווי די ציוניסטישע סעקטע שטעלט זיך פאָר. זיי, די ציונים, ווילען די צוקונפט פערבינ-דען מיט'ן גרוי-אַלטען נעכטען, וואָס דורכדעם איז בעשאַפען געוואָרען גאָר אַ בעזונדערע אַרט פון אַ רעאַקציאָנער-שאָוויניסטישער פּאָליטיק.

נעהמען מיר זייער בעציהונג צו דער שפּראַך- און שול-פראגע.

די אָרטאָדאָקסאַלע און סתם בעל-הבת'ישע שיכטען (מיר מיינען נישט די

„תורה-טרייע״) פאָדערן אַ רעליגיעזע שול, וואָס ס׳איז גאַנץ נאַטירליך און פערשטענדליך. זיי בעציהען זיך אָבער נישט פיינדליך צו דער יודישער שפּראַך און ווילען אַפילו פאָדערן, אַז די שפּראַך פון שול זאָל זיין די יודישע—די פּאַקטישע מוטער-שפּראַך פון די מאַסען. זיי ווילען פאָדערן, צו געבען דער שול אַנ׳אינהאַלט לויט די פאָדערונגען פון זייערע אינטערעסען, דעם תכלית-שטאַנדפּונקט אויסגעמישט מיט׳ן רעליגיעזען. דאַגעגען די ציוניסטען קעמפען שוין און ווילען אָנווענדען אַלע כּוחות און אַלע מיטלען, כּדי צו העברעאיזירען די פאָלקס-שול און דעם קינדער-גאָרטען. די יודישע צוקונפט איז דאָך פערבונדען נור מיט דער פערגאַנגענהייט, ווען העברעאיש איז געווען די שפּראַך פון פאָלק — דעריבער מוז העברעאיש ווערען די איינציגע שפּראַך פון פאָלק. און דעריבער מוז אַלץ ווערען צוגעפּאַסט צו דער אויפלעבונג פון העברעאיש. אַז די צוויי טויזענד יאָהר האָבען אויסגעאַרבייט אַ נייע שפּראַך, וואָס איז די מוטער-שפּראַך פון מיליאָנען יודען, און מיט קינסטליכע מיטלען קאָן מען די העברעאישע שפּראַך נישט אויפלעבען און אָנבינדען זי די מאַסען,— עס מוזען זיין דערצו אָביעקטיווע בעדינגונגען,—איז עס דאָך אָבער אַ טרויעריגע געשיכטליכע „מיספערשטענדניס״, וואָס קאָן און טאָר נישט גענומען ווערען אין אַכט.

און מיט שנאה בעקעמפט מען די שפּראַך פון פאָלק. מען אָפּפערט מיט די רעאַלע אינטערעסען צוליעב׳ן העברעאיזירען די פאָלקס-שול, מען פערקריפּעלט די קינדער, אַבי די ציוניסטישע חלומות זאָלען אין מוח אַריין.

דער „א״ און „ת״ פונ׳ם ציוניסטישען פּראָגראַם איז: די צוויי טויזענד יאָהר מוזען אָבגעמעקט ווערען, דאָס לעבען בעדאַרף העברעאיזירט און פּאַלעסטיניזירט ווערען — אָט דאָס איז די רעאַלע פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער סעקטע ביי היינטיגען טאָג!

און מיר זעהען קלאָר, ווי די ציוניסטען פערנעהמען דעם מיטען, אַרום וועלכען ס׳גרופּירען זיך אַלע שאָוויניסטיש-רעאַקציאָנערע עלעמענטען אין דער יודישער גאַס. ס׳איז גענוג אַ קוק צו געבען, וואָס ס׳האָט זיך געטהון און טהוט זיך אין אוקראַינע און אין גרויס-רוסלאַנד אין די קהלות, וואו די ציונים האָבען אַ מעהרהייט. ס׳איז גענוג צו דערמאָהנען דעם קאַמף, וואָס דער ווייט-בלוי-שוואַרצער בלאָק האָט געפיהרט, אום צו פערניכטען די ערקעמפטע אויטאָנאָמיע, וועלכע האָט גענומען בויען דאָס יודישע לעבען נישט לויט׳ן ציוניסטישען דעוויז „העברעאיש און פּאַלעסטינאַ״,—וועט מען זיך איבערצייגען, וואָס פאַר אַ רעאַקציאָנערער עלעמענט עס שטעלט מיט זיך פאָר די ציוניסטישע סעקטע. און ווען מיר גיבען נאָך צו די היגע ציונים, ווערט דאָס בילד נאָך פולער און בולט׳ער, עס דערזעהט-זיך דער כּח, וואָס וועט זיך אַנטקעגענשטעלען דער דעמאָקראַטיזירונג פון אונזער אינעווייניגסט-געזעלשאַפטליך לעבען.

מיט פערשיעדענע דעמאַגאָגישע לאָזונגען, אַז „די יודישקייט איז אין גע-

## דער יודישער פראָלעטאַריער.

פּאַהר", „דאָס יודענטום געהט-אונטער" א. א. וו., און מיט פערשיעדענע פאַנטאַס-טישע פאַלעסטינאַ-פּלענער, געשטיצט אויף פערשיעדענע אימפעריאַליסטישע מלוכה-צוזאָגען, זעהט מען אָבצוציהען די מאַסען פון זייער רעאַלען לעבען.

מען שרעקט דעם סוחר און פאַבריקאַנטעל, דעם קרעמער און בעל-מלאכה מיט פּאָגראָמען און באָיקאָט, און אַז די הערשאַפט פון דער דעמאָקראַטיע ברענגט מיט זיך רואינע פאַר'ן יודישען לעבען,— כדי אַזוי-אַרום אַריינצוציהען די מאַסען אין א „הייליגען" קאַמף געגען דער דעמאָקראַטיע און שלעפּען זיי אין ציוניסטי-שען טעכּפעל פון נאַציאָנאַלער אַחדות, כדי אַזוי-אַרום אויסצונוצען די מאַסען פאַר זייערע ציוניסטישע טרוימערייען.

ס'איז קלאָר, אַז דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג קומט-אויס צו פיהרען אַ שווערען און ביטערען קאַמף פאַר'ן דעמאָקראַטיזירען דאָס אינעווענינסטע יודישען לעבען. און דער קאַמף מוז געהן געגען די אַלע קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען, וועלכע שטערען דער ענטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכען לעבען, און בעזונדערס העפטיג מוז געהן דער קאַמף מיט דער ציוניסטישער סעקטע און איהרע שאַטירונגען.

דאָ, ביי אונז, איז דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען צייטווייליג געפּענטעט און דאָס גיט די מעגליכקייט דעם ווייס-בלוי-שוואַרצען פּראָנט צו בושעווען און טהון וואָס זיי ווילט זיך, אָבער מיר מוזען שוין איצט צוגרייטען די מאַסען דורך אַ ברייטער אויפקלערונגס-אַרבייט, כדי דעם קאַמף וואָס ערפאָלגרייכער צו פיהרען.

מיר מוזען דאָס יודישע לעבען וואָס מעהר פונאַנדערגליעדערן, כדי וואָס קלאָרער צו זעהן די געזעלשאַפטליכע כוחות, וועלכע ווירקען אויף דער יודישער גאַס.

מיר מוזען פיהרען אַ ברייטע אויפקלערונגס-טעטיגקייט און קלאָר אַוועק-שטעלען די אויפגאַבען און ציעלען פון דער יודישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און דורכלדעם בעזייטיגען די שעדליכע ווירקונגען פון די פערשיעדענע פאַנ-טאַסטישע טרוימערייען, וועלכע רייסען-אָב די מאַסען פון רעאַלען לעבען, און אַלס איינע פון די פיעל אויפגאַבען דאַרף זיין — אַ קאַמף געגען דער ציוניסטישער סעקטע מיט אַלע איהרע אָבטיילונגען.

אַ שווערען קאַמף וועט אויסקומען צו פיהרען דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג געגען די פיעל שטערונגען, סיי פון אויסען, סיי פון אינעווייניג; אָבער דער צוקונפטס-אידעאַל, דער סאָציאַליזם, וועט דעם וועג און די מיטלען אָנווייזען, כדי דעם קאַמף ערפאָלגרייכער צו פיהרען.



יעקב לעשצינסקי.

# די קולטור-פראַגע.

## I

איינע פון די טיפסטע טראַגעדיעס פון דער יודישער מאַסע בעשטעהט אין דעם, וואָס זי האָט ביז'ן היינטיגען טאָג נישט געשאַפען די קאַנאַלען, דורך וועלכע זי זאָל קאָנען אויפנעהמען און איבעראַרבייטען די נאַציאָנאַלע און אַלמענשליכע קולטור-אוצרות. מיר פערמאָגען אַ גרויסע און רייכע קולטור-ירושה, וואָס בלייבט ווייט און פרעמד די יודישע מאַסען נור ווייל זי איז אינגאַנצען פערשלאָסען אין אַזעלכע כלים, צו וועלכע די מאַסע האָט קיין שליסלען נישט— אין דער העברעאישער שפּראַך. פאַר אונז ליעגען גוואַלטיג רייכע קולטור-אוצרות פון דער מענשהייט, וועלכע ווערען כמעט אָהן ענדערונגען איבערגעטראָגען און איבערגעפלאַנצט פון איין נאַציאָנאַלער סביבה, אַ רייכערע און אַן עלטערע, אין אַן אַנדערער, אַן אָרימע און יונגערע,—און דידאָזיגע קולטור-עשירות בלייבט אויך פרעמד די יודישע מאַסען, וועלכע האָבען נישט עד-היום קיין צוטריט צו איהר.

מיט וואָס ערקלערט זיך דאָס?

מיר וועלען זיך איצט נישט אָבשטעלען אויף דעם גאַנצען סכום היסטאָרישע און פּאָליטישע סיבות, וואָס האָבען גורם געווען אין דער מאָדנע-משונה'דיגער ערשיינונג, אַז איינע פון די קולטורעלסטע נאַציעס זאָל אינ'ם 19-טען יאָהרהונדערט,—אין יאָהרהונדערט, ווען אפילו ווילדע און האַלב-ווילדע פעלקער האָבען זיך בעהעפט צו ציוויליזאַציע,—אַזוי ווייניג האָבען אויפגעטהון פאַר דער בילדונג פון איהרע מאַסען, אַזוי ווייניג האָבען אויסגענוצט די מאָדערנע קולטור פאַר איהר נאַציאָנאַלען לעבען, פאַר'ן קולטורעלען לעבען פונ'ם כלל, פונ'ם יודישען קבוץ. מיר וועלען נור אָנווייזען, אַז ביי קיינעם קאָן קיין ספק נישט זיין, אַז אין דער דערמאָהנטער ערשיינונג טראָגט אַ גרויסע שולד אונזער שפּראַך-צעריסענקייט, אונזער שפּראַך-הפלגה.

די אַסימילירטע אינטעליגענץ, אויף-וויפיעל זי האָט געאַרבייט אין די ראַהמען פון דער יודישער נאַציע, האָט אין משך פון גאַנצען יאָהרהונדערט געריסען צווייגען פון יודישען בוים, געפליקט בלעטלעך פון די יודישע צווייגען, געהאַלטען אין איין אָברייסען פונ'ם כלל די יחידים, וועלכע האָבען בעקומען בילדונג, די יחידים, וואָס האָבען געהאַט אַ מעגליכקייט זיך אַרויסרייסען פון דער

יודישער סאָציאַלער און קולטורעלער סביבה. דאָס איז געווען לכתחילה אַ ביל־דונג נישט פאַר׳ן כלל, נישט פאַר׳ן יודישען קבוץ, נאָר פאַר איינצעלנע, פאַר אויסדערוועהלטע, און ערשט צום סוף פון 19־טען יאָהרהונדערט פאַר אַ גרויסער סאָציאַלער גרופע—פאַר דער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ. פון צווייטען צד האָט געאַרבייט אַ קליין גרופּקעלע העברעאישע אינטעליגענץ, האָט אָנגעשטרענגט אַלע איהרע כּוחות צו איבערוואַרפען אַ בריק צווישען אונזער היינט און לאַנג־פערגאַנגענעם עבר, האָט אַרויסגעוויזען אַ גאַנץ גרויסע מאָס פון נאַציאָנאַלער שאַפונגס־קראַפט, פון נאַציאָנאַלער קולטורעלער אינערציע, האָט געוויזען דעם כּח פון ירושה, פון אָנגעזאַמעלטע אין משך פון טויזענדער יאָהרען קולטור־ווערטען און קולטור־פאָרמען — און איהר, דערדאָזיגער אינטעליגענטישער גרופּע, האָט זיך נישט איינגעגעבען אַפילו דאָס, וואָס ס׳האָט דערגרייכט די ערשטע גרופּע.

די מאַסע האָט ווייניג גענאָסען פון דידאָזיגע אויפגעלעבטע און ניי־בעשאַפענע קולטור־ווערטען און קולטור־פאָרמען און איז געבליבען שטעקען אין דעמזעלביגען חושך, אין דערזעלביגער פינסטערניש,—און דאָסדאָזיגע העברע־איסטישע בילדונג־סיסטעם איז געבליבען אַ סעקטאַנטישער לאָזונג עד־היום. נור אַ לאָזונג אַפילו פאַר דער קליינער גרופּע פאַנאַטיקער און פאַנטאַזיאָרען.

ס׳וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז ווען מיר שטעלען אין צענטר פון אונזערע קולטור־פּראָבלעמען די שפראַך־פראַגע, מיינען מיר דערמיט צו זאָגען, אַז אין דער שפראַך ליעגט די לעזונג פון אַלע אונזערע שווערע און פערפּלאָנ־טערטע, איבערגעפּלאָכטענע און פערוויקעלטע קולטור־פּראָבלעמען. מיר רעדען טאַקי נישט וועגען דער שפּראַך, נאָר וועגען דעם סיסטעם. און ווייל די הויפּט־פאָרם פון יעדער נאַציאָנאַלער קולטור איז די שפראַך, קומט שוין ממילא אויס, ווען מען רעדט וועגען דעם סיסטעם, צו קאָנצענטרירען פריהער פון אַלץ דעם געדאַנק אויף דער שפּראַך־פראַגע.

ביי אונז האָבען אין לעצטען יאָהרהונדערט געקעמפט דריי סיסטעמען פון קולטור: דאָס פרעמדע — דאָס רוסישע אין רוסלאַנד, פּוילישע אין פּוילען א. א. וו., דאָס אַלטע, דאָס היסטאָרישע — דאָס העברעאישע, און דאָס פאָלקס־סיסטעם.

איטליכס פון דידאָזיגע סיסטעמען האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַנדערע כּוחות, אויף כּוחות, וואָס ציהען זייער יניקה פון פערשיעדענע קוואַלען. דאָס ערשטע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטאַרקער און רייכער, אַנ׳אויסגעקריסטאַ־ליזירטער און פערענדיגטער פרעמדער קולטור, אויף אַ כּח, וואָס קומט פון־דרויסען, פון־דער־פרעמד, פון אַ נייער וועלט, פון אַנ׳אַנדער וועלט. דאָס צווייטע האָט זיך געשטיצט אויף אַ רייכער היסטאָרישער ירושה, אויף אַ טויזענדיאָהריגער קולטורעלער אינערציע, אויף איינגעבאַקענע אין דער פאָלקס־

נשמה טראַדיציעס. און דאָס דריטע זויגט איהר קראַפט אין דער מאַסען-סטיכיע, אין די פרימיטיווע געפיהלען און געדאַנקען פון די אונטערשטע שיכטען, וואָס האָבען זיך אויפגעכאַפּט צו אַ בעוואוסטזיניגען לעבען, וואָס רייסען זיך מיט אַ גוואַלטיגער סטיכישער קראַפט צו קולטור און בילדונג; די דריטע ציהט איהר יניקה פון דער סאָציאַלער בענייאונג און פּאָליטישער בעפרייאונג, וועלכע ווערען דורכגעפיהרט פון די מאַסען אַליין, אין וועלכע די מאסען ווערען סוביעקטען, אַקטיווע און בעוואוסטזיניגע טרעגער פון בעשטימטע סאָציאַלע און פּאָליטישע אידעאַלען, קעמפער פאַר העכערע און בעסערע, גערעכטיגערע און עטישערע לעבענס-פאָרמען.

די מחלוקת צווישען די דערמאָהנטע דריי קולטור-סיסטעמען איז נישט קיין שפּראַך-מחלוקת; זי געהט אַ סך טיעפער, זי האָט אַ סך טיעפערע וואָרצלען און אַ סך אַ טיעפערען בעטרעף. אמת, די שפּראַך שטעהט אין צענטר פון דער-דאָזיגער פראַגע, נאָר זי מוז דאָך בעטראַכט ווערען אַלס אַ מיטעל, אַלס אַ וועג, אַלס אַ געצייג. דער תּוך פון דער מחלוקת בעשטעהט אין דעם, ווער אָדער וואָס קאָן ווערען דער טרעגער פון דער נייער יודישער קולטור, פון דער בעזייטער יודישער קולטור; ווער אָדער וואָס קאָן אַרויספיהרען די יודישע מאַסע פון איהר היהנער-פּלעט, פון איהר פערגליווערטען צושטאַנד, פון איהר מאָדנער לאַגע פון אַ רייכער ירשנ'טע און אַנ'אָרימער בעל-הבית'טע.

## II

דאָס פרעמדע, דאָס אָנגעהאַנגענע און אָנגעבונדענע קולטור-סיסטעם, אַ פערשיעדענע אין פערשיעדענע מלוכות און אין פערשיעדענע טיילען פון מלוכות, וואָס שפּאַלט און ברעכט דאָס פאָלק, וואָס צורייסט און צעברעקעלט די נאַציע, וואָס פער'משפט די מאַסען אויף אַ לאַנגיאָהריגען קולטורעלען אויסגעהן, אויף אַ פּאַמעליכען צאַנקען און אויף אַנ'אונפערמיידליכען נאַציאָנאַלען אונטערגאַנג; דאָס אייגענע, היסטאָרישע, נאָר אַלטע, אָבגעלעבטע קול-טור-סיסטעם, וואָס איז בעהאַלטען אין פרעמדע פאַר דער מאַסע פאָרמען, אַ סיסטעם, וואָס איז געבויט אויף דער אַקטיווקייט פון איינצעלנע, אויף דער בעגאַבטקייט פון אויסגעקליבענע, וואָס מוז לאָזען די מאַסען פּאַסיוו, וואָס קאָן בשום-אופן די מאַסען נישט אַריינציהען אין פּראָצעס פון שאַפען, וואָס מוז טיילען די נאַציע אויף ראַפינירטע אינטעליגענטען און פינסטערע מאַסען, וואָס מוז שפּאַלטען דאָס פאָלק אויף מעהר ענטוויקעלטע און העכערע יחידי-סגולה און אָבגעשטאַנענע מאַסען, וואָס שאַפט נישט קיין איינהייטליכע קולטור-אטמאָספערע פאַר אַלע טיילען פון פאָלק; און, ענדליך, דאָס פאָלקס-סיסטעם, וואָס בויט אויף די לעבעדיגע, רעאַלע קולטור-פאָרמען, וואָס

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

זויגט און ציהט חיונה פון די סטיכישע קרעפטען פון די מאַסען, וואָס מאַלט דידאָזיגע מאַסען פאַר אַקטיווע אָנטיילנעהמער פונ׳ם פראָצעס פון אויפלעבען די יודישע קולטור, וואָס בעהעפט און בינדט-צונויף ניינציג פראָצענט פונ׳ם יודישען פאָלק פון די פערשיעדענסטע לענדער, וואָס שאַפט אַנ׳איינהייטליכע לעבעדיגע נאַטירליכע קולטור-אַטמאָספערע פאַר אַלע חלקים פון דער נאַציע, וואָס בעהעפט די פרימיטיווע, געזונטע געפיהלען און געדאַנקען פון די אונטערשטע שיכטען מיט די איידעלסטע און ראַפינירטסטע איבערלעבונגען פון דער אינטעליגענץ, וואָס גיסט-צונויף אין איין גרויסען קולטור-שטראָם די כוואַליעס, וואָס רייסען זיך פון די מאַסען, און די ריטשקעלעך, וואָס רינען פון דער אינטעליגענץ;—אָט די דריי סיסטעמען פון קולטור האָבען ביי אונז געקעמפט און קעמפען נאָך עד-היום. און איטליכע פון דידאָזיגע שיטות — די אַסימילאַטאָרישע, די העברעאיסטישע און די יודישיסטישע — שטיצט זיך, ווי מיר האָבען שוין אויבען אָנגעוויזען, אויף בעזונדערע קלאַסען אין יודישען פאָלק, אויף בעזונדערע כוחות: די ערשטע האָט אינגאַנצען פערכאַפט גאָר די רייכע קלאַסען מיט די העכערע שיכטען פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ; די צווייטע, די שוואַכסטע אין פאַקטישען לעבען, דיענט פאַר די מיטעלע קלאַסען און פאַר די נידריגערע שיכטען פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ ווי אַ הוספה צום אַסימילאַטאָרישען סיסטעם, אַנ׳אידעאָלאָגישע הוספה, וואָס דאַרף בערעכטיגען די פאַקטישע אַסימילאַציע און בערוהיגען דעם נאַציאָנאַלען געוויסען; און די דריטע שטיצט זיך אויפ׳ן בעוואוסטזיניגען פראָלעטאַריאַט און אויף די ברייטע מאַסען-שיכטען, וועלכע שטרעבען צו מאָדערנע בילדונג און קולטור, אין וועלכע ס׳האָט זיך אויפגעכאַפט דער דורשט צו וויסען און קענען, וועלכע פיהלען, אַז נור אויפ׳ן נאַטירליכען וועג, אויפ׳ן ברייטען וועג פון דער פאָלקס-שפראַך, וועלען זיי זיך אַם גיכסטען און אַם בעסטען בעהעפטען צו דער אַלמענשליכער און נאַציאָנאַלער קולטור.

די נויט פון דער מינדערהייט זיך צופאַסען צו דער מעהרהייט; די אויסגעוואַקסענע בעדערפעניש צו אויסנוצען אין פראָצעס פון נאַציאָנאַלען אויפלעבען די רייכע היסטאָרישע ירושה, די קולטורעלע אינערציע, וואָס האָט געוויס אַ זעהר גרויסען בעטויעף פאַר דער נייער יודישער קולטור; און די אויפגעוועקטע אַפּעטיטען פון די ברייטע מאַסען צו אַ בעוואוסטזיניגען לעבען, צו אַנ׳אַקטיווען בעטייליגען-זיך אין געזעלשאַפטליכען לעבען, צו אַ ברייטען סאָציאַלען און פאָליטישען קאַמף פאַר אַ גרעסערען חלק פון דער מאַטעריעלער רייכקייט און פאַר אַנ׳אַקטיווען אָנטייל אין דער גייסטיגער וועלט, — אָט-אָ-די דריי געגענזעצליכע קרעפטען שטרייטען צווישען זיך. קיין שלום וועט קיינמאָל צווישען זיי נישט זיין; דער קאַמף וועט איבערגעטראָגען ווערען אויך אין אונזערע אויטאָנאָמע אָרגאַנען.

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

און ס׳קאָן גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז די מאַסען-קראַפט, דער דראַנג פון די מאַסען צו שאַפען תיכף-ומיד קולטורעלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטען, צו בעפריעדיגען באַלד די בלוטיגע בעדערפענישען אין בילדונג און קולטור, צו אויסנוצען די נאַטירליכע קאַנאַלען פון דער פאָלקס-קולטור אויף צו בעקומען פאַר זיך די אוצרות פון דער מענשליכער און נאַציאָנאַלער קולטור—אָט דערדאָזיגער דראַנג פון דער יודישער דעמאָקראַטיע צו ווערען דער שאַפער און טרעגער פון דער נייער יודישער קולטור וועט געוויס ווערען די הערשענדיגע מאַכט אין אונזער לעבען און וועט צופאַסען צו זיינע בעדערפענישען און אידעאַלען די צוויי שמאָלע ריטשקעלעך פון דער אַסימילאַטאָרישער און העבראַיסטישער ריכטונג.

ביי היינטיגען מאָמענט אָבער געפינט זיך די פאָלקס-קולטור אין די ערגסטע בעדינגונגען.

די פאָלקס-קולטור פערמאָגט רייכע אוצרות פון פרימיטיווע כוחות; זי שטיצט זיך אויף אינעווייניגסטע אָרגאַנישע פּראָצעסען; זי האָט אין איהר רשות אַ סך נישט-אַנטפלעקטע קרעפטען; זי פערמאָגט אַ געזונטע, פרישע און זאַפטיגע פיזישע אַטמאָספערע פאַר׳ן בליהען פון נאַציאָנאַלען קולטור-בוים—דידאָזיגע אַלע מאָמענטען זענען זעהר וויכטיג און פערשאַפען אַ בעזונדער פערגעניגען אַלע, וואָס בעטייליגען זיך אינ׳ם אויפוועקען דידאָזיגע כוחות, אינ׳ם אויסקנעטען פון די פרימיטיווע פאָלקס-כוחות די מאָדערנע נאַציאָנאַלע קולטור. הן דער אינדיווידועלער קינסטלער, וואָס געהט אויף די פערבאָרגענסטע וועגען פון פאָלק און צום פאָלק, און הן דער פּאָליטישער קולטור-טרעגער, וואָס וועקט די מאַסען צום קאַמף פאַר קולטור,—ביידע האָבען אַ בעזונדערע הנאָה, ווען פאַר זייערע אויגען וואַכט-אויף אַ סטיכישע קראַפט, ווען זיי הערען דעם שאָרך פון די יורענ-דיגע אונטערערדישע כוחות, וואָס רייסען זיך אויף דער לעבעדיגער וועלט, ווען זיי פיהלען, אַז זיי, מיט זייערע הענד, קנעטען און פאָרמירען פון פאָלקס-לייהם אַ ניי בעשעפעניש—די מאָדערנע פיעלזייטיגע קולטור.

די פאָלקס-קולטור האָט אָבער איין גרויס אונגליק—זי האָט נישט קיין גרייטע פאָרמען, זי האָט נישט קיין מוסטערן, זי האָט נישט קיין פאַרטיגע נוסחאות. זי האָט אַ סך רויהען מאַטעריאַל, זי האָט אָבער כמעט גאָר נישט קיין געצייג. זי האָט נאָך נישט געשאַפען איהרע כלי-זין, איהרע אויסגעטראָטענע וועגען, איהרע אָנגענומענע דרכים, איהרע שאַבלאָנען. און קעמפען קומט איהר אויס מיט צוויי קולטור-סיסטעמען, וואָס שטיצען זיך דער עיקר אויף פאַרטיגע, צוגעגרייטע פון פרעמדע אָדער פון אייגענע אַלטע דורות נוסחאות און פאָרמען, מוסטערן און שאַבלאָנען.

אמת טאַקי, דאָס פאָלק וועט געוויס געהן אויפ׳ן שווערען וועג פון שאַפען אייגענע קאַנאַלען צו קולטור, ווייל דאָס איז דער זיכערסטער וועג און דער

איינציגער, וואָס פיהרט צום ציעל: אונזערע גייגנער ווילען אָבער אויסנוצען אונזער איצטיגע אָרימקייט אין מוסטערן און גרייטע שאַבלאָנען און וועלען אונז וועלען אָנהענגען די פאַרטיגע, פון־דער־פרעמד גענומענע אָדער פון אַרכיוו אויס־געגראָבענע בגדים און וועלען אויסנוצען די בעקוועמליכקייט, די דרויסענדיגע בעקוועמליכקייט, פון אָנטהון גרייטע קליידער, פון אַרויפוואַרפען אויף זיך אָהן מיה און מאַטערניש בעקומענע בגדים.

אין די אויטאָנאָמע אָרגאַנען וועט אויסקומען צו פיהרען אַ קאַמף פאַר׳ן וועג, וואָס מיר האַלטען איהם פאַר׳ן איינציגען זיכערען וועג צו קולטור. מיר מוזען אָבער שאַפען א ריין־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל שטיצען אונזער קאמף אין די אויטאָנאָמע אָרגאַנען, וואָס זאָל זיין פריי אין איהר אַרבייט און וואָס זאָל דער עיקר שאַפען די מוסטערן און שאַבלאָנען, וועלכע פעהלען ביי אונז.

די אויפגאַבע פון דער דעמאָקראַטישער קולטור־אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין— צו זאַמלען די צעוואָרפענע אויף גאָר דער וועלט זוימעלעך פון פערשיעדענע צווייגען פון דער פאָלקס־קולטור, זיי צונויפנעהמען און צונויפקלייבען, זיי רייניגען און שלייפען און זיי איבערגעבען די בערופענע מייסטערס פון די בע־זונדערע קולטור־צווייגען צו שאַפען גאַנצע זאַכען, צו שאַפען קולטור־מוסטערן און קולטור־נוסחאות.

דאָס וועט זיין די נשמה פון דער קולטור־אָרגאַניזאַציע, איהר גייסט, איהר אָטעם, וואָס דאַרף בעגייסטערן אַלע איהרע טהוער, פונ׳ם קאָפּיקע־זאַמלער ביז׳ן ליעדער־זאַמלער, פונ׳ם מאַסען־אַגיטאַטאָר ביז׳ן העכסטען אינדיווידועלען קינסטלער.

דערמיט, נאַטירליך, שעפּט זיך נאָך נישט אויס איהר אַרבייט. איהר וואָ־כעדיגע אַרבייט — געבען דער מאַסע די אייראָפּעאישע קולטור, איבערפלאַנצען אויפ׳ן יודישען באָדען די אוצרות פון דער מענשליכער קולטור — וועט מסתמא זיין אַ סך גרעסער און ברייטער.

די אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען איז — צו זיין דער אַוואַנ־גאַרד אין שאַפען אַזאַ קולטור־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער ס׳קאָנען זיך בעטייליגען יענע דעמאָקראַטישע גרופּעס, וועלכע שטעהען פאַר אַ ריין־וועלטליכער יודישער קולטור.



ל. לעהרער.

# ליטעראַטור-קריטיק.

דאָס גאַנצע מענשליכע שאַפען אין דער וועלט, ד. ה. די וועלט-קולטור, קאָן אין אַ געוויסען זין צעטיילט ווערען אין דריי הויפּט-חלקים, ענטשפּרעכענדיג דריי פונדאַמענטאַלע מענשליכע נויטען. איין טייל פון דער קולטור נעהמט-זיך-אונטער צו בעפריעדיגען די אַלגעמיינע מענשליכע נייגיעריגקייט, וואָס דריקט-זיך-אויס אין די פראַגען: ווען? (היסטאָריע, אַ געוויסער טייל פון געאָלאָגיע, אַנטראָפּאָלאָגיע, פילאָלאָגיע א. א. וו.) פאַרוואָס? (פילאָזאָפיע אין ברייטסטען זין פון וואָרט) און ווי-אַזוי? (פיזיק, כעמיע און די אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען) אַ צווייטער טייל פון דער קולטור זוכט צו שטילען דעם אייביגען דורשט נאָך שענקייט (ליטעראַטור, מוזיק א. א. וו.); דער דריטער און לעצטער טייל בעשעפטיגט זיך מיט'ן מענשליכען בעגעהר נאָך גערעכטיגקייט (רעליגיע, סאָציאַלע בעוועגונגען, אַן'אָנגעזעהענער טייל פון מאָדערנעם זשורנאַליזם א. א. וו.).

עס איז גלייך קענטיג, אַז ליטעראַטור-קריטיק געהערט נישט צום לעצטערמאָהנטען טייל פון מענשליכען שאַפען; אַז איהר פּלאַץ איז אָדער אין דער ערשטער גרופּע, אין דער וויסענשאַפט, אָדער אין דער צווייטער, אין דער קונסט. צו וועלכער פון דידאָזיגע צוויי אָבטיילונגען דאַרף די ליטעראַטור-קריטיק געהערען לויט איהר מהות און ענטוויקלונג? אום אַריינצוברענגען די נויטיגע זיכערקייט אין'ם ענטפער אָט אויף דער פראַגע, איז קודם-כל נויטיג צו אַנאַליזירען דידאָזיגע ביידע קולטור-ערשיינונגען און אַיינזעהן, אין וואָס עס בעשטעהען די פונדאַמענטאַלע אונטערשיעדען, וועלכע עקזיסטירען צווישען זיי.

ווען די נישט-לעבעדיגע נאַטור און דאָס, וואָס מען רופט לעבען, וואָלטען גלייכצייטיג זיך בעוויזען אין דער וועלט, וואָלטען מיר מסתמא געהאַט פאַר זיך צוויי פּאַראַלעלע ערשיינונגען, וואָס וואָלטען פולקאָם געווען צוגעפּאַסט איינע צו דער אַנדערער, און די עקזיסטענץ פון איינער פון זיי וואָלט שוין ממילא פאָרויסגעזעצט די עקזיסטענץ פון דער אַנדערער. אין אמת'ן איז אָבער די עוואָלוציע פונ'ם וועלטליכען זיין געגאַנגען אויף אַ גאַנץ אַנדערען אופן. צוערשט איז געקומען די אונאָרגאַנישע, נישט-לעבעדיגע נאַטור מיט איהר גוואַלטיגער קאָמפּליצירטקייט און פיעלפאַכיגקייט, און ערשט שפּעטער איז ערשיענען איינע פון די מערקווירדיגסטע מעגליכקייטען פון דערדאָזיגער שטומער

נאַטור — לעבען. די נאַטור איז אַלזאָ איבערפולט מיט מיליאָנען ערשיינונגען, וואָס זענען פיינדליך צום לעבען, פונקט ווי זי האָט מיליאָנען מעגליכקייטען פאַר׳ן לעבעדיגען קיום. אָט דערפאַר איז די העכסטע און וויכטיגסטע לעבענס־פונקציע — די פונקציע פון צופאַסען־זיך צו דער פערפלאָנטערטער אַרומיגקייט. דער גאַנצער פיזישער אַפּאַראַט און פסיכישער מעכאַניזם פון אַ לעבעדיג בעשעפעניש איז געציעלט צו אויסנוצען מעגליכקייטען און אויסמיידען געפאַהרען. אַ הויך ענטוויקעלט בעשעפעניש קאָן דעפינירט ווערען אַלס אַזאַ, וואָס איז בעשאָנקען מיט אַ גרויסער צאָהל אָרגאַנען און אייגענשאַפטען פאַר די אויבענ־דערמאָהנטע צוויי טעטיגקייטען.

דער מענשליכער גייסט איז אָבער געגאַנגען אַ סך ווייטער. דער מענש האָט אויסגעפונען מיטלען צו בעשאַפען קינסטליכע שטעלפערטרעטער אויפ׳ן אָרט פון די אָרגאַנען און אייגענשאַפטען, וואָס פעהלען איהם, כדי ערפאָלגרייכער אָנצופיהרען דעם קאַמף מיט דער לעבען־פיינדליכער נאַטור. אָט דערדאָזיגער צוועק ווערט דערגרייכט אויף צוויי אופנים: ערשטענס דורכדעם, וואָס מיר זענען פעהיג פאָרויסצוזעהן געוויסע נאַטור־ערשיינונגען, און צווייטענס דורכדעם, וואָס מיר זענען פעהיג זיי צו קאָנטראָלירען. דידאָזיגע טעטיגקייט ווערט אָנגעפיהרט פון דער וויסענשאַפט; עס איז דער אידעאַל פון יעדער וויסענשאַפט פאָרויסצוזעהן און קאָנטראָלירען יענע זייט פון דער וועלט, וואָס געהט־אַריין אין איהר געביעט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: יעדע וויסענשאַפט שטרעבט צו ענטדעקען און פעסטשטעלען געזעצען, וואָס זאָלען אַרומנעהמען דעם גאַנצען געביעט פון איהר טעטייגקייט. ווען אַנ׳אינזשעניער, למשל, זאָגט אונז, אַז אַ געוויסע בריק קאָן אויסהאַלטען 10.000 טאָן משא, הייסט דאָס נישט, אַז ער האָט טאַקי אַוועקגעלעגט אַזאַ משא אויף דער בריק, אום אויסצוגעפינען איהר כח. דער אינזשעניער, וויסענדיג געניי געוויסע פיזישע געזעצען און האָבענ־דיג גרינדליך שטודירט די טבע פון געוויסע מאַטעריאַלען, איז פעהיג אויסצורעכענען (ד. ה. פאָרויסזעהן), ווי שטאַרק די בריק דאַרף זיין, און בויען זי אויף אַזאַ אופן (ד. ה. קאָנטראָלירען), אַז זי זאָל בעזיצען די נויטיגע אויסהאַלטונגס־קראַפט. עהנליכע פאַקטען געפינען מיר אין כעמיע, אַסטראָנאָמיע א. ד. ג. דאָס אַלץ איז געבויט אויף איין גרונד־הנחה, אויף וועלכער אַלע וויסענשאַפטען זענען באַזירט: דהיינו, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַנ׳אייביגע געזעצמעסיגקייט אין דער גאַנצער נאַטור, און אַז די גאַנצע אָנשטרענגונג פונ׳ם מענשליכען גייסט איז בכח דידאָזיגע געזעצמעסיגקייט אויפצודעקען.

חוץ־דעם דאַרף יעדע וויסענשאַפט אויסאַרבייטען פונדאַמענטאַלע היפּאָטעזען, וואָס האָבען אַ שייכות צו איהר געביעט. אַזוי געפינען מיר אין פיזיק די היפּאָ־טעזע פון דער אונצושטערבאַרקייט פון מאַטעריע, אין כעמיע — די אַטאָמען־טעאָריע,

א. ד. ג. דידאָזיגע היפּאָטעזען העלפען און אין דערזעלביגער צייט בעגרענצען זיי די אַרבייט פונ׳ם פאָרשער. וואָרום אויב אַ וועלכער־ס׳איז פאָרשער. זאָל אויסגעפינען אַזאַ מין ערשיינונג אין דער נאַטור, וואָס זאָל איהם צווינגען אָבּ־צולייקענען די פריהערדיגע הויפּט־היפּאָטעזען, וועט ער דאָך מוזען שאַפען נייע היפּאָטעזען אַלס אַ באַזיס פאַר זיין וויסענשאַפט, און אויף אַזאַ אופן וועלען זיינע שפּעטערדיגע פאָרשונגען ווידער זיין געבונדען פון דידאָזיגע נייע הנחות. למשל, דער כעמיקער האָט איינגעזעהן, אַז ס׳זענען פאַרהאַן שטאָפען, וואָס האָבען דיזעלביגע צאָהל פון דיזעלביגע אַטאָמען און זענען אויפ׳ן זעלביגען אופן קאָמבינירט און דאָך פערמאָגען זיי נישט דיזעלביגע אייגענשאַפטען. ווי־אַזוי איז דאָס מעגליך? דער כעמיקער גלויבט, אַז אַטאָמען האָבען די מעגליכקייט זיך איינצואָרדנען רוימליך אויף פערשידענע אופנים. האַלטענדיג זיך אָן דער־דאָזיגער היפּאָטעזע, איז איהם מעהר נישט קיין וואונדער, ווען ער בעמערקט אַזאַ ערשיינונג, ווי די פריהער דערמאָהנטע. זאָל עמיצער אָבער אָבלייקענען אָט די רוימליכע אייגענשאַפט פון אַטאָמען, וועט ער ממילא דאַרפען דערקלערען די פריהערדיגע ערשיינונג דורך עפּיס אַנ׳אַנדער היפּאָטעזע און אויף אַזאַ אופן שאַפען אַ נייע בעגרענצונג פאַר זיין וויסענשאַפט.

דעם תמצית פונ׳ם וויסענשאַפטליכען טייל פון דער וועלט־קולטור קאָן מען, אַלזאָ, רעזומירען אויף אַזאַ אופן: קודם־כל איז אַלץ, וואָס געהט־אַרונטער אונטער׳ן נאָמען וויסענשאַפט, געבויט אויף דער פונדאַמענטאַלער הנחה, אַז געזעצמעסיגקייט איז אַנ׳אייביגע אייגענשאַפט פון דער גאַנצער נאַטור. פון די פאַקטען און געשעהענישען אין דער וועלט דאַרף זי, די וויסענשאַפט, אַרויסדרינ־גען געוויסע וואָהרשיינליכע הנחות און דורך זיי דערקלערען אַלע איבריגע ערשיינונגען. אַנ׳ערשיינונג הערט־אויף צו ווערען פּראָבלעמאַטיש ערשט דעמאָלט, ווען זי פאַסט־זיך־אַריין אין דערדאָזיגער קייט פון געזעצען, טעאָריעס און היפּאָטעזען, און דער אידעאַל פון אָט דער גאַנצער אַרבייט איז פאָרויסצוזעהן און קאָנטראָלירען די אַרומיגע וועלט.

איצט לאָ׳מיר אַנאַליזירען די מאָטיווען און הויפּט־אייגענשאַפטען, וואָס כאַראַקטעריזירען דעם עסטעטישען טייל פון דער וועלט־קולטור—די קונסט.

בעת די וויסענשאַפט אַפּעלירט צום שׂכל — דעם יונגסטען פּראָדוקט פון דער ענטוויקלונג פונ׳ם לעבען—צום שׂכל מיט אַלע זיינע ראַהמען און בעגרענ־צונגען, אַפּעלירט די קונסט צו דאָס פּרימיטיוועסטע, דאָס סאַמע ערשטע, דאָס אור־שפּרינגליכסטע, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס לעבען,—צום געפיהל. פאַר׳ן קינסט־לער זענען אָפט גייסטער, געטער און עהנליכע אונוואָהרשיינליכקייטען אַ פאַקטישע רעאַליטעט, מיט וועלכער ער מוז זיך רעכענען. די לאָגישע אַרט דענקען עקזיסטירט נישט פאַר איהם; ער פיהלט זיך נישט מחויב צו זיין שכל׳דיג אויסגע־האַלטען. אַלץ, וואָס ער האַלט פאַר זיין חוב, איז—נאָכצופאָלגען זיין אייגענער

טבע, און אויב דידאָזיגע טבע זיינע האָט יאָ געוויסע כּללים און גרענעצען, דאַן לעבען זיי בלויז אין זיין אונבעוואוסטזיין. בעוואוסטזיניג פיהלט ער נישט קיין מוז, קיין נויטווענדיגקייט צו זיין קאָנסעקווענט.

די וויסענשאַפט געהט-אַרויס פונ׳ם שטאַנדפּונקט, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ טיעפער חסרון אין דער מענשליכער נאַטור: דער מענש איז נישט גענוג צוגעפּאַסט צו בעהערשען די אויסערליכע וועלט מיט זיין הויליער אַנגעבאָרענער לעבענס-אויסשטאַטונג, און זי וויל דעמדאָזיגען חסרון אויסבעסערן. די קונסט, פּערקעהרט, זעהט אין דער מענשליכער נשמה און אין דער אַרומיגער וועלט פּערקערפּערטע שענקייט-אידעאַלען, וועלכע שטילען אונזער עסטעטישען דורשט, און זי פיהלט אינ׳ם מענשליכען זשעני די קראַפט, וואָס קאָן שאַפען נייע שענקייט-אידעאַלען אין עפּענען ברייטער די טויערן פון עסטעטישע מעגליכקייטען. זי געהט, אַלזאָ, אַרויס פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון אַ גרויסער מעלה, וואָס לעבט אין דער מענשליכער נשמה און אין זיין אומגעבונג — דעם אימפּולס פון עסטעטישען שאַפען.

געזעצמעסיגקייט, וואָס איז דער סאַמע פונדאַמענטאַלסטער בעגריף פון דער גאַנצער וויסענשאַפט, ווערט לחלוטין נישט גענומען אין אַכט אין דער וועלט פון קונסט. דער קינסטלער, אינ׳ם מאָמענט ווען ער איז קינסטלער, פיהלט זיך פריי און אונבעגרענצט. אמת, דאָסדאָזיגע געפיהל איז נישט מעהר ווי אַן׳אילוזיע, וואָרום דער קינסטלער, ווי אַלץ, וואָס לעבט און שאַפט, איז פריהער פון אַלץ אַ קינד פון מענשליכען מין, דערנאָך אַ קינד פון זיינע עלטערן, און צום לעצט אַ קינד פון זיין סביבה. פאַר אונז איז אָבער וויכטיג בלויז דער פסיכישער צושטאַנד. דעם קינסטלערס נשמה איז אינגאַנצען בעהערשט פון דער פריי-הייטס-אילוזיע, און דאָס איז פונקט אַזוי וויכטיג פאַר דער קונסט, ווי די פּאַקטישע געזעצען-בעגרענצונג פאַר דער וויסענשאַפט. „איך זינג ווי דער פויגעל״, זאָגט געטהע. אַזוי האָט ער געפיהלט בעת ער האָט עס געשריבען, און דאָס איז אַלץ, וואָס מיר זענען בערעכטיגט צו פאָדערן פונ׳ם קינסטלער. אַזוי שאַפט אַ פאָלק זיין שפראַך. דאָס פאָלק פיהלט זיך נישט געבונדען פון געזעצען אין היפּאָטעזען. עס זוכט בלויז צו שטילען אַן׳אינערליכען פערלאַנג און איז בלויז אונבעוואוסטזיניג בעהערשט פון זיין אייגענער, איניגער טבע.

דער קינסטלער נעהמט-אָן די וועלט אַזוי ווי זי איז; ער זוכט זי נישט צו דערקלערען; ער וויל זי בלויז בעלויכטען מיט זיין סוביעקטיווען ליכט. ער דערצעהלט אונז וואָס ער זעהט און נישט וואָס ער פערשטעהט; דערפאַר רעדט ער צו אונז, פונקט ווי דער פרימיטיווער מענש, מיט דער שפראַך פון בילד און געפיהל און נישט מיט דער שפראַך פונ׳ם אַלזייטיג-דורכגעטראַכטען פאַקט, וואָס דריקט-זיך-אויס אין דער מאַטעמאַטישער פאָרמולע. וואָס פאַר׳ן וויסענשאַפטס-מאַן איז די געאָמעטרישע טעאָריע, דאָס איז פאַר׳ן קינסטלער די רעטאָרישע

…יגור. דער קינסטלער זוכט נישט אַריינצוברענגען דעם בעגריף פון אורזאַכליכקייט אין זיין וועלט, פאַר איהם איז אַנ׳ערשיינונג קלאָר, ווען ער מאָלט זי אויף אַזאַ אופן, אַז מען קאָן זי זעהן און פיהלען.

און וואו עס פעהלט דער בעגריף פון אורזאַכליכקייט, דאָרט לעבט-אויף דער העכסטער זין פון שאַפען. די אידעע פון אַנ׳אַבסאָלוט-שאַפענדיגען גייסט איז פונקט אַזאַ אילוזיע, ווי ס׳איז דער בעגריף פון אַבסאָלוטער פרייהייט. אין אמת׳ן זענען דידאָזיגע צוויי אידעען בלויז צוויי זייטען פון איין-איינציגער אילוזיע. עס איז אָבער ווידער נויטיג צו בעמערקען, אַז דער בעוואוסטזיניגער גלויבען און דאָס זעלבסטבעוואוסטע געפיהל שפּיעלען דאָ די הויפּט-ראָליע.

פונ׳ם דאָזיגען שטאַנדפּונקט זעהען מיר ווידער אַ טיעפען אונטערשיעד צווישען וויסענשאַפט און קונסט: די ערשטע דעקט-אויף דאָס שוין פאַרהאַנענע, די צווייטע שאַפט דאָס נייע. די וויסענשאַפט אַנאַליזירט און פאָרשט די נאַטור; די קונסט איז אַ נאַטור פאַר זיך, אַ נאַטור, וואָס שאַפט זיך און בויט זיך און ענטוויקעלט זיך סטיכיש אין די טיעפענישען פונ׳ם מענשליכען עסטעטישען זשעני.

דער אידעאַל פון דער קונסט קאָן דערפאַר נישט זיין קיין אַנדער זאַך ווי די קונסט אַליין, פּונקט ווי די נאַטור קאָן נישט האָבען קיין אידעאַלען, וואָס ליעגען ערגעץ אויסער איהרע גרענעצען. די בעוואוסטע פאָרמולע „קונסט פאַר קונסט“ איז, שיינט מיר, אַנ׳אונבעשטרייטבאַרע, ווען מיר זאָלען אין זינען האָבען, אַז דאָ האַנדעלט זיך בלויז וועגען בעוואוסטזיניגע אידעאַלען. דאָס הייסט — דער בעוואוסטזיניגער ציעל פונ׳ם קינסטלער איז קונסט, אונבעוואוסטזיניג אָבער מעג די קונסט, פערשטעהט-זיך, האָבען אַנדערע אידעאַלען.

דאָס אַלץ בעווייזט נישט, אַז קונסט און וויסענשאַפט זענען צוויי געגענזאַצען. אַזאַ מיינונג האָט לחלוטין קיין גרונד נישט. עס איז נישטאָ קיין איין קינסטלער און קיין איין דענקער, אין וועמען דידאָזיגע צוויי קולטור-מאָמענטען האָבען זיך, אין געוויסע פאַלען, נישט צוזאַמענגעגאָסען. עס בעווייזט בלויז, אַז קונסט און וויסענשאַפט זענען צוויי בעזונדערע זייטען פונ׳ם לעבען; אַז די פערלייקענונג פון דער וויכטיגקייט פון איינער אָדער דער אַנדערער צעברעכט די גאַנצקייט פונ׳ם לעבען. לאָ׳מיר איצט אַנאַליזירען די קריטיק און אַיינזעהן, צו וועלכער זייט פון דער וועלט-קולטור זי געהערט לויט איהר טבע.

די עקזיסטענץ פון ליטעראַטור-קריטיק איז געבויט אויף צוויי פונדאַמענטאַלע הנחות: 1) ליטעראַטור פערקערפּערט אין זיך אַ סאָציאַלען מאָמענט. ווי אינדיווידועל עס זאָל נישט זיין דעם קינסטלערס בעוואוסטזיין אינ׳ם פּראָצעס פון שאַפען, מוז זיין ווערק ענטהאַלטען אַזעלכעס, וואָס איז גענומען פון די ערפאַהרונגען פון זיין סאָציאַלער אומגעבונג, און מוז דערפאַר אַפּעלירען צו

יענע, וואָס שטעלען־צונויף דידאַקטישע אומגעבונג. 2) דער קינסטלערישער ווערטה פון אַ ווערק ווערט נישט בעשטימט דורך צופעליגע קאַפּריזען, נאָר פון אַ פאַקטיש־עקזיסטירענדיגער געזעצמעסיגקייט אין ענינים פון געשמאַק. אָהן דידאַקטישע צוויי הנחות וואָלט קריטיק געווען אין שטענדיגען ווידערשפּרוך מיט זיך אַליין. וואָרום אויב קונסט דריקט־אויס נישט מעהר ווי דעם קינסטלערס פּערזענליכע איבערלעבונגען, וואָס האָבען קיין שום שייכות נישט מיט די איבערלעבונגען פון אַנדערע מענשען, ווי־זשע קאָן זיך ווער־עס־איז אונטערנעהמען צו זאָגען מיינונגען וועגען אַ זאַך, וואָס איז איהם לחלוטין פרעמד? אויב ווידער געשמאַק איז בלויז אַ צופאַל־זאַך, דאַן קאָן אַ קריטיקער בלויז זאָגען, צי אַ געגעבען ווערק געפעהלט איהם אָדער נישט. וואָס פאַר אַ זין וואָלט אָבער דאַן געווען אָנצוזע־בען די אורזאַכען — פאַרוואָס דאָס ווערק מאַכט אַ גוטען אָדער אַ שלעכטען איינדרוק? ווען אַ קריטיקער זאָגט, למשל, אַז אַ געוויסער קונסט־פּראָדוקט געפעהלט איהם נישט, ווייל עס האָט צופיעל דעטאַלען, איז סענטימענטאַל אָדער איז שפּראַך־אָרים, מיינט ער דאָך דערמיט פעסטצושטעלען געזעצען פאַר דער קונסט, אַז די אָנגעגעבענע אייגענשאַפטען זענען דערווידער דער מאָדערנער מענשליכער פּסיכיק און דערפאַר מוז אַ ווערק, וואָס פערמאָגט אַזעלכע אייגענשאַפטען, זיין שלעכט. דידאַקטישע געזעצען מעגען זיין ריכטיגע אָדער פאַלשע; אָבער דער פאַקט איז, אַז עס ליעגט אין דער טבע פון קריטיק אויפצודעקען געזעצען אין אויף אַזאַ אופן צו דערקלערען דעם ערפאָלג אָדער מיסערפאָלג פון אַ קינסט־לערישער אַרבייט.

אַ געזעץ איז אייגענטליך אַ קורץ־פאָרמירטע כאַראַקטעריסטיק, וואָס נעהמט־אָרום אַ גרויסע צאָהל ערשיינונגען; עס איז דער אויסדרוק פון דער טבע פון'ם מענשליכען שכל צו עקאָנאָמיזירען, צו זיין שפּאָרזאַם. ווען אַ פאָרשער בעמערקט אַן'אינטערעסאַנטען רעזולטאַט פון זיינעם אַן'עקספּערימענט, ציהר ער נישט גלייך דעם נויטיגען שלוס; ער מאַכט נאָך יִקספּערימענטען, און ווען אַ גרויסע צאָהל פון זיי צייגען אַלץ אַרויס דעם אייגענעם רעזולטאַט, ערשט דעמאָלט ציהט ער דעם נויטיגען שלוס, וואָס נעהמט־אַרום דאָס גאַנצע פעלד פון זיין פאָרשען. ווען אָבער עמיצער בעליידיגט אַייך, וואַרט איהר נישט ביז איהר וועט נאָך עטליכע מאָל בעליידיגט ווערען, אום אויסצונוצען דיזעלביגע סומע כעס פאַר אַלע בעליידיגונגען צוזאַמען. געפיהל עקאָנאָמיזירט נישט, עס עקספּלאָדירט ביי יעדער פאַסענדיגער געלעגענהייט. אין קונסט, וואָס אַפּעלירט לכתחילה צום געפיהל, געפינען מיר דאָסזעלביגע. אַ דיכטער וועט אָפט איבער'חזר'ן אַ שורה עטליכע מאָל, אום אַרויסצורופען דעם נויטיגען אַיינדרוק. דעם קינסטלער געהט בלויז אָן דער געפיהל־עפעקט און נישט שפּאָרזאַמקייט אַלס אַזעלכע. אין קריטיק אָבער שפּיעלט דאָס לאָגישע דענקען די הויפּט־ראָליע, ממילא מוז דאָרט אויך שפּיעלען אַ הויפּט־ראָליע דער פּרינציפּ פון שפּאָרזאַמקייט, וואָס דריקט־זיך־אויס

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

אין פונדאַמענטאַלע הנחות און פערשיעדענע געזעצען פון קלענערער וויכטיגקייט, די וויסענשאַפט איז אין גרונד גענומען אַ קריטיק איבער דער נאַטור-וועלט, קריטיק איז די וויסענשאַפט פון דער קונסט-וועלט.

עס וואָלט געווען נישט-ריכטיג, ווען דידאָזיגע ווערטער זאָלען אויס-געטייטשט ווערען אינ׳ם זין, אַז קריטיק איז די פיזיק און כעמיע פון דער קונסט. אַפילו די, וואָס בענוצען פיזישע, כעמישע און ביאָלאָגישע טערמינען אין בעצוג צו אַזאַ וויסענשאַפט ווי, למשל, סאָציאָלאָגיע, — בעשאַפען בלויז ווערטער אָהן בעגריפען. אַ וויסענשאַפט מוז ציהען איהר יניקה פונ׳ם געביעט, מיט וועלכען זי בעשעפטיגט זיך. אַנאַלאָגיעס זענען בלויז נוצליך אַלס אַ משל, זיי שאַפען אָבער נישט קיין נייע בעגריפען. דער קריטיקער—הגם זיין וויסענשאַפטליכע אויפגאַבע איז פאָרויסצוזעהן און קאָנטראָלירען קונסט-ערשיינונגען — וועט תמיד בעשענען זיינע געדאַנקען מיט אַנ׳איינגעהאַלטענעם שפיעל פון וואָרט און סטיל. בלויז דער שוואַכלינג-רעצענזענט ווערט דערטרונקען אין זיין אייגענער, אונגליקליכער פראַזע. דער אמת׳ער קריטיקער לאָזט זיך נישט פערפיהרען פון דער פאָרם ביז צו דער פערגוואַלטיגונג פונ׳ם אינהאַלט. די שענע אָבער געזונטע פאָרם אין לי-טעראַטור-קריטיק, אין די הענד פון אַנ׳אמת׳ען קריטיקער, שפיגעלט-אָב אין זיך די ספעציפישע טבע פונ׳ם קונסט-געביעט; עס שטעלט-אַוועק דעם קריטיקער אינ׳ם ליכט פון די שענקייט-ווערטען, וועלכע ער פאָרשט.

זייענדיג אַ זעלבשטענדיגער טייל פונ׳ם אלגעמיינעם וויסענשאַפטליכען געדאַנק, מוז די ליטעראַטור-קריטיק (דאָסזעלביגע איז אויך אמת בנוגע קונסט-קריטיק בכלל) האָבען איהרע אייגענע וועגען. איך האָב דאָס שוין אָנגעוויזען אין בעצוג צו פאָרם, אָבער דאָס איז פונקט אַזוי אמת בנוגע דעם אינהאַלט. ליטעראַטור-קריטיק האָט ענטוויקעלט איהרע אייגענע מעטאָדען, אויפגאַבען און ציעלען. עס איז קיין ספק נישט, אַז די נייע שטודיען פון זשעני און טאַלענט, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט אין די לעצטע צעהן-פופצעהן יאָהר, וועלען אויסאיבען אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דער העכערער און טיעפערער ליטעראַטור-קריטיק און אפשר מאָדיפיצירען דעם עטוואָס פערעלטערטען טאָן, וואָס קלינגט תמיד אָב פונ׳ם דאָזיגען ווינקעל פונ׳ם מענשליכען וויסען. דאָס אַלץ איז אָבער אַ זעלב-שטענדיגער ענין און געהט נישט אַריין אין די ראַהמען פונ׳ם איצטיגען אַרטיקעל.



# די ערשטע גרויס=רוסלענדישע קאָנפערענץ פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער=פאַרטיי.

מיט פרייד און ענטוזיאַזם נעהמען מיר דאָ אויף יעדען גרוס פון אונזער שוועסטער-פאַרטיי אין רוסלאַנד. דער געמיינזאַמער אידעאַל האָט אונז, אַלע פאַרטיי-חברים, אַזוי שטאַרק צונויפגעקניפט אין איין גאַנצעס, אין איין אָרגאַנישעס, אַז יעדע טהאַט, יעדע קלענסטע בעוועגונג, יעדעס וואָרט פון יענער זייט וואַנד רופט זיך זעהר לעבעדיג אָב אויף אונז דאָ פון דער זייט — און דאָסזעלבע פערקעהרט.

דער צוזאַמענפאַל פון די אומשטענדען און בעדינגונגען איז אויגענבליקליך אזעלכער, אַז די אַרבייטס-מעגליכקייטען פון אונזער פאַרטיי דאָ, אין פוילען, אויף וועלכען געביעט דאָס זאָל נישט זיין, זענען זעהר בעגרענעצט.

אין רוסלאַנד זענען די בעדינגונגען אַ סך פרייער און די פאַרטיי-טעטיגקייט איז דאָרט אָהן אַנ'ערך ברייטער און אינטענסיווער. דאָס קאָן מען זעהן פונ'ם פונאַנדערוואוקס און ווירקונג פון אונזער פאַרטיי-געדאַנק, פון די פיעל טויזענדער אָרגאַניזירטע פאַרטיי-חברים, וואָט זאָגען עדות דערויף, ווי טיעף אונזער פאַרטיי, אַלס אַ מאַסען-בעוועגונג, האָט געשלאָגען איהרע וואָרצלען אין די רייהען פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, און פון די אָפטע און פראָדוקטיווע פאַרטיי-קאָנפערענצען, וואָס זענען דאָרט פאַר דער לעצטער צייט פאָרגעקומען.

---

פונ'ם 26-סטען ביז'ן 30-סטען יוני 1918 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען די ערשטע גרויס-רוסלענדישע קאָנפערענץ פון דער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פאַרטיי.

הגם מען האָט געמיינט, אַז מחמת די לעצטע געשעהענישען, וואָס האָבען אָבגעריסען פון אונז אַ סך אָרגאַניזאַציעס פונ'ם וואָלגאַ-אוראַלער קאַנט, און מחמת די אַלגעמיין אונגאָרמאַלע און פערשווערטע קאָמוניקאַציע-פערהעלטענישען וועלען צו דער קאָנפערענץ קאָנען קומען בלויז אַ קליינע צאָהל דעלעגאַטען, מוז מען אָבער בעמערקען, אַז דער אינטערעס צו דער קאָנפערענץ איז אויף דער פראָווינץ געוועזען אַזוי גרויס, דאָס נישט-קוקענדיג אויף אַלע שוועריגקייטען, זענען דאָך געקומען מעהר דעלעגאַטען, ווי מען האָט ביי די איצטיגע בעדינ-

גונגען געקאָנט ערוואַרטען.

די קאָנפערענץ איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס אינטערעס און ערפאָלג. אַלע וויכטיגסטע פראַגען זענען גענוי בעהאַנדעלט געוואָרען און דער רוסלענדישער טייל פון אונזער פאַרטיי פערנעהמט איצט בנוגע צו דידאָזיגע פראַגען אַנ'איינהייטליכע, בעשטימטע פאָזיציע. ס'זענען געווען, פערשטעהט זיך, חלוקי-דעות, נאָר זיי זענען אונפערמיידליך אין אַ פאַרטיי, וואָס נעהמט אַנ'אַקטיווען אַנטייל אין פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען. די חלוקי-דעות זענען אַ סימן פון לעבען און, פערקעהרט, זיי שאַפען אַ באָדען פאַר געמיינזאַמער אַרבייט, און דאָס האָט מען געקאָנט לייכט אַרויסזעהן פון דער שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביים פערמאַכען די קאָנפערענץ.

דעם 26-סטען יוני אינדערפריה איז פאָרגעקומען אַ פערמאַכטע בעראַטונג פון די דעלעגאַטען אונ׳זער'ן פּאַרזיץ פון חבר ראַסקין, אויף וועלכער ס'זענען אָבגעגעבען געוואָרען פאָלגענדע בעריכטען: ח׳ א. לויטער — וועגען דער טעטיגקייט פון מאָסקווער געגענד-קאָמיטעט; ח׳ דאַווידאָוויטש—וועגען דער טעטיגקייט פון דעם פּאָליטישען קאָלעגיום און פונ'ם צענטראַל-ביוראָ; ח׳ שלאָסבערג (קאַזאַן) — פון וואָלגאַ-אוראַלער קרייז-קאָמיטעט; ח׳ מאַץ — פון וויטעבסקער קרייז-קאָמיטעט. ס'איז אָנגענומען געוואָרען דער פאָרשלאָג פון חבר שלאָסבערג, אָבצודרוקען אין אונזער פרעסע די היסטאָרישע דאָקומענטען, וועלכע האָבען אַ בעדייטונג פאַר דער געשיכטע און טעטיגקייט פון אונזער פאַרטיי.

די פייערליכע ערעפענונג פון דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 26-סטען יוני, 7 אַזייגער אין אָוונעד, אין פּאָליאַקאָוו'ס זאַל, וואָס איז געווען פול-געפּאַקט.ביי אַ געהויבענער יום-טוב'דיגער שטימונג האָט דער ערשטער בעגריסט די קאָנפערענץ אין נאָמען פון גרויס-רוסלענדישען צענטראַלען ביוראָ דער חבר א. סאָקאָלאָווסקי.

—חברים,— זאָגט ער,— מיר קלייבען זיך איצט צונויף אין אַ מאָמענט פון אַ קאָלאָסאַלען היסטאָרישען חורבן. דער אימפעריאַליזם טאַנצט זיין בלוטיגען טאַנץ, בויט זיין קעניגרייך אויף אייזען און צעמענטירט עס מיט בלוט. לעבעדיגע בלוטענדיגע שטיקער רייסט ער אָב פונ'ם גוף פון רוסלאַנד, און אינעווייניג אין לאַנד האָבען זיך צוריק אָנגעהויבען צו בעווייזען די אַלע געשפענסטער, וועלכע זענען פערשוואונדען געוואָרען פון דער זון פון דער רעוואָלוציע. רוסלאַנד איז געוואָרען נישט דער צענטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, נאָר פערקעהרט — דער צענטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטר-רעוואָלוציע. און הינטער די סקאָראָפּאַדסקי'ס, קראַסנאָוו'ס און די אַלע איבעריגע שטעהט דער אימפעריאַליזם. און אפילו דאָ ביי אונז הערשט איצט די אונוויסענהייט, ס'הערשט די פינסטערניש, וועלכע בעהאַלט זיך אונטער פערשיעדענע סאָציאַליסטיש-קאָמוניסטישע מאַסקעס. אָבער דאָך, נישט-קוקענדיג אויף דעם, מוזען מיר

ידאָך וויסען און געדענקען, אַז דער איינציגער, ווער עס קאָן בעזיעגען די רוס-לענדישע קאָנטר-רעוואָלוציע און דעם אַלוועלטליכען אימפעריאַליזם, איז דער פראָלעטאַריאַט. מיר ווייסען, אַז אונזער וועג איז אַ זיכערער, און הגם ער ווערט אַמאָל פערקרימט, ווייסען מיר דאָך, וואוהין מיר געהען, און אַז צו אונזער ציעל וועלען מיר סוף-כל-סוף קומען. — די קאָנפערענץ מוז דערווייזען, אַז אונזערע אידעאַלען לעבען אין אונז, אַז אונזער גייסט איז שטאַרק און אַז אונזער ציעל וועלען מיר דערגרייכען. — חברים! יעדער פון אונז פיהלט דעם גוואַלטיגען וועהטאָג דערפון, וואָס דאָס יודישע פאָלק איז איצט אין רוסלאַנד צעריסען אויף איינצעלנע שטיקער. נישט מיט גאוה, נאָר מיט בעוואוסטזיניגער שטאָלצקייט דאַרפען מיר, די, וואָס זענען געשטאַנען ביים וויעגעלע פון דער יודישער אויטאָנאָמיע, די, וועלכע האָבען די ערשטע קערנדלעך פערפלאַנצט און די ערשטע גע-וויקסען אויפגעצויגען, — דאַרפען מיר געדענקען, אַז זייענדיג די אָנהויבערס פון דער יודישער רעוואָלוציע, מוזען מיר זי ווייטער פיהרען אומעטום, וואו מיר זענען, און אַפילו איצט ביי אַזוינע שווערע בעדינגונגען. אונזער פאַרטיי מוז אויספיהען די גרויסע היסטאָרישע שליחות, וועלכע ליעגט אויף איהר! און מיר האָפען, ס'וועט קומען—ס'וועט געוויס קומען—די גליקליכע שעה, ווען מיר אַלע, איצט צעריסענע, טיילען פון יודישען פאָלק וועלען זיך צוריק צונויפטרעפען, מיר וועלען זיך צוריק צונויפטרעפען מיט אַלע אונזערע חברים אינ'ם פרייען, פעדעראַטיווען רוסלאַנד. לאָ'מיר געהן און בויען! לעבען זאָל דאָס פרייע, פעדעראַטיווע רוסלאַנד! זאָל לעבען די פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פאַרטיי!

הילכיגע אַפּלאָדיסמענטען פונ'ם גאַנצען איבערפולטען זאַל האָבען אָפּט איבערגעריסען די לעצטע ווערטער פונ'ם חבר סאָקאָלאָווסקי.

אין נאָמען פון צענטראַלען קאָמיטעט פון דער פאַרטיי און פון ווייס-רוסלענדישען קאָנט-קאָמיטעט בעגריסט די קאָנפערענץ חבר גוטמאַן.

— דער צ.-ק. איז איצט אָבגעריסען פון אייך און פון אַנדערע קאַנטען. ער האָט זיך בעזעצט אינ'ם גרעסטען צענטר פון יודישען פאָלק אין רוסלאַנד, אין איצט, אַדאַנק די לעצטע געשעהענישען, איז ער אָבגעריסען געוואָרען פון אַ סך טיילען. דעם זומער האָבען מיר געהאָפט—וועלען מיר שוין האָבען אונזער אַלגעמיינעם פאַרטיי-צוזאַמענפאָהר. ס'איז אָבער אַנדערש אויסגעפאַלען. און איצט קומט אונז אויס צו שיקען שלוחים אויף קאָנט-קאָנפערענצען אין פוילען, ליטאָ, ווייס-רוסלאַנד און גרויס-רוסלאַנד. צעשפּאָלטען און צעגלידערט איז די פאַרטיי, ווייל צעשפּאָלטען און צעגלידערט איז דאָס יודישע פאָלק. אַלע פעלקער האָבען געליטען פון דער מלחמה, אָבער מעהר פון אַלעמען האָט געליטען דאָס יודישע פאָלק און פון אַלע זיינע טיילען ליידט מעהר און שטאַרקער דער אַרבייטער-קלאַס. מיר גלויבען אין פעדעראַטיווען רוסלאַנד, אָבער טאָמער וועלען אַפילו

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

בלייבען מחיצות און גרענעצען צווישען די טיילען פון׳ם געוועזענעם רוסלאַנד, וועט דאָך אונזער פּאַרטיי בלייבען דיזעלביגע, ווייל מיר ווייסען, אַז איינהייטליך איז דאָס יודישע פאָלק און איינהייטליך איז זיין פּראָלעטאַריאַט.

— איך בעגריס אייך, חברים, — זאָגט ווייטער ח. גוטמאַן, — אויך אינ׳ם נאָמען פון ווייס-רוסלענדישען קאַנט-קאָמיטעט. ווייס-רוסלאַנד — דאָס איז דאָס וויעגעלע פון דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג. דאָרט איז זי געבאָרען געוואָרען, דאָרט איז זי אויפגעוואַקסען. איצט געהט אַ גרויסער טייל פון דער אַרבייט איבער צו גרויס-רוסלאַנד. שווער איז אַייך דאָ, ביים באָלשעוויסטישען רעזשים, אָבער נאָך שווערער, אַ סך שווערער, איז דאָרט, אונטער׳ן יאָך פון אימפּעריאַליזם און רעאַקציע. גרויס-רוסלאַנד וועט דאַרפען שפּיעלען די ראָליע פון אַ פּיעמאָנט בנוגע צו דער פּאַרטיי... מיר גלויבען אַלע אין אַ פרייען, גרויסען, פעדעראַטיווען רוסלאַנד, און ווייל גרויס-רוסלאַנד איז דער צענטער פון דער פעדעראַציע, פאַלט-אויס אויף אייך אַ גרויסע פּאָליטישע ראָליע. ס׳קאָן זיין, חברים, אַז זייענדיג פערקלאַמערט פון ביידע זייטען צווישעןביידע אימפּעריאַליסטישע קאָאַליציעס, קאָן אייך אויסקומען איבערצוטראָגען דאָס, וואָס ווייס-רוסלאַנד און אוקראַינע. אָבער אויך אין דער שווערסטער, טראַגישסטער לאַגע וועלען מיר פיהרען ווייטער אונזער אַרבייט. מיר וועלען שטרעבען צו אַ פעדעראַטיווען רוסלאַנד, צו אַ פעדעראַטיווען פעלקער-פערבאַנד און צוזאַמען מיט׳ן גאַנצען אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט — צו אונזערע אידעאַלען — צום סאָציאַליזם און צו אַ פרייער יודישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט!

לויט׳ן פאָרשלאַג פון ח׳ סאָקאָלאָווסקי ווערט בעשלאָסען צו בעגריסען דעם צ.-ק. און אַלע אָבגעריסענע אָרגאַניזאַציעס און חברים. דער פאָרשלאָג ווערט אָנגענומען ביי רוישענדיגע, לאַנג דויערנדיגע אַפּלאָדיסמענטען.

אין נאָמען פון מאָסקווער געגענד-קאָמיטעט האָט בעגריסט די קאָנפערענץ חבר מ אָ ט ע ל י אָ ו, וועלכער האָט אויסגעדריקט דעם וואונש פון קאָמיטעט, אַז אין מאָסקווע זאָל אינגיכען צוריק ווערען נישט מעהר ווי אַ געגענד-קאָמיטעט פון די אָרגאַניזאַציעס אינ׳ם גרויס-רוסלענדישען טייל פון דער פעדעראַטיווער רוסלענדישער רעפּובליק. —

אין נאָמען פון וואָלגאַ-אוראַלער קרייז-קאָמיטעט בעגריסט די קאָנפערענץ ח׳ ש ל אָ ס ב ע ר ג, און אין נאָמען פון וויטעבסקער קרייז-קאָמיטעט — ח׳ מ אַ ץ.

נאָך זיי בעקומט דאָס וואָרט דער פאָרשטעהער פונ׳ם צענטראַלען קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען ח׳ א י ל א י ן.

— נישט-קוקענדיג אויף די סתירות, וואָס זענען צווישען אונז פאַרהאַן, — זאָגט ח׳ אילאין, — האָבען מיר מיט דער פ. י. ס. אַ.-פּ. אַ סך אַלגעמיינס, בעזונדערס אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אין וועלכער די ס.-ר.׳ישע פּאַרטיי שטעהט אויפ׳ן זעלביגען שטאַנדפּונקט פון בעפריעדיגען די גערעכטע פאָדערונגען,

פון די נאַציעס, ווי די פ. י. ס. אַ.־פ. די סאָציאַליסטישע פאַרטייען קומט איצט אויס צו פיהרען כמעט אַנ׳אונלעגאַלע עקזיסטענץ בעזונדערס אין אוקראינע, וואו ס׳הערשט ווידער די שוואַרצסטע רעאַקציע. אָבער מיר אַלע גלויבען, אַז די דעמאָקראַטיע וועט צוריק אויפלעבען, אַז צוזאַמען דערמיט וועט זי אויך דעם יודישען פראָלעטאַריאַט געבען די מעגליכקייט פון פרייער זעלבסטבעשטימונג. מיר שטרעבען און מיר האָפען, אַז מיר וועלען דערגרייכען צו אונזערע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע אידעאַלען! (אַפלאָדיסמענטען)

אין נאָמען פון צענטראַלען קאָמיטעט פון „בונד“ בעגריסט די קאָנפערענץ דער ח׳ הייליקמאַן.

— אונזער בעגריסונג, חברים, איז נישט נור אַ בעגריסונג לשם בעגריסען, נאָר זי טראָגט אַ פאָליטישען כאַראַקטער. מיר קאָנען נישט און מיינען נישט צו בעהאַלטען די סתירות, וואָס זענען פאַרהאַן צווישען אונזער פראָגראַם און אייערע; אָבער די אַלגעמיינע פאָליטישע ליניע, וואָס ס׳האָבען אָנגענומען אונזערע ביידע פאַרטייען פון סאַמע אָנהויב פון דער רעוואָלוציע סיי אויף דער רוסישער גאַס, סיי אין יודישען לעבען, דערווייזט, אַז מיר האָבען אַ סך אַלגעמיינס צווישען זיך. און בשעת מיר שטעהען פאַר אַ געוויסער פאָליטישער פראַגע, רעכען איך, אַז נישט די פראָגראַמען, נאָר די פאָדערונגען פון לעבען האָבען אינז פעראייניגט. איצט, — נאָכ׳ן בריסקער שלום, — ווען מיר זענען אָבגעריסען געוואָרען פון דער יודישער מעטראָפאָליע, ווען מיר זענען בעל־כרחך געוואָרען צופיעל אינטערנאַציאָנאַליסטיש, האָבען מיר אַליין געפונען אַנ׳אַלגעמיינע ליניע אין אונזער פאָליטישער אויפפיהרונג, און איך גלויב, אַז ווייטער וועט די ליניע נאָך נעהענטער ווערען. אין פראַגען פון יודישען לעבען איז כמעט דער גרעסטער טייל סתירות צווישען אונז אַוועק אין דער היסטאָריע, און די ריכטיגע, אַלגעמיינע בעשלוסען, וואָס מיר האָבען אָנגענומען, דיקטירט אונז דאָס לעבען. מיר זענען אַלע מסכים, אַז די יודישע רעוואָלוציע איז נאָך נישט געקומען; מיר ווייסען אַלע, אַז דאָ זענען מיר אָבגעריסען פון די יודישע מאַסען, — דאַרפען מיר אַלע צוזאַמען קעמפען פאַר דער יודישער אויטאָנאָמיע. ס׳זענען אויך פאַרהאַן אָביעקטיווע פאַקטאָרען פאַר אונזער אַלגעמיינער טאַקטיק, און די פאַקטאָרען געפינען זיך אין דער געשיכטע פון אייער פאַרטיי — דאָס איז ראשית־כל אייער אייגענע פעראייניגונג. ווען ביי אייך האָבען זיך פעראייניגט צוויי פליגלען — איינער אַ מאַרקסיסטישער, דער צווייטער אַ מעהר פאָלקסטימליכער — אַ „נאַראָדניטשעסקער“ — האָט זיך דאָס אויסזעהן פון דער פאַרטיי געביטען צום גונסטען פונ׳ם מאַרקסיזם. דאָס בעווייזט, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ באָדען פאַר דער פעראייניגונג פון די מאַרקסיסטען און ס.־ר׳ען אויך אויף דער רוסישער גאַס. און זעהען מיר דען נישט, אַז אַ סך אַזוינע, וועלכע רופען זיך ס.־ר׳ען, שטעלען זיך אין לעבען אויף אַ מעהר מאַרקסיסטישען שטאַנדפונקט, ווי די, וואָס בענוצען די מאַרקסיסטישע

פראַזע, אָבער נישט מעהר ווי די פראַזע! און אַ צווייטער פאַקטאָר — איינער פון די פריהערדיגע טיילען פון אַייער פאַרטיי, די ס.-ס., האָבען אַוועקגעוואָרפען זייער שטאַנדפּונקט, וואָס האָט אינגאַנצען געלייקענט אינ׳ם לעבען פון דער „דיאַספּאָרע“. זיי האָבען זיך אָבער געמוזט צוהערען צום לעבען. און דאָס איז אַ בעוויז, אַז אויך די ווייטערדיגע פעראייניגונג איז מעגליך. די אַלגעמיינע טאַקטיק איז דער בעסטער רעאַקטיוו אויף צו בעווייזען, אַז די סתירות אין די פּראָגראַמען קאָנען נישט שטערען, אַז די פּאָליטישע אַרבייט זאָל זיין אַ געמיינזאַמע און אַלגעמיינע. מיר דאַרפען האָפען, אַז דער אָביעקטיווער גאַנג פון דער אַרבייטער-בעוועגונג וועט ברענגען דערצו, אַז ס׳זאָל בשאַפען ווערען אַן׳אַלגעמיינע, איינהייטליכע יודישע אַרבייטער-פּאַרטיי. מ׳דאַרף נישט אונטערשטופּען דעם היסטאָרישען פּראָצעס פון פעראייניגונג, אָבער דאָס איז אַ לעבענס-פּראָצעס, אַ פּראָצעס, וועלכער געהט ווייטער, שאַפט ווייטער און פיהרט אונז דערצו. מיר קאָנען נישט בלייבען פערגליווערט, ס׳וועט מוזען בעשאַפען ווערען אַ סינטעז צווישען אונזערע פּראָגראַמען. אָבער איך וויל האָפען, אַז די בונדישע פאָהן, אַלס אַ סימבאָל פון דער ערשטער יודישער אַרבייטער-פּאַרטיי, וועט אויך אויף ווייטער בלייבען פלאַטערן איבער דער איינהייטליכער יודישער אַרבייטער-פּאַרטיי. איך בעגריס אַייך, חברים, אַלס פאָרשטעהער פון אַ פּאַרטיי, וועלכע ווייס, אַז מיר האָבען אַלגעמיינע ציעלען און אַלגעמיינע אויפגאַבען. איך בעגריס און וויגש אַייך ערפאָלג אין אַייער אַרבייט!“ (אַפּלאָדיסמענטען)

ה׳ מ אַ ץ האָט אין נאָמען פון דער קאָנפערענץ אין אַ הייסער רעדע אַרויסגעזאָגט די געפיהלען, וואָס די בעגריסונג פון „בונד“ האָט אַרויסגערופען ביי די דעלעגאַטען, און האָט געדאַנקט פאַר דער בעגריסונג. פון צ.-ק. „פּועלי-ציון“ איז אָנגעקומען אַ שריפטליכע בעגריסונג, וועלכע איז אַדורכגעלייענט געוואָרען דורכ׳ן פאָרזיצער.

נאָכדעם ווי די קאָנפערענץ האָט אויסגעהערט די בעגריסונג, איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַ פּרעזידיום, אין וועלכען ס׳זענען אַריין די חברים: דאַווידאָוויטש, לאַנשטיין, מאָטעליאָוו, מאַץ, סאָקאָלאָווסקי, קרוק און ראַסקין; אַ מאַנדאַט-קאָמיסיע, אין וועלכער ס׳זענען אַריין די חברים: מאַגידסאָן, קוקל (נעוועל), פאַרבער (וואָראָנעזש) און סאָקאָלאָווסקאַיאַ (מאָסקווע), ווי אויך אַ סעקרעטאַריאַט.

ס׳ווערט בעשטעטיגט די טאָג-אָרדנונג און דער סדר, ווי ס׳האָט פאָרגעלעגט דאָס אָרגאַניזאַציאָנס-ביוראָ. לויט׳ן פאָרשלאָג פונ׳ם דעלעגאַט קאָפּעלעוויטש ווערט אָנגענומען צו בעטראַכטען אויך די פראַגע וועגען עמיגראַציע. די קאָנפערענץ טרעט גלייך צו צו איהר אַרבייט. די ערשטע פראַגע, וועלכע שטעהט אויפ׳ן סדר-היום, איז: „דער פּאָליטישער מאָמענט“.

לויט׳ן פאָרשלאָג פון אייניגע חברים-דעלעגאַטען, וועלכע ערקלערען, אַז אויף דער קאָנפערענץ איז פאַרהאַן אַ גרופּע (4 מאַן), וועלכע שטעהט אויפ׳ן

# דער יודישער פראָלעטאַריער.

שטאַנדפונקט פון דער ראַטען-מאַכט, ווערט בעשלאָסען, אויסער די דריי בעשטימטע רעפערענטען וועגען דער פראַגע, אויסהערען אויך אַ פאָרטראָג פון אַ פאַר־שטעהער פון דערדאָזיגער גרופע.

ס'זענען אַלזאָ איבער דער פראַגע געלייענט געוואָרען פאָלגענדע פאָרטראָגען: ח' סאָקאָלאָווסקי — דער פאָליטישער מאָמענט; ח' דאַווידאָוויטש— די „אָריענטאַציעס" און דער יודישער פראָלעטאַריאַט; ח' מ. ראַסקין — דאָס צעריסענע רוסלאַנד און די אויפגאַבען פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט. אַלס פאָרשטעהער פון דער לינקער שטרעמונג איז אַרויסגעטראָטען דער ח' באַקאַל־טשוק (טולאַ).

די דעבאַטען, וועלכע האָבען זיך גלייך נאָכדעם געעפענט, האָבען פערנומען די גאַנצע ערשטע און די צווייטע זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 27-סטען יוני אינדערפריה. ס'האָבען זיך אַרויסגעזאָגט זעהר אַ סך חברים.

אויף דער דריטער זיצונג זענען אויסגעהערט געוואָרען די פאָרטראָגען פון די חברים: מאָטעליאָוו—וועגען אונזער אַרבייט אין דער קהלה; גוטמאַן—וועגען די עקאָנאָמישע אויפגאַבען פון דער קהלה; ראַסקין — וועגען די בעציהונגען צווישען דער קהלה און די פריוואַטע געזעלשאַפטען און וועגען יודישען קאָמיסאַריאַט.

די דעבאַטען וועגען די אַלע פראַגען, וואָס זענען דערוועקט געוואָרען אין די פאָרטראָגען,—פראַגען פון אונזער אַלטעגליכען לעבען און קאַמף,—זענען געווען זעהר הייסע, מאָמענטענווייז זאָגאַר ליידענשאַפטליכע, און האָבען פער־נומען צוויי זיצונגען.

אויף דער פינפטער זיצונג, וועלכע איז אין ערשטען טייל נאָך אויך פערנומען געווען דורך די דעבאַטען וועגען דידאָזיגע פראַגען, איז אויסגעהערט געוואָרען אַנ'אינפאָרמאַטיווער בעריכט פון ח' י. קרוק וועגען דעם נאַציאָנאַל-ראַט. קיין שום דעבאַטען וועגען דער פראַגע איז בעשלאָסען געוואָרען נישט צו עפענען, ווייל די נעגאַטיווע בעציהונג פון דער קאָנפערענץ צום נאַציאָנאַל-ראַט האָט זיך גענוג בולט אַרויסגעוויזען אין די פריהערדיגע דעבאַטען.

וועגען דער פראַגע פון אונזער בעציהונג צו אַנדערע יודישע סאָציאַ־ליסטישע פאַרטייען האָבען רעפערירט די חברים ליטער און מאַגידסאָן. דער ערשטער האָט אָנגעוויזען אויף דער עוואָלוציע, וואָס דער „בונד" האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ און בפרט אין לעצטען יאָהר, וואָס האָט איהם בעזונדערס דערנעהענטערט צו אונזער שטאַנדפונקט אויף די דריי שטריים-פראַגען: אַלוועלטליכקייט פון דער יודישער נאַציע, קאָמפעטענץ פון דער אויטאָנאָמיע און עמיגראַציע. — ח' ליטער האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז ס'איז שוין צייט פראַקטיש אַוועקצושטעלען די פראַגע וועגען דער פלאַטפאָרם, אויף וועלכער די פעראייניגונג וואָלט מעגליך געווען. ח' מאַגידסאָן האָט, פער־

קעהרט, אָנגעוויזען אויף די סתירות צווישען דער גאַנצער אידעאָלאָגיע פון אונזער פּאַרטיי און דעם „בונד". לויט זיין מיינונג, איז נאָך די צייט פאַר פערייניגונג נישט געקומען. ס'וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס וועט מעגליך און נויטיג זיין, אָבער איצט איז נאָך צו־פריהצייטיג וועגען דעם צו רעדען.

ביי די דעבאַטען וועגען דערדאָזיגער פראַגע זענען אַרויסגעטראָטען, לויט די פיער פערשיעדענע שטרעמונגען, וואָס האָבען זיך אַרויסגעוויזען, 8 גענעראַל־רעדנערס: די חברים נעמאַנאָוו און לייטמאַן האָבען פערטיידיגט דעם שטאַנדפונקט, אויף וועלכען ס'האָט זיך געשטעלט אין זיין פּאָרטראָג ח' לויטער; די חברים לאַזערסאָן און מאַץ האָבען אָנגעוויזען, אַז איצט איז נאָך צו־פריהצייטיג צו רעדען וועגען דער פעראייניגונג מיט'ן „בונד"; די חברים דאַווידאָוויטש און גוטמאַן האָבען פערטיידיגט דעם שטאַנדפונקט אין דער פראַגע, אויף וועלכען ס'האָט זיך געשטעלט די דעצעמבער־בעראַטונג ביים צ. ־ ק. אין קיעוו; ח' מאָטעליאָוו זאָגט־זיך־אַרויס פאַר דער פעראייניגונג מיט'ן „בונד" און „פועלי־ציון", און ח' פיינלייב— פאַר דער פעראייניגונג נור מיט די „פועלי־ציון".

די דעבאַטען האָבען זיך פערענדיגט אויף דער זעקסטער זיצונג, דעם 29־סטען יוני אינדערפריה. די רעזאָלוציעס ווערען איבערגעגעבען אין רעדאַקציאָנס־קאָמיסיע. ס'ווערט גלייך אויסגעקליבען אַ רעדאַקציאָנס־קאָמיסיע און פערמאַנענץ־קאָמיסיע, וועלכע דאַרף צושטעלען צו דער אָוועגד־זיצונג אַ גענוי־בע־אַרבייטען אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן פאַר דער גאַנצער אַרבייט.

אין רעדאַקציאָנס־קאָמיסיע זענען אויסגעקליבען געוואָרען די חברים: גוטמאַן, דאַווידאָוויטש, לויטער, סאָקאָלאָווסקי און ראַסקין.

די 6־סטע זיצונג האָט זיך פערנומען מיט אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען, וועגען וואָס ס'האָט געהאַלטען אַ פּאָרטראָג דער ח' לויטער.

אויף דערזעלביגער זיצונג איז אויך אויסגעהערט געוואָרען דער פּאָר־טראָג פון ח' קרוק וועגען אונזערע עמיגראַציאָנס־אויפגאַבען. דעם פּאָרטראָג פון ח' קרוק ווערט בעשלאָסען אַרויסצוגעבען אין אַ בעזונדער בראָשור. ס'ווערט אויך בעשלאָסען עפענען אין דער פּאַרטיי־ליטעראַטור אַ דיסקוסיע וועגען דערדאָזיגער פראַגע און בעפולמעכטיגען דעם נייעם הויפט־קאָמיטעט צו גרינדען ביי איהם אַן עמיגראַציאָנס־קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך ספּעציעל מיט דער פראַגע פער־נעהמען. אויף דערזעלביגער זיצונג איז אויך אָנגענומען געוואָרען די רעזאָלוציע וועגען פּאָליטישען מאָמענט.

די 7־טע זיצונג האָט זיך געעפענט—צוליעב דער ערעפענונג פונ'ם קהלות־צוזאמענפאָהר — דעם 30־סטען יוני, 7 אַזייגער אין אָוועגד. ס'ווערט אויסגעהערט אַ פּאָרטראָג פון חבר ש. וויינצמאַן וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע און די אויפגאַבען פון דער פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג. דעם פּאָרטראָג ווערט בע־שלאָסען בעזונדער אַרויסצוגעבען, און די דערמאָהנטע פראַגען ברייט בעהאַנדלען

אין דער פאַרטיי-פרעסע. נאָכדעם איז די קאָנפערענץ איבערגעגאַנגען צום אָפּ-שטימען די רעזאָלוציעס. ס'ווערען אָנגענומען רעזאָלוציעס וועגען דעם פּאָליטישען מאָמענט, וועגען דער קהלה-פראַגע, וועגען די געגענזייטיגע בעציהונגען צווישען דער קהלה און די פריוואַטע געזעלשאַפטען, וועגען דער בעציהונג צום יודישען קאָמיסאַריאַט, וועגען דער בעציהונג צו אַנדערע פּאַרטייען און וועגען זעלבסט-שוץ. די רעזאָלוציעס פון ח' גוטמאַן וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער כּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג ווערען איבערגעגעבען אַלס מאַטעריאַל פון דער קאָנפערענץ.

שפּעט אין דער נאַכט הויבען-זיך-אָן וואַהלען פון אַ הויפּט-קאָמיטעט פאַר גרויס-רוסלאַנד. ס'ווערט אָנגענומען דאָס צעטעל פון דער פערמאַנענץ-קאָמיסיע, לויט וועלכען עס זענען אין הויפּט-קאָמיטעט אויסגעקליבען געוואָרען די חברים: באַקאַלטשוק (טולאַ), דאַווידאָוויטש, לאַזערסאָן (פּעטערבורג), א. לויטער, מאָטעליאָוו, מאַץ (וויטעבסק), סאָקאָלאָווסקי, קרוק און ראַסקין. אויסערדעם געהען-אַריין אין הויפּט-קאָמיטעט אויך בעשטענדיגע פאָרשטעהער, וועלכע וועלען אַהין דעלעגירט ווערען פון די קרייז-קאָמיטעטען.

דאָס ערשטע וואָרט פאַר אַ שלוס-רעדע האָט גענומען ח' סאָקאָלאָווסקי. נאָך איהם האָבען גערעדט די חברים גוטמאַן, נעמאַנאָוו און קרוק.

אַרום 5 אַזייגער פאַרטאָג האָט דער פאָרזיצער, ח' לאַנשטיין, ביי אַ געהויבענער שטימונג פון אַלע דעלעגאַטען, ערקלערט די קאָנפערענץ פאַר געשלאָסען.

---

אין דער קאָנפערענץ האָבען אָנטייל-גענומען 51 חברים, פון זיי 38 מיט בעשטימונגס-רעכט און 13 מיט בעראַטונגס-רעכט. די דעלעגאַטען האָבען פאָרגע-שטעלט פאָלגענדע שטעדט: מאָסקווע, נעוועל, אָרשע, וועליזש, אָריאָל, פּעטערבורג, קאַזאַן, וואָראָניעזש, ראָסלאַוו, טווער, ליאַדי, סמאָלענסק, ויטעבסק, יאראָסלאַוו, באָבראָוו, בירוטש, טולאַ, וואָלאָגדאַ, ליאָזנע. אויסערדעם האָבען אין דער קאָנפערענץ אָנטייל-גענומען חברים, פאָרשטעהער פון אונזערע אָרגאַני-זאַציעס אין באַקו, ביאַליסטאָק, האָמעל און מינסק.

לויט'ן בעשלוס פון דער קאָנפערענץ האָבען דידאָזיגע חברים בעקומען בעראַטונגס-רעכט אויף צו אינפאָרמירען וועגען דעם מצב אין די דערמאָהנטע שטעדט.

---

## רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ.

### וועגען פּאָליטישען מאָמענט.

1. די דעמאַגאָגישע הבטחות און פערפיהרערישע לאָזונגען פון די באָל-שעוויקעס, די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע אין לאַנד, די אַלץ וואַקסענדיגע אַנאַרכיע

אין דער פּראָדוקציע און פינאַנסען און דער שפּייז-קריזיס, וועלכע זענען געקומען אויך אַלס רעזולטאַט פון דער בלוטיגער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, די נאָכ-אַנאַנדיגע קאַפּיטולאַציע פאַר'ן שונא און דאָס אָקופּירען אַלץ גרעסערע געגענדען פון רוסלאַנד, וואָס ברענגט אין די אָקופּירטע קאַנטען צו אַ קאָנטר-רעוואָלוציע און גרייט-צו די מעגליכקייט פון אַ רעסטאַווראַציע אין דער גאַנצער מלוכה, דער רעגירונגס-טעראָר בכלל און אַנטקעגען די אַנדערש דענקענדיגע אַרבייטער און פּויערן בפרט—דאָס אַלץ האָט קלאָר דערוויזען פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט און די ברייטע פאָלקס-מאַסען דעם פולשטענדיגען באַנקראָט פון'ם פּרינציפּ פון דער מינדערהייטס-הערשאַפט און האָט געבראַכט דערצו, אַז די אַרבייטער- און פּויערן-מאַסען, וואָס זענען פריהער געגאַנגען נאָך די באָלשעוויסטישע לאָזונגען, קעהרען זיך אַלץ מעהר אָב פון זיי, און אַז די ממשלה פון די פאָלקס-קאָמיסאַרען מוז זיך איצט אָנשפּאַרען דער עיקר אויף די קאָמוניסטישע מלוכה-בעאַמטע און דער בעדונגענער „רויטע אַרמעע“.

2. די קאָנפערענץ געפינט, אַז מיר דאַרפען ווי ווייט מעגליך אויסנוצען די ראַטען-טריבונע, כדי אויפצוקלערען פאַר די מאַסען די שעדליכקייט און גע-פעהרליכקייט פון דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק. נעהמענדיג אָבער אין בעטראַכט, אַז די ראַטען הערען וואָס ווייטער אויף צו זיין די אמת'ע אַרבייטער- און פּויערן-פערטרעטונגען, אַז זיי ווערען פערפלייצט דורך באָלשעוויסטישע בעאַמטע און געדונגענע רויטע אַרמיסטען,—רעקאָמענדירט די קאָנפערענץ גלייכצייטיג די חברים מיטצוהעלפען דער אָרגאַניזירונג פון די קאָנפערענצען פון פאַבריקען-, ווערקשטאַטען- און געשעפטען-בעפולמעכטיגטע, אַלס צענטרען, וואו ס'קאָנען זיך אויפזאַמלען די אמת-דעמאָקראַטישע כוחות פון לאַנד.

3. כדי צו רעטען דאָס לאַנד פון דער שרעקליכער אינעווענינגסטער און אויסענווענינגסטער סכנה, וואָס דראָהט אונז צוליעב דער באָלשעוויסטישער פּאָלי-טיק, מוז געפיהרט ווערען אַ פּאָליטישער קאַמף פאַר אַ מאַכט, וואָס זאָל זיך אָנשפּאַרען אויף אַלע דעמאָקראַטישע כוחות פון אַלע רוסלענדישע פעלקער. אַלס לאָזונג אין קאַמף דאַרף אַרויסגעשטעלט ווערען די פאָדערונג פון צוריק-שטעלען אַלע מלוכה-אַנשטאַלטען, וואָס זענען אויסגעקליבען געוואָרען דורך אַלגעמיינע וואַהלען, און קודם-כל פון צונויפרופען די אַלרוסלענדישע גרינדונגס-פערזאַמלונג, וועלכע זאָל בילדען אַנ'איינהייטליכע דעמאָקראַטישע מאַכט און אָרגאַניזירען אַ פאָלקס-אַרמעע, וואָס זאָל זיין בכח צו געבען אַנ'אָבשפּאַר דעם אָנפאַלענדיגען אימפּעריאַליזם.

די נייע דעמאָקראַטישע רעגירונג דאַרף שטרעבען צונויפצובינדען אַלע טיילען פון'ם געוועזענעם רוסלאַנד אין איין פעדעראַטיווער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און אויף אַזאַ אופן אַנולירען די אַנעקסיעס, וואָס זענען פיקסירט גע-וואָרען אין בריסקער שלום-טראַקטאַט.

די גרינדונגס־פערזאַמלונג דאַרף אויך אָנהויבען אַ קאַמפּאַניע פאַר אַן אַלגעמיינעם שלום אויף די יסודות פון די לאָזונגען פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע.

## קהלה־פראַגען.

בעטראַכטענדיג די קהלה אַלס גרונד־שטיין פון דער יודישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, רופט די קאָנפערענץ די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס צו נעהמען אַן אַקטיווען אָנטייל סיי אין׳ם בויען די נייע דעמאָקראַטישע קהלות, סיי אין דער פּראַקטישער טעטיגקייט פון די שוין עקזיסטירענדיגע, נישט־רעכענענדיג זיך דערמיט, וואָס אין׳ם רוב פון זיי הערשען דערווייל די קלעריקאַלע און ציוניסטיש־בורזשואַזע עלעמענטען.

אונזערע חברים דאַרפען זיך אַקטיוו בעטייליגען אין אַלע אָבטיילונגען פון דער קהלה־פערוואַלטונג, וואָס זענען נוגע די ממשות׳דיגע אינטערעסען פון די ברייטערע יודישע מאַסען: פינאַנסען, קולטור־אַרבייט, סאָציאַלע פערזאָרגונג, עמיגראַציע א. א. וו.

אונזערע חברים דאַרפען זיך נישט בעטייליגען נישט אין דער בעטראַכטונג, נישט אין דער קאָנקרעטער קריטיק פון די בעזונדערע רעליגיעזע הצטרכות׳ען און פון די מיטלען, ווי זיי צו בעפריעדיגען. זיי דאַרפען שטימען געגען דעם רעליגיעזען בודזשעט, דעקלאַרירענדיג, אַז די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער בעפריעדיגונג פון די רעליגיעזע בעדערפעניששען פאַלט אויף דער מעהרהייט. זיי דאַרפען אָבער אויסנוצען יעדע מעגליכקייט אויף אויפצודעקען דעם אַנטידעמאָקראַטישען כאַראַקטער פון דער רעליגיעזער קהלה.

אין פּרעזידיום פון קהלה־ועד געהען אונזערע חברים אַריין נור אין דעם פאַל, ווען ער איז נישט קיין אויספיהר־אָרגאַן, ד. ה., אויב די אויספיהרונג איז אַרויפגעלעגט אויף דער אופראַווע, סעקרעטאַריאַט א. א. וו., וועלכע זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר׳ן ועד.

שאַפען קרייז־פערבאַנדען פון די קהלות איז דערלאָזבאַר נור דאַן, ווען די פאָרשטעהערשאַפט פון די קהלה־ראַטען זאָל דורכגעפיהרט ווערען אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות.

די קאָנפערענץ רעקאָמענדירט די חברים צו גרינדען אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך יודישע אַרבייטער־צענטרען (פון די פאָרשטעהער פון די יודישע סעקציעס פון פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, פון די קאָאָפּעראַטיווען, פון יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען א. אַ. וו.), וועלכע זאָלען שטעהן אויף דער וואַך פון די אינטערעסען פון די יודישע אַרבייטער און שטיצען דעם קאַמף פון די יודישע סאָציאַליסטישע פראַקציעס אין די קהלה־ראַטען.

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

אײַנגעפינענדיג, אַז די קהלות זענען פאַר אונז וויכטיג אַלס אָרגאַנען פון דער יודישער אויטאָנאָמיע, וואו מיר קאָנען און דאַרפען פיהרען דעם קלאַסען־קאַמף פונ׳ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, געפינט די קאָנפערענץ, אַז מיר קאָנען פערבלייבען אין די קהלות אַזוי לאַנג, ביז וואַנען: 1) די אינעווענינסטע געשעפט־און בוך־פיהרונג ווי אויך די אויסערליכע בעציהונגען ווערען געפיהרט אויף יודיש, און 2) עס ווערען געגרינדעט שולען מיט יודיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך און אין אַלע איבריגע שולען ווערט אײַנגעשלאָסען יודיש אַלס למוד.

די קאָנפערענץ ווייזט־אָן, אַז קיין איין קהלה־פראַקציע אין גרויס־רוסלאַנד האָט נישט דאָס רעכט אַרויסצוטרעטען פונ׳ם קהלה־ראַט אָהן אַ בעזונדערער אין יעדען פאַל הסכמה פונ׳ם גרויס־רוסלענדישען הויפּט־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי.

וואָס שייך די אָרטיגע אַנשטאַלטען, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרען פון די צענטראַלע יודישע געזעלשאַפטען, דאַרף מען זיי איבערגעבען די קהלה־ראַטען נור דאַן, ווען פאַר זיי שטעהט נישט די סכנה צו פערלירען צוליעב דעם זייער דעמאָקראַטיש־וועלטליכען כאַראַקטער.

## וועגען יודישען קאָמיסאַריאַט.

שטעהענדיג אויפ׳ן פּרינציפּ פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע און דעמאָקראַטישע וואַהלען, האַלטען מיר, אַז די אַלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוטען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען מוזען געוועהלט ווערען אויפ׳ן גרונד פון אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט — און דעריבער אָנערקענען מיר דעם יודישען קאָמיסאַריאַט אַלס אַנטידעמאָקראַטישע אַנשטאַלט, וועלכע איז סותר דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

## וועגען בעציהונג צו אַנדערע פּאַרטייען.

האַלטענדיג אין פּרינציפּ פאַר נויטיג די אויסבילדונג פון אַנ׳אײַנהייטליכער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי, געפינט אָבער די קאָנפערענץ, אַז די פּראָגראַמען און טאַקטיק פון די איצט עקזיסטירענדיגע פּאַרטייען האָבען זיך נאָך נישט אַזוי דערנעהענטערט, אַז זייער צונויפגיסונג זאָל שוין איצט קאָנען פאָרקומען.

די קאָנפערענץ רעקאָמענדירט אָבער די אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, זיי זאָלען שטרעבען וואָס מעהר צו קאָאָרדינירען זייער אַרבייט מיט דער אַרבייט פון די איבעריגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (בלאָקען ביי וואַהלען, שותּפות׳ע דעמאָנסטראַציעס וכדומה), כדי ווי ווייט מעגליך צו שאַפען ביי די פּראַקטישע מעשים אַנ׳אײַנהייטליכען רעוואָלוציאָנערען פראָנט געגען דער יודישער רעאַקציע און

## דער יודישער פראָלעטאַריער.

כּדי צוצוגרייטען די מעגליכקייט פון דער קומענדיגער פעראייניגונג פון די יודי-שע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

צוזאַמען דערמיט זאָגט זיך די קאָנפערענץ אַרויס דערפאַר, אַז עס זאָל אין דער פּאַרטיי-ליטעראַטור געעפענט ווערען אַ פרייע דיסקוסיע איבער דער-דאָזיגער פראַגע.

## וועגען זעלבסטשוץ.

רעכענענדיג זיך מיט דער געפאַהר, וועלכע די יודישע בעפעלקערונג אין פערשיעדענע ערטער לעבט-איבער צוליעב דער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין לאַנד, און צוליעב דער רעאַקציע, וואָס נוצט-אויס די אַנאַרכיסטישע שטימונגען צו פּאָגראָם-העצעריי, ווינענדיג, אַז די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט נישט די נוי-טיגע כּוחות, אויף וועלכע זי זאָל זיך קאָנען שטיצען אין אַ צייט פון פּאָגראָם-געפאַהר, — זאָגט זיך די קאָנפערענץ אַרויס פאַר אַ פעראייניגונג פון אַלע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע יודישע כּוחות, וואָס קאָנען פּאָליטיש אָדער טעכניש מיטהעלפען דער אָרגאַניזאַציע פון זעלבסטשוץ, און לעגט-פאָר צו גרינדען ביים הויפט-קאָמיטעט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וועגען זעלבסטשוץ.



# די ווייס־רוסלענדישע פּאַרטיי־בעראַטונג.

אָנשטאָט אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס האָט צוליעב דעם אוקראַינישען באַהן־שטרייק נישט געקאָנט פאָרקומען, איז דעם 25 — 27 יולי אין האָמעל אָבגעהאַלטען געוואָרען א פּאַרטיי־בעראַטונג, אין וועלכער ס'האָבען אָנטייל גענומען 18 חברים־דעלעגאַטען, צווישען זיי — די ח"ח גוטמאַן, קאָנגלאָ, יצחק גאָרדין, גוטע מרגלית א. אַנד. ; אַלס פאָרשטעהער פונ'ם צ.־ק. — ח' מ. לעוויטאַן.

ס'איז בעהאַנדעלט געוואָרען אַ רייה פראַגען — פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע, קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע. דער קאַנט־קאָמיטעט האָט אין זיין בעריכט אָנגעוויזען אויף די שווערע בעדינגונגען, ביי וועלכע ס'קומט־אויס צו ארבייטען, מחמת די אַלע שטערונגען און שוועריגקייטען פון דער אָקופּאַציע. לויט'ן בעריכט, וואָס נעהמט־אַרום די צייט פון 25 יאַנואַר ביז'ן 25 יולי, האָט דער קאַנט־קאָמיטעט דאָך אָנגעפיהרט אַ גרויסע טעטיגקייט. מיטגליעדער פון ק.־ק. האָבען בעזוכט פערשיעדענע פונקטען און געהאַט 34 אַרויסטריטען, פונאַנדערגעשיקט צירקולאַרען און ליטעראַטור. מיט אַ בעזונדערער אַקטיוויטעט האָט דער ק.־ק. רעאַגירט אויף דער ווייס־רוסלענדישער בעוועגונג. ער האָט זיך בעטייליגט אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זענען געשאַפען געוואָרען לטובת דער בעוועגונג, ווילאַנג דידאָזיגע אינסטיטוציעס זענען געפיהרט געוואָרען אין גייסט פון דער דעמאָקראַטיע און האָבען געהאַט פאַר זיך בעפרייאונגס־ציעלען. באַלד אָבער ווי די ווייס־רוסלענדישע בעוועגונג איז אַדאַנק דער אָקופּאַציע אַוועק אין אַנ'אַנדער ריכטונג און האָט אָנגענומען אַנ'אָריענטאַציע, וואָס איז פאַר דער אָקופּאַציע געוואונשען, זענען אונזערע חברים פון דער ווייס־רוסלענדישער ראַדע און פון סעקרעטאַריאַט אַרויסגעטראָטען.

פון די בעריכטען פון די ערטער ווייזט־זיך־אַרויס נאָך בולט'ער דאָס בילד פון די אָקופּאַציע־בעדינגונגען. אין בעזונדערס שווערע בעדינגונגען איז אויסגעקומען צו לעבען אין די ערטער, וואָס זענען געווען אונטער דער פּוילישער ממשלה פון דאָווּבאַר־מושניצקי'ס חייל. דאָך האָבען דאָרט די אָרגאַניזאַציעס געפיהרט אַ ברייטע פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע טעטיגקייט. כמעט אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך האָט זיך געמערקט אַנ'ענערגישע פאַרבערייטונג פון די אָרגאַניזאַציעס צו די קהלה־וואַהלען, וואָס האָבען געדאַרפט

פאַרקומען. אין האָמעל איז אונזער אָרגאַניזאַציע אַזוי שטאַרק געוואָרען, אַז זי
האָט די מעגליכקייט זיך צו בויען אַנ'אייגען הויז אויפ'ן נאָמען פונ'ם פערשטאָר-
בענעם חבר מ. ב. ראַטנער. זי האָט שוין צום דאָזיגען צוועק אַרויסגעלאָזען
אַקציעס.

איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען, די ווייס-רוסלענדישע, איז אין דער
פאַרטיי-בעראַטונג נישט בעטראַכט געוואָרען, ווייל די בעראַטונג האָט זיך נישט
געפיהלט גענוג קאָמפעטענט אָנצונעהמען אַנ'ענדגילטיגען בעשלוס בנוגע אַזאַ
פראַגע, וועלכע פאָדערט אַנ'אַלזייטיגע אויפקלערונג; זי איז דעריבער אָבגעלעגט
געוואָרען ביז אַ קאָנפערענץ.

די פראָפעסיאָנעלע און קאָאָפעראַטיווע פראַגען האָבען אויף דער בעראַ-
טונג פערנומען אַ גאַנץ בעדייטענדיגען אָרט; בעזונדערס — די פראַגע וועגען
קאָאָפעראַטיווען. די קאָאָפעראַטיווע בעוועגונג אין ווייס-רוסלאַנד וואַקסט-זיך-
פונאַנדער וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער; מען האָט דעריבער געדאַרפט אָנגעהמען
אַ שטעלונג צו איהר. עס זענען געווען צווי ריכטונגען. איינע האָט פאָרגעשטעלט
די מיינונג, אַז די קאָאָפעראַטיווע בעוועגונג ענטוויקעלט קליינבירגערליכע
השגות ביי די אַרבייטער-מאַסען און איז אַ שטערונג פאַר דער אַרבייטער-בעווע-
גונג. די צווייטע ריכטונג האָט אָנגעוויזען אויף דער גרויסער ראָליע, וואָס די
קאָאָפעראַטיווע בעוועגונג שפיעלט אין קאַמף געגען יקרות און איז אַנ'אָרגאַניזאַ-
ציאָנס-שולע פאַר די מאַסען; די קאָאָפעראַטיווען דאַרפען נור זיין אין קאָנטאַקט
מיט די פראָפעסיאָנעלע פעראיינען. די בעראַטונג האָט זיך געשטעלט אויפ'ן
צווייטען שטאַנדפונקט און ס'איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען נור געברויכס-
קאָאָפעראַטיווען, וועלכע דאַרפען זיין אינטערנאַציאָנאַלע; פראָדוקציאָנס-קאָאָפע-
ראַטיווען דאַרפען געגרינדעט ווערען בלויז דאַן, ווען זיי שפיעלען אַ הילפס-ראָליע
פאַר די געברויכס-קאָאָפעראַטיווען. מיינונגס-פערשידענהייטען האָט אויך
אַרויסגערופען די פראַגע, ווער ס'קאָן צוגעלאָזען ווערען אַלס מיטגלידער אין
די קאָאָפעראַטיווען: צי נור מיטגלידער פון סאָציאַליסטישע פאַרטייען און
פראָפעסיאָנעלע פעראיינען, צי יעדער אַרבייטער, נישט-קוקענדיג דערויף, אויב
ער איז אַ מיטגליעד פון אַנ'אַרבייטער-אינסטיטוציע, אָדער נישט. די בעראַטונג
האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז אין די קאָאָפעראַטיווען געהען-אַריין מיטגליע-
דער פון אַרבייטער-אָרגאַניזאַציעס (נישט דוקא פון פראָפ. פעראיינען און
פאַרטייען) און די, וואָס ווערען דורך זיי רעקאָמענדירט.

בנוגע דער פראָפעסיאָנעלער בעוועגונג איז בעשלאָסען געוואָרען צו אָר-
גאַניזירען די חברים אין סעקציעס, וואָס זייער אויפגאַבע איז: 1) אַכטונג צו
געבען, אַז די טעטיגקייט פון פעראיין זאָל געהן אויף דער ליניע פון אויסגע-
האַלטענעם קלאַסען-קאַמף; 2) די פעראיינען זאָלען שטיצען אונזערע פאָליטישע
אַרויסטרעטונגען; 3) גרינדען פראָפעסיאָנעלע קאָמיסיעס ביי די אָרגאַניזאַציעס,

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

וואָס זאָלען אָנפיהרען מיט אונזער גאַנצער פּראָפעסיאָנעלער אַרבייט אין די שטעדט.

די קהלה-פראַגע האָט קיין סך צייט נישט פערנומען. פון איינציגע פונקטען האָט מען בעריכטעט, אַז די בורזשואַזע עלעמענטען, שטיצענדיג זיך אויף דער מאַכט, שטערען דורכצופיהרען דעמאָקראַטישע קהלה-וואַהלען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע רופט צום קאַמף געגען דידאָזיגע עלעמענטען און צו נעהמען אויף זיך די איניציאַטיווע צו שאַפען קאָמיסיעס אויף צוצוגרייטען די וואַהלען צו די קהלות. נעהמענדיג אין בעטראַכט דעם כח פון דער רעאַקציע אויף דער יודישער גאַס, האָט די בעראַטונג בעשלאָסען צו רעקאָמענדירען די אָרגאַניזאַציעס צו שליסען אַ בלאָק מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ביי די קהלה-וואַהלען; עס ווערען אָבער דערלאָזען בלויז טעכנישע בלאָקען, וועלכע גיבען אַ ברייטע מעגליכקייט דער פּאַרטיי צו פיהרען אַ זעלבשטענדיגע וואַהל-אַגיטאַציע אַרום אונזער וואַהל-פּלאַטפאָרם.

בנוגע דער אַרבייט אין די קהלות האָט די בעראַטונג בעשלאָסען, בשום-אופן נישט אַרויסטרעטען פון די קהלות, ווי רעאַקציאָנער זיי זאָלען נישט זיין; אין פערוואַלטונג אָבער קאָן מען אָנטייל-נעהמען בלויז אין דעם פּאַל, ווען אין דער קהלה איז פּאַרהאַן אַ דעמאָקראַטישע מעהרהייט, וועלכע האַלט זיך ביים פּרינציפּ פון דער וועלטליכקייט פונ׳ם יודישען פאָלק און די רעכט פון יודיש סיי אין דער קהלה און סיי אויסער איהר; מען קאָן אָנטייל-נעהמען אין די קאָמיסיעס—אויסער אין יענע, וואָס מיר זענען פּרינציפּעל געגען זיי, ווי: אין די רעליגיעזע, פּאַלעסטינאַ-קאָמיסיע א. א. וו.

די אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגע האָט פערנומען אַ וויכטיגען אָרט אין דער בעראַטונג. צוליעב אַ רייהע טעמים איז דער צפון-מערב-טייל פון ווייס-רוסלאַנד נישט געהעריג בעאַרבייט געוואָרען דורך דער פּאַרטיי. די אַקטיוויסטע טהוער זענען אין מאָמענט פון דער רעוואָלוציע נישט געווען אין ווייס-רוסלאַנד; דאָס האָט פיעל געשטערט די אַרבייט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אַקטיוו ערשט אויפ׳ן 5—6-טען חודש פון דער רעוואָלוציע. דעריבער שפּיעלט די פּאַרטיי אין ווייס-רוסלאַנד נישט אַזאַ גרויסע ראָליע, ווי אין אַנדערע קאַנטען. פאַר דער בעראַטונג האָט זיך טאַקי געשטעלט די פראַגע, ווי-אַזוי אַמבעסטען אײַנצושטעלען דעם אָרגאַניזאַציאָנס-אַפּאַראַט און אָנהויבען פיהרען אַ ביענען-אַרבייט; בעזונדערס אין איצטיגער צייט, ווען די רעאַקציע פערניכטעט אַלע רעוואָלוציאָנערע ערראָבערונגען. די אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגע האָט בעת׳ן בעהאַנדעלט-ווערען אָנגענומען אַ פּרינציפּיעלען כאַראַקטער. ס׳האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער הנחה, אַז די פּאַרטיי זאָל איבערגעבויט ווערען אויף פעדעראַטיווע יסודות. אַ טייל חברים האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ס׳איז נאָך פריהצייטיג צו רעדען וועגען איבערבויען די פּאַרטיי אויף פעדעראַטיווע יסודות, כל-זמן די מלוכה-גרענעצען זענען נאָך נישט פעסטגעשטעלט; מ׳דאַרף אויך נעהמען אין אַכט, אַז אַרויסצושטעלען איצט

די פּאָדערונג פון פעדעראַציע איז פּשוט געפעהרליך, ווייל דאָס וועט געבען אַ געלעגענהייט די רעאַקציאָנערען, וואָס שטעהען איצט ביי דער מאַכט, צו פאָדערן, מ׳זאָל אַנעקסירען דעם טייל ווייס-רוסלאַנד, וואָס געפינט זיך אַייסער די אָקופּירטע גרענעצען. פערקעהרט, די אָנהענגער פון דערדאָזיגער רעפאָרם האָבען אָנגעוויזען, אַז דער פּרינציפּ פון פעדעראַציע איז ריכטיג אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען, אַז דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען פּאָליטישען פּרינציפּ פון פעדעראַציע, נאָר וועגען שאַפען די בעסטע פאָרמען פון פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע; די קאָניוקטור פון די פערשידענע טיילען פונ׳ם געוועזענעם רוסלאַנד איז פערשידען, און דעריבער מוזען די פּאַרטיי-פאָדערונגען און די פּאַרטיי-טאַקטיק אויך זיין פערשידען; דער פּרינציפּ פונ׳ם פעדעראַטיווען בוי פון דער פּאַרטיי ווענדט-זיך לחלוטין נישט אין די גרענעצען פון די פעדעראַטיווע טיילען, וועלכע לאָזען זיך בייטען.

די בעראַטונג האָט אָנגענומען די לעצטע מיינונג און בעשלאָסען, אַז די קאַנט-קאָמיטעטען זאָלען זיין זעלבשטענדיג בלויז אין די ספּעציעלע לאַנד-ענינים, און דאָס נור אין די ראַהמען פון די רעזאָלוציעס פון די פּאַרטיי-צוזאַמענפאָהרען; אין אַלגעמיינע פּאַרטיי-פראַגען מוזען די קאַנט-קאָמיטעטען זיין אונטערגעוואָרפען דעם צענטראַל-קאָמיטעט, איבערלאָזענדיג אויך דעם צ.-ק. דאָס רעכט אָבצושאַפען יענע פּאָליטישע בעשלוסען פון די קאַנט-קאָמיטעטען, וואָס זענען נוגע אויך אַנדערע טיילען פון דער פּאַרטיי. ס׳איז אויך בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען קרייז-קאָמיטעטען אין די גרעסערע פּונקטען; אויפצופאָדערן דעם צ.-ק., ער זאָל צונויפרופען, ווי נור ס׳וועט מעגליך זיין, דעם פּאַרטיי-צוזאַמענפאָהר; אַרויסגעבען אַ צוויי-וועכענטליכען זשורנאַל. (דער זשורנאַל ערשיינט שוין אונטער׳ן נאָמען „דער שטראַהל״).

אין דער פראַגע וועגען קולטור-אַרבייט איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען קורץ-צייטיגע פּאַרטיי-קורסען ביים הויכט-קאָמיטעט; פּאָרלעגען דעם צ.-ק. צו גרינדען אַ פּאַרטיי-שולע; רעקאָמענדירען די אָרגאַניזאַציעס צו גרינדען קלובען, אָווענד-קורסען א. ד. גל.

אין דער בעראַטונג האָבען זיך בעטייליגט דעלעגאַטען פון די שטעדט: האָמעל, זשלאָבין, סלוצק, מינסק, באָברויסק, רעטשיצע, מאָהילעוו. צוליעב׳ן באַהן-שטרייק און שוועריגקייטען צו בעקומען ערלויבנישען זענען נישט געקומען קיין דעלעגאַטען פון פּאָלאָצק, דווינסק, רעזשיצע און אַ טייל פון פּאָלעסיע און טשערניגאָווער גובערניע.

ס׳איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ הויפּט-קאָמיטעט פון די חברים: מ. גוטמאַן, אויפריכטיג-קאָנגלאָ, ד. לעווין, מ. מאַריאַסין, ז. נחומזאָן, ז. אָשעראָוו, ג. מרגלית, י. גאָרדין און מ. ליוועראַנט; קאַנד.—מ. ראַווקין.

די בעראַטונג האָט אָנגענומען צוויי פּאָליטישע דעמאָנסטראַטיווע רעזאָלוציעס:

אַ בעגריסונג און אַן׳אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט די שטרייקענדיגע אוקראַינישע באַהן-אַרבייטער, וועלכע שטעהען העלדיש אין קאַמף פאַר זייער רעכט, און אַ פּראָ-טעסט-רעזאָלוציע געגען דאָס אָבשאַפען די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

ביי אַ שווערער און ביטערער צייט איז די בעראַטונג פאָרגעקומען, אָבער אַדאַנק דעם ווילען און דער אָפּפערווילליגקייט פון די חברים וועט די פּאַרטיי-און־כייט נישט אָבגעשטעלט ווערען און מען וועט פאָרטזעצען צו בויען די פּאַרטיי-פעסטונג אין ווייס-רוסלאַנד.



## בעריכט פונ׳ם פּלענום פון צענטראַל-קאָמיטעט
### פון דער פעראייניגטער יודישער
### סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס. און י. ס.).

אין די טעג פון 23 ביז׳ן 27 סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אַ סעסיע פונ׳ם פּלענום פון צענטראַל-קאָמיטעט מיט פאָרשטעהער פון אַלע טיילען פון דער פּאַרטיי.

אין דער סעסיע האָבען זיך בעטייליגט: 15 מיטגליעדער (פון 24) פונ׳ם צ.-ק.; צו צוויי פאָרשטעהער פון די הויפּט-קאָמיטעטען פון אוקראַינע און ווייס-רוסלאַנד; צו איין פאָרשטעהער פון די הויפּט-קאָמיטעטען פון גרויס-רוסלאַנד, פּוילען און ליטאָ; איין פאָרשטעהער פון רעדאַקציאָנס-קאָלעגיום — מיט בעראַטונגס-רעכט; איין פאָרשטעהער פון קיעווער קאָמיטעט, אַ מיטגליעד פון אויספיהר-ביוראָ פונ׳ם אוקראַינישען הויפּט-קאָמיטעט, אַ מיטגליעד פון ווייס-רוסלענדישען הויפּט-קאָמיטעט—מיט בעראַטונגס-רעכט, און דריי פרעמדשטעדטישע חברים אַלס געסט.

די סעסיע האָט זיך פערנומען מיט פאָלגענדען טאָג-סדר: I בעריכטען; II פּאָליטישער מאָמענט און די אויפגאַבען פון פּראָלעטאַריאַט; III נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט (מאַטעריאַלען צום פּאַרטיי-פּראָגראַם); IV אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגען; V פּרעסע און ליטעראַטור; VI פינאַנסען; VII פערשיעדענעס.

### בעריכטען.

אוקראַינע: די טעטיגקייט איז בעשטאַנען הויפּטזעכליך אין אָרגאַניזירען די בעטייליגונג פון דער פּאַרטיי אין די צענטראַלע אַנשטאַלטען פון דער

נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ביז'ן מאָמענט פון אָבשאַפען די לעצטע, און שפעטער — אין דער צוגרייטונגס-אַרבייט צום קהלות-צוזאַמענפאָהר.

דער בעריכט קאָנסטאַטירט, אַז די רעסטאַווראַציע איז איבעראַל אין פולען גאַנג. בעזונדערס פיהלט-זיך עס אין די קלענערע שטעדט. פון אַן'עפענט-ליכער פּאָליטישער אַרבייט — אַפילו נור פּאָליטישער ערציהונגס-אַרבייט — קאָן קיין שום רייד נישט זיין. אין די גרעסערע שטעדט, וואו ס'איז געלונגען צו אָרגאַ-ניזירען און לעגאַליזירען קלובען, זענען נאָך די לעצטע פערבליבען אַלס דער קאָנצענטרירענדיגער פונקט פון די פּאַרטיי-חברים, ווי אויך פון ברייטערע אַרבייטער-קרייזען. דאָרטען, וואו אַזוינס איז נישט געלונגען, זענען פערבליבען נישט-בעדייטענדיגע גרופּעס פון אַקטיווערע און מעהר בעוואוסטזיניגע אַרבייטער. אין מאַנכע שטעדט איז שוין בעגייט געוואָרען אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבייט לויט'ן אַלטען קרייזלעך-סיסטעם.

פון די רעפערעסיעס האָבען איבערהויפּט געליטען די מוניציפּאַל-ראַטמענער: פיעל פון זיי זענען פערשיקט געוואָרען און פיעל האָבען געמוזט די שטעדט פערלאָזען.

די פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך גאַנץ גוט ענטוויקעלט ביי די פרייע בעדינגונגען און אַרומגענומען גרויסע אַרבייטער-מאַסען, לעבט-איבער פּאַר דער לעצטער צייט אַ קריזיס צוליעב אויסערליכע און אינערליכע סיבות.

אין די שטעדט, וואו די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס האָבען אָבגעגעבען אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבייט, איז געלונגען צו בעלעבען און פערשטאַרקען די פעראייניגען און אויך צו פערפעסטיגען די פּאַרטיי-ווירקונג.

אין אָרגאַניזאַציאָנעם זין איז די אַרבייט פונ'ם הויפּט-קאָמיטעט בעשטאַנען הויפּטזעכליך אין בעזוכען די ערטער און צו אָרגאַניזען און צוצופּאַסען די אָרגאַניזאַציעס צו די נייע בעדינגונגען.

אַזוי זענען דרייסיג פונקטען אין אַ משך פון 4 חדשים בעזוכט געוואָרען צוויי-און-פופציג מאָל דורך צוואַנציג חברים, צוליעב לעקציעס, קהלה-וואַהל-קאַמפּאַניע, אָרגאַניזאַציאָנער און פּראָפעסיאָנעלער אינסטרוקציע, גובערניאַלע קאָנפערענץ (טשערניגאָווער, יעקאַטערינאָסלאַווער און פּאָדאָלער גובערניעס). אין פיעל שטעדט זענען געעפענט געוואָרען קלובען, קורסען א. אַנד. אַנשטאַל-טען. אין סעפּטעמבער איז פּאָרגעקומען אַ סעסיע פון אוקראַאינישען פּאַרטיי-ראַט, אין וועלכער ס'האָבען זיך בעטייליגט מיטגליעדער פון הויפּט-קאָמיטעט, פּאָרשטע-הער פון טשערניגאָווער און יעקאַטערינאָסלאַווער גוב. און פון די שטעדט: אָדעס, פּאָלטאַווע און קיעוו; פונ'ם צענטראַל-קאָמיטעט און פונ'ם רעדאַקציאָנס-קאָלעגיום. די סעסיע האָט בעהאַנדעלט אַ רייהע פּראַגען, ווי: פּאָליטישע לאַגע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, קולטור-אַרבייט, קהלה און קהלות-צוזאַמענפאָהר, אָרגאַניזאַציאָנס-פּראַגען א. א. וו. דער אַלגעמיינער בעריכט

פערענדיגט דערמיט, וואָס די אַרבייטער-בעוועגונג אין אוקראַינע לעבט-דורך א גוואַלטיגען קריזיס, נאָר — די צייט איז נישט ווייט, ווען די לאַגע וועט זיך בייטען.

ווייס-רוסלאַנד: דער בעריכט נעהמט-אַרום די צייט פון דעצעמבער 1917 — אויגוסט 1918. די פאַרטיי האָט ענטוויקעלט אַ בעדייטענדיגע טעטיגקייט אויף אַלע געביעטען. די פאַרטיי האָט אַקטיוו מיטגעאַרבייט אין די אויספיהר-אַנשטאַלטען פון דער ווייס-רוסלענדישער ראַדע, ווי אויך אין דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעגירונג. אַנ׳אַקטיווען אָנטייל האָט די פאַרטיי גענומען אין די וואַהל-קאַמפּאַניעס צום יודישען צוזאַמענפאָהר און די קהלות. די פאַרטיי האָט בעקומען פיעל טויזענדער שטימען און דורכגעפיהרט אַ בעדייטענדיגע צאָהל ראַטמענער. אין יולי איז פאָרגעקומען אַ פאַרטיי-בעראַטונג, וועלכע האָט אויסגע-קליבען אַ הויפּט-קאָמיטעט. אין האָמעל ערשיינט אַ צוויי-וועכענטליכער אָרגאַן „דער שטראַהל“. ס׳ווערט אָנגעפיהרט אַ שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע טעטיגקייט, נישט-קוקענדיג אויף דער שטערונג פון די רעפּרעסיעס. ס׳ווערען געלייענט לעקציעס, רעפעראַטען א. א. וו. (זעה גענויער דעם בעריכט פון דער ווייס-רוסלענדישער פאַרטיי-בעראַטונג).

גרויס-רוסלאַנד: שוין זייט איינעגע חדשים איז געוואָרען אונמעגליך צו פיהרען אַ סיסטעמאַטישע אַרבייט.

אין יוני איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ. (זעה די גרויס-רוסלענדישע פאַרטיי-קאָנפערענץ). עס זענען שוין ערשיענען זעקס נומערן פון „אונזער וועג“.

אַנ׳אַקטיווען אָנטייל האָבען די אָרגאַניזאַציעס גענומען אינ׳ם צוזאַמענפאָהר פון די קהלות, וואו די פאַרטיי האָט געהאַט אַ פראַקציע פון דרייצעהן חברים פון פאָלגענדע שטעדט: מאָסקווע, קורסק, וויטעבסק, סמאָלענסק, אָריאָל, קאַזאַן, אָרשאַ. אינ׳ם פּרעזידיום פונ׳ם ביוראָ איז אויסגעקליבען געוואָרען דער חבר ל. מאָטעליאָוו.

אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר פון די האַנדעלס-אָנגעשטעלטע אין מאָסקווע איז די פאַרטיי-קאָנפערענץ בעשטאַנען פון דעלעגאַטען פון פערשיעדענע שטעדט פונ׳ם אַלטען און נייעם תחום. אין צענטראַל-ראַט זענען אויסגעוועהלט געוואָרען צוויי חברים.

אין סאַמאַראַ איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אַרום וואָלגער געגענט. אָבער אין דער לעצטער צייט איז יעדע טעטיגקייט, צוליעב׳ן פערשטאַרקטען טעראָר, אָבגעשטעלט געוואָרען. פּאָליטישע אַרויסטרעטען זענען נישט מעגליך, און בכלל — פערענדיגט דער בעריכט — קומט-אויס צו לעבען מעהר מיט שטימונגען און סימפּאַטיען, ווי מיט פּאָליטישע מעשים.

## דער יודישער פּראָלעטאַריער.

פּוילען: די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס האָבען נאָך די יאָהרען 1907 — 1908 דורכגעלעבט אַ קריזיס צוזאַמען מיט דער גאַנצער רוסלענדישער אַרבייטער-בעוועגונג.

פאַר דער מלחמה, אין די יאָהרען 1910 — 1914, זענען די אָרגאַניזאַציעס אין עטליכע שטעדט צוריק טעטיג געוואָרען; נאָר דורך אַ רייה אַרעסטען איז די אַרבייט ווייטער געשטערט געוואָרען. קיין גרויסע מאַסען-בעוועגונג איז פאַר יענע יאָהרען אין פּוילען נישט געווען; ס'פערשטעהט זיך, אַז די אַרבייט פון די אָרגאַניזאַציעס איז געווען אַ קרייזלעך-אַרבייט און אויך אַ פּראָפּעסיאָנעלע אין קליינעם מאַסשטאַב.

אין דער צייט נאָכ'ן אויסברוך פון דער מלחמה איז די פּאָליטישע טעטיג-קייט, אויף-וויפיעל ס'איז מעגליך געווען, בעשטאַנען דערין, וואָס ס'איז געפיהרט געוואָרען אַנ'אויפקלערונגס-אַרבייט, מען האָט אָבגעשיקט אַ מעמאָריאַל צו דער ס.-ד.-פראַקציע אין דומע בנוגע דער מלחמה, אַרויסגעלאָזען אַ רייה אויפרופען וועגען דער מלחמה, וועגען די יימלאָזע און צום 1-טען מאַי.

נאָכ'ן אָקופּירען פּוילען דורך דאָס דייטשע מיליטער האָבען זיך די בעדינגונגען געביטען און ס'איז געשאַפען געוואָרען אַ מעגליכקייט צוצוטרעטען פעסטער צו דער אַרבייט.

ביי די אונגאָרמאַלסטע אויסערליכע ווי אינערליכע בעדינגונגען ענטוויקלען זיך אונזערע אָרגאַניזאַציעס און פיהרען-אָן אַ ברייטע טעטיגקייט אויפ'ן פּראָפּעסיאָנעלען, קולטור- און הילפס-געביעטען. ס'זענען געגרינדעט געוואָרען אַ רייה קלובען, ביבליאָטעקען, אָוועגד-קורסען, קינדער-היימען און פּראָפּעסיאָנעלע פּער-איינען, וועלכע געפינען זיך אונטער דער ווירקונג פון דער פּאַרטיי. די בעדייטענדסטע אָרגאַניזאַציעס געפינען זיך אין וואַרשאָ און טשענסטאָכאָוו.

אין די פאַר-אַרבייטען צו די גמינע-וואַהלען אין וואַרשאָ זענען מיר געווען די ערשטע פון די סאָציאַליסטישע ריכטונגען, וואָס האָבען בעשלאָסען צו בעטיי-ליגען זיך אין די וואַהלען. דורך די וואַהל-ביוראָס פון יוד. סאָצ. וואַהל-קאָמיטעט איז דערלאַנגט געוואָרען 1673 דעקלאַראַציעס און אַייגעאָרדענט געוואָרען אַ רייה מיטינגען.

פאַר דער לעצטער צייט איז אונטערגענומען געוואָרען אַ לעבהאַפטיגע פערלאַגס-טעטיגקייט. ס'זענען ערשיענען אַ רייה בראָשורען און זאַמעלביכער.

ס'זענען פאָרגעקומען 3 קאָנפערענצען, וועלכע האָבען בעהאַנדעלט די וויכטיגסטע פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע פראַגען, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער טאָג-אָרדנונג.

די אָרגאַניזאַציעס אין פּוילען האָבען דורכגעמאַכט דיזעלביגע עוואָלוציע אינ'ם זין פון אַריינגעמען אין אונזער פּראָגראַם דעם אויטאָנאָמיזם און געבי-טען דעם נאָמען אויף „יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטיי (ס. - ס.)“.

# דער יודישער פראָלעטאַריער

דערמיט רעכענען מיר זיך אַלס א טייל פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע.

ליטאָ: דער צענטער פון אונזער פּאַרטיי אין ליטאָ איז ביאַליסטאָק. די דאָרטיגע אָרגאַניזאַציע פערגעהמט דעם בכבוד'יגסטען אָרט צווישען די אַרבייטער, פיהרט-אָן מיט דער פּאָליטישער, ווירטשאַפטליכער און קולטורעלער טעטיגקייט פון דער יודישער אַרבייטערשאַפט.

אין דער ערשטער צייט פון דער אָקופּאַציע איז געפיהרט געוואָרען אַ קאַמף געגען צוואַנגס-אַרבייט, רעפּרעסיעס און פערשיעדענע גיהינום-מיטלען.

בעזונדערס העפטיג איז דער קאַמף געגאַנגען געגען „ועד-הקהל", וועלכער האָט פערכאַפּט די קהלה און זיך געשטיצט אויף דער מאַכט, כדי צו טהון וואָס ס'האָט זיך איהם געגלוסט.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַקטיוו בעטייליגט אַין קאַמף פאַר די רעכט פון דער יודישער שפראַך און פאָלקס-שול.

דער קאַמף מיט'ן אַלץ וואַקסענדיגען יקרות האָט פערנומען אַ גרויסען אָרט אין דער טעטיגקייט פון דער אַרבייטערשאַפט, וואו אונזער פּאַרטיי האָט זיך אַקטיוו בעטייליגט.

ס'זענען אָרגאַניזירט געוואָרען פּאַרטיי-קלובען, ביבליאָטעקען, קורסען. אַ בעזונדערן אָרט פערנעהמט די אַרבייטער-קינדער-היים א. נ. פון י. ל. פּרץ און אַ פאָלקס-שול, אין וועלכער ס'זענען שוין געעפענט געוואָרען 3 קלאַסען. די שול ווערט בעזוכט פון 180 קינדער, וועלכע ווערען אויך געשפייזט, געקליידט און בעקומען אומזיסט לעהר-ביכער.

אַרום ביאַליסטאָק גרופּירען זיך אַ רייה שטעדט און שטעדטלעך, צווישען וועלכע סלאָנים צייכענט-זיך-אויס מיט איהר שטאַרקער אָרגאַניזאַציע.

ס'זענען אויך אויסגעהערט געוואָרען געלד-בעריכטען פון צ.-ק., „נייע צייט" און פון אוקראַינישען הויפּט-קאָמיטעט. די געלד-בעריכטען זענען בעשטע-טיגט געוואָרען.

אַ גרויסען אָרט האָבען פערנומען די דעבאַטען וועגען פּאָליטישען מאָמענט און די אויפגאַבען פון פּראָלעטאַריאַט. נאָך לאַנגע ויכוחים איז ענדליך מיט אַ מעהרהייט שטימען אָנגענומען געוואָרען די רעזאָלוציע פון די אינטערנאַציאָ-נאַליסטען, וועלכע מיר ברענגען ווייטער.

אַ גרויס געוויכט איז געלעגט געוואָרען אויף די אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגען. ביים איצטיגען צושטאַנד פון דער פּאַרטיי האָט געמוזט געפונען ווערען אַ פּאַסיגע אָרגאַניזאַציאָנס-פאָרם. דער פּלענום האָט אויסגעוועהלט צוויי רעדאַקציאָנס-קאָמיסיעס — פאַר פרעסע און אַנדערע אויסגאַבען — און אַ פערלאַגס-קאָמיסיע, בעטראַכט און בעשטעטיגט דעם ביודזשעט פאַר די נאָהענטסטע חדשים.

בכלל האָט דער פּלענום זיך פערנומען מיט פּראַקטישע פראַגען און ווי

אַמבעסטען אַוועקצושטעלען די אַרבייט פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַ-ליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס. און י. ס.).

דער פּלענום האָט אָנגענומען, צווישען אַנדערע, פאָלגענדע רעזאָלוציעס און בעשלוסען:

## פּאָליטישער מאָמענט און די אויפגאַבען פון׳ם פּראָלעטאַריאַט.

איינע פון די פּאָליטישע גרונד-אויפגאַבען פון׳ם רוסלענדישען פּראָלע-טאַריאַט איז— מיטהעלפען צו פעראייניגען אין אַ פעדעראַטיווען פערבאַנד די צעריסענע טיילען פון׳ם געוועזענעם רוסלאַנד. הגם די אויפגאַבע איז אַנ׳אינעווע-ניגסט פּראָבלעם פון די פעלקער און קאַנטען פון רוסלאַנד, אָבער געלעזט ווערען קאָן זי נור אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען מאַסשטאַב.

רוסלאַנד איז צעפאַלען געוואָרען אינ׳ם פּראָצעס פון דער אימפּעריאַ-ליסטישער וועלט-מלחמה; צוריק אויפגעשטעלט ווערען קאָן עס נור דורכ׳ן קאַמף פאַר דער בעפרייאונג פון יעדער אימפּעריאַליסטישער קאָאַליציע, וואָס קאָן פערענדיגט ווערען נור דורך אַנ׳אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישען שלום.

די ענטוויקלונג פון דער מלחמה און פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט פעסטגעשטעלט, אַז קיינע פון די מלחמה-האַלטענדיגע קאָאַליציעס איז נישט פעהיג ברענגען צו אַנ׳אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישען שלום, ממילא—אויך צו דער כּיַדעראַטיווער פעראייניגונג פון׳ם צעריסענעם רוסלאַנד, אַלס איינעם פון די גרונד-פאָלגען פון אַזאַ שלום.

דער איינציגער פאַקטאָר, וואָס קאָן און מוז צווינגען ביידע קאָאַליציעס איינצוגעהן אויף אַנ׳אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישען שלום, איז — דער אינטערנאַציאָ-נאַלער אַרבייטער-קלאַס. נור אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער איינהייטליכקייט פון זיין קלאַסען-אַקטיוויטעט דאַרף זיך אָריענטירען דער רוסלענדישער פּראָלע-טאַריאַט אין זיין פּאָליטיק פון ראַטעווען רוסלאַנד.

דער באָלשעוויזם איז אויך געווען אַ פאַקטאָר, וואָס האָט מיטגעהאָלפען דער צעשטערונג פון רוסלאַנד און דער דעזאָרגאַניזירטקייט פון דער רוסלענדי-שער רעוואָלוציע. ער האָט צוגעגרייט אַ וועג פאַר דער אונטערדריקונג פון׳ם אַרבייטער-קלאַס אויפ׳ן גאַנצען שטח פון דער געוועזענער רוסלענדישער מדינה.

אויף-וויפיעל דער באָלשעוויזם, בילדענדיג איצט די מאַכט אין רוסלאַנד, פערקערפערט אין זיך די אינטערנאַציאָנאַלע זייט פון רוסלענדישען פּראָבלעם— דאַרף ער בעקעמפט-ווערען נור אין די ראַהמען פון׳ם אַרבייטער-אינטערנאַציאָ-נאַל; אויף-וויפיעל ער שטעלט מיט-זיך פאָר די געפעהרליכסטע פערבלאָנדזשעניש אינעווייניג, אין רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט גופא—דאַרף ער בעקעמפט ווערען נור מיט דער הילף פון דער רוסלענדישער אַרבייטערשאַפט און פון די נאָ-

הענטסטע דעמאָקראַטישע פאָלקס-שיכטען, אָהן אַנ'אַפּעלאַציע צו אַ פרעמדער מיליטער-מאַכט.

## וועגען די ערקלערונגען און בעריכטען פון די פאַר-שטעהער פון ליטאַ און פוילען.

אויסהערענדיג די ערקלערונגען פון די פאָרשטעהער פון ליטאַ און פוילען וועגען דעם, אַז די אָרגאַניזאַציעס פון דער „יודישער סאָציאַליסטישער ארבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס.)“ אין ליטאַ און אין פוילען בעטראַכטען זיך אַלס טיילען פון דער „פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס. און י. ס.)“, בעגריסט דער פּלענום די ברודער-אָרגאַניזאַציעס פון ליטאַ און פוילען, בעשטימט אַרייצונעהמען זיי ווי פול-בערעכטיגטע גליעדער פון דער פּאַרטיי-משפחה, און בעשליסט צו געבען די פאָרשטעהער פון פוילען און ליטאַ די אייגענע רעכט (בעשטימונגס-רעכט) אַלס פּלענום-מיטגליעדער, ווי דאָס איז אָנגענומען בנוגע צו די פאָרשטעהער פון אַלע איבעריגע פּאַרטיי-טיילען.

אויסהערענדיג די בעריכטען וועגען דער טעטיגקייט פון די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס אין ליטאַ און אין פוילען, דריקט-אויס דעם פּלענום זיין צופריע-דענהייט דערמיט, וואָס נישט-קוקענדיג אויף די אויסערסט שווערע אָקופּאַציע-תנאים, האָבען די דאָרטיגע חברים דאָך בעוויזען אויפצובויען מעכטיגע פּאַרטייאישע, פראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, צו פיהרען אַ פּיעלזייטיגען ערפאָלגרייכען קאַמף פאַר די אינטערעסען פונ'ם יודישען פראָלע-טאַריאַט און פון די דעמאָקראַטישע יודישע פאָלקס-מאַסען, און צו בעשאַפען אַ גאַנצע רייהע טריבונעס אויף צו פערדיגען די אידעען פון דער פעראייניגטער יודישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פּאַרטיי.

דער פּלענום דריקט-אויס דעם וואונש, אַז די טיילען פון דער פּאַרטיי אין ליטאַ און אין פוילען זאָלען אויף זייערע בעפאָרשטעהענדיגע צוזאַמענפאָה-רען אָדער קאָנפערענצען אָננעהמען דעם אַלגעמיינעם נאָמען פון אונזער פּאַרטיי: „פעראייניגטע יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטיי (ס.-ס. און י. ס.).“

## וועגען אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגען.

### א. צענטראַל-קאָמיטעט און הויפּט-קאָמיטעטען.

דער פּלענום פונ'ם צענטראַל-קאָמיטעט קלייבט-זיך-צונויף נישט-זעלטענער ווי איין מאָל אין דריי חדשים. צום פּלענום געהערען — חוץ די מיטגליעדער פונ'ם צענטראַל-קאָמיטעט — צו צוויי פאָרשטעהער פון די לאַנד-צוזאַמענפאָהרען

(אָדער קאָנפערענצען) פון אוקראַינע, גרויס-רוסלאַנד, ווייס-רוסלאַנד, ליטאָ און פוילען. ביז די לאַנד-צוזאַמענפאָהרען (אָדער קאָנפערענצען) וועלען פאָרקומען — ווערען די לאַנד-פאָרשטעהער געקליבען דורך די הויפט-קאָמיטעטען.

די הויפט-קאָמיטעטען זענען — אין די ראַהמען פון די רעזאָלוציעס פון די אַלגעמיינע פאַרטיי-צוזאַמענפאָהרען אָדער קאָנפערענצען — זעלבשטענדיג אין אַלע לאַנד-פראַגען, אויסער יענע, וואָס געהען-אַרויס פון די גרענעצען פונ׳ם געגעבענעם לאַנד.

דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט וועטאָ-רעכט בנוגע צו די בעשלוסען פון די לאַנד-קאָמיטעטען. — ביים בעטראַכטען די פראַגען, וואָס זענען נוגע ספּעציעל די איינצעלנע לענדער, דאַרף דער צענטראַל-קאָמיטעט איינלאַדען פאָרשטעהער פון די געהעריגע הויפט-קאָמיטעטען.

אין דער צייט פון איין פלענום ביז צום אַנדערען רעכענט זיך אַלס קוואָרום פאַר די זיצונגען פונ׳ם צענטראַל-קאָמיטעט — זיבען מיטגליעדער.

דער צענטראַל-קאָמיטעט איז מחויב צו בעריכטען די הויפט-קאָמיטעטען יעדען חודש וועגען זיין טעטיגקייט, ווי אויך וועגען דער טעטיגקייט פון די איבעריגע הויפט-קאָמיטעטען.

די הויפט-קאָמיטעטען זענען מחויב צו שיקען יעדען חודש טעטיגקייטס-בעריכטען דעם צענטראַל-קאָמיטעט.

## ב. אויספיהר-ביוראָ פונ׳ם צענטראַל-קאָמיטעט.

דער פלענום קלייבט-אויס אַנ׳אויספיהר-ביוראָ פונ׳ם צענטראַל-קאָמיטעט אין בעשטאַנד פון דריי מיטגליעדער. דאָס אויספיהר-ביוראָ פערטרעט איבעראַל דעם צענטראַל-קאָמיטעט, אין די ראַהמען פון די בעשלוסען פונ׳ם לעצטען.

## ג. פאַרטיי- און לאַנד-צוזאַמענפאָהרען.

דער פלענום לעגט-פאָר דעם אויספיהר-ביוראָ פונ׳ם צענטראַל-קאָמיטעט, אָנצונעהמען מיטלען אויף צונויפרופען אין יאַנואַר 1919 אַ פאַרטיי-צוזאַמענפאָהר, — און אויב אַזוינס איז נישט מעגליך — אַ פאַרטיי-קאָנפערענץ, — פון אַלע טיילען פון דער פאַרטיי.

דער טאָג-סדר פונ׳ם צוזאַמענפאָהר (אָדער קאָנפערענץ) דאַרף צעשיקט ווערען אויף די ערטער נישט-שפּעטער, ווי אינמיטען נאָוועמבער.

דער פלענום רעקאָמענדירט די הויפט-קאָמיטעטען פון אַלע טיילען פון דער פאַרטיי צונויפרופען אינ׳ם משך צייט ביז׳ן אַלגעמיינעם פאַרטיי-צוזאַמענפאָהר (אָדער קאָנפערענץ) אָרטיגע לאַנד-צוזאַמענפאָהרען אָדער קאָנפערענצען.

דער פלענום מאַכט דערביי אויפמערקזאַם די הויפט-קאָמיטעטען אויף דער נויטיגקייט זיך ענערגיש אָבצוגעבען דער אָרגאַניזאַציאָנעלער בוי-אַרבייט.

## ד. פראָגראַם-פראָיעקט.

דער פלענום קלייבט-אויס אַ קאָמיסיע פון פינף חברים, וועלכע האָט אַלס אויפגאַבע, אין משך פון צוויי חדשים אויסצואַרבייטען אַ פראָיעקט פונ'ם פאַרטיי-פראָגראַם. נישט שפּעטער ווי אָנהויב דעצעמבער מוז דער פראָיעקט פונאַנדערגעשיקט ווערען צו אַלע מיטגלידער פונ'ם צענטראַל-קאָמיטעט און צו די הױפּט-קאָמיטעטען. דער פראָיעקט, צוזאַמען מיט אַלע אויסבעסערונגען מוז בעטראַכט ווערען אויפ'ן קומענדיגען פלענום אין דעצעמבער 1918.



# דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם

פונ'ם האָלענדישען סאָציאַליסטישען טהוער

## הערמאַן גאָרטער

מיט אַ פאָרוואָרט פון קאַרל קאַטסקי

יודיש, לויט דער דייטשער איבערזעצונג, דורך ה. מיימון




1919 וואַרשאַ

# אינהאלט:

זייט



# צוזאָץ:



I.

## וואָס איז אַזוינס דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם?

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט צו טהון נישט בלויז מיט אַ פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קאַמף, זי פיהרט געגען די פערמעגליכע קלאַסען אויך אַן אידעען-קאַמף.

מיט אַנדערע ווערטער: די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט צו טהון נישט בלויז מיט דער שטרעבונג, אַז דאָס פּריוואַט-אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, דאָס הייסט אויף נאַטור-קרעפטען, ווערקצייג און ערד, זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ קאָלעקטיוו אייגענטום מיט דער הילף פונ׳ם פּאָליטישען קאַמף, דהיינו: דורך אויסקעמפען און אַרייננעהמען אין די אייגענע הענד די מלוכה-מאַכט—זי פיהרט אויך געגען די פערמעגליכע קלאַסען אַ קאַמף פאַר אַוועלט-אָנשויאונג.

ווייל זי מוז עס פיהרען.

ווייל דער אַרבייטער, וועלכער וויל מיטהעלפען צום בעזיעגען די בורזשואַזיע און וועלכער וויל ברענגען דערצו, אַז זיין קלאַס זאָל בעקומען אין זיינע הענד די שליטה, מוז בייקומען ביי זיך אין אייגענעם קאָפּ די בעל-הבת׳ישע געדאַנקען, מיט וועלכע עס האָבען איהם אָנגעפילט פון קינדווייז אויף: רביים, לעהרער, מגידים, מטיפים, בעל-הבת׳ישע שרייבער, רעדנער א. אַז. וו. עס איז נישט גענוג, ער זאָל געהערען צום פּראָפעסיאָנעל׳ען פעראיין און צו דער פּאָליטישער פּאַרטיי—און שוין; ער מוז נאָך זיך אַליין אינערליך מאַכען פאַר אַנ׳אַנדער מענש און נישט בלייבען דאָס, וואָס די הערשער האָבען געמאַכט פון איהם. מיר מיינען דערמיט צו זאָגען אָט-וואָס:

עס איז פאַרהאַן אַ געוויסער קוק אויף דאָס לעבען, אַנ׳איבערצייגונג, מען קאָן אפשר זאָגען: אַ פילאָזאָפיע, פון וועלכער די בורזשואַזיע וויל נישט וויסען, אָבער דער אַרבייטער מוז זי אָננעהמען, אויב ער וויל זיין אימשטאַנד די בורזשואַזיע צו בעזיעגען.

די פאָרשטעהער פון די פערמעגליכע קלאַסען ווילען איינרעדען די אַרבייטער, אַז דער „גייסט” שטעהט העכער פונ׳ם מאַטעריעל׳ען געזעלשאַפטליכען לעבען, אַז דער גייסט (דער רוח) בעהערשט די מאַטעריע (דעם חומר). פון זייער זייט איז עס שטאַרק פערשטענדליך. ביז איצט האָבען זיי טאַקי

בענוצט דעם גייסט אַלס מיטעל צו זייער הערשאַפט: זיי האָבען אין זייער שליטה די וויסענשאַפט, דאָס געזעץ, דאָס רעכט, די פּאָליטיק, די קונסט, די רעליגיעזע אינסטיטוציעס—און איבער דאָס אַלץ הערשען זיי. האָבען זיי דערום שטאַרק חשק אויפצוקלערען די אַרבייטער, אַז אַזוי דאַרף עס בלייבען לעולם ועד, אַז דער גייסט בעהערשט דאָס מאַטעריעלע געזעלשאַפטליכע לעבען פון אייביג־אָן, אַז ער בעהערשט די אַרבייט פונ'ם אַרבייטער אין דער פאַבריק, אין דעם וואַרשטאַט, אויפ'ן פעלד, אויף דער שיף, אויף דער באַהן. דער אַרבייטער וואָס גלויבט דאָס, דער גלויבט שוין ממילא, אַז דער גייסט שאַפט פון זיך אַרויס די פּראָדוקציע, אַז ער בעשאַפט די אַרבייט און די געזעלשאַפטליכע קלאַסען,—דער דאָזיגער אַרבייטער וועט זיך שוין לאָזען טרעטען פון די בעלי־בתּים מיט זייערע אַלע יוצר־משרתים: די כלי־קודש, געלעהרטע א. אַז. וו., ווייל די בעלי־בתּים האָבען דאָך דעם גרעסטען טייל פון דער וויסענשאַפט, זיי האָבען די רעליגיעזע אינסטיטוציעס—זיי האָבען אַלזאָ דעם גייסט, און אויב דאָס איז אמת מוזען זיי טאַקי הערשען.

אָבער דער אַרבייטער, וואָס וויל ווערען פריי, וואָס וויל ברענגען דערצו, אַז די מלוכה זאָל אַריינפאַלען אין די הענד פון זיין קלאַס און די פּראָדוקציאָנס־מיטלען זאָלען ביי די הערשענדע קלאַסען אָבגענומען ווערען—דער מוז בעגרייפען, אַז די בעל־הבתּים שטעלען־פאַר די זאַך מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף און אַז נישט דער גייסט בעשטימט דאָס לעבען, נאָר פערקעהרט: דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען בעשטימט דעם גייסט.

די דאָזיגע לעהרע טראָגט דעם נאָמען: היסטאָרישער מאַטעריאַליזם.

ווען דער אַרבייטער בעגרייפט עס, וועט ער זיך פריי מאַכען פון דער גייסטיגער הערשאַפט פון די פערמעגליכע קלאַסען און אַנטקעגען זייער אַרט דענקען וועט ער אַרויסשטעלען זיין אייגענעס דענקען, אַ מעהר שטאַרקס און אַ מעהר ריכטיגעס.

און די דאָזיגע זאַך וועט האָבען נאָך אַ פּעולה: דער אַרבייטער וואָס פערשטעהט עס וועט איינזעהן, אַז דאָס וואָס עס קומט־פאָר אַרום איהם אין דער מענשליכער געזעלשאַפט איז די אורזאַך פון דעם, וואָס עס קומט־פאָר ביי איהם אין קאָפּ, אַז ביי איהם אין קאָפּ ענטשטעהט דער סאָציאַליזם דערפאַר וואָס ער, דער סאָציאַליזם, וואַקסט־אַרויס אַרום איהם, אין דער געזעלשאַפט. און באמת איז דאָך טאַקי אַזוי: די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג, דאָס סאָציאַלע לעבען גופא, געהט אויפ'ן וועג צום סאָציאַליזם, און גרייט־צו דעם סאָציאַליזם. הייסט עס: דער אַרבייטער וועט איינזעהן און פיהלען, אַז ער פערמאָגט דעם אמת וועגען דער ווירקליכקייט; און דאָס וועט איהם געבען דעם מוט און דעם ביטחון, וועלכע זענען נויטיג פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דאָס דאָזיגע וויסען איז אַלזאָ פאַר דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף פונקט אַזוי נויטווענדיג, ווי דער פּראָפעסיאָנעלער פעראיין און די פּאָליטישע פאַרטיי; מען מוז זאָגען, אַז אָהן דעם דאָזיגען וויסען קאָן דער עקאָנאָמישער און פּאָ־

ליטישער קאַמף נישט פּאָלקאָם דורכגעקעמפט ווערען. וואָרום גייסטיגע שקלאַ-
פעריי שטערט דעם אַרבייטער צו פיהרען ווי געהעריג דעם מאַטעריעל'ען קאַמף;
דאַגעגען דאָס בעוואוסטזיין, אַז אַלס אָרימער פּראָלעטאַריער איז ער פון
דעסטוועגען **גייסטיג** שטאַרקער איידער זיינע בעהערשער, הייבט איהם שוין
אויף העכער פון זיי און גיט איהם די קראַפט, צו בעזיעגען זיי אויך
**פּאַקטיש**.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז די לעהרע, וועלכע ערקלערט, אַז
דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען („דאָס סאָציאַלע זיין") בעשטימט דעם גייסט,
טרייבט דאָס דענקען אין בעשטימטע וועגען און ענטשיידעט דעם רצון און
די האַנדלונג פון פּערזאָנען און קלאַסען.

דאָ אין בוך וועלען מיר פּרובען ווייזען דעם אַרבייטער די ריכטיגקייט
פון דער דאָזיגער לעהרע—אַזוי איינפאַך און קלאָר, ווי ס'איז נור מעגליך.

---

## II.

## וואָס איז נישט דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם?

פון דעסטוועגען איידער מיר נעהמען-זיך קלאָר מאַכען, וואָס איז אַזוינס
דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, ווילען מיר אַפריהער זאָגען, וואָס איז ער
**נישט**. דאָס טהוען מיר, כדי צו בעזייטיגען געוויסע פאָראורטיילען און פער-
מיידען מיספערשטענדניסען. מען דאַרף וויסען, אַז אויסער דעם דאָזיגען הי-
סטאָרישען מאַטעריאַליזם, וועלכע איז די פון פרידריך ענגעלס און קאַרל מאַרקס
געגרינדעטע לעהרע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז נאָך פאַראַן אַ פילאָ-
זאָפישער מאַטעריאַליזם, אפשר גאָר עטליכע סיסטעמען פון דעם דאָזיגען מין.
אָבער די דאָזיגע סיסטעמען פערנעהמען זיך נישט, אַזוי ווי דער היסטאָרישער
מאַטעריאַליזם, מיט דער פראַגע: ווי אַזוי ווערט דער גייסט געצוואונגען דורך
דאָס **געזעלשאַפטליכע** לעבען, דורך די פּראָדוקציאָנס-אופנים, די טעכ-
ניק, די אַרבייט, צו געהן אין בעשטימטע וועגען—נאָר זיי קלעהרען וועגען
דעם צוזאַמענהאַנג צווישען קערפּער און גייסט (חומר און רוח), מאַטעריע און
נשמה, גאָט און וועלט א. אַז. וו. די דאָזיגע אַנדערע, נישט **היסטאָרישע**
נאָר **אַלגעמיין-פילאָזאָפישע** סיסטעמען פּרובען צו געבען אַן ענטפער
אויף די פראַגע: אין וואָס פאַר אַ שייכות שטעהט דאָס דענקען בכלל צו דער
מאַטעריע, אָדער ווי אַזוי איז דאָס דענקען אַרויסגעקומען? דאַגעגען דער הי-
סטאָרישער מאַטעריאַליזם פרעגט: פון וואַנען נעהמט זיך עס, וואָס אין אַ גע-
וויסער צייט דענקט מען אין דער מענשליכער געזעלשאַפט דווקא אַזוי און
אַזוי? דער אַלגעמיינער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם וועט צום ביישפּיל זאָ-
גען: די מאַטעריע איז אַן אייביגע זאַך און פון איהר קומט-אַרויס ביי געווי-

סע אומשטענדען דער גייסט, וועלכער פערשווינדט דערנאָך ווידער, ווען זיינע בעדינגונגען זענען שוין מעהר נישטאָ; אָבער דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם וועט זאָגען: דאָס וואָס די פּראָלעטאַריער דענקען אַנדערש ווי די פערמעגליכע קלאַסען, איז אַ רעזולטאַט פון די אָדער יענע בעשטימטע אורזאַכען.

דער אַלגעמיינער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם קלעהרט וועגען דעם מהות פונ׳ם דענקען. אָבער דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם קלעהרט וועגען דער אורזאַך פון די ענדערונגען אינ׳ם דענקען. דער ערשטער פּרובט צו ערקלערען די ענטשטעהונג, דער אַנדערער—די ענטוויקלונג פונ׳ם דענקען. דער ערשטער איז פילאָזאָפיש, דער צווייטער היסטאָריש. דער ערשטער שטעלט-זיך אויף דעם צושטאַנד, ווען קיין שום דענקען, קיין שום גייסט איז נאָך נישט בנמצא; דער צווייטער שטעלט-זיך אויף דעם צושטאַנד, ווען דער גייסט איז שוין אַ „יש״, ווען ער עקזיסטירט שוין (נאָר ער אינטערעסירט זיך, ווי געזאָגט, מיט די ענדערונגען, וואָס דער גייסט ווייזט-אַרויס אין דער געשיכטע)... דער גרויסער אונטערשייד איז שוין, דאַכט זיך, גענוג קענטיג.

ווער עס וויל קענען און וויסען די לעהרע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, מוז קודם-כל זיך גוט אַריינגעהמען אין קאָפּ דעם דאָזיגען אונטערשייד, ווארום די געגנער און דערהויפּט די בעל-הבת׳ישע אינטעליגענץ, וואָס האָט ליעב צו שטאָלצירען דערמיט, אַז זי איז „נישט מאַטעריאַליסטיש, נאָר אידעאַליסטיש געזאָנען״, הייסט ווער רעדט נאָך די פּרומאַקעס פון אַלערליי מינים—האָבען די טבע צונויפצומישען די דאָזיגע ענינים און, אָבשרעקענדיג מיט׳ן ערשטען, ווילען זיי פערמיאוס׳ן אין די אויגען פון דער יוגענד אויך דעם צווייטען. די דאָזיגע אפּוטרופּסים פון „אידעאַליזם״, מישטיינס געזאָגט, טענה׳ן אַזוי: דער מאַטעריאַליזם האַלט, אַז די גאַנצע וועלט איז נישט מעהר ווי אַ חומר, אַ מאַטעריע, וואָס בעוועגט-זיך מעכאַניש, אַז מאַטעריע און קראַפט איז דער איינציגער אייביגער און אַבסאָלוטער יש, אַז דאָס דענקען איז בלויז אַנ׳אויסדעמפונג פון מוח, אַזוי ווי די גאַל פון דער לעבער; די מאַטעריאַליסטען—זאָגען זיי—זענען אַ נייער מין געצען-דיענער, מאַטעריע-דיענער, און דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז דאָס אייגענע וואָס דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם... און פיעל מענשען, וועלכע קענען נישט די אמת׳ע מיינונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועגען דעם מהות פונ׳ם גייסט (אַזוי ווי יאָזעף דיצגען האָט עס אויפגעקלערט)—גלויבען טאַקי אין די דאָזיגע פלאַפּלעריי און האָבען ממש מורא פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער לעהרע; דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז פאַר זיי טרפה, ווי חזיר פאַר אַ פרומען ייד.

די דאָזיגע טענות זענען אָבער פאַלש. דורך אַ רייהע ביישפּילען וועלען מיר דערווייזען, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם בעהאַנדעלט גאָר נישט די פראַגען וועגען דער בעציהונג צווישען מוח און חומר, נשמה און מאַטע-

ריע, גאָט און וועלט, דענקען און זיין—נאָר ער פערנעהמט זיך בלויז מיט די ענדערונגען, וואָס ווערען דורך די געזעלשאַפטליכע ענדערונגען אַרויסגערופען אינ'ם דענקען.

נאָר פון דעסטוועגען ווען מיר ערקלערען, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז נישט דאָסזעלבע וואָס דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם, מיינען מיר נישט צו זאָגען דערמיט, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם קאָן נישט פיהרען צו אַן'אַלגעמיינער וועלט־אַנשויאונג. אדרבה ווי יעדע עמפּירישע וויסענשאַפט איז אויך דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם אַ מיטעל צוצוקומען צו אַן'אַלגעמיינער פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג. און דערין גופא שטעקט טאַקי אַ וויכטיגער טייל פון דער בעדייטונג, וואָס דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט. ער דערנעהנטערט אונז צו אַן'אַלגעמיינער פאָרשטעלונג וועגען דער וועלט. די דאָזיגע פאָרשטעלונג איז אָבער נישט קיין מעכאַניש־מאַטעריאַליסטישע, פונקט אַזוי ווי זי איז נישט די תלמודיסטישע, די קאַטוילישע צי די עוואַנגעלישע צי די פרייזיניגע — זי איז גאָר אַן'אַנדער פאָרשטעלונג, אַ נייע הבנה, אַ נייער קוק אויף דער וועלט, וועלכער איז אייגען בלויז דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אָבער נאָך אַמאָל: דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז נישט די דאָזיגע וועלט־אַנשויאונג גופא; ער איז אַ וועג, אַ מיטעל, איינס פון די פיעל מיטלען צוצוקומען דערצו,— אַזוי ווי דער דאַרוויניזם, די גאַנצע נאַטור־וויסענשאַפט, מאַרקס'ענס לעהרע וועגען קאַפּיטאַל און דיצגען'ס לעהרע וועגען גייסט זענען אויך אַזעלכע מיטלען. איין איינציגס פון די דאָזיגע מיטלען איז נישט גענוג, אויף צוצוקומען צו דער דאָזיגער וועלט־אַנשויאונג, נאָר אַלע צוזאַמען פיהרען ערשט אַהין.

אַזוי ווי דאָ אין בוך בעהאַנדלען מיר בלויז דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, ווילען מיר, פערשטעהט זיך, וועגען דער אַלגעמיין־פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נישט רעדען בפרטות. נאָר ביי עטליכע ביישפילען, וועלכע מיר ווילען ברענגען כדי צו מסביר זיין דעם ענין, ווילען מיר פון דעסטוועגען געפינען אַ געלעגענהייט אָנצווייזען אויך אויף די דאָזיגע אַלגעמיינע וועלט־אַנשויאונג; כדי אויך די דאָזיגע אַלגעמיינע, וועלכע בעשטעהט פונ'ם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם מיט נאָך פיעל אַנדערע וויסענשאַפטען, זאָל דעם לעזער געוויסערמאַסען בעקאַנט ווערען.

---

## III.

## איבערבליק איבער'ן אינהאַלט פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

אַצינד שטעלט־זיך די פראַגע: וואָס איז דען דער אַלגעמיינער אינהאַלט פון אונזער לעהרע?

איידער מיר נעהמען־זיך בעווייזען די ריכטיגקייט פון אונזער לעה־

רע, וועלען מיר טאַקי געבען צוערשט דעם לעזער אַנ'אַלגעמיינעם און קלאָרען אי־בערבליק איבער דעם, וואָס עס דאַרף דערוויזען ווערען.

פאַר יעדען ■ ינעם, וועלכער קוקט זיך־צו צום געזעלשאַפטליכען לע־בען, איז קלאָר, אַז די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט לעבען אין בעשטימ־טע בעציהונגען איינע צו די אַנדערע. געזעלשאַפטליך זענען זיי איינע צו די אַנדערע נישט גלייך, נאָר זיי צעפאַלען־זיך אויף גרופּעס אָדער קלאַסען, וואָס שטעהען אויף אַ העכערער און נידריגערער שטאַפּעל. דער אויבערפלעכ־ליכער צוקוקער וואָלט קאָנען מיינען, אַז די דאָזיגע בעציהונגען זענען בלויז אייגענטום־בעציהונגען: די איינע פערמאָגען ערד, נחלאות, די אַנדערע—פאַב־ריקען אָדער טראַנספּאָרט-מיטלען אָדער סחורות צום פערקויפען, אַנדערע ווי־דער פערמאָגען גאָרנישט. אויך וואָלט נאָך דער איבערפלעכליכער צוקוקער קאָנען מיינען, אַז דער אונטערשייד צווישען די אַלע איז דער־עיקר אַ פּאָלי־טישער: עטליכע גרופּעס האָבען אין זייערע הענד די מלוכה־מאַכט, אַנדערע ווידער האָבען נישט דערויף קיין שום דעה אָדער כמעט קיין שום דעה. אָבער־ווער עס קוקט טיעפער אַריין, דער בעמערקט, אַז הינטער די אייגענטום־בע־ציהונגען שטעקען גאָר פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, אין וועלכע די מענשען שטעהען איינע צו די אַנדערע ביים פּראָדוצירען דאָס, וואָס די געזעלשאַפט דאַרף האָבען.

אַרבייטער, אונטערנעהמער, שיפס־אייגענטימער, רענטיערען, גוט-בעזיצער, אַרענדאַטאָרען, סוחרים און קרעמער, זיי אַלע זענען דאָס וואָס זיי זענען —צוליב דעם אָרט, וואָס זיי פערנעהמען אינ'ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אין דער בעאַרבייטונג פון די פּראָדוקטען און אין זייער צירקולאַציע. דער דאָזי־גער אונטערשייד איז נאָך טיעפער איידער דער חילוק, וואָס דער איינער האָט געלד און דער אַנדערער האָט גאָרנישט. וואָרום דער יסוד פון דער געזעל־שאַפט איז דאָך די בעאַרבייטונג פון די קולטור-אוצרות.

אַלזאָ מיר, מענשען, געפינען־זיך אין אַרבייטס־ און פּראָדוקציאָנס-בע־ציהונגען איינע צו די אַנדערע.

אָבער אויף וואָס זענען געשטעלט די דאָזיגע אַרבייטס-בעציהונגען? צי שוועבען דען די מענשען סתם־אַזוי אין דער לופט, אַלס קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער, גוט-בעזיצער, אַרענדאַטאָרען און טאָג-מענשען און ווי מען רופט זיי אַלץ דאָרטען די אַלע אַנדערע מינים מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט?

ניין, די דאָזיגע בעציהונגען זענען געבויט אויף דער טעכניק, אויף די ווערקצייג, מיט וועלכע די מענשען אַרבייטען אין דער ערד, אין דער נאַטור. די פאַבריקאַנטען און די פּראָלעטאַריער האָבען אַלס זייער יסוד די מאַשין, זענען פון דער מאַשין אָבהענגיג. ווען עס וואָלטען נישט זיין קיין מאַשינען, וואָלטען אויך נישט זיין קיין פאַבריקאַנטען און קיין פּראָלעטאַריער (אַלענפאַלס נישט אַזעלכע, ווי זיי זענען אַצינד).

דער איינפאַכער וועבשטוהל האָט געשאַפען די אַרבייט אינדערהיים

דורך דער אייגענער פאַמיליע, דער קאָמבינירטער הילצערנער וועב-שטוהל האָט שוין געשאַפען אַ געזעלשאַפט מיט קליינע מייסטערס און געזעלען, אָבער די גרויסע אייזערנע וועב־מאַשין, וואָס ווערט געטריבען דורך דאַמף אָדער עלעק-טריע, האָט געשאַפען אַ געזעלשאַפט מיט גרויסע פאַבריקאַנטען, אַקציאָנערען, דירעקטאָרען, באַנקירען און לוין־אַרבייטער.

די פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען זענען פעסטע ראַהמען, אין וועלכע די מענ־שען זענען אַריינגעשטעלט. דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס איז אַ מאַטעריעלער פּראָצעס, און די ווערקצייג זענען אַזוי ווי די ווינקלען און לייסטען פון די ראַהמען, אין וועלכע מיר שטעהען.

די טעכניק, די ווערקצייג, די פּראָדוקטיוו-קרעפטען זענען דער פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפט, דער אייגענטליכער יסוד, אויף וועלכען עס שטעהט דער גאַנצער ריעזיגער און אַזוי פערוויקעלטער אָרגאַניזם פון דער געזעלשאַפט. אבער דיזעלבע מענשען, וועלכע שאַפען זייערע געזעלשאַפט־ליכע בעציהונגען לויט זייער מאַטעריעלען פּראָדוקצ־יאָנס־אופן, שאַפען אויך לויט די דאָזיגע בעציהונגען זייע־רע אידעען, זייערע פאָרשטעלונגען, זייערע מיינונגען, זייערע פּרינציפּען. די קאַפּיטאַליסטען, די אַרבייטער און די אַנדערע קלאַסען, וואָס דורך דער טעכניק פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער זיי לע-בען זענען זיי געצוואונגען צו שטעהן אין בעשטימטע בעציהונגען איינע צו די אַנדערע—אַלס מייסטער און קנעכט, אייגענטימער און פּראָלעטאַריער, ערד-אייגענטימער און טאָג-מענשען—די אייגענע קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער א. אַז. וו. דענקען אויך אַלס קאַפּיטאַליסטען, אַרבייטער א. אַז. וו. זיי שאַפען זייערע אידעען, זייערע פאָרשטעלונגען נישט אַלס אַבסטראַקטע וועזענס נאָר אַלס שטאַרק קאָנקרעטע ווירקליכע לעבעדיגע מענשען, מענשען וואָס לעבען אין אַ בעשטימטער געזעלשאַפט.

אַלזאָ נישט בלויז אונזערע מאַטעריעלע בעציהונגען הענגען־אָב פון דער טעכניק, זענען געבויט אויף דער אַרבייט, אויף די פּראָדוקטיוו-קרעפטען; נאָר אַזוי ווי מיר דענקען טאַקי אינערהאַלב פון אונזערע מאַטעריעלע בעציהונגען און אונטער די דאָזיגע בעציהונגען, הענגען-אָב אויך אונזערע געדאַנקען די-רעקט פון די דאָזיגע בעציהונגען און אינדירעקט אַלזאָ פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען.

דאָס מאָדערנע געזעלשאַפטליכע לעבען פונ׳ם מאָדערנעם פּראָלעטאַריער איז געשאַפען דורך דער מאַשין. זיינע געזעלשאַפטליכע געדאַנקען, וועלכע נעהמען-זיך פון דער בעציהונג אין וועלכער ער שטעהט אַלס פּראָלעטאַריער, זענען אַלזאָ אינדירעקט געבויט אויף דער מאָדערנער מאַשינעריע און פון איהר הענגען זיי אָב אינדירעקט. און דאָס אייגענע איז מיט אַלע קלאַ-סען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אָבער דאָס איז נאָך נישט גאָר; מען דאַרף נאָך וויסען אָט-וואָס:

נישט תמיד איז עס געווען אַזוי. אין דער פּאַרצייטיגער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט זענען די וויכטיגסטע פּראָדוקציאָנס-מיטלען (די ערד, דאָס געמיינזאַם אויסגעבויטע הויז, די סטאַדעס) געווען אַ געמיינזאַם אייגענטום, נישט קיין פּריוואַט־אייגענטום. די וויכטיגסטע געזעלשאַפטליכע אַרבייט׳ן האָט מען געמאַכט צוזאַמען; אין דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס זענען אַלע גלייך געווען, פאַרשטעהט זיך חוץ דעם אונטערשייד אין געשלעכט און עלטער, און אינ׳ם אייגענטום איז נישט געווען קיין שום אונטערשייד אָדער בלויז גאָר אַ קליינער חילוק. אָבער נאָכדעם ווי די צעטיילונג פון דער אַרבייט איז שוין געווען אַזוי גרויס, אַז עס זענען געשאַפען געוואָרען פאַרשידענע פאַכען, און נאָכדעם ווי דורך דער בעסערער טעכניק און דורך דער צעטיילונג פון דער אַרבייט איז פּראָדוצירט געוואָרען אַן עודף איבער דאָס, וואָס איז דירעקט נויטווענדיג פאַר׳ן לעבען — האָבען געוויסע פאַכען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך קענטעניסען אָדער דורך קריעגס־פעהיגקייטען (ווי די כהנים אָדער קריעגס־לייט), פאַרשטאַנען אַריינצובעקומען אין זייערע הענד דעם דאָזיגען עודף און סוף־כל־סוף אויך די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. אַזוי־אַרום זענען אַרויסגעקומען די קלאַסען און די אַרבייטס-בעציהונגען ערשיינען פון דעמאָלט-אָן אין דער פאָרם פון פּריוואַט-אייגענטום.

„דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק און דורך דער צעטיילונג פון דער ארבייט זענען אַלזאָ אַרויסגעקומען די קלאַסען. קלאַסען-בעציהונגען און אייגענטום-בעציהונגען זענען געבויט אויף דער אַרבייט. דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק, וועלכע האָט געשאַפען פאַר געוויסע פאַכען די מעגליכקייט צו פאַרכאַפּען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, זענען אַרויסגעקומען פאַרמעגליכע און נישט-פאַרמעגליכע און די גרויסע מאַסע פון פאָלק איז געוואָרען: שקלאַפען, לייב-אייגענע און לוין-אַרבייטער״.

און דער עודף, וואָס די טעכניק, די אַרבייט, פּראָדוצירט איבער דאָס, וואָס איז דירעקט נויטווענדיג—איז וואָס ווייטער אַלץ גרעסער געוואָרען און וואָס ווייטער איז אַלזאָ געוואָרען אַלץ גרעסער אויך דאָס עשירות פון די פאַרמעגליכע און אַלץ שאַרפער איז געוואָרען דער קלאַסען-געגענזאַץ צו די נישט-פאַרמעגליכע. אין אַ גלייכער מאָס איז אַלזאָ געוואַקסען אויך דער קלאַסען-קאַמף,—דער קאַמף, וואָס די קלאַסען פיהרען צוליב דעם אייגענטום אויף די פּראָדוקטען און אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. און אַזוי איז דער דאָזיגער קאַמף געוואָרען די אַלגעמיינע פאָרם פונ׳ם קאַמף, וואָס דער מענש אין דער געזעלשאַפט פיהרט פאַר זיין עקזיסטענץ. די אַרבייטס-בעציהונגען זענען אייגענטום-בעציהונגען, און אייגענטום-בעציהונגען זענען בעציהונגען פון די קלאַסען וואָס קעמפען צווישען זיך; און אַלע צוזאַמען זענען זיי געבויט אויף דער ענטוויקלונג פון דער אַרבייט און שטאַמען פונ׳ם אַרבייטס-פּראָצעס פון דער טעכניק.

די בעציהונגען, אין וועלכע עס שטעהט יעדער איינצעלנער מענש, גיל־טען נישט בלויז פאַר איהם אַליין, ווייל געזעלשאַפטליך שטעהט נישט דער מענש אין אַספּעציעלער בעציהונג צו אַנדערע מענשען, וואָס בלויז ער אַליין האָט מיט איהר צו טהון. אַנ׳אַרבייטער, צום ביישפּיל, איז נישט קיין **יחיד** אין זיין לאַגע אַלס לוין־אַרבייטער, **ער איז איינער פון פיעל**, ער איז אַמיטגליד פון אַקלאַס פון מיליאָנען, וועלכע געפינען זיך אַלס לוין־אַר־בייטער אין דערזעלבער לאַגע וואָס ער. און אַזוי איז עס מיט יעדען מענש אין דער ציוויליזירטער וועלט: יעדער איינער געהערט צו אַגרופּע, אַקלאַס, וואָס זיינע מיטגלידער בעציהען זיך צום פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אויף דעם איי־גענעם אופן. עס איז אַלזאָ אמת נישט בלויז דאָס, אַז **איין** קאַפּיטאַליסט, **איין** פּויער א. אַז. וו. וועט געזעלשאַפטליך דענקען אַזוי, ווי די אַרבייטס־בעציהונגען מאַכען איהם דענקען—נאָר זיינע מיינונגען, זיינע אי־דעען, זיינע פאָרשטעלונגען וועלען זיין אין אַלגעמיינע שטריכען איינשטימיג מיט די מיינונגען, אידעען, פאָרשטעלונגען פון הונדערטער טויזענדער אַנדערע, וועלכע געפינען זיך אין דערזעלבער לאַגע וואָס ער. היוצא מזה: **אַזוי ווי עס איז פאַרהאַן אַקלאַסען־פּאָזיציע אינ׳ם אַר־בייטס־פּראָצעס, אַזוי איז אויך פאַרהאַן אַקלאַסען־דענקען.**

און נאָך עפּעס האָבען מיר צו זאָגען צו דער אַלגעמיינער איבערזיכט וועגען אונזער לעהרע:

די אַרבייטס־בעציהונגען פון די פערשידענע קלאַסען: קאַפּיטאַליסטען, אונטערנעהמער, אַרבייטער א. אַז. וו. זענען אין דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט (ווי בכלל אין אַגעזעלשאַפט וואָס איז צעשפּאָלטען אין קלאַסען) גלייכצייטיג אויך אַנ׳אייגענטום־בעציהונג. קאַפּיטאַליסטען, לוין־אַרבייטער, סוחרים, פּויערים, פערנעהמען ספּעציעלע פּאָזיציעס נישט בלויז אין דער פּראָדוקציע, נאָר אויך אין דעם אייגענטום. דער **אַקציאָנער** וואָס שאַרט צו זיך אין די קעשענעס די דיווידענדען, שפּיעלט אינ׳ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס נישט בלויז די ראָליע פון אַגעלד־באָרגער און פון אַפּאַראַזיט, אַנ׳אוכל ואינו עושה, נאָר ער איז אויך אַמיט־אייגענטימער פון דער אונטערנעהמונג, פון די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, פון דער נחלה, פון דעם ווערקצייג, פון די רויה־שטאָפען, פון די פּראָדוקטען. דער **סוחר** איז נישט בלויז דער אויסטוישער, דער פער־מיטלער, נאָר אויך דער אייגענטימער פון די סחורות און פונ׳ם ריווח. דער **אַרבייטער** איז נישט בלויז דער אויסאַרבייטער פון די פּראָדוקטען, נאָר אויך דער אייגענטימער פון זיין אַרבייטס־קראַפט, וועלכע ער פערקויפט יע־דעס מאָל, און פונ׳ם פּרייז וואָס ער דערהאַלט דערפאַר. מיט אַנדערע ווער־טער: אין אַגעזעלשאַפט, וואָס איז געטיילט אין קלאַסען, זענען די אַרבייטס־בעציהונגען איינצייטיג אויך אייגענטום־בעציהונגען.

אָבער די טעכניק שטעהט נישט אויף איין אָרט. זי געפינט זיך אין אַ מעהר גיכער אָדער מעהר לאַנגזאַמער ענטוויקלונג און בעוועגונג: די פּראָדוקטיוו-קרעפטען וואַקסען, דער פּראָדוקציאָנס-אופן ענדערט זיך. און ווען עס ענדערט-זיך דער פּראָדוקציאָנס-אופן, מוזען זיך שוין דורכאויס ענדערן אויך די בעציהונגען, אין וועלכע די מענשען געפינען-זיך איינע צו די אַנדערע אינ׳ם אַרבייטס-פּראָצעס. די בעציהונג פון די פריהערדיגע קליינע מייסטערס איינע צו די אַנדערע און צו זייערע געזעלען איז אַ גאַנץ אַנדערע, איידער אין דער איצטיגער צייט די בעציהונג פון די גרויסע אונטערנעהמער איינע צו די אַנדערע און צו דעם לוין-פּראָלעטאַריאַט. וואָרום די מאַשינמעסיגע פּראָדוקציע האָט געבראַכט צו אַנ׳ענדערונג פון די אַלטע בעציהונגען. און אַזוי ווי אין אַ קלאַסען-געזעלשאַפט (ווי ס׳איז שוין פריהער ערקלערט) זענען די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען איינצייטיג אויך אייגענטום-בעציהונגען—ווערען אויך די צווייטע געענדערט צוזאַמען מיט די ערשטע; און אַזוי ווי די מיינונגען. פאָרשטעלונגען, אידעען א. אַז. וו. בילדען-זיך אינערהאַלב פון די בעציהונגען און לויט די בעציהונגען, אין וועלכע די מענשען לעבען—ענדערט זיך אויך זייער בעוואוסטזיין דעמאָלט ווען עס ענדערען זיך די אַרבייט, די פּראָדוקציע און דאָס אייגענטום.

די אַרבייט און דאָס דענקען געפינען זיך אין אַ כסדר׳דיגער ענדערונג און ענטוויקלונג. „פערענדערנדיג דורך זיין אַרבייט די קולטור, פערענדערט דער מענש איינצייטיג אויך זיין אייגענע נאַטור“. דער פּראָדוקציאָנס-אופן פונ׳ם מאַטעריעלען לעבען בעדינגט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען. „נישט דאָס בעוואוסטזיין פון די מענשען בעשטימט זייער זיין (זייער עקזיסטענץ), נאָר פערקעהרט: זייער געזעלשאַפטליכעס זיין בעשטימט זייער בעוואוסטזיין.“

אָבער אויף אַ געוויסען שטאַפּעל פון זייער ענטוויקלונג פאַלען-אַריין די מאַטעריעלע פּראָדוקטיוו-קרעפטען פון דער געזעלשאַפט אין אַ ווידערשפּרוך מיט די עקזיסטירענדע פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען. די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען קאָנען זיך נישט ענטוויקלען אינערהאַלב פון די אַלטע בעציהונגען, זיי קאָנען דאָרט נישט אויסוואַקסען. דעמאָלט הייבט זיך-אָן אַ קאַמף צווישען די, וועלכע זענען פעראינטערעסירט אין די אַלטע פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען, און די, וואָס האָבען אַנ׳אינטערעס אין דער ענטוויקלונג פון די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען. עס קומט אַנ׳עפּאָכע פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, ביז די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען האַלטען-אָב דעם זיעג און עס ווערען געשאַפען נייע פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען, אין וועלכע זיי (די פּראָדוקטיוו-קרעפטען) קאָנען בליהען.

און דורך דער דאָזיגער רעוואָלוציע ענדערט-זיך אויך דאָס דענקען פון די מענשען, עס ענדערט זיך מיט איהר און אין איהר.

דאָס איז בקיצור דער אינהאַלט פון אונזער לעהרע. כדי עס נאָך בע-

סער אויסצוטייטשען, וועלען מיר עס נאָך אַמאָל מסביר זיין אויף דעם פאָל־גענדען אופן:

I. די טעכניק, **די פּראָדוקטיוו-קרעפטען**, בילדען דעם **יסוד פון דער געזעלשאַפט**.

די פּראָדוקטיוו-קרעפטען בעשטימען די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, דאָס הייסט: די בעציהונגען, אין וועלכע די מענשען שטעהען איינע צו די אַנ־דערע אינ׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען איינצייטיג **אייגענטום-בעציהונגען**.

די פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום־בעציהונגען זענען נישט בלויז בעצי־הונגען פון פּערזאָנען, נאָר פון **קלאַסען**.

די דאָזיגע קלאַסען־בעציהונגען, אייגענטום-בעציהונגען און פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען (מיט אַנדערע ווערטער: דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען) בעשטימען דאָס בעוואוסטזיין פון די מענשען, דאָס הייסט: זייערע מיינונגען איבער רעכט, פּאָליטיק, מאָראַל, רעליגיע, קונסט א. אַז. וו.

II. די טעכניק ענטוויקעלט זיך כסדר.

**די פּראָדוקטיוו-קרעפטען**, דער פּראָדוקציאָנס-אופן, **די פּראָדוקציאָנס־בעציהונ־גען**, די אייגענטום־בעציהונגען, די קלאַסען-בעציהונגען ענדערען זיך דערום נאָכאַנאַנד.

דאָס בעוואוסטזיין פון די מענשען, זייערע מיינונגען און פאָרשטעלונגען איבער רעכט, פּאָליטיק, מאָראַל, רעליגיע, קונסט א. אַז. וו. ענדערען-זיך אַלזאָ אויך צוזאַמען מיט די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען און די פּראָדוקטיוו־קרעפטען.

III. די נייע טעכניק פאַלט־אַריין אויף אַ געוויסען שטאַפּעל פון איהר ענטוויקלונג אין אַ ווידערשפּרוך מיט די אַלטע פּראָדוקציאָנס־ און אייגענטום־בעציהונגען.

סוף כל סוף זיעגט די **נייע** טעכניק.

דער עקאָנאָמישער קאַמף צווישען די שיכטען, וועלכע זענען פּעראינ־טערעסירט אין די אַלטע פאָרמען (די קאָנסערוואַטיווע), און די שיכטען, וואָס זענען פּעראינטערעסירט אין די נייע קרעפטען (די פּראָגרעסיווע)—קומט זיי צום בעוואוסטזיין אין יוריסטישע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און קינסטלערישע פאָרמען.

אַצינד וועלען מיר פּרובען בעווייזען די ריכטיגקייט **פון די דאָזיגע** הנחות. אין אַ רייהע ביישפּילען וועלען מיר דערווייזען, ווי אַזוי די ענדערונג אינ׳ם דענקען איז אַ רעזולטאַט פון דער ענדערונג אין דער מענשליכער טעכ־ניק. ווען דאָס געלינגט אונז, האָבען מיר אונטערגעגראָבען אַ וויכטיגען טייל פונ׳ם יסוד, אויף וועלכען עס שטיצט־זיך די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטען איבער די אַרבייטער. וואָרום דערמיט וואָלט זיין דערוויזען, אַז קיין שום

השגחת־הבורא אָדער גייסטיגע איבערמאַכט פון מענשען קאָן נישט צוריקהאַלטען די אַרבייטער פון דער הערשאַפט איבער דער וועלט דעמאָלט, ווען די טעכניק מאַכט זיי פאַר די מאַטעריעלע און גייסטיגע בעהערשער פון דער וועלט.

---

## IV.

## דאָס „מאַטעריעלע“ לעבען און דאָס „גייסטיגע“ לעבען.

די ביישפּילען, וואָס מיר וועל'ען געבען, וועלען קודם־כל זיין זעהר איינפאַך. מיר ווילען, אַז זיי זאָלען פערשטאַנען ווערען אפילו פון אַרבייטער, וואָס פערמאָגען קנאַפּע ידיעות אין היסטאָריע; דערום מוזען זיי זיין איינפאַך און קלאָר, כדי זיי זאָלען האָבען אַנ׳איבערצייגענדע קראַפט. מיר וועלען אויסקליבען בכן גרויסע, בריים־פערנומענע ערשיינונגען, וואָס זייער ווירקונג איז אומעדום אָנזעהעוודיג.

פערשטעהט זיך, אַז אויב אונזער לעהרע איז ריכטיג, מוז זי זיין גילטיג פאַר דער גאַנצער געשיכטע, דאָס הייסט: די גאַנצע געשיכטע דאַרף מען קאָנען ערקלערען דורך איהר. זי מוז זיין ביכולת צו ערקלערען יעדען קלאַסען־קאַמף, יעדע איבערקעהרעניש אינ׳ם דענקען פון די קלאַסען, פון דער געזעלשאַפט.

נאָר פון דעסטוועגען דאַרף מען זיין אַ גוטער קענער פון היסטאָריע, כדי צו ערקלערען דורך אונזער לעהרע ביישפּילען פון די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען. שפּעטער וועל'ען מיר נאָך אָנווייזען דערויף, ווי געפעהרליך עס איז צו וועלען אָנווענדען אונזער לעהרע אויף צייטען אָדער אומשטענדען, וועלכע מען קען נישט, אָדער מען קען זיי בלויז אַביסעל. סיי דער לעזער, סיי דער פערפאַסער פונ׳ם דאָזיגען ביכעל האָבען נישט אַזעלכע גרויסע ידיעות אין היסטאָריע. איבערהויפּט וועלען מיר נישט בלויז נעהמען גאַנץ איינפאַכע ביישפּילען בכלל, נאָר חוץ דעם וועלען מיר נעהמען די דאָזיגע ביישפּילען דער-עיקר פון אונזער אייגענער צייט, ס׳הייסט: אַזעלכע גרויסע ערשיינונגען, וואָס יעדער אַרבייטער קען אָדער איז אימשטאַנד צו קענען פון זיין אייגענער סביבה, אַזעלכע פערענדערונגען אין די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען און אינ׳ם געזעלשאַפטליכען דענקען, וועלכע מוזען זיך־וואַרפען יעדען לעבעדיגען מענש אין די אויגען. און אויסערדעם—אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס זענען העכסט אינטערעסאַנט פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם אַרבייטענדען קלאַס און קאָנען פערענטפערט ווערען בלויז דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויף אַזאַ אופן, וואָס איז פאַר דעם דאָזיגען קלאַס בעפרידיגענד.

נאָר געגען אונזער לעהרע ווערען דאָך געבראַכט זעהר וויכטיגע טענות,

נישט איינגעפאַלען, אַז אַ מאַשין זאָל עס קאָנען מאַכען.

און צוזאַמען מיט די פּראָדוקטיוו-קרעפטען ענדערען-זיך **די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען**, ענדערט-זיך דער פּראָדוקציאָנס-אופן. וועגען דער וועב-מאַשין האָבען מיר שוין גערעדט, ווי אַזוי זי האָט געבראַכט צו נייע בעציהונגען צווישען די אונטערנעהמער גופא און אויך צווישען די אונטערנעהמער מיט די אַרבייטער. פריהער זענען געווען אַסך קליינע מייסטערס, מיט קליינע וואַרשטאַטען און פערהעלטניסמעסיג ווייניג לוין-אַרבייטער. אַצינד—הונדערטער טויזענדער לוין-אַרבייטער, פערהעלטניסמעסיג ווייניג פאַבריק-אייגענטימער, ווייניג אונטערנעהמער. די פאַבריקאַנטען פערנעהמען די לאַגע פון גרויסע שררות און שטעהען אַנטקעגען די אַרבייטער אַלס אַזיאַטישע דעספּאָטען. וואָס פאַר אַן׳איבערקעהרעניש מיר האָבען אין דער דאָזיגער בעציהונג! און פון דעסטוועגען האָט צו דעם אַלעם געבראַכט בלויז—די מאַשין.

וואָרום זי, די מאַשין, האָט עס איינגעבראַכט אוצרות, מטמונים, דעם וואָס איז געווען אימשטאַנד זי צו פערשאַפען זיך. זי האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אַנידערצולעגען די קאָנקורענטען, בעקומען אויף קרעדיט אַ ריעזיגען קאַפּיטאַל, אפשר גאָר שאַפען אַ טרעסט. און זי, די פּראָדוקטיוו-קראַפט, האָט עס געבראַכט דערצו, וואָס די קליינע בעל־הבתּים׳לעך זענען אַרויס נקי פון זייער ביסעל פערמעגען און טויזענדער זענען געצוואונגען געוואָרען צו שטעלען-זיך אַלס לוין-אַרבייטער ביי יענעם.

און וואָס האָט אויפגעטהון די נייע פּראָדוקטיוו-קראַפט אין דער אויסאַרבייטונג פון פּוטער? די מאַשין, וואָס מאַכט פּוטער פון טויזענדער ליטער מילך, איז פאַר דעם דורכשניטליכען פּויער אַ צו־טייערע זאַך, און בכלל וועט ער גאָר האָבען צו ווייניג מילך פאַר אַזאַ מאַשין. דערום נעהמען־זיך צונויף הונדערט פּויערים אינאיינעם, זיי קויפען אַזאַ מאַשין און פעראַרבייטען זייער מילך געמיינזאַם. אַלזאָ די פּראָדוקטיוו-קראַפט האָט זיך געענדערט, אָבער איינצייטיג האָבען זיך אויך געענדערט די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, דער גאַנצער אופן פונ׳ם פּראָדוצירען: דאָרטען וואו פריהער האָבען הונדערט געאַרבייט יעדער איינער בעזונדער און די ווייבער און די טעכטער פון די פּויערים האָבען געמאַכט די פּוטער אין דער פּויערשער ווירטשאַפט—פאַבריצירען אַצינד הונדערט צוזאַמען און זיי לאָזען אַרבייטען געדונגענע מענשען, לוין-אַרבייטער, אויף זייער געמיינזאַמען חשבון. הייסט-עס: די פּויערים, זייערע ווייבער, זייערע טעכטער און אַ קרייז פּראָלעטאַריער זענען אַריינגעטרעטען אין נייע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען איינע צו די אַנדערע און צו דער גאַנצער געזעלשאַפט.

האַלטען אין אָרדנונג אַן׳אייל- אָדער נאַפט־לאָמפּ, איז געווען די זאַך פון דער בעל-הבית׳טע; הונדערטער טויזענדער פרויען האָבען געהאַט אין זייערע בעל-הבת׳ישקייטען צו זאָרגען, אַז אין שטוב זאָל זיין ליכטיג. אָבער איצט בויט-אויס די געמיינדע אַ גאַז-פאַבריק אָדער אַן׳עלעקטריע-אַנשטאַלט—און

די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען האָבען זיך דורך דעם געענדערט. נישט דער יחיד: דער איינצעלנער מענש, פּראָדוצירט, נאָר אַ גרויסער געזעלשאַפטליכער אָרגאַן, די געמיינדע. עס קומט־אויף אין די טויזענדער אַ נייער מין אַרבייטער, וועלכע זענען פריהער געווען אַ זעלטענע זאַך: די געמיינדע־אַרבייטער, וועלכע שטעהען אין גאָר אַנ׳אַנדער בעציהונג צו דער געזעלשאַפט, ווי דער פריהער־דיגער ליכט־פּראָדוצענט.

אין דער פריהערדיגער צייט פלעגען זיך־שלעפּען איבער׳ן לאַנד פּראַכט־וואָגענס, פּאָסט־קארעטקעס... אָבער די טעכניק האָט ערפונדען די לאָקאָמאָטי־ווען און די טעלעגראַפען און אַזוי־אַרום איז דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה מעגליך געוואָרען אַריינצונעהמען אין איהר רשות די טראַנספּאָרטירונג פון זאַכען, מענשען און ידיעות. און ווידער אַמאָל: הונדערטער טויזענדער אַרביי־טער און בעאַמטע זענען אַריינגעטרעטען אין נייע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. די מאַסען מענשען אין דער געמיינדע, מדינה אָדער מלוכה, וועלכע שטע־העז אין דער איצטיגער צייט אין אַ דירעקטער פּראָדוקציאָנס־בעציהונג צום כלל, זענען אַ סך גרעסער, ווי אין אַמאָליגע צייטען די בעזאָפּענטע אַרמעען.

נישטאָ די מלאכה, אין וועלכער די טעכניק זאָל נישט איינפיהרען אַ נייעם פּראָדוקציאָנס־אופן. פון אויבען ביז אונטען, פון דעם וויסענשאַפטליכען כעמישען לאַבאָראַטאָריום, פונ׳ם ערפינדערס לאַבאָראַטאָריום ביז דער נידריג־סטער אַרבייט, ווי צ. ב. די אַוועקפיהרונג פון מיסט אין אַ מאָדערנער גרויכער שטאָט — ענדערט־זיך כסדר די טעכניק און דער אופן פון דער אַרבייט. אין יעדער מלאכה קומען־פאָר איבערקעהרענישען אין דעם דאָזיגען אופן, אַז ער־פינדונגען זענען שוין נישט מעהר אַ זאַך פון צופאַל אָדער פון געניאַלע פער־זענליכקייטען, נאָר די זאַך פון מענשען וואָס לערנען־זיך ספּעציעל דערויף, וועלכע פאָרשען בעוואוסטזיניג לכתחלה אין אַ בעשטימטער ריכטונג.

אין פּראָדוקציאָנס־צווייג נאָך דעם אַנדערען ווערט געענדערט אָדער גאָר אינגאַנצען בעזייטיגט. דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון אַ מיטעלער קאַפּיטאַ־ליסטישער לאַנד איז עהנליך צום לעבען פון אַ מאָדערנער שטאָט, אין וועלכער עס ווערען אויסגעשטעלט נייע געביידעס אויפ׳ן אָרט פון די אַלטע הייזער און קוואַרטאַלען.

די נייע טעכניק שאַפט דעם גרויסען קאַפּיטאַל, זי שאַפט אַלזאָ אויך די מאָדערנע באַנקען און קרעדיט-אינסטיטוציעס, וועלכע פערמעגליכען נאָך די קרעפטען פונ׳ם גרויסען קאַפּיטאַל.

זי שאַפט דעם מאָדערנעם האַנדעל, זי שאַפט דעם עקספּאָרט פון מאַ־סען-פּראָדוקטען און קאַפּיטאַלען, דורך וועלכע די ימים ווערען מיט שיפען בעדעקט און גאַנצע וועלט-טיילען ווערען אויסגענוצט דורך דעם קאַפּיטאַליזם אויף צו בעקומען מינעראַלען אָדער לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען.

זי שאַפט יענע גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסען, וואָס נור די

מלוכה איז בכלות זיי צו פערטיידיגען. זי שאַפט דערום די מאָדערנע מלוכה גופא מיט איהר מיליטאַריזם, מאַרינימוס (פלאָט-פּאָליטיק), קאָלאָניאַל-פּאָליטיק און אימפעריאַליזם, מיט איהרע מחנות בעאַמטע און איהר ביוראָקראַטיע.

און איז דען נאָך נויטיג, אַז מיט די דאָזיגע ביישפּילען אין דער האַנד זאָלען מיר נאָך אויפמערקזאַם מאַכען דעם לעזער דערויף, ווי אַזוי די נייע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען איינצייטיג נייע אייגענטום-בעציהונגען? די צאָהל אייגענטימער פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין דער דייטשער אימפּעריע האָט אין 1895 ביז 1907 ביי אַ שטאַרקער פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג זיך-פערקלענערט אין דער אינדוסטריע אויף 81,000, אין דער לאַנד-ווירטשאַפט—אויף 68,000; דאַגעגען האָט די צאָהל מענשען, וועלכע לעבען פון פערקויפען זייער אַרבייטס-קראַפט זיך-פערגרעסערט אין דער אינדוסטריע אויף דריי מיליאָן, אין דער לאַנד-ווירטשאַפט אויף 1,600,000. דאָס איז אַ פערענדערונג נישט בלויז אין די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, נאָר אויך אין די אייגענטום-בעציהונגען וואָס זענען געשאַפען געוואָרען דורך דער נייער טעכניק, וועלכע האָט דערשטיקט די קליין-פּראָדוקציע און האָט הונדערטער טויזענדער קינדער פון קליין-בירגער און קליינע לאַנדווירטען (פויערים) געמאַכט פאַר לוין-אַרבייטער. און איז דען דער אַזוי-גערופענער „נייער מיטעלשטאַנד" עפּעס אַנדערש ווי אַ קלאַס מיט נייע אייגענטום-בעציהונגען? דער בעאַמטען-שטאַנד, וואָס האָט זיך אונגעהויער פונאַנדערגעוואַקסען, די אָפּיצירען, די געלעהרטע פּראָפעסיעס, די אינטעליגענץ, די בעסער בעצאָהלטע לעהרער, די אינזשענייערען, כעמיקער, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, קינסטלער, אייגענטימער פון גרויסע מאַגאַזינען, דירעקטאָרען, וואָיאַזשאָרען, די קליינע קרעמער וואָס זענען אָפּהענגיג פונ'ם גרויסען קאַפּיטאַל, די אַלע וואָס בעקומען פון דער בורזשואַזיע דירעקט אָדער אינדירעקט (דורך דער מלוכה) וועלכען-עס-איז לוין פאַר זייער דיענסט—דער דאָזיגער נייער מיטעלשטאַנד געפינט-זיך אין אַנ'אַנדער אייגענטום-בעציהונג ווי דער אַלטער זעלבשטענדיגער מיטעלשטאַנד. און די מאָדערנע גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וואָס בעהערשען די וועלט און די וועלט-פּאָליטיק מיט זייערע בענק, סינדיקאַטען, טרעסטען און קאַרטעלען—זיי שטעהען אין גאַנץ אַנדערע אייגענטום-בעציהונגען צו דער געזעלשאַפט ווי די ווענעציאַנישע, האַנזעאַטישע אָדער די פלעמישע, האָלענדישע און ענגלישע סוחרים און פאַבריקאַנטען פון די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען.

און אַחוץ דעם זענען די פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען נישט בלויז פערזאָנען-בעציהונגען, נאָר קלאַסען-בעציהונגען.

די טעכניק שאַפט אויף איין זייט אַ צאָהל נישט-פערמעגליכע, וואָס וואַקסט בסדר, שנעלער ווי די בעפעלקערונג בכלל, און די דאָזיגע נישט-פערמעגליכע בילדען די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג און פון דעם געזעלשאַפטליכען רייכטום בעקומען זיי כמעט גאָרנישט, און אויך אַ זעהר גרויסע צאָהל קליין-ביר-

נער און קליינע פויערים, בעאַמטע און אָנגעהעריגע צו די פערשידענסטע פראָפעסיעס, וועלכע קומען-אָב מיט ברעקלעך, מיט לחם צר ומים לחץ. אָבער אויף דער אַנדער זייט שאַפט די טעכניק אַ פערהעלטנישמעסיג קליינע צאָהל קאַפיטאַליסטען, וואָס דורך זייער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הערשאַפט פערכאַפּען זיי אַן'אונגעהויער גרויסען טייל פונ'ם געזעלשאַפטליכען רייכטום.

און די גרויסע סומען, וואָס זיי זאַמלען-אָן יעדעס יאָהר אַלס עודף פון זייערע איינקונפטען, נאָך אַלע הוצאות, ווערען אויסגענוצט פון דאָס ניי אויף עקספּלואַטירען די נישט-פערמעגליכע און וועניג-פערמעגליכע אַרבייטער, קליינע פויערים און קליינע בירגער, די פרעמדע פעלקער פון די קאַפּיטאַליסטיש נאָך נישט ענטוויקעלטע לענדער, אַזוי אַז פון איין זייט זינקט מען אינ'ם דלות און פון דער אַנדער זייט שווימט מען אין עשירות, אינ'ם געזעלשאַפטליכען רייכטום.

די פּראָגרעסירענדע טעכניק שאַפט אַלזאָ נישט בלויז נייע פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען, נאָר איינצייטיג אויך נייע קלאַסען-בעציהונגען, אין אונזער פאַל — אַ גרעסערען פירוד צווישען די קלאַסען, אַ גרעסערען קלאַסען-קאַמף.

דאָס פערשטעהט יעדער איינער, נישט וואָהר? און באמת איז עס טאַקע נישט שווער צו פערשטעהן. די קלאַסען זענען איצט איינע פון די אַנדערע מעהר דערווייטערט, דער איצטיגער קלאַסען-קאַמף איז גרעסער, ברייטער און טיעפער ווי מיט פופציג יאָהר צוריק. דער תהום איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען ברייטער און טיעפער און ער פערגרעסערט זיך נאָכאַנאַנד. און עס איז קלאָר און דייטליך, אַז די אורזאַך דערפון איז די טעכניק.

די מאַטעריעלע זייט פון דער זאַך, וועלכע מיר ווילען ערקלערען, איז אַלזאָ לייכט צו דערזעהן. צידען דאַרף מען אַסך רעדען, כדי צו ערקלערען דעם זוהן אָדער דער טאָכטער פון אַ פעראָרימטען בעל-הבתישען ייד, וועלכע זענען געוואָרען פאַבריק-אַרבייטער אָדער לוין-אַרבייטער פון אַנ'אַנדער מין, אַז זיי האָבען עס געמוזט ווערען צוליב דער טעכניק, צוליב דעם נייעם פּראָדוקציאָנס-אופן: אַז אין דער קליין-פּראָדוקציע זענען פאַר זיי נישט געוועזען קיין שום אויסזיכטען, אַז דער היינטיגער קאָנקורענץ-קאַמף איז צו שווער און קאַפּיטאַל האָט מען געדאַרפט האָבען אַ צו גרויסען פאַר זייערע כוחות, אַז די גרויסע מאַסע זעלבשטענדיגע פּראָדוצענטען קאָן מעהר נישט האָבען קיין ערפאָלג אין דער קליינער פּראָדוקציע?... גרויסער קאַפּיטאַל איז גרויסע טעכניק; ווער איז עס אימשטאַנד אַרויסצוטרעטען געגען דער גרויסער טעכניק? דער מאָדערנער אַרבייטער פיהלט גאַנץ גוט, אַז די מאַטעריעלע לאַגע, די קנאַפּע ערנעהרונג, די שלעכטע וואוינונג, די אָרימע קליידונג איז פאַר איהם, פאַר זיין קלאַס, אַ רעזולטאַט פון די נייע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, וועלכע זענען דורך דער נייער טעכניק אַרויסגעוואַקסען פון די אַלטע

פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. עס איז נישט שווער צו זעהן דעם דייטליכען צו־זאַמענהאַנג צווישען דעם מאַטעריעלען לעבען פון אַלע קלאַסען מיט די אייגענטום- און פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, אַלזאָ מיט די פּראָדוקטיוו-קרעפטען. קיינער קאָן שוין מעהר נ״שט זאָגען, אַז די טייערע מלבושים, דאָס זאַטע און גוטע אַריינעסען, די גרויסאַרטיגע דירה פונ׳ם פאַבריקאַנט זענען גאָטס אַ ברכה; וואָרום עס איז קלאָר, אַז זיין שען לעבען און זיין פערמעגען האָט ער ערוואָרבען דורך עקספּלואַטאַציע. און ווען אַ סוחר אָדער אַ ספּעקולאַנט באַנקראָטירט, קאָן אויך מעהר קיינער נישט זעהן דערין די „השגחת־הבורא״, גאָט׳ס משפּט; וואָרום די אורזאַך וואָס האָט געבראַכט צו זיין מפּלה לאָזט זיך געפינען אויף דער פּראָדוקטען-בערזע, אויף דער געלד-בערזע... קיינער קאָן שוין מעהר נישט רעדין וועגען אַ צאָרן פון הימעל, ווען אַן׳אַרבייטער ליידט מאָנאַטען-לאַנג פון אַרבייטס-לאָזיגקייט, פון אַ קראַנקהייט און לעבט כסדר אין נויט און אין עלענד; וואָרום די נאַטירליכע, אָדער בעסער געזאָגט די געזעלשאַפטליכע אורזאַכען (וועלכע נעהמען זיך אַלע פון דער נייער טעכניק), זענען גענוג בעקאַנט—וועניגסטענס, דעם אַר-בייטער. עס לאָזט זיך שוין אויך נישט זאָגען, אַז איינ׳ם וואוילשטאַנד אָדער אונגליק פון יעדען איינצעלנעם מענשען זענען שולדיג זיינע פּערזענליכע גייסטיגע פעהיגקייטען אָדער זיין כאַראַקטער; וואָרום אין דער גרויס-פּראָדוקציע, וואָס פערכאַפּט די גאַנצע וועלט, איז ממש נישטאָ די מעגליכקייט פאַר מיליאָנען מענשען מיט די בעסטע טאַלענטען זיך ווי געהעריג אַרויפצואַרבייטען.

די געזעלשאַפט האָט דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה אין איהר ענטוויקלונג, אַז די מאַטעריעלע אורזאַכען פון אונזער מאַטעריעלען לעבען זענען קלאָר ווי דער טאָג—פּונקט אַזוי ווי אין דער קולטור אַזוי אויך אין דער געזעלשאַפט.

פּונקט אַזוי גוט ווי מיר ווייסען, אַז די זון איז דער מקור פון דעם גאַנצען נאַטירליכען לעבען אויף דער ערד, פּונקט אַזוי גוט ווייסען מיר, אַז דער אַרבייטס-פּראָצעס און די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען די אורזאַכען דערפון, וואָס אונזער געזעלשאַפטליך מאַטעריעל לעבען איז אַזוי, ווי עס איז.

זאָל נאָר דער אַרבייטער בעטראַכטען מיט אַ רוהיגען פעסטען בליק זיין אייגענע מאַטעריעלע עקזיסטענץ, די עקזיסטענץ פון זיינע קאָלעגען און פון די קלאַסען, וואָס שטעהען איבער איהם—וועט ער שוין איינזעהן, אַז דאָס וואָס מיר האָבען געזאָגט איז ריכטיג. און דאָס וועט איהם שוין בעפרייען פון געוויסע פאָראורטיילען און אַבערגלויבענס.

אַביסעל שווערער ווערט ערשט די פראַגע, ווען עס האַנדעלט-זיך וועגען דערקענען דעם צוזאַמענהאַנג צווישען מאַטעריעלער אַרבייט, פּראָדוקציאָנס-

אין אייגענטום־בעציהונגען מיט דעם גייסטיגען לעבען. די נשמה, דער גייסט, דאָס געמיט, דער שכל זענען דאָך עפּעס ביי אונז און ביי די פריהערדיגע דורות אַזוי לאַנג פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס דאָס „ריכטיגע", דאָס בעסערע, דאָס אַלמעכטיגע!

און פון דעסטוועגען... ווען מ'ר זאָגען: „דאָס געזעלשאַפטליכע זיין (דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען) בעשטימט דאָס בעוואוסטזיין", איז טאַקי דער דאָזיגער כלל אין זיין גרויסער און ברייטער בעדייטונג אַ גרויסער נייער אמת. אָבער מען דאַרף דאָך וויסען, אַז שוין פאַר ענגעלס'ן און פאַר מאַרקס'ן איז אַסך געזאָגט און דערוויזען און אָנגענומען געוואָרען אַזעלכעס, וואָס האָט אָנגעוויזען אויף דערזעלבער ריכטונג, און וואָס האָט צוגעגרייט דעם העכערען אמת, וועלכען זיי האָבען געפונען.

צי גלויבט דען נישט, אָדער בעסער: צי ווייס דען נישט אַצינד, צום ביישפּיל, יעדער געבילדעטער מענש און צי האָבען נישט פיעל נאָך פאַר מאַרקס'ן און ענגעלס'ן קלאָר אויפגעוויזען, אַז געוואוינהייט, ערפאַהרונג, ערציהונג, סביבה—בילדען דעם מענשען אויך גייסטיג? און צי זענען דען אונזערע געוואוינהייטען נישט קיין רעזולטאַטען פון דער געזעלשאַפט? און די מענשען וואָס ערציהען אונז, צי זענען דען זיי אַליין נישט ערצויגען געהאָרען פון דער געזעלשאַפט, און צידען גיבען זיי אונז נישט קיין געזעלשאַפטליכע ערציהונג? איז דען אונזער ערפאַהרונג נישט קיין געזעלשאַפטליכע? מיר לעבען דאָך נישט איינזאַם, ווי ראָבינזאָן! אונזער סביבה איז דאָך קודם־כל די געזעלשאַפט. ערשט מיט אונזער געזעלשאַפט לעבען מיר אין דער קולטור. דאָס אַלץ ווערט און איז בעגריפען געוואָרען אויך פון נישט־מאַרקסיסטען, נישט־סאָציאַלדעמאָקראַטען.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם געהט אָבער ווייטער; ער נעהמט צוריק די אַלע פריהערדיגע וויסענשאַפטען, אָבער איינזייטיג געהט ער שוין טיעפער און ער זאָגט: געזעלשאַפטליכע ערפאַהרונג, געזעלשאַפטליכע געוואוינהייט, ערציהונג, סביבה—זיי גופא ווערען ווידער בעשטימט דורך די געזעלשאַפטליכע אַרבייט און די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען. אָט די לעצטע בעשטימען דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען. די אַרבייט איז דער וואָרצעל פונ'ם מענשליכען גייסט. פונ'ם דאָזיגען וואָרצעל וואַקסט דער גייסט אַרויס.

אויף איין געביט פונ'ם גייסטיגען לעבען לאָזט זיך דאָס צום לייכטסטען דערקענען. דערום ווילען מיר טאַקי אָנהויבען פון דעם דאָזיגען פּונקט.

# V.

# דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען בעשטימט דעם גייסט.

## א. די וויסענשאַפט, דאָס קענען און דאָס לערנען.

אַ וויכטיגער טייל פונ'ם גייסט איז—די וויסענשאַפט (פערשטעהט זיך, אַז זי, די וויסענשאַפט, פערנעהמט נישט דעם גייסט אינגאַנצען). טאָ זאָל אדרבה דער אַרבייטער נעהמען קודם-כל אין בעטראַכט זיך אַליין, זיין אייגענע פערזאָן, און אַ קלעהר טהון: פון וואַנען נעהמט-זיך עס דאָס, וואָס זיינע קענטעניסען, די בילדונג וואָס ער האָט, זענען דווקא אין דער מאָס און נישט אין קיין אַנדערער, זענען דווקא פון דעם מין און נישט פון אַנ'אַנדערען... בכלל גערעדט, האָט בלויז דער אַרבייטער געוויסע ידיעות אין לעזען, שרייבען און רעכנען (מיר רעדען דאָ וועגען אַ געוועהנליכען מיטגליד פון דעם אַרבייטער-קלאַס, וועלכער געפינט זיך נישט אין קיין שום אויסנאַהמליכער לאַגע). אפשר האָט ער נאָך אַמאָל געלערנט עפּעס מעהר: חומש, נביאים, כתובים, אפשר אויך אַביסעל משניות, אַביסעל גמרא און אפשר גאָר (אויב ער איז געגאַנגען אין אַ שולע) אַביסעל געאָגראַפיע, אַביסעל היסטאָריע—אָבער דאָס אַלץ איז אַוועקגעפלויגען. לאָמיר נור זעהן, פון וואַנען נעהמט זיך עס, וואָס ער האָט גראָד די דאָזיגע קנאַפּע בילדונג און נישט מעהר? אפשר איז עס אַ גאָט-זאַך דאָס, וואָס ער איז נישט קיין „אינטעליגענט", קיין געבילדעטער מענש?

פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין גאָט-זאַך, נאָר דאָס ווערט בעשטימט דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס מיט זיינע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. די מעשה איז אַזוי:

דער קלאַס קאַפּיטאַליסטען, וועלכער הערשט אין די אַזוי-גערופענע ציוויליזירטע לענדער, האָט געדאַרפט האָבען פאַר זיינע וואַרשטאַטען אַרבייטער, וועלכע זאָלען נישט זיין קיין פולשטענדיגע עם-הארצים, גאָר אינגאַנצען „גראָבע יונגען". דעריבער האָט ער פאַר די קינדער פון די פּראָלעטאַריער איינגעפיהרט פאָלקס-שולען און בעשטימט די עלטער פון 12 ביז 14 יאָהר אַלס אַ גרענעץ, ביז וועלכער מען זאָל לאָזען די קינדער לערנען. די בורזשואַזיע האָט געדאַרפט האָבען זאָט אַזעלכע אַרבייטער פאַר דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, נישט קיין גרעסערע עם-הארצים און נישט קיין גרעסערע קענערס. גרעסערע עם-הארצים וואָלטען געווען אַ חסרון. ווידער מעהר געבילדעטע—וואָלטען געווען צו טייער און וואָלטען געהאַט צו-גרויסע פּרעטענזיעס. וואָרום אַזוי ווי דער מאָדערנער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס נויטיגט-זיך אין בעשטימטע מאַשינען, וואָס זאָלען זיך-דרעהען וואָס-אַמאָל אַלץ שנעלער און זאָלען ליפערן אַלץ מעהר פּראָדוקטען—אַזוי נויטיגט ער זיך אין אַ בעשטימטען מין אַרבייטער, אין דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער זאָל זיין נישט דאָס, וואָס די פריהערדיגע אַרבייטער. דער כוח פונ'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס רופט-אַרויס

ביי דער געזעלשאַפט אָט דאָס דאָזיגע בעדערפניס, ער שאַפט דאָס דאָזיגע בעדערפניס פון זיין נאַטור אַרויס. אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט, צום ביי-שפיל, האָט ער נאָך אַזעלכע אַרבייטער נישט געדאַרפט—און דערום זענען זיי נאָך סאַקי דעמאָלט נישט געווען.

און פונקט דאָס אייגענע איז אויך מיט דער בילדונג ביי די אַנדערע קלאַסען.

די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־אינדוסטריע, די קאָמוניקאַציע און די לאַנד-ווירטשאַפט שטיצען־זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אויף דער נאַטור־וויסענשאַפט. דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס איז אַ בעוואוסטזיניגער וויסענשאַפטליכער פּראָצעס; די נייע טעכניק האָט אַליין געלעגט דעם פונדאַמענט צו דער מאָדערנער נאַטור-וויסענשאַפט, דורכדעם וואָס זי האָט פאַר איהר ערפונדען ווערקצייג און האָט איהר פערשאַפט קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען, וועלכע ברענגען איהר מאַטעריאַל פון אַלע לענדער. די פּראָדוקציע ווענדעט-אָן בעוואוסטזיניג די נאַטור-קרעפ-טען. דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס נויטיגט-זיך אַלזאָ אין מענשען, וואָס זאָלען פערשטעהן די נאַטור-וויסענשאַפטען, די מעכאַניק, די כעמיע, וואָרום נאָר אַזעלכע מענשען קאָנען איבערנעהמען די פיהרונג פון דער פּראָדוקציע און ערפינדען נייע מעטאָדעס, נייע ווערקצייג. און טאַקי דערפאַר וויל דאָס איז אַ געזעלשאַפטליכע בעדערפניש פון'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, ווערען גע-גרינדעט רעאַל-שולען און הויכשולען, אָפּט דערהויפּט פאַר דאָס שטודיום פון דער נאַטור, און מען לערנט דאָרטען יענע וויסענשאַפטען, וועלכע זענען נוי-טיג פאַר דער פיהרונג און ענטוויקלונג פון'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

אַלזאָ דאָס קענען, די קענטעניסען פון די דאָזיגע אַלע מעכאַני-קער, שיפען-בויער, אינזשעניערען, לאַנדווירטשאַפטליכע טעכניקער, כעמיקער, מאַטעמאַטיקער, לעהרער פון נאַטור-וויסענשאַפט—ווערען בעשטימט דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

אַצינד זאָלען מיר נעהמען פון דיזעלבע געזעלשאַפטליכע קלאַסען אַ צווייטען ביישפּיל. די טעטיגקייט פון די אַדוואָקאַטען, פּראָפעסאָרען פון יוריס-פּרודענץ און עקאָנאָמיע, ריכטער, רעגענטען (נאָטאַריוסען) א. אַז. וו.—צידען איז נישט געבויט די גאַנצע טעטיגקייט פון די אַלע דאָזיגע מענשען דערויף וואָס עס איז פאַרהאַן אַ בעשטימט אייגענטום-רעכט, בעשטימטע אייגענטום-בע-ציהונגען, דאָס הייסט, ווי מיר האָבען פריהער געזעהן: פּראָדוקציאָנס-בעצי-הונגען. צידען זענען נישט די רעגענטען, אַדוואָקאַטען א. אַז. וו. אַזעלכע מענשען, אין וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט נויטיגט-זיך, כדי צו דערהאַלטען און צו שיצען איהרע אייגענטום-רעכט? און וויבאַלד אַזוי, צידען איז זייער ספּעציעלער אַרט דענקען נישט אַריינגעגעבען אין זיי פון דעם בורזשואַזען קלאַס, און צידען שטאַמט נישט זייער דענקען פון'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, וועלכער האָט די בירגערליכע קלאַסען געשאַפען?

און דער גאַנצער מין הערשער (פון דער מלוכה צי פון דער מדינה)

די ביוראָקראַטיע, דער פּאַרלאַמענט—צידען עקזיסטירען זיי נישט דערפאַר, וואָס אויף די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען געשאַפען געוויסע אייגענטום-אינטערעסען אָדער קלאַסען-אינטערעסען, וועלכע מוזען געשיצט ווערען כלפי פנים (אויף אינעווייניג) געגען אַנדערע קלאַסען און כלפי-חוץ (אויף אויסעווייניג) געגען אַנדערע פעלקער. די רעגירונג—צידען איז זי נישט דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער בורזשואַזיע, וועלכער פערטיידיגט דאָס אייגענטום און די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע? זי, די רעגירונג, גופא און די קענסטענישען, וועלכע זי פערמאָגט צו דעם דאָזיגען צוועק, שטאַמען-אַרויס פון די געזעלשאַפטליכע בעדערפענישען, די בעדערפענישען פונ'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס און פונ'ם אייגענטום. די קענטעענישען פון איהרע מיטגלידער דיענען אויף צו דערהאַלטען די עקזיסטירענדע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען און אייגענטום-בעציהונגען.

און וואָס איז די ראָליע פון דער גייסטליכקייט: רבנים, גלחים, כהנים? אויף וויפיל זיי זענען רעאַקציאָנער, דיענען זיי עפענטליך אויף צו דערהאַלטען די אַלטע געזעלשאַפט—מיט זייער פאָדערונג, אַז מען זאָל פאָלגען ווי אַ שקלאַף די עיקרים פון דער אמונה, די דאָגמען פון דער קירך, און בעשטימטע מצוות, געבאָטען. דערצו דיענען זייערע קענטעניסען, דערצו ווערען זיי געלערנט אין די ישיבות, אין די ראַבינער-שולען, אויף די טעאָלאָגישע פאַקולטעטען. עס איז פאַרהאַן אַ געזעלשאַפטליכע בעדערפעניש, אַ קלאַסען-בעדערפעניש אויף מענשען, וואָס זאָלען פרעדיגען, דרש'נען וועגען די דאָזיגע זאַכען. וויעער אויף וויפיל זיי זענען פּראָגרעסיווער, מעהר פאָרשריטליך, דרש'נען זיי וועגען דער הערשאַפט פון גאָט איבער דער וועלט, די הערשאַפט פון דער נשמה איבער די חושים, פונ'ם גייסט (דעם רוח) איבער דער מאַטעריע (דעם חומר), און אַזוי העלפען זיי דער בורזשואַזיע—וועלכע האָט זיי דערצו אויפגעהאָדעוועט—צו דערהאַלטען אין איהרע הענד די שליטה, די הערשאַפט, איבער דער אַרבייט.

אַלזאָ: דאָס פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-סיסטעם האָט אויף אַ געוויסען שטאַפעל פון איהר ענטוויקלונג זיך געענויטיגט אין גייסטליכע, יוריסטען, פּאָליטיקער—האָט זי זיי געשאַפען. און אַזוי ווי עס איז פאַרהאַן אַ געזעלשאַפטליכע בעדערפעניש אויף די דאָזיגע מינים מענשען—פעהלען שוין די מינים נישט: די געזעלשאַפט האָט שוין כסדר די מענשען, וועלכע שפּיעלען די דאָזיגע געזעלשאַפטליכע ראָליעס. דער איינצעלנער מענש רעדט-זיך-איין, אַז ער קלויבט זיך אויס מיט זיין פרייען ווילען איינע פון די דאָזיגע פּראָפעסיעס און אַז זיינע מיינונגען, זיין „קאָפּ", זיין „האַרץ" זענען עס די אמת'ע אורזאַכען, וואָס בעשטימען זיין טעטיגקייט. אָבער אין דער ווירקליכקייט ווערען די דאָזיגע מיינונגען בעשטימט דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס און ממילא איז אויך סוף-כל-סוף בעשטימט דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס די ברירה, וואָס דער מענש קלויבט זיך אויס.

„בעת דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוצירונג פון זייער לעבען,—זאָגט מאַרקס,—גיהען די מענשען אַריין אין בעשטימטע, נויטווענדיגע, פון זייער ווילען נישט-אָבהענגיגע בעציהונגען, פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען". אוודאי איז עס אַזוי. די בעציהונגען זענען נויטווענדיג און פון אונזער ווילען נישט אָבהענגיג. זיי האָבען שוין עקזיסטירט, נאָך איידער מיר זענען געבוירען געוואָרען. מיר מוזען אַריינגעהן אין די דאָזיגע בעציהונגען; די געזעלשאַפט מיט איהר פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, מיט איהרע קלאַסען און בעדערפנישען האָט די שליטה איבער אונז.

אין יעדע איינע פון די דאָזיגע מינים פּראָפּעסיעס דאַרף זיין אַ בעשטימטען סכום און אַ בעשטימטען מין פון קענטעגישען, כּדי זי זאָל קאָנען ערפילען איהר פונקציע אין דער געזעלשאַפט. עס איז אַלזאָ קלאָר, אַז פונקט ווי די פונקציע גופא ווערען אויך די קענטענישען, וואָס נויטיגען זיך דערצו, בעשטימט דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

## די ערשטע טענה פון אונזערע געגנער:

אין דער דאָזיגער ערשטער בעהאַנדלונג איבער דאָס קענטעניש האָבען מיר דערמאָהנט אַ זאַך, וואָס שפּיעלט אין דער געזעלשאַפט אַ וויכטיגע ראָליע און ממילא שפּיעלט עס אַ וויכטיגע ראָליע אויך אין אונזער לעהרע, וועלכע איז אַן אַנ'אמת'ע אָבבילדונג פון דער געזעלשאַפט. דאָס איז דאָס בעדערפניש.

דאָס בעדערפניש איז דאָך אָבער עפּעס גייסטיגעס. עס ווערט געפיהלט, דערוויסט, בעקלעהרט אין דער נשמה, אינ'ם געמיט, אינ'ם גייסט, אינ'ם מוח (געהירן) פונ'ם מענשען.

און דערבּין שמיעדען די געגנער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַ געווער געגען אונז.

זיי זאָגען אַזוי: אויב די אָרגאַנען פונ'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס ווערען געשאַפען דורך דעם מענשענס אַ בעדערפניש, קומט דאָך אויס, אַז די סאַמע ערשטע אורזאַך איז דאָך גייסטיג און נישט געזעלשאַפטליך-מאַטעריעל, אַז די סיבה ראשונה פון דעם אַלעם איז אַ רוחניות'דיגע און נישט קיין גשמיות'דיגע...

די דאָזיגע טענה איז אָבער לייכט אָבצווענדען. וואָרים פון וואַנען נעהמען זיך די בעדערפנישען? צידען נעהמען זיי זיך פונ'ם פרייען ווילען, צידען זענען זיי געבויט אויף אַ מיינונג? צי זענען זיי אַ זעלבשטענדיגע ווירקונג פונ'ם גייסט?—ניין, די בעדערפנישען שטאַמען פון דעם מענשענ'ס לייבליכער (גשמיות'דיגער) נאַטור. קודם-כּל זענען זיי: דאָס בעדערפניש אין שפּייזונג, אין קליידונג, אין דירה, אָהן וועלכע די מענשען מוזען אויסגעהן און געהן צו-גרונד. דאָס שאַפען די שפּייזונג, די דירה, די קליידונג, אין וועלכע דער מענש נויטיגט זיך צוליב זיין אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג—דאָס איז דאָס ציעל פונ'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס; שטענ-

דיג ווען מיר רעדן וועגן פּראָדוקציע, ווערט דערונטער פערשטאַנען די פּראָדוקציע פון יענע אַרטיקלען, וועלכע די מענשען דאַרפען האָבען צום לעבען.

נאָר אויב דער מענש האָט בכלל אַ בעדערפניש אין שפּייזונג, קליידונג און וואוינונג, ברענגט-מיט אָבער יעדער בעשטימטער פּראָדוקציאָנס-אופען אין זיין צייט זיינע אייגענע ספּעציעלע בעדערפנישען מיט זיך. די דאָזיגע בעדערפנישען האָבען זייער שורש, זייער וואָרצעל, אינ'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. צום ביישפּיל: די פּראָדוקציע פון אונזער לעבענס-בעדאַרף איז היינטיגען טאָג מעגליך בלויז מיט דער הילף פון דער גרויס-אינדוסטריע, אונטער'ן שוץ פון דער מלוכה-מאַכט; זי דאַרף דערום האָבען אַ הויך-ענטוויקעלטע וויסענשאַפט, זי דאַרף האָבען מענשען וואָס קענען די דאָזיגע וויסענשאַפט. דער סטודענט, צום ביישפּיל, האָט דאָס בעדערפניש צו קענען מעכאַניק, יוריספּרודענץ, טעאָלאָגיע, מלוכה־וויסענשאַפט; אָבער ווער האָט איהם געגעבען דאָס דאָזיגע בעדערפניש? די געזעלשאַפט, זיין געזעלשאַפט, מיט איהר בעשטימטען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, וועלכע קאָן נישט עקזיסטירען אָהן די דאָזיגע קענטענישען און וואָלט נישט קאָנען פּראָדוצירען אָהן זיי די לעבענס מיטלען. ווידער ביי אַן אַנדער פאָרם פון דער געזעלשאַפט וואָלט ער אפשר גאָר נישט בעגעהרט צו האָבען די דאָזיגע קענטענישען און וואָלט געשטרעבט צו גאָר אַנדערע לימודים, צו גאָר אַנדערע קענטענישען.

אויך דער אַרבייטער שפּירט אַ בעדערפניש צו קענען, און נעמליך: צו קענען דעם מהות פון דער געזעלשאַפט! ער שפּירט אַ בעדערפניש נאָך אַזאַ קענטניש, וואָס איז גאָר פון אַן אַנדער מין איידער דאָס, וואָס דער רעגירענדער קלאַס גיט איהם אין דער שולע; עס איז דאָס קענטניש, וועלכע מיר פּרובען איהם דאָ צו געבען. אָבער פון וואַנען נעהמט-זיך דאָס דאָזיגע בעדערפניש? פון'ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. וואָרום דער דאָזיגער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס מאַכט דעם אַרבייטער פאַר אַ מיטגליד פון אַ קלאַס, וואָס צעהלט זיך אין די מיליאָנען; אַ קלאַס וועלכער מוז קעמפּפען און קאָן זיגען. וואָלט נישט געווען אַזוי, דעמאָלט וואָלט דער אַרבייטער די דאָזיגע קענטעניש נישט זוכען. אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט האָט ער זי נאָך נישט געזוכט, ווייל דעמאָלט זענען נאָך די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען אַנדערע געווען און זיי האָבען נאָך ביי איהם דאָס דאָזיגע בעדערפניש נישט ערצויגען.

אַלזאָ עס איז אַ טעות, ווען מען גלויבט, אַז מיר ווערען געפיהרט דורך דאָס „בעדערפניש צו וויסען און צו קענען", דורך אַ גייסטיגע בעדערפניש פון דער נשמה. אַזוי קומט-אויס בלויז אויפ'ן ערשטען קוק. אָבער ווען מען קלעהרט-אַריין טיעפער אין דער זאַך, דעמאָלט זעהען מיר, אַז דאָס דאָזיגע בעדערפניש איז אַריינגעגעבען אין אונז דורך די מאַטעריעל-געזעלשאַפטליכע בעציהונגען.

און דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט, פּאַסט-זיך-צו נישט בלויז צו דער „העכערער" גייסטיגער בעדערפניש, דאָס אייגענע איז אויך ביי פיעל „נידריגערע" זאַכען; אויך די מאַטעריעלע בעדערפנישען ווערען אָפּט בעשטימט פון דער טעכניק, פון די פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען. צום ביישפּיל: דער אַרבייטער נויטיגט-זיך ווי יעדער מענש אין שפּייזונג; אָבער צי נויטיגט ער זיך אויך אין מאַרגאַרין, צי נויטיגט ער זיך אין די סורראָגאַטען פון שפּייזונג, קליידונג קאָמפּאָרט און שענקייט? באמת נישט. מען קאָן נאָר זאָגען דאָס, אַז דער מענש בעגעהרט פון זיין נאַטור אַרויס אַ קרעפטיגע שפּייזונג און אַ שענע וואַרימע קליידונג. אָבער דאָס פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-סיסטעם האָט געדאַרפט האָבען ביליגע שפּייזונג פאַר די אַרבייטער, זי האָט געהאַט דאָס בעדערפניש אָבצוזעצען מאַסען-אַרטיקלען—האָט זי די דאָזיגע סחורות געשאַפען און ערשט נאָכדעם און דורכדעם האָט זיך געשאַפען ביי די אַרבייטער דאָס בעדערפניש אויף די ביליגערע און שלעכטע מאַסען-אַרטיקלען.

קיין שום מענש האָט נישט פון זיך אַרויס דאָס בעדערפניש צו פּראָדוצירען הונדערטטויזענד שטיק פון וועלכען עס איז אַרטיקעל, אָדער אַ בעדערפניש אין אַ געשווינדיגקייט פון הונדערט קילאָמעטער אַ שעה. אָבער ווער האָט עס געדאַרפט האָבען? די פּראָדוצענטען, וואָס קאָנקורירען צווישען זיך. און צוליב וואָס האָבען זיי עס געדאַרפט האָבען? צוליב דעם פּראָדוקציאָנס-סיסטעם. דאָס דאָזיגע סיסטעם שאַפט די מאַשינען, די מאַשינען דערגרייכען אַזאַ שנעלקייט און אַזאַ פּראָדוקטיוויטעט און ערשט נאָכדעם און דורכדעם הויבען-זיך אַלע איינצעלנע מענשען אין דער געזעלשאַפט צו שפּירען דאָס דאָזיגע בעדערפניש.

אַזעלכע ביישפּילען קאָנען מיר ברענגען אין די הונדערטער. דער לעזער וועט זיי לייכט אַליין געפינען, ווען ער וועט זיך נאָר אַרומקוקען אַרום זיך.

„דאָס גאַנצע סיסטעם פון די בעדערפנישען, צי איז עס געבויט אויף דער מיינונג אָדער אויף דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע? דאָס רוב שטאַמען-אַרויס די בעדערפנישען פון דער פּראָדוקציע, אָדער פון אַן אַלגעמיינעם צושטאַנד, וועלכער איז אויסגעוואַקסען דורך דער פּראָדוקציע. דער וועלט-האַנדעל דרעהט-זיך כמעט אויסשליסליך אַרום בעדערפנישען נישט פון דעם איינצעל-געברויך, נאָר פון דער פּראָדוקציע". אין אַזוי קומט-אַרויס דאָס קאָנטעניש, דאָס „וויסען", אויך פון די בעדערפנישען פון דער פּראָדוקציע.

## צווייטע טענה.

אונזערע געגנער זאָגען אַזוי: עס איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַן אַלגעמיינער דראַנג צו קענען, צו וויסען, און דער דאָזיגער דראַנג איז פאַרהאַן ביי אַלע מענשען! לאָמיר אָננעהמען—זאָגען זיי,- אַז דער דראַנג נאָך אַ בעשטימטען

מין קענטעניש איז טאַקי אַ צייטליכע זאַך, אָבער דער אַלגעמיינער דראַנג איז דאָך אייביג.

דערויף ענטפערען מיר: בשום אופן נישט. פאַרהאַן פעלקער, וועלכע האָבען נישט לחלוטין קיין שום דראַנג נאָך קענטענישען, וועלכע זענען פול-שטענדיג צופרידען מיט דעם ביסעל „וויסענשאַפט“, וואָס זיי האָבען בירושה פון זייערע פריהערדיגע דורות!

אין אַ רייכער טראָפּישער (הייסער) געגענד, וואו די נאַטור גיט דער בעפעלקערונג אַלץ וואָס זי דאַרף האָבען, זענען דאָרט די מענשען צופרידען דערמיט וואָס זיי קענען פלאַנצען טייטעלבוימער, אויסבויען זיך אַ סוכה און וואָס זיי קענען עטליכע פּאַרצייטיגע מלאכות, וועלכע זיי האָבען בירושה פון דורות אָן. אין לענדער מיט אַ פרוכטבאַרער ערד און אַ קליינער פויערשער ווירטשאַפט קאָנען די איינוואוינער הונדערטער יאָהרען נאָכאַנאַנד בלייבען אין איין און דעמזעלבען צושטאַנד. זיי זוכען נישט קיין שום נייע קענטענישען, דערפאַר וואָס... דער פּראָדוקציאָנס-צושטאַנד פאָדערט עס נישט.

אַנ'אויסגעצייכענטער ביישפיל, וועלכען מיר האָבען פערגעסען צו דערמאָהנען, זענען די פעלקער, וואָס האָבען זיך פערנומען מיט ערד-אַרבייט ביי גרויסע טייכען, וועלכע געהען רעגעלמעסיג אַרויס פון די ברעגעס און בעוואַסערען דאָס אַרומיגע לאַנד. די דאָזיגע פעלקער האָבען דורכדעם זיך-גענויטיגט אין אַ צייט-רעכנונג און זענען דערום גענויטיגט געוואָרען צו שטודירען די הימעלס-קערפּער, די פּלאַנעטען. דאָס זענען געוועזען די איינוואוינער פון עגיפּטען (מצרים), מעסאָפּאָטאַמיען (בבל, אשור) און כינא; דורך דעם נילוס, דעם אייפראַט (פרת) און דעם הואַנג-האָ זענען זיי געקומען צו דער אַסטראָנאָמיע. אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען נישט געשפּירט די נויטווענדיגקייט אין דער דאָזיגער קענטעניש (דערפאַר וואָס די נאַטור-בעדינגונגען פון זייער לעבען האָבען די נויטווענדיגקייט נישט אַרויסגערופען)—זענען דערצו נישט געקומען...

אַלזאָ, די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען—זיי שאַפען דעם דראַנג נאָך קענטענישען און זיי בעשטימען דעם מין און דעם סך פון די קענטענישען.

כדי צו זעהן דעם דאָזיגען אמת, זאָל דער אַרבייטער גענוי בעטראַכטען זיין סביבה. וועלכע אַרבייטער זענען ריהרעוודיג, זשעדנע נאָך קענטענישען, פול מיט דראַנג נאָך אַ געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג? יענע אַרבייטער, וואָס דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס לערנען זיי זיך אויס צו פערשטעהן די ראָליע פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט די אַרבייטער אין דער שטאָט און אין דער גרויס-אינדוסטריע. די טעכניק, די מאַשין אַליין זאָגט זיי, אַז עס איז מעגליך אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. דער גרויסער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס פאַר זייערע אויגען לערנט זיי, אַז די אַלטע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען צו ענג פאַר די קרעפטען פון דער מאַשין. עס מוזען קומען נייע בעציהונגען. אַלס גלייכבערעכטיגטע זאָלט איהר אַליין זיין די

בעל-הבתים איבער די פּראָדוקציאָנס-מיטלען: דאָס איז די שפּראַך, וואָס די מאָדערנע שטאָט רעדט צו זיי. און דורך דער דאָזיגער שפּראַך פון׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס ווערט געשאַפען דער דראַנג ביי די שטאָטישע אַרבייטער נאָך קענטעניסען פיעל שטאַרקער ווי ביי דעם דאָרפס-אַרבייטער, וועלכער זעהט נאָך נישט דערווייל די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען פון אַזאַ נאָהענטקייט ווי דער שטאָטישער אַרבייטער.

### בעמערקונג.

פון׳ם ביישפּיל מיט די טראָפּישע לענדער, וואו דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס שטעהט נ י ש ט צו קענטעניסען, און די לענדער ביי די גרויסע טייכען, וואו דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס רופט יאָ אַרויס דעם דאָזיגען דראַנג, זעהט דער אויפמערקזאַמער לעזער, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם בעטראַכט נישט דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס אַלס די איין-און-איינציגע אורזאַך פון דער ענטוויקלונג. אַ גרויסע בעדייטונג האָבען דערביי געאָגראַפישע פאַקטאָרען. מיר ברענגען דאָ אגב נאָך איין ביישפּיל און זעהר אַ וויכטיגען, דהיינו: דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס אין אייראָפּא וואָלט זיך קיינמאָל נישט ענטוויקעלט אַזוי געוואַלטיג און אַזוי שנעל, ווען דער קלימאַט וואָלט דאָ געווען טראָפּיש (הייס) און די ערד וואָלט כמעט אָהן בעאַרבייטונג געגעבען אַ שפע פון פרוכטען. דווקא די געמעסיגטע טעמפּעראַטור און די פערהעלטניסמעסיג אָרימע ערד האָבען דאָ געצוואונגען די מענשען צו שווערער אַרבייט און דורכדעם צום לערנען און צום קענען די נאַטור.

דער פאָרוואורף, אַז פאַר די סאָציאַל-דעמאָקראַטען איז דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס די איינציגע נישט-אָבהענגיגע טרייב-קראַפט פון דער ענטוויקלונג, איז אַלזאָ אַ פאַלשער. אויסער דעם קלימאַט און דעם נאַטירליכען צושטאַנד פון׳ם לאַנד, אויסער די איינפלוסען פון דער אַטמאָספערע און פון דער ערד, וועלען מיר נאָך ווייטער, אינ׳ם גאַנג פון אונזערע ערקלערונגען, זיך בעקענען מיט נאָך אַנדערע טרייב-קרעפטען.

## ב. די ערפינדונגען.

פערהאַן אַ געביט פון דער וויסענשאַפט, וואָס מוז פאַר זיך אַליין בעהאַנדעלט ווערען נאָך אַ ביסעל גענויער. דאָס איז דאָס געביט פון די טעכנישע ערפינדונגען.

מיר האָבען געזאָגט: די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען האָבען אַלס יסוד די טעכניק. קומט דען נישט אויס, אַז מיר אַנערקענען, אַז די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען האָבען אויך אַלס יסוד דעם גייסט? וואָרום **ע ר פ י נ ד ו נ ג ע ן איז דאָך אַ זאַך פון גייסט...**

אוודאי אַזוי; מיר אַנערקענען עס טאַקי. די טעכניק איז די **בע-**

מאוסטזיניגע ערפינדונג און אָנווענדונג פון ווערקצייג און דער ערפינדער און אָנווענדער איז דער דענקענדער מענש! און ווען די פאָר-שטעהער פון׳ם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם זאָגען, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט איז געבויט אויף דער טעכניק, זאָגען זיי טאַקי דערמיט, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט איז געבויט אויף מאַטעריעלער און גייסטיגער אַרבייט.

אָבער, שטעהט עס דען נישט אין אַ ווידערשפּרוך מיט דעם, וואָס מיר האָבען פריהער געזאָגט? קומט דען אַזוי-אַרום נישט אויס, אַז דער גייסט איז גאָר טאַקי די ערשטע טרייב-קראַפט פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויק-לונג? וויבאַלד מיר זאָגען, אַז די געזעלשאַפט ווערט געשאַפען דורך דער טעכניק און די טעכניק ווערט געשאַפען דורך דעם גייסט—קומט דאָך אויס, אַז דער ערשטער שעפּפער איז דער גייסט!

נאָר, לאָמיר זיך צוקוקען צו דער זאַך אַ ביסעל גענויער.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם לייקענט אין קיין פאַל נישט, אַז דער גייסט געהערט צו דער טעכניק. וואָרום ווי קאָן דען זיין אַנדערש? די טעכ-ניק איז דאָך דאָס ווערק פון מענשען. און מענשען זענען דענקענדע בעשע-פעניש. און ווייטער: פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, אייגענטום-בעציהונגען זע-נען בעציהונגען פון מענשען; אין די דאָזיגע בעציהונגען ווערט געהאַנדעלט און געקלעהרט. אַלזאָ, אייגענטום- און פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען סיי גייסטיג סיי מאַטעריעל. דאָס לייקענען מיר נישט.

נאָר מיר לייקענען, אַז דער גייסט און זיין טעטיגקייט זענען, ווי אַנ-דערע ווילען האָבען, זעלבשטענדיג, אייגענמעכטיג, פריייווי-ליג, איבערנאַטירליך, אונבעגרייפליך. מיר זאָגען אַזוי: ווען דער גייסט ערפינדעט אַ נייע וויסענשאַפט, אַ נייע טעכניק—טהוט ער עס נישט סתם אין דער וועלט אַריין, ווייל איהם געפעלט אַזוי, נאָר צוליב אַ סאָציאַלען (געזעלשאַפטליכען) דראַנג אָדער בע-דערפניש.

תּולדות זענען דאָס רוב טעכנישע ערפינדונגען געמאַכט געוואָרען דורך מענשען, וועלכע זענען אַליין טעטיג געווען אין׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. פאַרוואָס? ווייל ביי זיי האָט געלעבט דער דראַנג, צו מאַכען די אַרבייט בעסער, גיכער, צו ווערען רייכער אָדער מאַכען אַלעמען צוזאַמען רייכער! אַלץ איינס, ווי אַזוי די געזעלשאַפט איז געווען דאָרטען געשאַפען, קליין אָדער גרויס, אַלס נאָמאַדישע האָרדע אָדער איינגעזעסענער שבט, אַ פעאָדאַלע אָדער קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט—געווען איז דער דאָזיגער דראַנג געזעל-שאַפטליך און ער האָט זיך גענומען פון אַן עקאָנאָמישער בעדערפניש. אין די געזעלשאַפטען מיט אַ קאָלעקטיוו אייגענטום איז דאָס געווען אַ סאָציאַלער דראַנג, צו טהון עפּעס פאַר׳ן כלל, פאַר׳ן גאַנצען קיבוץ—און אין די קלאַסען-געזעל-שאַפטען מיט פּריוואַט-אייגענטום איז עס געווען דער געזעלשאַפטליכער דראַנג, צו טהון עפּעס פאַר׳ן געזעלשאַפטליכען יחיד, פאַר׳ן איינצעלנעם פּריוואַט-

אייגענטימער אָדער פאַר׳ן גאַנצען קלאַס פון די פריוואַט־אייגענטימער.

און דאָס איז גאָר נישט קיין חידוש. אַזוי ווי דער מענש איז אַ געזעלשאַפטליכע בעשעפעניש און די אַרבייט פון די מענשען איז געזעלשאַפטליך, איז אויך דער דראַנג צו פערבעסערן די אַרבייט נישט עפּעס אַזוינס, וואָס נעהמט-זיך ביי דעם איינצעלנעם מענשען אין זיין אייגענעם גייסט, נאָר עפּעס אַזעלכעס, וואָס נעהמס-זיך פון זיינע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען. דער דראַנג נאָך אַ פערבעסערטער טעכניק, נאָך ערפינדונגען, איז אַ געזעלשאַפטליכער דראַנג; ער נעהמט זיך פון געזעלשאַפטליכע בעדערפנישען.

אָט דאָס איז עס, וואָס עס זאָגען די פאָרשטעהער פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם. זיי לייקענען אין דער זעלבשטענדיגקייט, אין דער אייגענמעכטיגקייט, אין דער אויבערמאַכט פונ׳ם גייסט. זיי זאָגען, אַז דאָס עקזיסטירענדע סאָציאַלע (געזעלשאַפטליכע) בעדערפניש טרייבט דעם גייסט איבער בעשטימטע רעלסען און אַז דאָס בעדערפניש גופא ווערט אויך געשאַפען דורך בעשטימטע מאַטעריעלע פראָדוקציאָנס-בעציהונגען. זיי לייקענען אַלזאָ אויך דאָ, אַז דער גייסט איז אַנ׳אַבסאָלוטער הערשער.

און די דאָזיגע פראַגע: דער צוזאַמענהאַנג צווישען טעכניק און וויסענשאַפט איז אַזוי וויכטיג, אַז מיר מעגען דערויף זיך אָבשטעלען נאָך אַביסעל לענגער, כדי צו בעטראַכטען עס גענויער.

לאָמיר געבען נאָך אַ פּאָר אויספיהרליכע ביישפילען.

זאָלען מיר זיך פאָרשטעלען אַ האַנד־וועבער אין מיטעלאַלטער. דער האַנד־וועבער-שטוהל איז נאָך דעמאָלט אין אַלגעמיין גענוג פאַר די געזעלשאַפטליכע בעדערפנישען. דער האַנדעל, די קאָמוניקאַציע, דער אויסלענדישער מאַרק האָבען זיך נאָך נישט ענטוויקעלט אַזוי ווייט, אַז עס זאָלען זיין נויטיג נייע גרויסע פּראָדוקטיוו-קרעפטען. עס ווערט נאָך נישט געשפּירט קיין שום בעדערפניש דערין. פון דעסטוועגען ליעגט שטענדיג דעם בעזונדערס שאַרפזיניגען וועבער זיין ווערקצייג אין קאָפּ און שטענדיג קלעהרט ער וועגען דעם, וויל ער ווייס, אַז אַ גיכערע, בעקוועמערע פּראָדוקציע איז פאַר איהם פערזענליך אַ מעלה. ערפינדעט ער אַ קליינע פערבעסערונג און ער ווענדט זי אָן. און די פערבעסערונג ווערט בעוואוסט אין זיין קרייז בעקאַנטע בעלי-מלאכות; און מען טהוט איהם נאָך. און דערביי בלייבט עס. אַ קליינע ענדערונג אינ׳ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, וועלכע בעדייט קים-קום עפּעס אַ פּראָגרעס, אַ פאָרשריט, און זי בלייבט אפשר אויף צוועהנדליגער אָדער הונדערטער יאָהרען די איינציגע ענדערונג. גענומען האָט זי זיך פונ׳ם בעדערפניש פון אַנ׳איינצעלנעם מענשען.

אָבער לאָמיר אָננעהמען פערקעהרט, אַז די קאָמוניקאַציע און דער האַנדעל (צום ביישפּיל אין. פופצעהנטען, זעכצעהנטען און זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט) זענען שטאַרק פערגרעסערט, אַז דער אויסלענדישער מארק האָט זיך גאָר נישט-דער-ערך צעשפּרייט, אַז עס זענען געגרינדעט קאָלאָניעס, וואָס

פערלאַנגען מאַנופאַקטור-סחורות פון דער מעטראָפּאָליע—דעמאָלט ווערט דאָס געזעלשאַפטליכע בעדערפניש און דער דראַנג נאָך אַ פּערבעסערטער טעכניק, נאָך אַ גרעסערער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט אַן׳ אַ ל ג ע מ יי נ ע ער-שיינונג; דעמאָלט קלעהרט שוין נישט אַן׳איינצעלנער מענש וועגען טעכני-שע פּערבעסערונגען, נאָר הונדערטער מענשען קלעהרען שוין וועגען דעם, און דעמאָלט דורך אַסך קליינע ענדערונגען, וואָס זאַמלען זיך שנעל אָן, ווערט געשאַפען אַ נייע ווערקצייג.

אַצינד לאָמיר זיך פּאָרשטעלען איינעם פון די פ ר י ה ע ס ט ע ער-פינדער פון דער דאַמף-מאַשין, אַ פּאַפּין צום ביישפּיל.

ביי פיעל מענשען איז פאַרהאַן אַ ספּעציעלער טאַלענט און ליעבע פאַר טעכניק. די מיליאָנען יאָהרען פון דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט האָ-בען עס איבערגעגעבען צו אונזערע דורות בירושה; און ביי געוויסע מענ-שען רייסען-זיך-אַרויס די דאָזיגע ליעבע און טאַלענט ווי גרויסע פלאַמען, ווען די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען ווירקען-מיט. די געזעלשאַפט, אין וועלכער זיי לעבען, האָט שוין אַן׳ענטוויקעלטע טעכניק; קלעהרען זיי וועגען אַ פּער-בעסערונג, וועלכע וואָלט קאָנען נאָך מעהר פערבעסערן די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציע. זייער געזעלשאַפטליכער שכל ווערט אויפמערקזאַם אויף די קראַפט פון דעם צונויפגעפּרעסטען וואַסער־דאַמף. און אויפ׳ן גרונד פון די אַלטע ווערקצייג, וועלכע ווערען געבראַכט אין בעוועגונג דורך מענשען, בהמות, וואַסער אָדער ווינד, קלעהרען זיי אויס אַ נייעם אַפּאַראַט. זייער סאָציאַלער הוש איז אַזוי גרויס, זייער פרייד און זייער בעגעהר צו שאַפען עפּעס אַזאַ מין זאַך איז אַזוי שטאַרק, אַז זיי זענען מקריב צייט, געזונד, פערמעגען, כדי עס צו פערפאָלקאָמען און איינצופיהרען... אָבער דאָס אַ ל ג ע מ יי נ ע בע־דערפניש עקזיסטירט נאָך פון דעסטוועגען נ י ש ט; דער דאָ ז י ג ע ר פאָר-שריט פון דער טעכניק איז צו גרויס, די קאָסטען זענען אפשר צו הויך. וואָס קומט אַרויס?

עס קומט אַרויס, אַז די ערפינדונג ווערט נישט איינגעפיהרט, די פּראָ-בעס מוזען אָבגעשטעלט ווערען אוז זיי ווערען פערגעסען. אָפט שטאַרבט-אַוועק דער ערפינדער אַלס אַ רואינירטער מענש. פאַרוואָס איז עס אַזוי?

דאָס איז אַזוי דערפאַר, וואָס ער האָט טאַקי מרגיש געווען (דערשפירט) דאָס סאָציאַלע בעדערפניש, אָבער די געזעלשאַפט האָט עס נאָך נישט מרגיש געווען אָדער וועניגסטענס נ י ש ט ג ע נ ו ג מרגיש געווען; ער איז געקומען אַביסעל צו פריה.

אַצינד לאָמיר אָבער נעהמען אַן׳ערפינדער פון אונזער אייגענער צייט, אַן׳עדיסאָן. ער איז טעכניקער; זיין לעבען איז נור א יי ן אַריינקלעהרען אין דער טעכניק. אָבער ער איז שוין נישט קיין צו פריהע שוואַלב, וועלכע קלעהרט וועגען דעם וואָס עס איז נאָך נישט מעגליך. די געזעלשאַפט, ווע-ניגסטענס דער פערמעגליכער קלאַס, וויל דאָס אייגענע וואָס ער וויל. וואָ-

רום פאַר די קאַפּיטאַליסטען בעדייט די פּערבעסערטע טעכניק אַ קאָלאָסאַלע פערגרעסערונג פון די פּערדינסטען. יעדע ערפינדונג, וועלכע גיט די מעגליכקייט פון אַ שנעלערער און ביליגערער פּראָדוקציע, ווערט תיכף אָנגענומען. דאָס שטאַרקט זיין אַרבייטס-קראַפט און עס ווירקט, אַז ער קאָן זיך אַליין שטעלען זיינע אויפגאַבען, אַז ער איז שוין מעהר נישט אָבהענגיג פון צופאַל, נאָר פון זיין אייגענעם ווילען.

דער ערפינדונגס-דראַנג פון אַן׳עדיסאָן איז אַ סאָציאַלער דראַנג, זיין ליעבע צו טעכניק איז אַ געזעלשאַפטליכע ליעבע, וואָס איז געשאַפען אין דער געזעלשאַפט און דורך דער געזעלשאַפט; אויך דער יסוד, אויף וועלכען ער אַרבייט, איז געזעלשאַפטליך; דאָס וואָס ער האָט ערפאָלג און וואָס ער קאָן זיך שטעלען זיין ציעל בעוואוסטזיניג, פאָראויס—האָט ער צו פערדאַנקען דער דאָזיגער געזעלשאַפט.

אַזוי קומט עס פאָר אַציינד גענוג אָפט, אַז עס ווערען ערפונדען נייע מאַשינען, אָבער זיי ווערען נישט איינגעפיהרט דערפאַר וואָס זיי זענען צו טייער. פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, צום ביישפּיל, זענען פאַרהאַן אויסגעצייכענטע מאַשינען, נאָר גרעסטענטיילס ווערען זיי נאָך גאָר נישט אָדער זעהר קנאַפּ בענוצט. פאַרוואָס? ווייל די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען נאָך צו בעגרענצט פאַר די דאָזיגע נייע קרעפטען. בכן זעהען מיר: אַז טאָמער קומט שוין אַרויס אַמאָל אַן׳ערפינדונג דורכדעם וואָס אַן׳איינצעלנער מענש דערשפּירט דאָס געזעלשאַפטליכע בעדערפניש אויפ׳ן גרונד פון דער שוין עקזיסטירענדער טעכניק—ווערען אָבער אָנגענומען בלויז יענע ערפינדונגען, וועלכע די געזעלשאַפט דאַרף פּראַקטיש האָבען און וועלכע זי קאָן אין איהרע בעשטימטע בעציהונגען איינפיהרען. אַלזאָ: סיי די ענטשטעהונג סיי די ענטוויקלונג פון דעם ווערקצייג האָט אַ געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. זייערע וואָרצלען דאַרף מען זוכען נישט אין׳ם גייסט פון׳ם יחיד, פון׳ם איינצעלנעם מענשען, נאָר אין דער געזעלשאַפט.

צום סוף לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיל פון דער צייט, ווען דער מענש האָט ערשט אָנגעהויבען צו מאַכען זיינע ערשטע ווערקצייג. מיר נעהמען דעם דאָזיגען ביישפּיל פון קאַוטסקי׳ס „עטיק און מאַטעריאַליסטישע בעגרייפונג פון דער געשיכטע”. דאָרטען לעזען מיר:

„קוים האָט דער פאָרצייטיגער מענש פערמאָגט אַ דובינע, איז ער שוין געווען אימשטאַנד צו געהן אויף יאַגד אויף גרעסערע חיות. אויב ביז דעמאָלט איז זיין נאַהרונג בעשטאַנען דער-עיקר פון אויבס און שרצים, פייגעל-אייער און יונגע פייגעלען, האָט ער שוין איצט געקאָנט אַנידערלעגען אויך גרעסערע חיות. פון איצט אָן איז דאָס פלייש געוואָרען וויכטיגער פאַר זיין שפּייזונג. אָבער דאָס רוב גרעסערע חיות האַלטען-זיך-אויף אויף דער ערד, נישט אויף די ביימער; די יאַגד האָט איהם אַלזאָ אַראָבגעצויגען פון דער לופטען (פון די ביימער) אויף דער ערד. נאָך מעהר: יענע חיות, וואָס אויך

זיי לויהנט זיך צום־מעהרסטען אויף יאַגד צו געהן, די מעלי-גרה, קאָן מען זעהר וועניג טרעפען אין דעם פאַרצייטיגען וואַלד; זיי האָבען מעהר ליעב צו האָדעווען־זיך אויף ברייטע פעלדער און פרעריעס. אַלזאָ, וואָס מעהר דער מענש איז געוואָרען יעגער, אַלץ ענדער האָט ער געקאָנט אַרויסגעהן פונ׳ם טראָפּישען פאַרצייטיגען וואַלד, אין וועלכען דער פאַרצייטיגער מענש איז געלעגען.

„די דאָזיגע שילדערונג, ווי געזאָגט, איז געבויט בלויז אויף השערות. עס קאָן זיין, אַז דער גאַנג פון דער ענטוויקלונג איז גאָר געווען פונקט דער היפך. פונקט אַזוי ווי ס׳איז מעגליך, אַז די ערפינדונג פונ׳ם וועדקצייג און געוועהר האָט געטריבען דעם מענשען, זיך־אַרויסצוקלויבען פון דעם וואַלד אין אַ פרייערען גראָז-פעלד מיט מעהר שיטערעביימער—פונקט אַזוי האָט אויך געקאָנט זיין, אַז די אורזאַכען, וועלכע האָבען פעריאָגט דעם פאַרצייטיגען מענש פון זיין פאַרצייטיגען מקום-מנוחה, אַז זיי זענען גאָר ערשט געווען דער גורם צו דער ערפינדונג פון געוועהר און וועדקצייג. לאָמיר אָננעהמען צום ביישפּיל, אַז די מאַסע מענשען איז געוואָרען גרעסער, ווי דאָס אָרט וואו זיי האָבען זיך געשפּייזט האָט געקאָנט אויסהאַלטען... אָבער דער קלימאַט איז כסדר טרוקענער געוואָרען און די פאַרצייטיגע וועלדער זע-נען דערום געוואָרען שיטער׳ער און אין זיי האָט זיך בעוויזען אַלץ מעהר פעלד בעוואַקסען מיט גראָז. אין די דאָזיגע אַלע פאַלען איז דער פאַרצייטיגער מענש געצוואונגען געוואָרען, זיך־אָבצוזאָגען פון זיין לעבען אויפ׳ן בוים און זיך מעהר צו בעוועגען אויף דער ערד; ער האָט דערום געמוזט אָנהויבען זוכען אַלץ מעהר חיות פאַר זיין שפּייזונג און האָט שוין נישט געקאָנט זיך-שפּיי-זען אַזויפיל ווי ביזאַהער מיט פרוכטען פון די ביימער. דער נייער אַרט לעבען האָט איהם געפיהרט דערצו, אַז ער זאָל אַלץ אָפטער בענוצען שטיי-נער און שטעקענס, און אַזוי-אַרום איז ער געקומען נעהנטער צום ערפינדען די ערשטע וועדקצייג און געוועהר.

אָבער וואָס פאַר אַן ענטוויקלונגס-פּראָצעס מען זאָל זיך נישט פאָרשטעלען, דעם ערשטען אָדער דעם צווייטען—און מעגליך איז, אַז די ביידע פּראָצע-סען זענען פאָרגעקומען אין פערשידענע פונקטען אונאָבהענגיג איינער פונ׳ם אַנדערען,—פון יעדען איינעם זעהט-זיך דייטליך אַרויס, וואָס פאַר אַן ענגע געגענזייטיגע ווירקונג עס איז פאַרהאַן צווישען נייע פּראָדוקציאָנס-מיטלען און נייע לעבענס-אַרטען. יעדער איינער פון די דאָזיגע פאַקטאָרען שאַפט פון זיך אַרויס מיט אַ נאַטור-נויטוועגדיגקייט דעם צווייטען, יעדער איינער ווערט על פי נויטווענדיגקייט די אורזאַך פון פערענדערונגען, וועלכע טראָגען-אויס ווידער פון זייער זייט נייע פערענדערונגען. אַזוי-אַרום שאַפט יעדע ערפינדונג אויף אַן׳אונפערמיידליכען אופן אַזעלכע וויר-קונגען, וועלכע גיבען דעם שטויס צו אַנדערע ערפינדונ-גען און ממילא אויך צו נייע בעדערפנישען און לעבענס-

אַרטען; די לעצטע ווידער רופען-אַרויס נייע ערפינדינגען א. אַז. וו.—אַ קייט פון אונענדליכער ענטוויקלונג, וואָס ווערט אויף אַזויפיל פיעלאַרטיגער און גיכער, וואָס ווייטער זי פראָגרעסירט און וואָס מעהר עס וואַקסט דערמיט די מעגליכקייט און לייכטקייט פון נייע ערפינדונגען".

קאַוטסקי דערצעהלט דאַן ווייטער, ווי אַזוי דער מענש, נאָכדעם ווי ער איז שוין איינמאָל אַריינגעפאַלען אויף דאָס פרייע מיט גראָז בעוואַקסענע פעלד, איז געקומען צו דער ערד-אַרבייט, צום בויען וואוינונגען, צום בענוצען פייער און צו דער פיהצוכט און ווי אַזוי עס זענען לויט דעם געענדערט געוואָרען דאָס גאַנצע לעבען פונ׳ם מענש, זיינע בעדערפנישען, זיינע וואוינערטער, זיינע מיטלען צו דערהאַלטען די עקזיסטענץ זיינע, און ווי אַזוי „די איינע ערפינדונג האָט ענדליך נאָכגעצויגען נאָך זיך אַסך אַנדערע, קוים איז זי נור איינמאָל געמאַכט געוואָרען, קוים איז נור איינמאָל געלונגען צושאַפען אַדובינע אָדער אַהאַק.

בעמערקונג.

די ערפינדונג פון דער נייער טעכניק (אויף וואָס עס שטעהט, אַזוי ווי מיר האָבען געזעהן, די וויסענשאַפט) קומט אַלזאָ פאָר דורך דעם געזעלשאַפטליכען דראַנג און דורך דאָס געזעלשאַפטליכע בעדערפניש, וואָס ווירקט אין דעם איינצעלנעם מענשען; און זי געלינגט פולשטענדיג ערשט ווען דאָס בעדערפניש איז אַנ׳אַלגעמיין־געזעלשאַפטליכע. ביז דעמאָלט האָט פון דעסטוועגען דער גייסט פון ערפינדער מעהרסטענטיילס נישט געקאָנט פאָרויסזעהן די מעגליכע רעזולטאַטען פון דער ערפינדונג.

צי האָבען געזעהן די ערפינדער פון דער דאַמף-מאַשין, יאָ, צי זעהען אפילו איצט די ערפינדער פון דער ריעזיגער טעכניק אין אונזער צייט דעם קלאַסען-קאַמף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל, וואָס זייערע ערפינדונגען צעברויזען איהם וואָס ווייטער אַלץ מעכטיגער און פערשאַרפען איהם וואָס ווייטער אַלץ מעהר. צי זעהען זיי די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וועלכע מוז אַרויסקומען דורך זייער ערפינדונג. דער מענש, אפילו דער געניאַלסטער, איז ביז איצט געבליבען בלינד פאַר דעם ענטוויקלונגס-פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט. צו זיינע טהאַטען איז ער געצוואונגען געוואָרען דורך געזעלשאַפטליכע בעדערפנישען. אונטער דעם קאַפּיטאַליזם זענען איהם די דאָזיגע בעדערפנישען אפשר אפילו נישט-קלאָר, אָבער דאָך פון דעסטוועגען בעקאַנט געוועזען, נאָר ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין די בעפרידיגונג פון די בעדערפנישען וועט פיהרען די געזעלשאַפט. ער איז בעהערשט געוואָרען פון די געזעלשאַפטליכע קרעפטען. ער האָט געלעבט אין דער ממשלה פון דער נויטווענדיגקייט.

ערשט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען וועלען זיין אַ קאָלעקטיוו אייגענטום, ווען זיי וועלען ווערען אָנ-

געווענדט און בעהערשט בעוואוסטזיניג, ערשט דעמאָלט וועט דער מענש דערקענען נישט בלויז די געזעלשאַפטליכע קרעפטען און בעדערפנישען, וועלכע צווינגען איהם צו טהון דאָס וואָס ער טהוט, נאָר ער וועט דערקענען אויך דאָס ציעל, צו וועלכען זיינע טהאַטען פיהרען און די רעזולטאַטען, וועלכע קומען פון זיינע אויפטהוען אַרויס. יעדע פערבעסערונג פון דער טעכניק וועט האָבען אַלס רעזולטאַט אַ גרעסער גליק, מעהר פרייהייט פאַר גייסטיגע און קערפערליכע ענטוויקלונג. קיין שום נייע ערפינדונג וועט נישט אַרויסרופען אַזעלכע נישט-פאָרגעזעהענע צרות, צו וועלכע עס איז קיין תרופה נישטאָ, נאָר יעדע ערפינדונג וועט ברענגען דעם איינצעלנעם מענש די פרייהייט צו אַ מעהר פאָלקאָמער ענטוויקלונג און דערמיט וועט זי כסדר פערפאָלקאָמען די בעדינגונגען פאַר דאָס גליק פון אַלע מענשען.

פערשטעהט זיך, די פראָדוקטיוו-קרעפטען, די מאַטעריעלע פראָדוקציאָנס-בעציהונגען שטויסען אונז צום סאָציאַליזם, און אויך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט גופא וועלען מיר זיין אָבהענגיג פון די פראָדוקטיוו-קרעפטען, פון דעם סאָציאַליסטישען פראָדוקציאָנס-אופן. אויף אַזוי ווייט וועט שטענדיג דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען בעהערשען דעם גייסט, וועלען מיר קיינמאָל פריי נישט זיין. אָבער ווען מיר וועלען דאָס מעהר נישט איבערלעבען בלינד, פאַסיוו, ווען מיר וועלען מעהר נישט זיין געשלעפט דורך דער ווילד-צעלאָזטער בעוועגונג פון דער טעכניק, נאָר מיר וועלען פראָדוצירען בעוואוסטזיניג אַלס איין גאַנצער קיבוץ, ווען מיר וועלען פאָרויסזעהן די רעזולטאַטען פון אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט—דעמאָלט וועלען מיר זיין, אין פערגלייך מיט איצט, פריי, דעמאָלט וועלען מיר זיין אַריינגעקומען פון דער פינסטערער ממשלה פונ'ם בלינדען גורל אין דאָס העדליכע ליכט פון דער פרייהייט. די אַבסאָלוטע פרייהייט וועלען מיר אויך דעמאָלט נישט האָבען—דאָס געפינט זיך נור אינ'ם מוח פון די אַנאַרכיסטען און פון די מיסטישע קלעריקאַלען; מיר זענען געבונדען אָן די עקזיסטירענדע פראָדוקציאָנס-קרעפטען. נאָר מיר קענען זיי פון דעסטוועגען אָנווענדען לויט אונזער געמיינזאַמען ווילען, פאַר אונזער געמיינזאַמער טובה וועגען. און דאָס איז אַלץ, וואָס מיר פערלאַנגען.

## צווייטע בעמערקונג.

עס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז אַ וויסענשאַפט, ווען זי איז שוין איינמאָל געשאַפען דורך אַ געוויסע געזעלשאַפטליכע בעדערפניש, קאָן זי אויף אַ בעשטימטען שטאַפעל פון איהר ענטוויקלונג ווייטער זיך ענטוויקלען זעלבשטענדיג, אָהן אַ דירעקטען צוזאַמענהאַנג מיט דער געזעלשאַפטליכער בעדערפניש. צום ביישפיל: הגם די אַסטראָנאָמיע איז לכתחילה אַרויסגעקומען פון אַ געזעלשאַפטליכער נויטווענדיגקייט, האָט זי זיך אַצינד ענטוויקעלט אויך אויסערהאַלב פונ'ם דירעקטען צוזאַמענהאַנג מיט די בעדערפנישען פונ'ם

געזעלשאַפטליכען לעבען. דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דער זעלבשטענדיג געוואָרענער וויסענשאַפט, דער טעכניק און דער בעדערפניש קאָן מען פון דעסטוועגען שטענדיג געפינען, ווען מען בלייבט נור נישט ביי די אויסערליכע צווייגען אָדער בלומען, נאָר ווען מען זוכט די וואָרצלען פון דער וויסענשאַפט.

## ג. דאָס רעכט.

דאָס „רעכט" האָט צו טהון מיט די ענינים פון מיינס און דיינס (שלי און שלך). דאָס רעכט איז די אַלגעמיינע בעגרייפונג אין דער געזעלשאַפט וועגען דעם וואָס עס דאַרף געהערען צו מיר, צו דיר און צו אַנ'אַנדערען. ווילאַנג די פּראָדוקטיוו-קרעפטען און די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען פעסט, אַזוי לאַנג שטעהען אויך פעסט די דאָזיגע בעגריפען וועגען אייגענטום. אָבער דעמאָלט ווען יענע הייבען-אָן זיך צו וואַקלען, וואַקלען זיך אויך די. און דאָס איז נישט קיין חידוש. וואָרום פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען זענען דאָך איינצייטיג אויך אייגענטום-בעציהונגען, אַזוי ווי מיר האָבען שוין אויבען קלאָר אויפגעוויזען.

לאָמיר נעהמען פון אונזער אייגענער צייט עטליכע ביישפּילען פאַר די דאָזיגע ענדערונגען, ביישפּילען וואָס זענען יעדען איינעם בעקאַנט.

עס איז נאָך גאָר נישט אַזוי לאַנג פון דער צייט, ווען אין אַזאַ גרויסער שטאָט, ווי אַמשטערדאַם צום ביישפּיל, האָט ביי אַלעמען געהערשט די מיינונג, אַז די צושטעלונג פון בעלייכטונג און וואַסער און די זאָרג פאַר דער פּאַסאַזשירען-קאָמוניקאַציע איז אַ זאַך, פון וועלכער פּריוואַטע מענשען דאַרפען פאַרדינען געלד; גאַז-אַנשטאַלטען, וואַסער-לייטונגען און טראַמוואַיען דאַרפען זיין דאָס אייגענטום פון פּריוואַטע מענשען. איצט האָט זיך עס געענדערט. איצט איז שוין גענוג פאַרשפּרייט דער בעגריף, אַז די דאָזיגע און נאָך אַנדערע פּרנסות דאַרפען זיין אַ קהל'יש-אייגענטום, אַ געמיינדע-אייגענטום. דאָס איז אַ גרויסע איבערקעהרעניש אין דער בעגרייפונג פונ'ם „רעכט", אין דער ממשלה פונ'ם גייסט, וועלכער האָט אַ מיינונג, אַנ'איבערצייגונג אָדער אַ פאָראורטייל איבער מיינס און דיינס (שלי און שלך)... פון וואַנען נעהמט-זיך די דאָזיגע ענדערונג?

עס איז גאָר נישט שווער צו ערקלערען, אַז זי נעהמט-זיך דירעקט פון אַנ'ענדערונג אין די פּראָדוקטיוו-קרעפטען.

געשעהן איז עס אַזוי.

ווען האָלאַנד איז אַרונטערגעפאַלען אונטער'ן איינפלוס פון דער גרויס-אינדוסטריע און פונ'ם וועלט-האַנדעל, האָט זיך די לאַגע פונ'ם מיטעלשטאַנד און פונ'ם אַרבייטער-קלאַס פאַרערגערט. נאָך דעם יאָהר 1870 איז די לאַגע נאָך ערגער געוואָרען. האָבען די דאָזיגע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג אָנגעהויבען קלאָהרען וועגען מיטלען, ווי אַזוי צו העלפען זיך געגען דער נויט.

און דורכדעם איז געשאַפען געוואָרען אַ פּאַרטיי פון מיטעלשטאַנד, צו וועלכער די אַרבייטער זענען צוגעשטאַנען. און גלייך ווי זיי האָבען געהאַט די מאַכט דערצו, האָבען זיי איינגעפיהרט די געמיינדע-פּראָדוקציע, כדי זיי זאָלען מעהר נישט דאַרפען בעריסען ווערען דורך די פּריוואַטע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען עקספּלואַטירט די גאַז-אַנשטאַלט, די וואַסער-לייטונג און דעם טראַמוואַי.

אַלזאָ, די נייע עקאָנאָמישע בעציהונג צווישען דעם גרויס-קאַפּיטאַל פון איין זייט און דער קליינער פאַבריקאַציע און האַנדווערקערייען פון דער אַנדער זייט, וועלכע איז אין תוך גענומען די בעציהונג צווישען דער גרויסער מאַשין און דעם קליינעם ווערקצייג, האָט פאַר איין טייל פון דער געזעלשאַפט, פאַר עטליכע קלאַסען, געשאַפען אַ נייע נויטווענדיגקייט. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ בעדערפניש אויף נייע אייגענטום-בעציהונגען, דורך וועלכע די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען זאָלען ווירקען נישט אַזוי האַרב. און די ליידענדע קלאַסען איז געלונגען אַריינצובעקומען אין זייערע הענד די מאַכט און זיי האָבען די נייע אייגענטום-בעציהונגען איינגעפיהרט.

פערהעלטניסמעסיג איז עס אַ גאַנץ קנאַפער ביישפּיל. דען הגם די געמיינדע-פּראָדוקציע (אָדער אויך מלוכה-פּראָדוקציע) איז אַ גאַנץ אַנדער אייגענטום-פאָרם ווי די פּריוואַט-פּראָדוקציע פון איינעם אָדער עטליכע קאַפּיטאַליסטען, הייס אָבער יעדער איינער, אַז די איצטיגע געמיינדע אָדער מלוכה זענען קאַפּיטאַליסטיש און אַז פאַר'ן קליינעם מענשעלע זענען די מעלות פון דער געמיינדע-פּראָדוקציע אָדער מלוכה-אייגענטום נישט אַזוי גוואַלטיג. אפשר ווערען מעהר די קליינע מענשעלעך נישט אַזוי אונפערשעמט בעריסען ווי דורך די קאָנצעסיאָנערען, אָבער געצופּט, געפליקט, געשוירען ווערען זיי סיי פון דער מלוכה סיי פון דער געמיינדע.

דערפאַר וועט זיין גרעסער און בעסער דער ביישפּיל פון אונזער אייגענער בעוועגונג.

וואָס זעהען מיר אין אונזער בעוועגונג?

מיר זעהען, אַז דער סאָציאַליזם וויל מאַכען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען פאַר אַ געמיינזאַם אייגענטום. עס זענען שוין פאַרהאַן מיליאָנען סאָציאַליסטען, הגם מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר צוריק זענען נאָך כמעט קיין שום סאָציאַליסטען אויף דער וועלט נישט געווען. פרעגט זיך, ווי אַזוי האָט עס געקאָנט פאָרקומען אַזאַ גרויסע איבערקעהרעניש אין דעם דענקען, אינ'ם בעוואוסטזיין פון אַזוי פיעל מענשען? ווי אַזוי האָט זיך עס אַזוי געענדערט דער בעגריף וועגען דעם, וואָס עס איז רעכט?

דער ענטפער דערויף איז דאָ אַסך קלאָרער, איידער ביים ערשטען ביישפּיל.

די גרויס-אינדוסטריע האָט געשאַפען מיליאָנען פּראָלעטאַריער, וואָס וויבאַלד עס בלייבט עקזיסטירען דאָס פּריוואַט-אייגענטום אויף פּראָדוקציאָנס-

מיטלען, קאָנען זיי קיינמאָל נישט צוקומען צו אַ פערמעגען און צו וואוילטאָג. אָבער ווען דאָס פריוואַט-אייגענטום וועט ווערען פערוואַנדעלט אין אַ קאָלעקטיוו אייגענטום, דעמאָלט שטעהט פאַר זיי דער וועג צו וואוילטאָג אָפען. דעריבער זענען זיי געוואָרען סאָציאַליסטען.

חוץ דעם האָבען קריזיסען און איבער-פראָדוקציע און אין דער לעצטער צייט די טרעסטען מיט זייער קאָנקורענץ וואָס שלינגט אַלץ איין און מיט זייער איינהאַמעווען די אינדוסטריע—אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס נעהמען־זיך דירעקט פון דעם היינטיגען פריוואַט-אייגענטום אויף פראָדוקציאָנס-מיטלען—געווירקט אויף דעם מיטעלשטאַנד אַזוי סכנות׳דיג, אַז אויך אין יענע קרייזען בעטראַכטען שוין אַסך מענשען דאָס קאָלעקטיווע אייגענטום אַלס די איינציגע ישועה צו דער צרה און זיי ווערען סאָציאַליסטען.

אינ׳ם סאָציאַליזם ליעגט קלאָר אויף דער האַנד דער דירעקטער צוזאַמענהאַנג צווישען דער ענדערונג אין די פראָדוקטיוו־קרעפטען און פראָדוקציאָנס-בעציהונגען און דער ענדערונג אינ׳ם דענקען.

צי האָט עס גאָט דעם סאָציאַליזם אונז אין קאָפּ אַריינגעגעבען? איז עס אפשר אַ מיסטישער פונק, אַ הייליגער גייסט? אַ ליכט, וואָס גאָט האָט אונז געוויזען?

איז עס אפשר אונזער אייגענער „פרייער גייסט“, וועלכער האָט געשאַפען די דאָזיגע הערליכע אידעע פון זיך אַרויס, פון זיין אייגענעם הוד שבהדר צי גדולה שבתפארת? איז עס אפשר אונזער אויסערגעוועהנליך דערהויבענער געפיהל פון מוסר, זיטליכקייט, מאָראַל, אַ געהיימניספולע קראַפט אין אונז, קאַנט׳ס קאַטעגאָרישער אימפעראַטיוו?

אָדער אפשר האָט דאָס גאָר דער שטן, דער יצר-הרע, אַריינגעגעבען אין אונז די תאווה נאָך אַ קאָלעקטיוו אייגענטום? דער שטן, וואָס האָט נור דאָס איינציגע ציעל צו פעריאָגען אונז פון דער הייליגער תורה, אין וועלכער עס שטעהט: כי לא יחדל אביון מקרב הארץ; דער שטן, וואָס רעדט-איין אָבצושאַפען דעם סדר-העולם, וואו דער נגיד האָט די מעגליכקייט צו געבען צדקה דעם אָרימאַן און טהון אַזוי-אַרום מצוות, בזכות פון וועלכע עס שטעהט די וועלט?

ניין, קיין איינע נישט פון די אַלע סיבות. נאָר די נויט איז עס, די געזעלשאַפטליכע נויט.

די דאָזיגע נויט נעהמט-זיך דערפון, וואָס די נייע פראָדוקטיוו-קרעפטען, וועלכע ליעגען צונויפגעפרעסט אין דעם אויסגעוואַקסענעם העמדעל פון די אַלטע אייגענטום-בעציהונגען פון דער פריהערדיגער קליין-פראָדוקציע, ווירקען ווי אַ חורבן אין די קרייזען פון די אַרבייטער און קליינבירגער. די פערענטפערונג דורך דעם סאָציאַליזם קומט שוין פון זיך אַליין; ווייל יעדער אַרבייטער און אַ היבש ביסעל קליינבירגער קאָנען פיהלען און פערשטעהן, אַז דער דאָזיגער חורבן וועט אויפהערען, ווען מיר וועלען אַלע

צוזאַמען זיין די בעל-הבתים איבער די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. **די אַרבייט** איז דאָך שוין סיי-ווי **געמיינזאַם, קאָלעקטיוו**. די פּערענטפערונג פון די שווערינקייטען דורך דעם וואָס מען וועט שאַפען אַ געמיינזאַם אייגענטום (אויף די מיטלען פון דער אַרבייט)—ליעגט אַלזאָ פּשוט אויף דער האַנד.

און זאָל מען נישט זאָגען, אַז אויך אין די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען האָט מען דאָך שוין געקלעהרט וועגען סאָציאַליזם, און אַז דער סאָציאַליזם קאָן אַלזאָ נישט זיין אַ פּועל-יוצא פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען וואָס הערשען אַצינד, אַז דער פּרינציפּ פון דער גלייכהייט פון אַלע מענשען איז אַן׳אייביגער אידעאַל, וועלכער האָט געשוועבט אין אַלע צייטען פאַר דעם גייסטיגען בליק פון די מענשען.

זאָל מען נישט זאָגען אַזוי; דען דער סאָציאַליזם, וועגען וועלכען עס האָבען געקלעהרט צום ביישפּיל די איסיים אין ארץ-ישראל פאַר׳ן חורבן בית שני, אָדער די ערשטע קריסטען—איז געווען אַזוי פערשידען פון׳ם סאָציאַליזם, וועלכען עס וויל איצט דער אַרבייטער-קלאַס, פּונקט אַזוי ווי די פּראָדוקטיוו-קרעפטען און די קלאַסען-בעציהונגען פון יענע צייטען זענען פערשידען פון די היינטיגע. די אַמאָליגע קאָמוניסטען האָבען געוואָלט האָבען אַ געמיינזאַמען קאָנסום (פערברויך,) זיי האָבען געוואָלט, אַז די רייכע זאָלען נעהמען זייער איבערפלוס, זייער שפע אין **געברויכס-מיטלען** (נישט אין פּראָדוקציאָנס-מיטלען), וואָס זיי האָבען נישט וואו אַהינצוטהון, און זאָלען זיך טיילען מיט די אָרימעלייט, מיט די עניים און אביונים. נישט די ערד און די אַרבייטס-מיטלען זאָל מען האָבען געמיינזאַם, קאָלעקטיוו, נאָר די **פּראָדוקטען**. אין תוך גענומען איז דאָס אַלזאָ געווען אַ בעטלער-סאָציאַליזם: דורך דער גוטהערציגקייט פון די נגידים האָבען די אָרימעלייט צוזאַמען מיט די רייכע געזאָלט איינטיילען צווישען זיך די פּראָדוקטען.

אַזוי האָט אויך קריסטוס קיינמאָל נישט געפּרעדיגט עפּעס אַנדערש, ווי אַז די רייכע זאָלען זייער רייכטום **אָבטרעטען**. די רייכע זאָלען ליעבען די אָרימעלייט אַלס **ברידער** און פערקעהרט.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַגעגען לערנט, אַז די נישט-אייגענטימער זאָלען די אייגענטימער **בעקעמפען** און זאָלען ביי זיי **אַוועקנעהמען** דורך דער פּאָליטישער מאַכט די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. זי וויל נישט זיין קיין שותּפ׳טע צו די **פּראָדוקטען**—אדרבה: דאָס וואָס יעדער איינער בעקומט אין פּראָדוקטען, אין געברויכס-אַרטיקלען, דאָס איז זיין אייגענס: מיט דעם דאַרף ער זיך נישט איינטיילען מיט קיינעם. דערפאַר וויל זי אָבער זיין אַ גלייכע בעל-הבית׳טע מיט זיי איבער די **פּראָדוקציאָנס-מיטלען**.

די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען אין די צייטען פון די איסיים און פון די ערשטע קריסטען מיט קנאַפּע צוויי טויזענד יאָהר צוריק, האָבען נישט געקאָנט אַרויסרופען אונזער איצטיגע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אידעע, פּונקט

אַזוי ווי די פּראָדוקטיוו-קרעפטען פון אונזער צייט קאָנען נישט ברענגען דעם אַרבייטער-קלאַס אין אייראָפּא צו שטרעבען נאָך דעם פּאַרצייטיש־קריסטליכען אידעאַל. דעמאָלט ווען די פּראָדוקטיוו-קרעפטען זענען נאָך געווען אַזוי קליין, אַזוי צעבראָקעלט און צעוואָרפען, אַז אַ גרויסע געמיינשאַפט האָט זיי נישט געקאָנט בעהערשען, איז די פילאַנטראָפּיע געווען די איינציגע, הגם אויך גע־נוג נישטיגע פערענטפערונג פונ׳ם עלענד, אַ פערענטפערונג וואָס איז אפילו אויף אַ טויזענדס-חלק נישט גענוג; אָבער אין אַ צייט, ווען די אַרבייט ווערט אַלץ מעהר געזעלשאַפטליך, איז דאָס געזעלשאַפטליכע אייגענטום דאָס איינצי-גע מיטעל געגען דעם עלענד און דערצו נאָך אַ מיטעל, וואָס איז פולשטענ-דיג גענוג.

און נאָך אַנ׳אַנדער בעדייטענדען ביישפּיל האָבען מיר אינ׳ם קרימי-נאַל-רעכט. אויך דאָ איז פאָרגעקומען אַנ׳איבערקעהרעניש אין די מוהות פון פיעל מענשען: סאָציאַליסטישע אַרבייטער גלויבען נישט מעהר אין דער פּער-זענליכער שולדיגקייט פון דעם פערברעכער. זיי גלויבען, אַז די אורזאַכען פונ׳ם פערברעך זענען געזעלשאַפטליך און נישט פּערזענליך.

ווי אַזוי זענען זיי געקומען צו די דאָזיגע נייע געדאַנקען, צו וועל־כע עס האָבען זיך נישט געקאָנט אַרויפאַרבייטען אפילו די גרעסטע חוקרים פון דעם מוסר־היהדות, צו וועלכע עס איז נישט געקומען סיי דאָס קלעריקאַלע סיי דאָס ליבעראַלע קריסטענטום?

זיי זענען געקומען דערצו דורך דעם קאַמף געגען קאַפּיטאַליזם, וועל-כער האָט זיין יסוד, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, אינ׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. די סאָציאַליסטישע שריפטשטעלער זענען דורך זייער קריטיק פון דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג געצוואונגען געוואָרען נאָכ-צושפּירען די אורזאַכען פונ׳ם פערברעך און זיי האָבען געפונען, אַז די דאָזי־גע אורזאַכען ליעגען אין דער געזעלשאַפט. דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, דער קלאַסען-קאַמף האָט זיי גענויטיגט צו קומען צו דער דאָזיגער השגה.

דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין דרינגט-אַריין ביסלעכווייז אין די קעפּ פון די סאָציאַליסטיש געלערנטע אַרבייטער.

אין די ראַהמען פונ׳ם דאָזיגען ביכעל קאָנען מיר נישט טיעפער צע-גלידערן די דאָזיגע פראַגע; אָבער זי בעוויוזט אונז אויפ׳ס ניי, וואָס פאַר אַנ׳איבערקעהרעניש עס קומט-פאָר אינ׳ם דענקען צוליב די פערענדערטע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. דען וואָס פאַר אַ גוואַלטיגער אונטערשייד! אָט דאָ-נישט-לאַנג האָט נאָך יעדער איינער געגלויבט אין זינדיגקייט, יצר הרע, פּערזענליכע שולדיגקייט, פרייען ווילען, אין נקמה פון גאָט און מענשען, אין שטראָף—אַצינד זעהען-איין די סאָציאַליסטען (אָבער טאַקי בלויז זיי אַליין), אַז ווען „דער אַנטי-סאָציאַלער מקום-פּורעניות פונ׳ם פערברעך, די קאַפּיטאַ-ליסטישע געזעלשאַפט, וועט זיין פערניכטעט, און יעדען איינעם וועט געגע-

בען זיין דער געזעלשאַפטליכער פלאַץ פאַר זיין וועזענטליכער לעבענס-טעטיגקייט״—דעמאָלט וועט דער סאָציאַלער פערברעך פערשווינדען.

## בעמערקונג.

און דאָ, ביים אַרומרעדען די דאָזיגע ביישפּילען פון די ענדערונגען אינ׳ם דענקען וועגען רעכט און אייגענטום, זעהען מיר איצט צום ערשטען מאָל זעהר קלאָר אַנ׳ענטוויקלונגס-געזעץ פונ׳ם מענשליכען דענקען, אויף וועלכען מיר האָבען נאָך ביז איצט נישט געקאָנט שאַרף אויפמערקזאַם מאַכען.

דאָס האָבען מיר שוין געזעהן גענוג, אַז די פּראָדוקטיוו-קרעפטען זענען די טרייב־פעדער, די אורזאַך דערפון וואָס אינ׳ם דענקען קומט-פאָר אַנ׳ענטוויקלונג. אַצינד ווידער זעהען מיר, ווי אַזוי די ענטוויקלונג קומט-פאָר. נעמליך: די ענטוויקלונג אינ׳ם דענקען קומט-פאָר אין קאַמף, אינ׳ם קלאַסען-קאַמף.

דאָס קאָנען מיר זעהר קלאָר מאַכען מיט די איניגע ביישפּילען, וועלכע מיר האָבען אויבען געבראַכט, פון דער געמיינדע-פּראָדוקציע און פון די סאָציאַליסטישע בעגריפען איבער אייגענטום און רעכט.

די גרויס-אינדוסטריע האָט אונגעהייער שווער געמאַכט די לאַגע פון די קליינבירגער און אַרבייטער. וואָס מעהר די גרויס-אינדוסטריע איז געוואַקסען, אַלץ שווערער איז געוואָרען צו דערטראָגען די גאַז- און וואַסער-לייטונגס-מאָנאָפּאָלען, וועלכע מען האָט נאָך ביז-אַהער פּערליטען. די אַרבייטער און קליינבירגער האָבען געזעהן אין די מאָנאָפּאָליסטען זייערע שונאים, און עס איז פאַר זיי געוואָרען אַ לעבענס-בעדערפניש, פּטור צו ווערען פון די דאָזיגע מאָנאָפּאָליסטען. און ביי זיי אין די קעפּ איז געשאַפען געוואָרען דער געדאַנק: עס איז אַנ׳אונרעכט דאָס, וואָס די דאָזיגע מענשען טהוען; רעכט, אַהעכערעס רעכט איז, אַז די דאָזיגע פּראָדוקציאָנס-צווייגען זאָלען געהערען צום כלל, צו דער געמיינדע. מיר, די אַרבייטענדע קלאַסען, מוזען בעקעמפען די דאָזיגע פּאַראַזיטען. דאַגעגען די פּאַראַזיטען האָבען געקלעהרט: אונזער רעכט איז צו זיין בעל-הבתים איבער די דאָזיגע פאַבריקען; מיר אַלס קלאַס וועלען פערלירען אונזער גאַנצען ריווח, ווען מען וועט צונעהמען ביי אונז איינע נאָך דער אַנדערער די פאַבריקאַציעס, פון וועלכע מיר האָבען הכנסות. מיר מוזען בעקעמפען די אַרבייטענדע קלאַסען.

די נייע בעגריפען וועגען רעכט האָבען זיך אַלזאָ ענטוויקעלט אין קאַמף. די ענטוויקלונג פון די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען האָט געבראַכט דעם נייעם קלאַסען-קאַמף און דער דאָזיגער קאַמף האָט פערשפּרייט דאָס נייע בעוואוסט-זיין וועגען רעכט.

און דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער פיהלט, אַז דורך דער גרויס-אינדוס-

סטריע געהט ער גייסטיג, מאָראַליש און קערפּערליך צו-גרונד, האָט דערקענט די קאַפּיטאַליסטען אַלס זיינע פיינד. תחילת האָט ער געקלעהרט: מיר, די אַרבייטער פון דער דאָזיגער פאַבריק, ווערען עקספּלואַטירט, בעראַבעוועט, מיר געהען צו־גרונד, אונזער קאַפּיטאַליסט איז אונזער שונא; עס איז אַנ׳אונ-רעכט, וואָס ער זאָל האָבען דעם גאַנצען ריווח און מיר גאָרנישט. מיר מוזען איהם בעקעמפען. און דערנאָך האָט דאָס אייגענע געקלעהרט דער פּראָלעטאַריאַט אין איין שטאָט, אין די איינצעלנע בראַנזשעס. און דערנאָך—דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט פון אַ גאַנץ לאַנד און פון דער גאַנ-צער וועלט. אַלע האָבען שוין געקלעהרט: מיר, אַלס קלאַס, מוזען בעקעמפען דעם קאַפּיטאַליסטען-קלאַס. עס איז ריכטיג, אַז אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען זאָלען אַריינקומען אין אונזערע הענד. לאָמיר קעמפען פאַר אונזער רעכט.

אָבער די קאַפּיטאַליסטען האָבען געקלעהרט, תחילת אויך יעדערער בעזונדער, דערנאָך צוזאַמען, אָרגאַניזירט און אַלס מלוכה דווקא דעם היפך. ריכטיג איז, אַז מיר זאָלען בלייבען ביי דעם, וואָס איז אונזער אייגענ-טום. לאָמיר צעשמעטערן די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. לאָמיר צוזאַמען אַלס קלאַס קעמפען פאַר אונזער רעכט.

און וואָס מעהר די טעכניק האָט זיך ענטוויקעלט, וואָס מעהר זי האָט כסדר פערגרעסערט די פּראָדוקטיוו-קרעפטען און די רייכטימער אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען און טיעפער, ברייטער און אונדערטרעגליכער געמאַכט דאָס עלענד פונ׳ם כסדר וואַקסענדען פּראָלעטאַריאַט, אַלץ שטאַרקער איז גע-וואַקסען דאָס בעדערפניש פון די פערמעגליכע צו דערהאַלטען פאַר זיך זייער גרעסערען רייכטום און אַלץ שטאַרקער איז אויך געוואַקסען דאָס בע-דערפניש פון די נישט-פערמעגליכע צו בעקומען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין זייער מאַכט. און אין דערזעלבער מאָס איז אויך געוואַקסען דער קאַמף פון דיביידע קלאַסען און דערמיט אויך דער כוח פון זייער דאָזיגער אידעע וועגען רעכט און אונרעכט.

אָן דעם דאָזיגען ביישפּיל זעהט מען אַלזאָ זעהר קלאָר, אַז די בע-גריפען וועגען רעכט און אונרעכט ענטוויקלען זיך אינ׳ם קלאַסען-קאַמף און דורך דעם קלאַסען-קאַמף און אַז איין קלאַס קאָן בּיסלעכווייז אָנהויבען צו האַלטען פאַר אונרעכט דאָס, וואָס ער האָט פריהער געהאַלטען פאַר ריכטיג, און וואָס מעהר עס שטייגט דער קלאַסען-אינטערעס, אַלץ ליידענשאַפטליכער פיהלט ער די אָדער יענע זאַך אַלס רעכט אָדער אונרעכט.

דער מאַטעריעלער קאַמף צוליב די פּראָדוקציאָנס-מיטלען איז אַל-זאָ איינצייטיג אויך אַ גייסטיגער קאַמף וועגען רעכט און אונרעכט. דער אַנדערער קאַמף איז די גייסטיגע אָבשפּיגלונג פונ׳ם ערשטען.

צווייטע בעמערקונג.

אייגענטליך איז דאָ נישט נויטיג אויפצווייזען, אַז אינ'ם דאָזיגען גייסטיגען און מאַטעריעלען קאַמף זיעגט סוף־כל־סוף יענער קלאַס, וואָס די ענטוויקלונג פון דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס מאַכט איהם פאַר דעם מעכטיגסטען, פאַר דעם בעזיצער פון דער גרעסטער גייסטיגער קראַפט און אמת; יענער קלאַס, וואָס צוליב די בעדערפנישען, וועלכע נעהמען־זיך פון זיין לאַגע, איז איהם בעשערט צו פערענטפערן די ווידערשפּרוכען צווישען די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען און די אַלטע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. צום סוף פון אונזער־ע אויספיהרונגען וועלען מיר נאָך קומען דערצו. דאָ האָבען מיר אַריינצושטעלען אַנ׳אַנדער בעמערקונג, וועלכע דאַרף אָבוואַרפען אַ טענה פון אונזערע געגנער.

די טענה איז אַזאַ:

פאַרהאַן מענשען, וואָס געהערען צו די פערמעגליכע קלאַסען, וועלכע לויפען-אַריבער צו די נישט פערמעגליכע. פרעגט זיך, צי איז עס נישט אַ בעוויז, אַז נישט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען ענטשיידעט איבער דעם שכל, איבער דאָס דענקען, נאָר אפשר ענטשיידעט גאָר עפּעס הויכעס גייסטיגעס, עפּעס מיסטעריעז עטישעס איבער אונזערע געזעלשאַפטליכע האַנדלונגען?

דער תירוץ דערויף איז אַזוי:

אַג׳איבערלויפער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען לאַגער אין דעם פּראָלעטאַרישען קאָן עס טהון צוליב צווייערליי גרונדען—און אַמאָל קאָנען גאָר דיביידע גרונדען ווירקען צוזאַמען. ערשטענס קאָן זיין, אַז ער האָט אפשר איינגעזעהן, אַז די צוקונפט געהערט צום פּראָלעטאַריאַט. אויב אַזוי, ווער קיינער נישט לייקענען, אַז דעם דאָזיגען שכל האָט איהם אַריינגעגעבען דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, די עקאָנאָמישע בעציהונגען, און אַז די טרייב־פעדער פון דער דאָזיגער טהאַט דאַרף מען זוכען נישט אין דער „פרייהייט” פונ׳ם גייסט, נאָר אינ׳ם געזעלשאַפטליכען לעבען. אָבער עס איז מעגליך אַ צווייטע סיבה, אַ געפיהל-אורזאַך: צום ביישפּיל, ווייל דער דאָזיגער מענש וויל זיך ליבערשט געפינען צווישען די שוואַכערע, איידער צווישען די אונטערדריקער. ביים אַרומרעדען די זיטליכקייט וועלען מיר אויפווייזען, אַז אויך אין דעם דאָזיגען פאַל ווערט ער בעשטימט דורך געפיהלען, וואָס זייער שורש ליעגט אין דעם נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישען לעבען, און נישט דורך עפּעס מיסטעריעזעס, איבערנאַטירליכעס אָדער אַבסאָלוט גייסטיגעס.

## ד. דיפּאָליטיק.

אויב די סאָציאַליסטישע בעגריפען איבער אייגענטום און פערברעכען גיבען אַלזאָ אַ קלאָר ביישפּיל, ווי אַזוי די פּראָדוקטיוו-קרעפטען בעאיינפלוסען דעם שכל, דאָס דענקען, ווי אַזוי עס קומט-אַרויס דער גייסטיגער קאַמף פון די קלאַסען און ווי אַזוי ער מוז קומען צו דער ענטשיידונג—געפינען

מיר נאָך אסך מעהר קלאָרע ביישפּילען אין דער פּ אָ ל י ט י ק.

און אויך דאָ מוזען מיר נעהמען אַלס ביישפּיל דאָס, וואָס די סאָציאַ-ליסטען דענקען, ווייל אין זייערע קעפּ ווירקען די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען צום שטאַרקסטען.

אויך ביי דעם גרויסען פאַבריקאַנט, דעם גרויסען באַנקיר אָדער סוחר א. אַז. וו. ווירקען די נייע פּראָדוקטיוו-קרעפטען זעהר שטאַרק אויפ'ן גייסט. ער קלעהרט וועגען גרויסע אונטערנעהמונגען, ריזיגע רווחים, שאַפונג פון קאַרטעלען, אויסלענדישע מערק און קאָלאָניעס, וועגען דער שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלען פלאָט און אַ מעכטיגער אַרמעע, כדי צו פערגרעסערן זיין איינ-פלוס, זיין רייכטום, זיין מאַכט. אָבער וואָס פאַר אַ שטאַרקער אונטערשייד עס זאָל נישט זיין א י ן ג ר אַ ד צווישען זיין דענקען מיט'ן דענקען פון די קאַפּיטאַליסטען און הערשענדע קלאַסען אין די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען, איז אָבער דער א ו פ ן, דער אַ ר ט פון זיין דענקען אַלעמאָל דער אייגענער.

די מוחות פונ'ם מיטעלשטאַנד דענקען אויך אַנדערש ווי פריהער. דאָס וואַקסען פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען האָט זיי פערשטויסען אין אַ געפעהרליכע זייט, פון וואַנען זיי קענען אַרונטערפאַלען אין די מחנות פון פּראָלעטאַריאַט. ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען דערפון, דורך קרעדיט, מלוכה-הילף, קאָאָפּעראַטי-ווען, וועגען דעם אַלעם קלעהרען זיי — גאַנץ אַנדערש ווי זייערע טאַטעס, ווי זייערע פריהערדיגע דורות האָבען געקלעהרט. אין די דאָזיגע מוחות זעהט-אויס אַצינד אַנדערש, ווי צום ביישפּיל אין 18-טען יאָהרהונדערט. פון דעסטוועגען דרעהט-זיך זייער שכל אין דער אַלטער ריכטונג: ריווח, ריווח, פּריוואַטער ריווח!

דער גייסט פונ'ם נישט-סאָציאַליסטישען אַרבייטער איז אויך פול מיט אַנ'אַנדער אינהאַלט, ווי צום ביישפּיל דער גייסט פון זיין קאָלעגע אין דער ערשטער העלפט פון 19-טען יאָהרהונדערט. העכערער לוין, קירצערע אַר-בייטס-צייט, מלוכה-הילף, אַ בעסער לעבען—דאָס טומעלט זיך איהם אין קאָפּ; דאָס רודערט זיך ווי אין אַ ביהנשטאָק, דאָס רוישט ווי אַ מיהל-ראָד אין די דאָ-זיגע נישט-סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס (אַזוי צום ביישפּיל די אַזוי-גערופע-נע קריסטליך-סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס אין מערב-אייראָפּא, וועלכע זענען דורכ-געדרונגען מיט'ן אַנטיסעמיטיזם). עס זשומט און ברומט, און שטענדיג קלינגט דאָסזעלבע וואָרט: אָרגאַניזאַציע, אַ בעסער לעבען. אָבער אויך די דאָזיגע מענשען געהען נאָך אין די אַלטע וועגען: זיי ווילען האָבען אַ גרעסערן נוצען פונ'ם קאַפּיטאַל, פונ'ם פּריוואַט-אייגענטום—אויפ'ן גרונד פונ'ם פּריוואַט-אייגענטום גופא.

ביי די סאָציאַליסטען דאַגעגען—דאָ לעבט שוין גאָר עפּעס אַנדערש, דאָ לעבט עפּעס גאַנץ נייעס, וואָס איז נאָך אין דער דאָזיגער פאָרם קיינ-מאָל אויף דער וועלט נישט געווען. שטעהענדיג אַליין אויפ'ן גרונד פונ'ם פּריוואַט-אייגענטום, ווילען זיי דאָס פּריוואַט-אייגענטום אָבשאַפען; לעבענדיג

אַליין אין דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה, ווילען זיי די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה אומוואַרפען. זייערע געדאַנקען, געבוירען און אויפגעהאָדעוועט אין דעם הייבעל פון קאַפּיטאַליזם, ווילען אָבוואַרפען דאָס דאָזיגע הייבעל. זייערע געדאַנקען אַליין ווילען אַנדערע געדאַנקען ווערען. דער אַרבייטער-קלאַס וויל פּערניכטען דעם שורש פון זיין אייגענער עקזיסטענץ, דעם קאַפּיטאַל און דאָס פּריוואַט-אייגענטום אויף פּראָדוקציאָנס-מיטלען. די דאָזיגע ווירקונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען איז דאָ גאָר אַנ׳אַנדערע ווי ביי די אַנדערע קלאַסען, פיעל גרעסער, פיעל טיעפער, פיעל ראַדיקאַלער; און דערום איז דאָס סאָציאַליסטישע דענקען דער בעסטער ביישפּיל פאַר דעם איינפלוס פון דער טעכניק אויפ׳ן גייסט.

אין דער פּאָליטיק ווייזט זיך אַסך קלאָרער אַרויס דער צוזאַמענהאַנג צווישען דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און דענקען אויך דערפאַר, וואָס די פּאָליטיק געהמט-אַריין אין זיך דאָס ווילען, דאָס בעגעהרען, דאָס שטרעבען, דאָס דענקען, דאָס טהון אין דער מלוכה, דאָס גאַנצע מאָדערנע מלוכה-לע-בען פון אַלע קלאַסען; דערפאַר וואָס דער בירגער פון דער מלוכה, וועל-כער פערמאָגט פּאָליטישע רעכט, מוז נאָכקלעהרען איבער דער גאַנצער גע-זעלשאַפט און איהרע טיילען און ווערט אלזאָ אין זיין גאַנצען גייסטיגען לע-בען בוכשטעבליך פערכאַפּט דורך דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

וועלכע פּאָליטישע פראַגע איז איצט די וויכטיגסטע, און קאָן אונז דערום דיענען צום בעסטען אַלס ביישפּיל?

דאָס איז די סאָציאַלע פראַגע, די פראַגע פונ׳ם קאַמף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל.

די דאָזיגע פראַגע איז ענטשטאַנען דורך דעם קאַפּיטאַל, דאָס הייסט אַלזאָ דורך דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען.

און לויט דעם אופן, ווי אַזוי די מענשען פערנעהמען אַ שטעלונג צו דער דאָזיגער פראַגע, קאָן מען צום בעסטען דעריקענען, ווי דאָס וואַקסען פון דער טעכניק צווינגט זיי צו בעקומען אַנדערע געדאַנקען אין קאָפּ.

ציי זענען געווען צום ביישפּיל מיט זעכציג יאָהר צוריק אַסך מענשען, וועלכע האָבען געקלעהרט איינצופיהרען אַ געזעצליכען אַרבייטס-טאָג פאַר די פּראָלעטאַריער, אָדער פרויען- און קינדער-שוץ, אָדער אַנ׳אונגליקס-פערזיכע-רונג? אַזעלכע מענשען זענען געווען נור איינצעלנע—און די וואָס האָבען שוין יאָ געקלעהרט דערפון, האָבען געהאַט ידיעות פון העכער ענטוויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועגען אַזאַ מין אַרבייטער-שוץ. און מיט הונדערט יאָהר צוריק האָט נאָך מן-הסתם קיינער נישט געקלעהרט וועגען דעם.

נאָר ווי אַזוי איז עס אַריינגעקומען אין קאָפּ דער דאָזיגער שענער געדאַנק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף געשיצט ווערען דורך דער געזעלשאַפט?

ס׳איז שווערליך צו זאָגען, אַז דער יושר, די מענשענליעבע האָבען עס אַרויפגעבראַכט אויפ׳ן דאָזיגען געדאַנק; ווייל נאָך איידער מען האָט אַנ-

געהויבען אַזוי „יושר׳דיג״ צו קלעהרען, זענען טויזענדער אַרביי-טער געשטאָרבען פון צו פיעל אַרבייטען, קראַנקהייטען, וועניג עסען און אונגליקען, טויזענדער טויזענדער האָבען אָבגעפינסטערט זייער עלטער אין עָלענד און נויט. און וועגען יושר האָט מען שוין דעמאָלט גאַנץ גוט גע-וואוסט. טויזענדער יאָהרען פלוידערט מען שוין וועגען יושר און מענשענ-ליעבע. און אויב מען האָט ביז אַהער נישט געקלעהרט וועגען מלוכה-הילף און אַצינד קלעהרט מען יאָ—מוז דאָ אַלזאָ ווירקען גאָר אַנ׳אַנדער סיבה.

און צו ענטדעקען די דאָזיגע סיבה איז נישט שווער. די מעשה איז פשוט. דעמאָלס האָט נאָך דער פּראָלעטאַריאַט נישט געהאַט קיין מאַכט און ער האָט נאָך אַלזאָ נישט געקאָנט צווינגען די פערמעגליכע קלאַסען צו קיין שום אַנדער זאַך, ווי סיידען צו פּריוואַטער וואוילטעטיגקייט און אַבי-סעל השגחה איבער אָרימע־לייט.

אָבער פאַרוואָס האָט נאָך דעמאָלט דער אַרבייטער נישט געהאַט קיין מאַכט? די סיבה דערפון איז געלעגען אין דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, וועל-כער האָט נאָך די אַרבייטער נישט געהאַט אָרגאַניזירט. זייער צאָהל איז אַפילו געווען גענוג גרויס, אָבער זיי זענען געווען צעוואָרפען אין קליי-נע אונטערנעהמונגען און צוליב דעם האָבען זיי געקאָנט ענטוויקלען אַ קנאַ-פּע קראַפט.

נאָר ווען דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס זענען זיי געצוואונגען געוואָרען צו אַרבייטען הונדערטער מענשען צוזאַמען אין וואַרשטאַטען און פאַבריקען, האָבען זיי אָנגעהויבען בעקומען דאָס בעוואוסטזיין וועגען זייער קראַפט און פונקט אַזוי ווי מען האָט זיי אָרגאַניזירט צו דער אַרבייט, האָ-בען זיי זיך אָנגעהויבען אָרגאַניזירען צום קאַמף. דער דאָזיגער קאַמף, וואָס איז אַרויסגעקומען פונ׳ם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, דאָס דאָזיגע אַרויסטרעטען, האָט געבראַכט די פערשידענע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט צו נייע גע-דאַנקען און האָט אַרויסגערופען אַנ׳איבערקעהרעניש אין זייער גייסט.

קודם-כל נאַטירליך אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואו דער נייער פּראָ-דוקציאָנס-פּראָצעס איז אַרויסגעטרעטען פריהער ווי ערגעץ אַנדערש. די דאָ-זיגע ביישפּילען געהען מיר דאָ פאַרביי; מיר ווילען בלויז אָנווייזען דערויף, אַז דאָרטען איז אונטער דער דראַנג פון די נייע צושטאַנדען ענטשטאַנען דער אוטאָפּישער סאָציאַליזם פון סען־סימאָן, פוריע און ראָבערט אָוען, און אַז פרידריך ענגעלס דורך זיין קענען די ענגלישע פּראָדוקציאָנס-צושטאַנדען און קאַרל מאַרקס דורך זיין שטודירען די פראַנצויזישע און ענגלישע פּאָלי-טיק זענען געקומען צו זייער דענקען, צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טעאָריע.

אָבער אויך אין דייטשלאַנד ווייזט זיך אַרויס דער אמת דערפון, וואָס מיר זאָגען וועגען דער פּאָליטיק.

פון דער רעוואָלוציע אין 1848 זענען די אַרבייטער אַרויסגעקומען מיט

לעדיגע הענד. דאָס פּרייסישע דריי-קלאַסען-וואַהלרעכט האָט זיי געלאָזט פּאָ-
ליטיש אָהן אַנ׳איינפלוס. קיין שום געזעץ האָט זיי נישט געשיצט געגען די
שלעכטע רעזולטאַטען פון דער שטייגענדער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

אָבער אין אָנהויב פון די זעכציגער יאָהרען האָבען די אַרבייטער זיך
אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען. צוריקגעשטויסען פון דער בורזשואַזיע, האָבען
זיי געגרינדעט אונטער לאַסאַל׳ס פיהרונג דעם „אַלגעמיינעם דייטשען אַרביי-
טער-פעראיין״, וועלכער האָט אָנגעהויבען פיהרען דעם קאַמף פאַר דאָס אַל-
געמיינע גלייכע וואַהלרעכט. דער הערשענדער יונקער-קלאַס איז אויפמערקזאַם
געוואָרען; די קאָנסערוואַטיווע רעדעלפיהרער האָבען אָנגעהויבען רעדען וועגען דער הויכער מיסיע פון דער מלוכה צו שיצען די געדריקטע.

די פּראָפּאַגאַנדע פונ׳ם „אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער-פעראיין״ האָט
זיך פערשפּרייט איבער׳ן גאַנצען לאַנד. ביסמאַרק האָט איינגעפיהרט דאָס
אַלגעמיינע וואַהלרעכט, וועלכעס ער האָט צוגעזאָגט שוין פאַר דעם
עסטרייכישען קריעג, תחילת פאַר דעם צפון-דייטשען בונד און דערנאָך פאַר
דער ניי-געגרינדעטער דייטשער אימפּעריע.

בעבעל, ליבקנעכט, שווייצער, און וואָס ווייטער אַלץ מעהר פיהרער
פון פּראָלעטאַריאַט זענען אַריין אין פּאַרלאַמענט. פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען
(„געווערקשאַפטען״) זענען געגרינדעט געוואָרען. די צאָהל סאָציאַליסטישע שטי-
מען איז ביי יעדע וואַהלען געשטיגען. די ביידע פראַקציעס פון דער סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע האָבען זיך פעראייניגט. די הערשענדע קלאַסען איז וואָס
אַמאָל געוואָרען אַלץ מעהר נישט-היימליך, אַלץ ערגער אויפ׳ן האַרצען,
וואָס מעהר עס איז געשטיגען די מאַכט פון סאָציאַליזם. און ביסמאַרק האָט גע-
פּרובט פערקנעבלען דעם סאָציאַליזם מיט דעם בעוואוסטען „סאָציאַליסטען-געזעץ״.

אָבער בלויז מיט גוואַלט האָט זיך נישט געלאָזט אונטערדריקען דעם
אַרבייטער-קלאַס. די וואַהלען פון יאָהר 1881 האָבען געוויזען, אַז דאָס סאָ-
ציאַליסטען-געזעץ האָט גאָר אַ שוואַכע פּעולה. כדי איינצושטילען די אונצו-
פרידענהייט, האָט עפּעס געמוזט געטהון ווערען, און עס איז אַרויסגעגעבען געוואָ-
רען אַ קייזערליכער מאַניפעסט, וועלכער האָט אָנגעזאָגט: „פּאָזיטיווע מיטלען
לטובת דעם אַרבייטער״. דעם פּאַרלאַמענט האָט מען אין יאָהר 1882 פאָר-
געלעגט אַ געזעץ וועגען פערזיכערונג אויפ׳ן פאַל פון קראַנקהייט און אין
1884 איז דאָס געזעץ שוין פאַרטיג געווען.

און נישט-קוקענדיג אויפ׳ן סאָציאַליסטען-געזעץ געהט די סאָציאַליסטי-
שע בעוועגונג מעכטיג פאָרווערטס. ביי די וואַהלען פון 1884, 1887, 1890
שטייגט איהר צאָהל שטימען פון 550,000 אויף 760,000 און 1,400,000. דאָס
סאָציאַליסטען-געזעץ האָט אַ מפּלה; ביסמאַרק פליהט-אַראָב פון זיין שטעל. די
פעברואַר-מאַניפעסטען פון יאָהר 1890 זאָגען-צו אַרבייטער-שוץ און געזעצלי-
כע גלייכבערעכטיגונג פאַר די אַרבייטער.

וואָס פאַר אַ ריעזיגע איבערקעהרעניש איז דאָס אַלץ אינ׳ם דענקען;

אין אַ גאַנץ לאַנד, די אַלע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג! אַלע נעהמען-אָן אַ שטעלונג צו דער סאָציאַלער פראַגע, דאָס הייסט צום קלאַסען-קאַמף!

און ווי קלאָר זעהט מען אָן די שייכות דערפון מיט דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק! די סטאַטיסטיק ווייזט אונז, אַז גראָד צום אָנהויב פון די זעכציגער און די זיבעציגער יאָהרען און צום סוף פון די אַכציגער יאָהרען האָט זיך די אינדוסטריע געוואַלטיג ענטוויקעלט, דווקא אין דער צייט, ווען דער סאָציאַליזם איז צום שטאַרקסטען געוואַקסען. מען וואָלט כמעט געקאָנט ציהען איינע נעבען די אַנדערע אַלס דריי פּאַראַלעלע ליניעס די צאָהלען פון דער וואַקסענדער פּראָדוקציע און פון דער וואַקסענדער אַרמעע פון די פּראָ-לעטאַרישע קעמפער און דערנעבען די פּאָליטישע מיינונגען פון די הערשענדע קלאַסען. דאָס וואַקסען פון איין רייה איז צוגעפּאַסט צום וואוקס פון דער אַנדערער רייה; דער קאַמף פון די קלאַסען שטאַמט בעשיינפּערליך פון דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק.

און ווי קלאָר ווייזט זיך דער ספּעציעלער כאַראַקטער פון דער דאָזיגער ענטוויקלונג: דער קאַמף! נישט צוליב די הויכע פרומע בעגריפען פון אמת און יושר, אָבער אויך נישט דורך דעם פרייען ווילען אָדער דורך די אייגענמעכטיגע ווירקונג פון דעם שכל, אָדער דורך דעם דראַנג פון עפּעס אַ מיסטישען „צייט-גייסט", זענען קייזער און קאַנצלער, מיניסטאָרען און פּאָליטיקער געקומען צו זייערע נייע מיינונגען. דאָס האָבען די אַרבייטער אַליין, שטיצענדיג-זיך אויף זייער אַרבייט, דורך זייער אָרגאַניזאַציע, זייער פּראָפּאַגאַנדע, זייער קאַמף—געצוואונגען די בורזשואַזיע צו ענדערן דעם אינהאַלט פון איהר גייסט.

מיט יעדען מין מיסטיק דאַרף מען זיך דאָ אָבגעזעגענען. דער אמת'ער צוזאַמענהאַנג פון די ערשיינונגען ליעגט דאָ אַזוי אָפען פאַר אונז, ווי די בעוועגונגען אינ'ם סיסטעם פון דער זון.

די ענטוויקלונג פונ'ם גייסט פון די אַרבייטער האָט זיך גענומען פון דער טעכניק און די ענטוויקלונג אינ'ם גייסט פון דעם פערמעגליכען קלאַס האָט זיך גענומען פון דער ווירקונג, וואָס עס האָבען געהאַט אויף זיי די געדאַנקען, די מחשבות פון די אַרבייטער—די געדאַנקען, וועלכע זענען אויס-געדריקט געוואָרען אין טהאַטען (אין מעשים).

און נאָך מעהר זעהט זיך עס אָן אין דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג. די צוזאָגעכטס'ן פון דער רעגירונג האָבען נישט געווירקט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך אָבהאַלטען פון געבען ווייטער זייערע שטימען פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און כסדר אַלץ מעדר. די הערשער האָבען איינגעזעהן, אַז כדי אַריינצונאַרען אַזאַ זעלבסטבעוואוסטע אַרבייטערשאַפט זענען נויטיג גרעסערע רעפאָרמען, איידער די וואָס זיי האָבען געהאַט חשק צו געבען. און די סאָציאַלע רעפאָרם האָט זיך פערצויגען. די מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט איז שוין צו גרויס געווען.

די פּראָפּעסיאָנעלע פעראיינען האָבען זיך אין די נײַנציגער יאָהרען ענטחיקעלט אין מעכטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען עפּעס אָבגעשלאָגען ביי די קאַפּיטאַליסטען לטובת די אַרבייטער. קלעהרען שוין די הערשענדע קלאַסען ווידער וועגען אונטערדריקען מיט גוואַלט. עס ווערען אַריינגעטראָגען פאָרשלאָגען פון „פערמאַכען" און „צוכטהויז",—נאָר עס פעהלט דער מוט זיי דורכצופיהרען.

אַזוי גרויס איז געוואָרען די אָרגאַניזאַציע, דאָס קלאַסען-בעוואוסטזיין, דער שכל, די מאַכט פון די אַרבייטער, אַז די הערשענדע קלאַסען פערלירען שוין די האָפנונג צו קאָנען אַריינגנאַרען זיי דורך רעפאָרמען אָדער אונטערדריקען מיט גוואַלט. און זיי נעהמען זיך צום בעפעסטיגען זייערע אייגענע מאַכט-מיטלען, כדי צו זיין גרייט צום קאַמף פאַר דער הערשאַפט. אין ערגעץ שטעהען נישט די קלאַסען ווי דאָ אַזוי שאַרף, אַזוי בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס איינע געגען די אַנדערע. און וואָס איז די סיבה דערפון? די סיבה איז די, וואָס אין אייראָפּא האָט זיך די גרויס-אינדוסטריע אין ערגעץ נישט אַזוי צעבליהט, אין ערגעץ נישט אָנגעזאַמעלט אַזעלכע אוצרות, אין ערגעץ האָט זיך די טעכניק נישט ענטוויקעלט אַזוי גוואַלטיג, ווי אין דייטשלאַנד אין די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען.

נישט קוקענדיג אויף דער געפאַהר צו דערעסען מיט די סך איינצעלהייטען, לאָמיר דאָך אַריינדרינגען נאָך אַביסעל טיעפער אין די דאָזיגע פראַגען; וואָרום גרויס איז דער אינטערעס פונ'ם אַרבייטער צו פערשטעהן די זאַך *גרונדליך*.

ביז איצט האָבען מיר אַנטקעגענגעשטעלט די פערמעגליכע קלאַסען אַלס איין איינציגען קלאַס אַנטקעגען דעם פּראָלעטאַריאַט. מיר דאַרפען אָבער נעהמען אין אַכט, אַז צווישען זיי גופא זענען פאַרהאַן בעדייטענדע פערשידענהייטען און די ענטוויקלונג פון דער טעכניק ווירקט נישט אויף אַלע פערמעגליכע אויף איין און דעמזעלבען אופן. די דאָזיגע אונטערשיידען מוזען מיר נאָך אַרומרעדען.

די מאַטעריעלע לאַגע און די פּאָליטישע געדאַנקען פון די קלאַסען ווערען דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק איבערגעאַנדערשט אויף שטאַרק פערשידענע אופנים. אַלס ביישפּילען לאָמיר נעהמען פון איין זייט דעם מיליטאַריזם און דעם אימפּעריאַליזם, פון דער אַנדער זייט די סאָציאַלע געזעצגעבונג,

די שאַרפע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנקורענץ צווינגט די גרויס-קאַפּיטאַליסטען פון אַלע לענדער צו פיהרען אַ קאָלאָניאַל-פּאָליטיק. האָט שוין אַ מלוכה אין איהר מאַכט אַ קאָלאָניאַלע געגענד, דעמאָלט קאָנען דאָרט די קאַפּיטאַליסטען פון דער דאָזיגער מלוכה שעפען פאַר זיך אַסך מעהר אוצרות, איידער אין פרעמדע קאָלאָניעס. אין דער אייגענער קאָלאָניע דרינגען זיי פו

אָנהאיב-אָן אַריין בעסער; זייער אייגענע מלוכה פיהרט זיי פאָרוועדטס, אונ-טערשטיצט און שיצט זיי אויס׳ן בעסטען אופן. אַ קאָלאָניע איז קודם-כל אַנ׳אָביעקט פון עקספּלואַטאַציע פאַר דער מעטראָפּאָליע. די אַרבייטס־קראַפט איז ביליג, ס׳איז ערלויבט צו בעגעהן־זיך מיט גוואַלט און צוואַנג, די קאָ-לאָניאַלע רווחים זענען אָפט ריעזיג גרויס. דער קאַפּיטאַל, וועלכער איז פאַר-האַן אַלס עודף אין דער מעטראָפּאָליע, קאָן דאָרט אַלזאָ אַריינגעלעגט ווערען און ברענגען ריווח. דערום שטרעבען צום ביישפּיל די דייטשע גרויס-קאַפּי-טאַליסטען דערצו,—צוזעהענדיג מיט קנאה די ריעזיגע רווחים, וואָס די פרעמ-דע קאַפּיטאַליסטען שלעפּען, אַרויס פון די קאָלאָניעס,—אַז די קאָלאָניאַל־מאַכט זאָל וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיך פערשפּרייטען.

דערצו איז אָבער נויטיג אַ שטאַרק מיליטער, בעזונדערס אַ שטאַרקער פלאָט; נישט בלויז אויף צו אונטערטעניגען די קאָלאָניעס גופא, נאָר קודם-כל אויף אַרויסצוטרעטען אַנטקעגען די אַנדערע קאָלאָניאַל-מלוכות, וועלכע שטרע-בען צו דעמזעלבען ציעל. דערום פאָדערען די גרויס־קאַפּיטאַליסטען מיליאָנען פאַר דער אַרמעע און פאַר׳ן פלאָט.

אָבער די אַרמעע האָט נאָך אַנ׳אַנדער צוועק. זי דאַרף שיצען די פער-מעגליכע געגען דעם אַרבייטער-קלאַס, וועלכער טרעט דראָהענד אַרויס. ווען די אַרבייטער, די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג, אָרגאַניזירען זיך פעסט און פערנעהמען זיך אויף דער עקזיסטירענדער אָרדנונג,—ווי קאָן דען אַ מינ-דערהייט פון הערשער אַנדערש בלייבען אויף איהר פּלאַץ סיידען דורכ׳דעם, וואָס אַ גוט בעוואָפענטע, גוט דיסציפּלינירטע אַרמעע פאָלגט בלינד די בע-פעהלען פון איהרע עלטסטע אונטער שרעק און מורא פאַר באַרבאַרישע שטראָפען? דער פּחד פאַר דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט ווירקט, אַז די בורזשואַזיע זאָל לעגען הונדערטער מיליאָנען אויף דער אַרמעע.

אָבער נאָך מעהר. די מיטלען, וואָס מען דאַרף האָבען דערצו, דאַרפען געבראַכט ווערען דורך די גביר׳ישע קלאַסען וואָס ווייניגער און דורך די אָרי-מערע קלאַסען וואָס מעהר... צוליב דעם דאָזיגען גרונד האָבען די הערשענדע קלאַסען איינגעפיהרט די אינדירעקטע שטייערן, וועלכע זענען נוגע דער-הויפּט די קליינע מענשעלעך, ד פויערים, בעלי-מלאכות און אַרבייטער.

די סאָציאַלע געזעצגעבונג וואָלט זיין אָהן שום צווייפעל גאָר אַ טייערע מעשה, ווען זי זאָל טאַקי זיין צוגעפּאַסט צו אַלע פאָדערונגען, וואָס מוזען בעשטעלט ווערען. אמת, אינגאַנצען פערמיידען די דאָזיגע צרה איז נישט מעגליך; מען האָט דאָך עפּעס פאָרט מורא פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. אָבער צו טייער דאַרף זי אויך נישט קאָסטען די פערמעגליכע קלאַסען. און דערום מוז זי שוין בהכרח (נויטווענדיגערווייז) זיין אַ קנאַפּע און אגב נאָך אַרויפ-לעגען אויף די אַרבייטער אַ טייל פון די קאָסטען.

דאָס איז, בקיצור גענומען, דער געדאַנקען-גאַנג פון די גרויסע קאַפּי-טאַליסטען, די אייגענטימער פון באַרג-גרזבענס און באַרג-זאַוואָדען.

אונטערנעהמער אין דער מעטאַל-אינדוסטריע, די טעקסטיל-פאַבריקאַנטען, די גרויסע שיפען-אייגענטימער און באַנקירען.

אַצינד וועט יעדער איינער פערשטעהן, אַז די נייגונג פון׳ם דאָזיגען קלאַס נאָך וואָס מעהר פאַנצער־שיפען און סאָלדאַטען און נאָך וואָס אַ גרע־סערע קאָלאָניאַל-מאַכט און זייער אַנטיפּאַטיע צו גוטע סאָציאַלע רעפאָרמען ווייזען-זיך-אַרויס אַלץ שטאַרקער, וואָס גרעסער עס ווערען די אינטערעסען פון דעם דאָזיגען קלאַס. אַ שטאַרקער אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם און אַ קנאַפּע סאָציאַלע רעפאָרם געהען אַלזאָ האַנד ביי האַנד.

אויף אַנ׳עהנליכען אופן בעציהט זיך צו די דאָזיגע פראַגען דער יונ-קער-קלאַס (דער קלאַס פון די גרויסע ערד-אייגענטימער, פּריצים). אַלס קליין-קעפּעלדיגע פּריצים זענען זיי גלייכגילטיג צו דער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק און מאַריניזם (פלאָט-פּאָליטיק); נאָר אויף וויפיל זיי בעקומען דערפון נייע ראַ-יאָנען פאַר זייער הערשאַפט מיט גוטע פעטע שטעלעס אין דער אַדמיני-סטראַציע, אין דער פערוואַלטונג פון די נייע קאַנטען, בעטען זי זיך-איבער ביסלעכווייז, אַלס רעגירענדע פּאַרטיי, און זיי זענען שוין מסכים אויף דער זאַך. דערפאַר האָבען זיי די פול׳שטענדיגע חזקה אויף דער אַרמעע, אין וועלכער זיי פערנעהמען אַלע אָפיצירען-שטעלעס; און די בורזשואַזיע מיט איהר פּחד פאַר׳ן פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיי האָבען נויטיג ווי דאָס אויג אַלס בעל-הבתים איבער דער אַרמעע. אַזוי איז פּרייסען צום ביישפּיל אויפגעקומען אַלס מיליטער-מלוכה; איהר שטעלונג אַלס גרויסמאַכט איז געבויט אויף דער אַרמעע, דערום פאָדערען די יונקערס פאַר דער אַרמעע אַלץ פרישע הונ-דערטער מיליאָנען.

אַז דאָס געלד, וואָס מען דאַרף דערצו האָבען, דאַרף געשאַפען ווערען פון אינדירעקטע שטייערן, פון צאָלען (פּאָשלינעס)—פערשטעהט זיך שוין ממילא, בפרט אַז די דאָזיגע פּאָשלינעס ברענגען נאָך אַיין מיליאָנען פאַר די יונ־קערס פערזענליך; אָהן די דאָזיגע פּאָשלינעס וואָלטען זיי שוין לאַנג באַנקראָט געווען.

די דאָזיגע יונקערס זענען דם־שונאים פון׳ם אַרבייטער-קלאַס און די ערשטע געגנער פון דער סאָציאַלער רעפאָרם. די אַמאָליגע דאָרפישע איינ-וואוינער, וועלכע זענען פון דעם יונקערישען דעספּאָטיזם אַנטלאָפען אין שטאָט אַריין, בעטראַכטען זיי אַלס זייערע אַנטלאָפענע שקלאַפען. פערבעסערן זייער לאַגע וואָלט דאָך, לויט זייער מיינונג, בעדייטען: נאָך מעהר צוהעלפען צום אַנטלויפען פון דאָרף. און בלויז דאָס לעצטע צווינגט זיי איינצוהאַלטען אַביסל די שלעכטע בעהאַנדלונג פון די דאָרפישע אַרבייטער, ווייל אַנדערש וואָלטען זיך אַלע אַרבייטער סוף-כּל-סוף צעלאָפען.

אַנדערש בעציהט זיך צו די דאָזיגע פראַגען דער מיטעל-קלאַס.

אין דער אַרמעע און פלאָט און בעזונדערס אין די קאָלאָניעס איז גאָר דער מיטעל־קלאַס נישט אַזוי שטאַרק פעראינטערעסירט. דער האַנדעל מיט די קאָלאָניעס איז שוואַך, און אַלס אַנ׳אָבזאַץ-ראַיאָן פאַר דער אינ־

דוסטריע האָבען די קאָלאָניעס בלויז אַ קליינע בעדייטונג.

דער מיטעל־קלאַס, וועלכער בעשטעהט פון קליינע פאַבריקאַנטען, סוחרים, בעל־מלאכה׳ס, פויערים—האָט אמת צוצושטעלען פון זיך אַרויס בעאַמטע פאַר דער מלוכה און פאַר דער געמיינדע, פאַר גרויסע אינדוסטריעלע און כוהרי־שע אונטערנעהמונגען (אויף וויפיל ער דאַרף נישט האָבען די מענשען פאַר זיך אַליין, צו בעשעפטיגען זיי אין זיינע אייגענע פרנסות); אָבער דערמיט שעפּט זיך שוין אויס זיין אינטערעס צו דער אַרמעע, פלאָט און קאָלאָניעס. נאָר פון דעסטוועגען שלעפּט זיך־נאָך דאָס רוב פונ׳ם מיטעל־קלאַס נאָך דער פּאָליטיק פון די גרויסע הערען און געוועהנליך זעהען מיר, אַז די פאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטעהער פון די געשעפטס־לייט און פויערים, די צענטרום־לייט און די פרייזיניגע, שטימען פאַר פעסטונגען, פּאַנצער־שיפען און קאָלאָניאַלע אויסגאַבען.

אפשר שטעקט דערין אַ ווידערשפּרוך צו דעם, וואָס מיר האָבען אויפגעוויזען, דהיינו: אַז די ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען קעהרט איבער די בעדערפנישען פון די מענשען, פון די קלאַסען און קעהרט דערמיט איבער אויך זייער פּאָליטיק? אַ דייטשישער פויער אָדער קליינבירגער האָט דאָך נישט אַזאַ גרויסע בעדערפניש אין קאָלאָניעס און קריעגס־שיפען, אַז ער זאָל דערפאַר צאָהלען מיט חשק הויכע שטייערן!

כדי גוט צו פערענטפערן די דאָזיגע זאַך, מוזען מיר נעהמען אין אַכט, אַז אַ גרויסער טייל פונ׳ם מיטעלשטאַנד איז פולשטענדיג אָבהענגיג פון קאַפּיטאַל. נישט בלויז דערפאַר וואָס ער, דער מיטעלשטאַנד, שטעלט־צו די בעאַמטע פאַר די פּריוואַטע שטעלעס און מלוכה־שטעלעס, נאָר קודם־כל דערפאַר וואָס ער לעבט פון קרעדיט. נעמליך, די פויערים און די קליינע סוחרים. פאַר זיי לויהנט זיך, אַז עס זאָל זיין אַנ׳איבערפליסיגער קאַפּיטאַל, וועיל דעמאָלט האָבען זיי אַ ביליגען קרעדיט. אָבער פון וואַנען קאָן זיך נעהמען אַנ׳איבערפלוס אין קאַפּיטאַל? פון אַ בליהענדער אינדוסטריע און אַ בליהענדען האַנדעל. עס קומט אַלזאָ אויס, אַז דער דאָזיגער טייל פון מיטעלשטאַנד מוז האָבען אַזאַ מין טאַקטיק: צו שטיצען ווי ווייט עס איז נור מעגליך אַלץ, וואָס עס מאַכט אין פלוג מעכטיג די מלוכה און דעם קאַפּיטאַל: די אַרמעע, דעם פלאָט, די קאָלאָניעס.

אַ גרויסער טייל פון מיטעלשטאַנד, ווי די קליינע פאַבריקאַנטען, די בעל־מלאכה׳ס וואָס האַלטען געזעלען, די פויערים וואָס האַלטען פאַראָבקעס און די פיעל קרעמער, לעבט חוץ־דעם דירעקט פון עקספּלואַטירען די אַרבייטער. אין דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבייטער זענען זיי שותפים מיט די גרויסע קאַפּיטאַליסטען. און זיי פיהלען עס טאַקי; זיי פיהלען, אַז גרעסערע הוצאות אויף סאָציאַלע רעפאָרמען וועט זיין פאַר זיי אַ צרה, וועט שווערער מאַכען זייער עקזיסטענץ—און דעריבער קעמפען זיי געגען די אַרבייטער.

דירעקט האָט אַלזאָ אַ גרויסער טייל פון מיטעלשטאַנד קיין שום אינ־טערעס נישט אין מיליטאַריזם. אָבער ער האָט דערין אַן׳ אינדירעקטען אינטערעס. דערפאַר האָט ער אַ דירעקטען אינטערעס אין דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבייטער.

אַזוי זעהט עס אויס מיט יענעם טייל פון מיטעלשטאַנד, וועלכער האָט פון די קאַפּיטאַליסטען מעהר טובות ווי רעות.

אַנדערש איז אָבער מיט דעם טייל, וואָס שטעהט נעהנטער צום פּראָ־לעטאַריאַט. דער קליינער פּויער, דער קליינער אַרענדאַטאָר, דער קליינער האַנדווערקער, דער קליינער קרעמער, דער קליינער בעאַמטער מיט׳ן קליינעם געהאַלט—אויך זיי הענגען-אָב אַלע פון׳ם קאַפּיטאַל, אָבער בלויז אַזויפיל, אויף וויפיל זיי ווערען פון איהם דערדריקט. קיין קרעדיט האָבען זיי נישט; דאַ־געגען זענען זיי מקורב צום פּראָלעטאַריאַט, דען אָפט מוזען זיי לעבען פון זיין קונדשאַפט. זיי זענען אַלזאָ געגען דעם מיליטאַריזם און זיי זענען, הגם נישט אַזוי פעסט ווי די אַרבייטער, פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען.

און אין דער מאָס, וואָס די ענטוויקלונג פון דער טעכניק פערגרעסערט דעם פּראָלעטאַריאַט און עס שטאַרקט-זיך די געפאַהר פאַר׳ן אָרימען מיטעל־קלאַס אַריינצופאַלען אין די רייהען פון פּראָלעטאַריאַט און עס ווערט שווע־רער דער דרוק פון דער מלוכה און פון׳ם קאַפּיטאַל—אין דער אייגענער מאָס ענדערט-זיך אויך דאָס דענקען פון די דאָזיגע שיכטען פון מיטעלשטאַנד; זייער וויל־ען ווענדעט-זיך אַלץ מעהר געגען קאַפּיטאַל.

דער דאָזיגער טייל פון מיטעלשטאַנד האָט אַלזאָ נישט קיין דירעקטען אינטערעס, אָבער ער האָט דערפאַר אַן׳אינדירעקטען אינטערעס אין סאָציאַ־לע רעפאָרמען.

און אַזוי־ווי די אויבערשטע שיכטען פון׳ם מיטעלשטאַנד האָבען נישט קיין דירעקטען אינטערעס אינ׳ם גרויס-קאַפּיטאַל, און די אונטערשטע שיכטען האָבען נישט קיין דירעקטען אינטערעס אין סאָציאַלע רעפאָרמען, איז דער־פאַר דאָס פּאָליטישע דענקען פון די דאָזיגע אַלע שיכטען עפּעס נישט-זיכער און וואַקעלדיג. עס קומט פאָר אַמאָל, אַז די העכערע שיכטען זענען אַביסעל גוטה מעהר אויף דער זייט פון די אַרבייטער, און אַמאָל קומט ווידער פאָר, אַז די נידעריגע שיכטען זענען גאָר נוטה עפּעס מעהר אויף דער זייט פונ׳ם קאַפּיטאַליסטישען אינטערעס, אמת נישט אויף אַ לענגערע צייט. אויך ווערען לייכט די דאָזיגע שיכטען אַ שפּילבעל אין די הענד פון אויפגעקומענע פּאַר־שוינען און אינטריגאַנטען.

קלאָר שפּיגעלט זיך דאָ אָב די ווירקונג פון די פּראָדוקציאָנס־ און איי־גענטום־בעציהונגען.

דער אַרבייטער־קלאַס—דאַכט זיך, אַז מען דאַרף עס גאָר נישט זאָגען—האָט נישט סיי קיין דירעקטען סיי קיין אינדירעקטען אינטערעס אין אימפּע־ריאַליזם, מיליטאַריזם און קאָלאָניאַל-פּאָליטיק. די דאָזיגע אַלע זאַכען עקספּלואַ־

טירען דעם אַרבייטער און מאַכען שווערינ אָדער אונמעגליך די ערנסטע סאָ-ציאַלע רעפאָרמען. קריעג און נאַציאָנאַלע קינאה ברעכען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון די אַרבייטער, יענס גרויטע געוועהר, מיט וועלכער זיי וועלען בעזיעגען דעם קאַפּיטאַליזם, אַזוי ווי מיר וועלען נאָך ווייטער ווייזען.

אימפעריאַליזם און מיליטאַריזם זענען די פערצערטעלטע, אָבגעהיטע פאַוואָריטען פון דער בורזשואַזיע—אָבער די טויט-פיינד פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט. ווידער דער מיטעלקלאַס וואַקעלט-זיך צווישען ליבע און האַס צו די דאָזיגע אָנשיקענישען, און דער גרעסטער טייל פון מיטעלקלאַס לויפט-נאָך די מעכטיגע.

אַ ראַדיקאַלע סאָציאַלע רעפאָרם איז די זאַך, פאַר וועלכער די רייכע פערמעגליכע ציטערען ווי פאַר אַ רוח, און פאַר די אַרבייטער איז זי אַ שפּרונג-ברעט צו דער מאַכט. אָבער דער מיטעלקלאַס שלעפּט-זיך-אַרום ווי אַ צעמישטער אַהין און אַהער.

אַזוי שפּיגלען־זיך-אָב די פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען אין די פּאָליטישע אידעען פון די קלאַסען. דען די מאָדערנע טעכניק ברענגט דעם גרויס-קאַפּיטאַל דעם מאָנאָפּאָל, די גרויסע רייכטימער; זי מאַכט דעם מיטעלקלאַס אָבהענגיג פונ׳ם קאַפּיטאַל אָדער זי לאָזט איהם אַרומשוועבען צווישען פערמעגליכקייט און אָרימקייט; ביי די פּראָלעטאַריער נעהמט זי אַוועק יעדע פּערזענליכע פערמעגליכקייט, יעדע פּערזענליכע מאַכט.

דאָס פּאָליטישע דענקען פון די קלאַסען איז דער גייסטיגער רעפלעקס (אָבשפּיגלונג) פון דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס מיט זיינע אייגענטום-בעציהונגען.

### אַ טענה.

עס קומט-אויס שטאַרק מעכאַניש, אַז גאַנצע קלאַסען פון דענקענדע מענשען זאָלען זיין געצוואונגען צו דענקען אַלע דאָס אייגענע. אויך די געגנער פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם שטעלען-אַרויס די דאָזיגע טענה.

אָבער ווער עס פערקלעהרט-זיך וועניגסטענס אויף אַ ווײַלע וועגען דעם פאַקט, אַז די קלאַסען ווערען געטריבען דורך זייער **אינטערעס**, אַז זייער קלאַסען-אינטערעס איז פאַר זיי די פראַגע פון זייער זיין אָדער נישט-זיין אַלס קלאַס—דער וועט זיך נישט וואונדערן און דעם וועט די דאָזיגע טענה וועניג־וואָס אַהרען. **דען די קלאַסען גופא פערטיידיגען זייער עקזיסטענץ.** אויב דער יחיד, דער איינצעלנער מענש, מוז אָנווענדען אַלץ וואָס איז מעגליך, כדי צו דערהאַלטען זיין עקזיסטענץ—אַ פשיטא שוין אַ קלאַס, וואָס איז דורך זיין צוזאַמענווירקונג און זיין געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע טויזענד מאָל שטאַרקער פאַר׳ן יחיד, פאַר׳ן איינצעלנעם מענש.

נאָר יעדער מענש קעמפט סוף-כל-סוף דעם פּאָליטישען קלאַסען-קאַמף לוים זיינע פעהיגקייטען. דער אַרבייטער דאַרף ווידער-אַמאָל בלויז אין זיין סביבה זיך אַרומקוקען, כדי זיך צו איבערצייגען, אַז דער ליכטיגער, פייערדיגער גייסט און דאָס וואַרימע האַרץ געהט ענדער נאָך דעם רוף פון דער

ענטוויקעלטער טעכניק, ווי די שלאָפּמיץ, דער בטלן, דער פּחדן. די רעוואָ-לוציע פון דער טעכניק מאַרשירט שנעל, די מענשען געהען-נאָך אַביסעל לאַנגזאַמער אָבער סוף-כל-סוף קומט-נאָך די מאַסע, סוף-כל-סוף קומען-נאָך אַלע. דער כח פון די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקטיווי-קרעפטען איז אַלמעכטיג.

מען טאַפּט כמעט אָן מיט דער האַנד די ערשיינונג, ווי מיליאָנען פּראָ-לעטאַריער, געהען אויפ'ן רוף פון דער מאָדערנער טעכניק תחילת לאַנגזאַם, דערנאָך אַלץ גיכער און געהען-אַריבער מחנות-ווייז צו דער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע.

דער יחיד (דער איינצעלנער מענש) האָט אַלזאָ אַ גרויסע בעדייטונג אין דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט; די ענערגישע, די פייערדיגע, די עמפּפינדליכע, די געניאַלע, די איבערגעבענע פערגיכערען דעם גאַנג פון אַ קלאַס, אין דער צייט וואָס די נאַרישע, די פוילע און גלייכגילטיגע פערצעגערען איהם. אָבער קיין שום מענש, ווי געניאַל, איבערגעגעבען אָדער פייערדיג ער זאָל נישט זיין, קאָן נישט געבען דער געזעלשאַפט אַזאַ ריכטונג, וואָס זאָל זיין געגען דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק. און קיין שום טיפּש אָדער פוילענצער אָדער סתם בטלן קאָן דעם שטראָם נישט פערהאַלטען. דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען איז אַלמעכטיג. דער יחיד, וועלכער שטעלט זיך איהם אַנטקעגען, ווערט צעשמעטערט. און דאָס דאַרף מען נאָך אויך וויסען, אַז — דער ווידערשטאַנד גופא פונ'ם איינצעלנעם מענשען ווערט אויך בעשטימט דורך דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען.

## ה. זיטען און מאָראַל.

אַצינד זענען מיר שוין פאַרטיג מיט די אַזוי-גערופענע נידריגע געביטען פונ'ם גייסט און מיר האַלטען ביי די אַזוי-גערופענע העכערע: די זיטען, די זיטליכקייט (מאָראַל), די רעליגיע, די פילאָזאָפיע, די קונסט. די דאָזיגע געביטען ווערען דורך די הערשענדע קלאַסען געשטעלט העכער פאַר די ערשטע, ווייל יענע האָבען נאָך צופיעל שייכות מיט דער מאַטעריע, אָבער די דאָזיגע „העכערע" ווייזען־אויס צו שוועבען הויך איבער אַלץ וואָס איז מאַטעריעל, איבער אַלץ וואָס איז חומר און גשמיות. דאָס רעכט, די פּאָליטיק, די נאַטור-וויסענשאַפט, ווי הויך זיי שטעהען נישט גייסטיג, בעהאַנדלען דאָך בלויז די ערדישע, מאַטעריעלע, אָפט געמיינע, מיאוסע ענינים. אָבער פילאָזאָפיע, רעליגיע, מאָראַל, קונסט ווייזען־אויס צו זיין ריין גייסטיג, שען און הימליש. אַנ'אַדוואָקאַט, אַ פּאָליטישער טהוער, אַנ' אינזשעניער אָדער לעהרער זעהען-אויס וועניגער דערהויבען ווי אַ קינסטלער, אַ רב און אַ פילאָזאָף.

מיר האָבען אַ קנאַפּען חשק מסכים צו זיין אויף דער דאָזיגער איינטיילונג. אָבער אמת איז, אַז אויך פאַר אונז זענען די קונסט, די פילאָזאָפיע,

די רעליגיע און די מאָראַל שוועריליכע געביטען. דווקא דערפאַר, וואָס די הערשענדע קלאַסען האָבען פון די דאָזיגע געביטען געמאַכט איבער־נאַטירליכע ווינקעלעך, וואָס האָבען נישט קיין שום שייכות מיט דער ערד, מיט דער געזעלשאַפט און זענען ריין גייסטיג, און ווייל די דאָזיגע מיינונג האָט זיך איינגעכאַפּט ווי אַ פאָראורטייל אין אַלע מוחות, דערום איז עס שווערער פאַרצושטעלען אויך דאָ דעם צוזאַמענהאַנג, די שייכות צווישען דעם דענקען און דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. מיר וועלען זיך דאָ מוזען צווינגען מסביר צו זיין דעם ענין דאָפּעלט קלאָר.

מיר הויבען־אָן מיט דעם סאַמע איינפאַכען פון די דאָזיגע פיער געביטען: די זיטען.

דאָ מוז מען שאַרף אונטערשיידען צווישען זיטען און זיטליכקייט. אַ זיטע (מנהג) איז אַ פאָרשריפט פאַר בעשטימטע פאַלען, זיטליכקייט—דאָס איז שוין עפּעס אַלגעמיינעס. ביי ציוויליזירטע פעלקער איז צום ביישפּיל אַ זיטע נישט צו געהן נאַקעט; זיטליכקייט איז צום ביישפּיל דער ואהבת לרעך כמוך (ליעבען דעם נאָהענטען ווי זיך אַליין). דאָס וועניגער איינפאַכע, די זיטליכקייט, די מאָראַל, וועלען מיר בעהאַנדלען נאָך די זיטען.

צוויי קלאָרע, זעהר אַלגעמיינע ביישפּילען פון אונזער אייגענער צייט, פון דעם, וואָס דער אַרבייטער זעהט טאָג־טעגליך פאַר זיינע אויגען, בעווייזען, ווי שטאַרק די זיטע ווערט געענדערט דורך דער ענדערונג אין די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען.

פריהער איז געווען אַ זיטע, אַז דער אַרבייטער-קלאַס זאָל נישט דאגה׳ן אַבער די עפענטליכע אָנגעלעגענהייטען. נישט בלויז וואָס די אַרבייטער האָבען נישט געהאַט קיין שום איינפלוס אויף דער רעגירונג, נאָר אפילו די געדאַנקען פון די אַרבייטער האָבען זיך אויך נישט פערנומען מיט איהר. זיי האָבען זיי, הייסט עס, אפילו אויפ׳ן רעיון נישט אַרויפגענומען. בלויז אין צייטען פון אַ גרויסער שפּאַנונג, אין דער צייט פון אַ קריעג מיט אויסלאַנד אָדער ווען הערשער, אַריסטאָקראַטען, גייסטליכע און בורשוואַזיע האָבען געקעמפּט צווישען זיך,—דעמאָלט זענען אויך די אַרבייטער־מאַסען אויפמערקזאַם געוואָרען און האָבען זיך פעראינטערעסירט; דעמאָלט האָט יעדער צד געפּרובט צו געווינען די אַרבייטער פאַר זיך, דעמאָלט זענען געווען מאָמענטען, ווען די אַרבייטער האָבען געפיהלט, אַז אויך זייער אינטערעס שטעהט אין קאָן; דעמאָלט האָבען זיי מיטגעמאַכט די קאַמפען אָדער האָבען זיך געלאָזט אויסנוצען. אָבער וועגען אַ דויערהאַפטיגען פּאָליטישען לעבען איז ביי זיי קיין רייד נישט געווען.

אַצינד איז דאָס אַלץ גאָר אַנדערש. זעהר פיעל אַרבייטער, נישט בלויז וואָס זיי לעבען-מיט דאָס פּאָליטישע לעבען, נאָר אין די לענדער, וואו די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט שוין געלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט, איז דער פּראָ-

לעטאַריאַט געוואָרען אַ קלאַס, וועלכער בעטייליגט זיך אין דער פּאָליטיק צום שטאַרקסטען.

און נאָך אַ ביישפּיל:

פריהער איז געווען אַ גוטע זיטע, אַז דער אַרבייטער זאָל אין אָוועגד זיצען אינדערהיים, איצט איז אַ זיטע—און וואָס אַמאָל אַלץ מעהר,—אַז דער אַרבייטער זאָל אין אָוועגד געהן אויף אַ פערזאַמלונג פון זיין פאַך, פון זיין פּאַרטיי אָדער פון אַ פּראָלעטאַרישען בילדונגס־פעראיין.

די דאָזיגע זיטען נעהמען-זיך פונ׳ם קלאַסען־אינטערעס, און דער קלאַסען־אינטערעס נעהמט-זיך פון די אייגענטום-בעציהונגען. פריהער זענען נאָך חוץ דעם די הערשענדע קלאַסען געווען פעראינטערעסירט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיין שפּאָרזאַם, רוהיג, בעשיידען, הכנעה׳דיג און זאָלען זיך-פערנעהמען מיט פּאָליטיק בלויז אין ספּעציעלע מאָמענטען. און ווייל דער אַרבייטער־קלאַס איז צוליב דער דאַמאָלסדיגער טעכניק שוואַך געווען, האָט ער דערלאָזט, אַז די הערשענדע קלאַסען זאָלען איהם דאָס אַריינקלאַפּען אין קאָפּ. און די דיענער פון די הערשער, די מגידים, די שולען, און שפּעטער אויך די ציימונגען האָבען שטענדיג געדרש׳נט און געלערנט דאָס אייגענע.

אַצינד איז אָבער דער קלאַסען-אינטערעס פון די אַרבייטער געוואָרען אַנ׳אַנדערער; די טעכניק האָט איהם געענדערט, און גלייכצייטיג האָט זי די אַרבייטער געמאַכט גענוג שטאַרק, אַז זיי זאָלען מעהר נישט הערען דאָס וואָס עס זאָגען די פּני, די אדונים. דורך דעם קלאַסען-אינטערעס האָט די זיטע אָנגענומען אַנ׳אַנדער כאַראַקטער: דער וואָס איז נישט אָרגאַניזירט—דער איז אַצינד אַ טעמפּער, גלייכגילטיגער, אַ שלעכטער אַרבייטער; דאַגעגען דער ענערגישער אָרגאַניזאַציע-מענש איז דער גוטער אַרבייטער.

וואָרן—יעדען איינעם איז קלאָר, נישט וואָהר?—לויט דער זיטע נאָך, לויט ווי עס איז אָנגענומען אין דער געזעלשאַפט. רופט מען עמיצען אָדער עפּעס—„גוט" אָדער „שלעכט".

אַצינד איז גוט דווקא דאָס, וואָס איז דער היפּך פון דעם וואָס איז פריהער גוט געווען. געהן אויף דער גאַס אַרויס, אויף אַ פערזאַמלונג, אויף אַ דעמאָנסטראַציע—דאָס איז אַצינד גוט. דען די טעכניק גיט איצט דעם אַרבייטער-קלאַס די זיכערע האָפנונג אויף דעם זיעג, און דער זיעג פון די אַרבייטער איז גוט פאַר זיי און גוט פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט.

ווען עמיך זאָגט, אַז די בעגריפען וועגען גוט און שלעכט האָבען זיך אין פערשידענע צייטען געענדערט, נישט אַלעמאָל געווען די אייגענע—האָט דערויף די בורזשואַזיע שטאַרק פּאַראיבעל. אָבער ווער עס וויל בעטראַכטען די פאַקטען רוהיג, אָהן צביעות און אָהן אַ שום „וצדקתך", דער וועט בעמערקען, אַז פערשידענע פעלקער און קלאַסען—אָדער איין פאָלק צי איין קלאַס אין פערשידענע צייטען—האָבען איינע און דיזעלבע זאַכען גערופען אַמאָל גוט און אַמאָל שלעכט. די גאַנצע געשיכטע איז פול דערמיט. דאָ ווייזען

מיר בלויז אָן אויף די זייטען, וועלכע רעגולירען די בעציהונג פון דיביידע געשלעכטער (דאָס מענער-געשלעכט און דאָס פרויען-געשלעכט) און דאָס חתונה-האָבען; עס איז געווען בעוואוסט, אַז ביי פערשידענע פעלקער און קלאַסען אָדער אין פערשידענע צייטען זענען די דאָזיגע זייטען פ ע ר ש י ד ע ן.

נעהמען מיר אַצינד נאָך אַן׳אַנדער, זעהר אַלגעמיינעם ביישפּיל פון אונזער אייגענער צייט. אויסער דעם פּראָוועטס-שטרעבענדען אַרבייטער-קלאַס איז פאַרהאַן נאָך אַ גרויסער טייל פון דער מענשהייט, וועלכער זוכט די פריי-הייט אין דער געזעלשאַפט: די פרויען.—אָבער פון וואַנען נעהמט זיך עס, וואָס די פרויען, וואָס בסך-הכל אָט דאָ-נישט-לאַנג זענען זיי ערצויגען געוואָרען בלויז צו שטוביגער בעל-הבת׳ישקייט און צום חתונה האָבען, האָבען איצט אין די הונדערטער אָנגעהויבען זוכען נאָך אַן׳אַנדער ציעל: אַן׳אַרבייטס-פעלד אין דער געזעלשאַפט?

ביי דער פּראָלעטאַרישער פרוי האָט זיך עס גענומען פון דער גרויס-אינדוסטריע. די אַרבייט ביי דער מאַשין איז אָפט אַזוי לייכט—הגם דורך דער לאַ נ ג ע ר אַרבייט ווערט זי שווער,—אַז פרויען און מיידלעך קאָנען זי אויס-פיהרען. דעם פאָבּריקאַנט׳ס פערדינסטען, זיין אַרבייטס-לויהן, האָבען נישט גע-קלעקט אויף צום לעבען; פרויען און קינדער האָבען געמוזט געהן אויף דער פאַבריק, כדי צו פערדיענען און די פאַמיליע זאָל האָבען פרנסה. אַזוי-אַרום זענען די פּראָלעטאַרישע פרויען אריינגעקומען אין די אינדוסטריע און זייער צאָהל האָט זיך פערגרעסערט אַלץ מעהר און מעהר.

און דורכדעם האָט זיך געענדערט ביי די דאָזיגע פרויען דער אינהאַלט פון גייסט!

דער סאָציאַליסטישער געדאַנק, אַ רעזולטאַט פון דער אַ ר ב יי ט וואָס זיי טהוען, איז אַריינגעדרונגען אויך אין זייערע קעפּ. אין עטליכע לענדער, ווי אין דייטשלאַנד צום ביישפּיל, האָבען שוין די פּראָלעטאַרישע פרויען דורכ-געמאַכט אַ היבשע שטרעקע אויף דעם וועג פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַני-זאַציע; אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבען זיי אָנגעהויבען צו געהן מיט דעם דאָזיגען וועג. די אַרבייטער-פרוי, די יונגע אַרבייטערין זענען גע-וואָרען מיט-קעמפערינס פונ׳ם מאַנספערשוין אין דער פּאָליטישער פּאַרטיי און אינ׳ם פּראָפעסיאָנעלען פעראיין! וואָס פאַר אַן׳אונטערשייד איז עס געגען פריהער, ווען די פרוי האָט פעררינקט די מלבושים, געוואַשען וועש, געזאָרגט פאַר דער שטוביגער בעל-הבת׳ישקייט און פאַר די קינדער און מעהר גאָרנישט געטוהן!

ביי דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-פרוי לעבט אויף דער געדאַנק וועגען אַ צייט, ווען דאָס מיידעל און די פרוי וועט זיין פ אָ ל ק אָ ם זעלבסטענ-דיג, פ אָ ל ק אָ ם פריי אַלס פּראָדוצענטין. אין דער געזעלשאַפט פון דער צו-קונפט וועט קיינער נישט האָבען קיין בעל-הבית איבער זיך, סיי די פרוי סיי דער מאַנספערשוין, סיי אינ׳ם פאַמיליען-לעבען סיי אין דעם ווערקשטעל.

די איינצעלנע מענשען וועלען לעבען איינע נעבען די אַנדערע אַלס פרייע און גלייכע.

און אויך דער דאָזיגער געדאַנק איז אַריינגעגעבען געוואָרען דער פרוי דורך דעם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

די בירגערליכע פרוי שטרעבט איך נאָך בעפרייאונג. און אויך ביי איהר שטאַמט דער דאָזיגער געדאַנק פונ׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. דען ווען די גרויס-אינדוסטריע איז אויפגעקומען, האָט זיך ערשטענס פערקלענערט די אַר-בייט פון דער פרוי אין דער שטוביגער בעל-הבית׳ישקייט. וואָרן די גרויס-אינדוסטריע פּראָדוצירט די סאַמע פערשידענע זאַכען, ווי ליכט, קליידער, לע-בענס-מיטלען, אַזוי ביליג, אַז מען וויל זיי שוין מעהר נישט מאַכען אָדער צוגרייטען אינדערהיים; צווייטענס איז די קאָנקורענץ געוואָרען אַזוי שאַרף, אַז די פרויען און טעכטער פונ׳ם קליינבירגערטום האָבען געמוזט מיט-פער-דיענען אויף פרנסה און זוכען שטעלעס אין דער שולע, אין קאָנטאָר, אין אַפּטייק א. אַז. וו.; דריטענס האָט זיך ביי דער בורזשואַזיע פערקלענערט די צאָהל חתונות צוליב דעם העפטיגען קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, צוליב די העכערע פּרעטענזיעס צום לעבען און די שטרעבונג נאָך תענוגים און לוק-סוס. אַלץ רעזולטאַטען פונ׳ם מאָדערנעם פּראָדוקציאָנס-אופן.

דער גייסט פון דער בירגערליכער פריילין איז דערום נוטה צו אַ גרע-סערער געזעלשאַפטליכער פרייהייט; איהר דענקען האָט זיך געענדערט. ווען מען זאָל זי פערגלייכען מיט איהר באָבען איז זי ממש אַ נייער מענש.

אין דער צייט וואָס די פּראָלעטאַרישע פרוי האָט אין זינען די בעפריי-אונג פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט און דערמיט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט (דערצו ברענגט איהר דער פּלאַץ, וואָס זי פערנעהמט אינ׳ם געזעלשאַפטליכען פּראָדוק-ציאָנס-פּראָצעס), קלעהרט די בירגערליכע פרויענרעכטלערין בלויז וועגען דער בעפרייאונג פון דער **בירגערליכער** פרוי. זי וויל ברענגען די פרוי צו דער מאַכט אין דער בירגערליכער געזעלשאַפט גופא; זי וויל געבען דער פרוי אַ קאַפּיטאַליסטישע מאַכט—און דאָס, פערשטעהט זיך, איז מעגליך, ווען זי אונטערדריקט די אַרבייטער עקאָנאָמיש און פּאָליטיש פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס טוהט אַצינד די מאַנסבילשע בורזשואַזיע.

די פרויענרעכטלערין וויל „נישט בעפרייען די פרוי פונ׳ם אייגענטום, נאָר זי וויל איהר פערשאַפען די פרייהייט פון אייגענטום, זי וויל איהר נישט בעפרייען פונ׳ם שמוץ פון יאָגען זיך נאָך געלד, נאָר זי וויל איהר געבען די פרייהייט פון דער קאָנקורענץ". אָבער די אַרבייטער־פרוי וויל זיך און אַלע פרויען און אַלע מאַנסלייט בעפרייען פונ׳ם דרוק פון אייגענטום און פון דער קאָנקורענץ און מאַכען דורכדעם אַלע מענשען ווירקליך פריי.

הגם צווישען די אידעאַלען, מיט וועלכע עס זענען פול די קעפּ פון די דאָזיגעביידע כרויען, איז פאַרהאַן אַזאַ חילוק, ווי צווישען די נאַכט-ליכטיג-קייט מיט׳ן פולען זונען-שיין, שטאַמען אָבער דאָך די געדאַנקען פון די ביי-

דע פרויען—פונ׳ם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס; זיי אונטערשיידען זיך נאָר צוליב די פערשידענע אייגענטום-בעציהונגען, אין וועלכע דיביידע „שוועסטער" זע-נען געשטעלט.

די פולשטענדיגע בעפרייאונג פון דער פרוי, די בעפרייאונג פון די אַר-בייטער, די בעפרייאונג פון דער מענשהייט, וואָס פאַר אַ גליהענדע געפיהלען גיבען זיי אין אונז אַריין! וואָס פאַר אַ ליידענשאַפט און אימפּעט רופען זיי ביי מיליאָנען אַרויס, וואָס פאַר אַ קוואַלען ענערגיע לאָזען זיי אויפשטראָמען אין אונז! און וואָס פאַר אַ הערליכע גאָלדענע און רויזענרויטע טרוימען ברענ-גען זיי אונז אין די שעה׳ן פון רוה נאָכ׳ן קאַמף! דעמאָלט קאָן זיך דאַכטען, אַז דער גייסט פונ׳ם מענשען רופט-אַרויס מיט זיין אייגענעם כּוח די דאָזי-גע גאַנצע ענערגיע, די דאָזיגע קאָכיגע קאַמפּס-לוסט און די דאָזיגע ענטצי-קענדע טרוימען! אָבער, ליעבע פריינד, לאָמיר קיינמאָל נישט פערגעסען, אַז דער דאָזיגער גוואַלטיגער ווילען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, די דאָזיגע גליקליכ־קייט נאָך אַ זיעג און די אייזען־שטאַרקע האָפנונג נאָך אַ מפּלה, דער דאָזיגער ריעזיגער אידעאַליזם פון די אַרבייטער—דער העכסטער, ברייטסטער און הער־ליכסטער אויסדרוק פונ׳ם גייסט, וואָס איז נאָר ווען-עס-איז געווען אויף דער וועלט, ווייל ער איז אין העכסטען גראַד בעוואוסטזיניג און אויפ׳ן טיעפסטען אופן אידעאַליסטיש—אַז די דאָזיגע שענסטע גייסטיגע ערשיינונגען זענען צו-נויפגעוואַקסען מיט דער אַרבייט, מיט׳ן ווערקצייג, וועלכע האָבען דעם וואָרצעל זייערען פעסט אין דער ערד, אין דעם גשמיות׳דיגען לעבען.

די דאָזיגע ביידע ביישפּילען בעווייזען לויט די צוויי סאַמע בעדייטענ-דע איבערקעהרענישען אין די זיטען פון אונזער צייט, ווי ריכטיג עס איז אונזער לעהרע פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם. אַצינד וועלען מיר אַריבער־געהן צו דער אַלגעמיינער זיטליכקייט, צו דער מאָראַל.

נאָר דערווייל, כּדי צו פערלייכטערן דאָס אַריבערגעהן דערצו און אַלזאָ פערשטענדליכער מאַכען די גאַנצע טעמע, וועלען מיר קודם נעהמען נאָך אַ ביישפּיל, וועלכער געהערט שוין נישט צו די זיטען פון דער אַלטעגליכער אַרבייט, ווי למשל דאָס בעזוכען די אַרבייטער-פערזאַמלונגען און די אַרבייט פון פרויען אין ביוראָס, קאָנטאָרען א. אַז. וו.—אָבער ער געהערט אויך נישט צו יענע כלומרשט אַלערהעכסטע געביטען פון זיטליכקייט, ווי די ליעבע צום צווייטען, די ליעבע צום אמת א. אַז. וו.

דער דאָזיגער ביישפּיל, וואָס מיר נעהמען אַלס אַנ׳אַריבערגאַנג, איז די ליעבע צום פאָטערלאַנד, דער פּאַטריאָטיזם.

אויך אין דעם דאָזיגען געפיהל, אין דעם דאָזיגען געדאַנק זעהען מיר אין אונזער אייגענער צייט, ווי עס קומט-פאָר אַ גוואַלטיגע איבערקעהרעניש און ווידער-אַמאָל גרעסטענטיילס דערהויפּט ביי די אַרבייטער.

פריהער, ווען דער אַרבייטער־קלאַס איז נאָך נישט געווען כמעט קיין שום זעלבשטענדיגע געזעלשאַפטליכע מאַכט, איז ער געווען פּאַטריאָטיש, דאָס הייסט: ער האָט נישט געוואוסט צו טוהן עפּעס בעסערס, ווי נאָכגעהן נאָך די הערשענדע קלאַסען פון זיין לאַנד אין דעם קאַמף געגען אויסלענדישע מלוכות. אמת, עס לעגט זיך נישט שטאַרק אויפ׳ן שכל, אַז די דאַמאָלסדיגע פּראָלעטאַריער און די קינדער פון דעם דאַמאָלסדיגען פּויערים- און בירגער-שטאַנד, וועלכע האָבען זיך געלאָזט רעקרוטירען פאַר דער אַרמעע אָדער פאַר׳ן פּלאַט, האָבען דאָס געטוהן פאַר גרויס ליעבע צום פאָטערלאַנד. דער גרעסטער טייל האָט עס געטוהן צוליב צוואַנג און נויט, צוליב דעם וואָס זיי האָבען נישט געהאַט קיין אַנדער בעסער פּערדינסט—אָבער די אַרבייטענדע קלאַסען האָבען דענסטמאָל נישט געוואוסט עפּעס אַנדערש ווי דאָס, אַז אַזוי געהער׳ צו זיין, וועניגסטענס אַז אַזוי מוז זיין. דער געדאַנק, אַז זיי קאָנען אַלס זעלבשטענדיגע מאַכט ערקלערען זיך געגען קריעג און שטערען דעם קריעג, אפילו ווען די רעגירענדע קלאַסען ווילען איהם יאָ, איז זיי גאָר אין קאָפּ נישט אַריינגעקומען; ווייל פּאָליטיש און עקאָנאָמיש זענען זיי דאָך געווען געבונדען מיט די דאָזיגע קלאַסען. סיי אין דער צאָהל, סיי אין דער אָרגאַניזאַציע זענען זיי נישט געווען גענוג שטאַרק, אויף צו האָבען אַנ׳איינענעם געדאַנק וועגען דעם דאָזיגען פּונקט, אַפּשטא שוין אויף צו פּערוויר-קליכען אַזאַ געדאַנק אין לעבען. אפילו ווען זיי האָבען געקעמפט פאַר׳ן דערהאַלטען דעם שלום, האָבען זיי עס געוועהנליך געטוהן אַלס נאָכשלעפּערס פון אַ טייל פון די הערשענדע קלאַסען, וועלכער האָט געהאַט פון שלום מעהר נוצען ווי פון קריעג, און געטוהן האָבען זיי עס אונטער דעם לאָזונג, אַז אַזוי איז גוט פאַר׳ן פאָטערלאַנד, אַז דער דאָזיגער געדאַנק און די דאָזיגע טהאַט זענען די אמת׳ע פאָטערלאַנדס-ליעבע, דער אמת׳ער פּאַטריאָטיזם.

אין דער אמת׳ן איז דער קריעג אָדער דער דאָזיגער פּאַטריאָטיזם אין אַלגעמיין געווען אָפּט פאַר די אַרבייטענדע קלאַסען זעהר נישט נוצליך און גאָר אַ קנאַפּע טובה. דענסטמאָל, פּונקט אַזוי ווי איצט, האָבען זיי עס אָפּט בעצאָהלט פאַר דער דאָזיגער טובה מיט זייער בלוט, זייער לעבען, זייער קליינעם פּערמעגען, וואָס מען האָט ביי זיי אָבגענומען דורך שווערע שטייערן אָדער חרוב געמאַכט דורך דעם קריעג. אָבער פון דעסטוועגען האָבען זיי אין זייערע מיינונגען זיך־נאָכגעשלעפּט נאָך די הערשענדע קלאַסען און האָבען איבערגענומען די לאָזונגען, וואָס יענע האָבען גע׳דרשנ׳ט, ווי: ליעבע צו דער אונאָבהענגיגקייט פון לאַנד, ליעבע צום פאָטערלאַנד אָדער צו דער דינאַסטיע, און האָבען געגען דעם נישט אַרויסגעשטעלט קיין שום אַנדערע בעשטימטע לאָזונגען.

אָבער ווי האָט זיך דאָס אַלץ געענדערט! אין אַלע לענדער וואַקסט מיט יעדען טאָג די צאָהל אַרבייטער, וועלכע זעהען-איין, אַז מלחמות געגען ציוויליזירטע און נישט־ציוויליזירטע פעלקער ווערען געפיהרט בלויז פאַר דער

טובה פון דער בורזשואַזיע; אַז די בורזשואַזיע דרש׳נט פאַר די אַרבייטער וועגען פאַטריאָטיזם, וועגען פאָטערלאַנדס-ליעבע, כדי זי זאָל זיי קאָנען האָבען אַלס שטילע נאָכגעביגע קריעגס-ווערקצייג אין איהרע הענד; אַז דער צוועק און דער רעזולטאַט פון אַלע מלחמות איז אַ פערשטאַרקטע עקספּלואַטאַציע פונ׳ם אַרבייטער-קלאַס אָדער אַ פערברייטערונג פון דער עקספּלואַטאַציע אויף נאָך מעהר אַרבייטער; אַז אַנ׳אינטערנאַציאָנאַלער קאַמף פון די פעלקער איז אַ געפאַהר פאַר די אַרבייטער סיי פונ׳ם זיעגענדען סיי פונ׳ם בעזיעגטען לאַנד.

„דער קריעג—אַזוי קלעהרט דער היינטיגער אַרבייטער—„ליעגט אין די אינטערעסען פון דעם בורזשוי. די פּראָדוקציע און דער קאַפּיטאַל, וואָס מען דאַרף דערין אַריינטהון, זענען געוואָרען אַזוי גרויס, אַז ער זוכט נייע מערק און פלעצער, וואו ער זאָל קאָנען אַריינלעגען זיין געלד און דורך דעם קריעג וויל ער אַנדערע פערשטויסען אָדער האַלטען פון דערווייטענס. דאָס קאָן ער אָבער אויספיהרען בלויז דורכדעם, וואָס ער וועט נעהמען נאָך גרעסערע שטייערן, וואָס מיר וועט ער צאָהלען וואָס ווענינער לויהן, וועט מיך לאָזען אַרבייטען אינטענסיווער אָדער לענגער און וועט מיר נישט געבען קיין שום סאָציאַלע רעפאָרמען, אָדער בלויז שלעכטע רעפאָרמען. דאַגעגען אין מיין אינטערעס ליעגט, אַז איך זאָל האָבען אַ העכערען לויהן, אַ קירצערע אַרבייטס-צייט, גוטע סאָציאַלע געזעצען, נישט קיין פּאָשלינעס אויף לעבענס-מיטלען, נישט קיין שטייערן אויף געברויכס-אַרטיקלען. איך מוז דערום זיין געגען דעם קריעג. חוץ דעם ליעגט אין מיין אינטערעס, אַז אויך מיין חבר אויף יענער זייט גרענעץ זאָל האָבען די אייגענע פערבעסערונגען אין זיין לאַגע, ווייל אַזוי-אַרום וועט די היימישע אינדוסטריע נישט ליידען די קאָנקורענץ פון דער אויסלענדישער אינדוסטריע (וויבאַלד אין אויסלאַנד וועט מען נישט צאָהלען די אַרבייטער קיין הונגער-לויהנען); דעמאָלט וועט זיך דער פעראיין פון די דאָזיגע אויסלענדישע אַרבייטער פערשטאַרקען און איך קאָן לויט זייער מוסטער שטאַרק מאַכען מיין אייגענע אָרגאַניזאַציע און זאָגאַר זיי פערבינדען צוזאַמען אין איין אינטערנאַציאָנאַלען בונד. און ווען דאָרטען ווערט די פּאָליטישע פּאַרטיי מעכטיג, האָט עס די פעולה, וואָס אויך מיר פלייסען־זיך, שטאַרק צו מאַכען אונזער פּאַרטיי, און מיר קאָנען קומען צו אַנ׳אינטערנאַציאָנאַלער פעראייניגונג פון אַלע פּאָליטישע אַרבייטער-פּאַרטייען מיט איין און דעמזעלבען ציעל און מיט׳ן צוועק פון געגענזייטיגער אונטערשטיצונג. ברעכט אָבער אויס אַ קריעג, דעמאָלט ווערט אונזער און זייער עקאָנאָמישע קראַפט פערניכטעט און די בורזשואַזיע זייהט שינאה און קינאה צווישען אונז״.

די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פונ׳ם וועלט-האַנדעל האָט פערוואַנדעלט די אַרבייטער אין אַ זעלבשטענדיגע מאַכט, וועלכע איז אַליין אימשטאַנד צו דערגרייכען איהר ציעל. אָבער די אייגענע ענטוויקלונג, דורכדעם וואָס זי האָט געמאַכט דעם קאַפּיטאַל פאַר אַ מורא׳דיג גרויסע קראַפט,

וואָס הערשט אין אַלע לענדער—האָט געווירקט, אַז די אַרבייטער זאָלען קאָנען בייקומען דעם קאַפּיטאַל בלויז אויף אַן׳אינטערנאַציאָנאַלען וועג. עס לעגט זיך נישט אויפ׳ן שכל, אַז די אַרבייטער פון איין לאַנד זאָלען קאָנען בעזיעגען די קאַפּיטאַליסטען און דערביי זאָלען די קאַפּיטאַליסטען פון אַלע לענדער נישט טוהן אַלץ וואָס זיי קאָנען נור טוהן, כּדי צו העלפען זייערע קלאַסען-ברידער. דאָס זעהט זיך אַרויס שוין איצט קלאָר ווי דער טאָג אין די אינטערנאַציאָנאַלע אונטערנעהמער-פערבאַנדען. צוליב די דאָזיגע אַלע אורזאַכען און גרונדען האָבען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער איינגעזעהן, אַז פאָטערלאַנדס-ליעבע, פּאַטריאָטיזם, איז נישט פאַר זיי מעהר קיין לאָזונג, נאָר אַז זייער לאָזונג מוז זיין די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון די אַרבייטער.

די טעכניק, דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס אויף דער איצטיגער הויך פון זיין ענטוויקלונג, מאַכט נויטווענדיג פאַר די קאַפּיטאַליסטען פון אַ געוויס לאַנד אָדער צו מאָנאָפּאָליזירען די מערק פון די קאָלאָניעס, אָדער געווינען פאַר זיך דערפון אַזאַ גרויסען טייל, ווי ס׳איז נור מעגליך.

די טעכניק, דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס אויף דער איצטיגער הויך פון זיין ענטוויקלונג, מאַכט נויטווענדיג פאַר די אַרבייטער פון אַ געוויס לאַנד צו שטעלען זיך געגען דעם, ווייל קריעג און קאָלאָניאַל-פּאָליטיק געהען שטענדיג צוזאַמען מיט אַ פערשטאַרקטער עקספּלואַטאַציע פון פּראָלעטאַריאַט.

די טעכניק האָט די אינטערעסען פון אַלע קאַפּיטאַליסטען, הגם זיי קעמפען איינע מיט די אַנדערע צוליב די מערק, אויסגעגליכען דאָרטען, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דער אונטערדריקונג פון די אַרבייטער.

די טעכניק האָט די אַרבייטער פון אַלע לענדער אָרגאַניזירט און זיי געוויזען, אַז זיי אַלע האָבען איין און דעמזעלבען אינטערעס דאָרטען, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דער סאָלידאַריטעט פון אַלע אַרבייטער.

די פערמעגליכע זענען אַלזאָ פאַר קריעג און פאַר אונטערדריקונג פון די אַרבייטער; די אַרבייטער זענען פאַר אַן׳אינטערנאַציאָנאַלען שלום און אינטערנאַציאָנאַלע פעראייניגונג פון די אַרבייטער.

דער אַרבייטער-קלאַס איז אַלזאָ געוויס נישט פּאַטריאָטיש אינ׳ם זין פון דער בורזשואַזיע, אין יענעם זין, וואָס ווערט אַריינגעלעגט אין דעם דאָזיגען וואָרט ביי דער ממשלה פון קאַפּיטאַליזם און וועלכער בעדייט: ליעבע בלויז צום אייגענעם לאַנד, גרינגשעצונג, אַנטיפּאַטיע אָדער האַס צום פרעמדען לאַנד.

דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם איז פּאַטריאָטיש איינציג און אַליין צוליב דער תאווה פון געלד. ער האַלט נישט דעם פּאַטריאָטיזם טאַקי אין דער אמת׳ן פאַר אַ מצווה, פאַר אַ גוטע מידה, דאָס פאָטערלאַנד האַלט ער נישט פאַר הייליג. דען ער נעהמט דאָך צו דאָס פאָטערלאַנד ביי די טראַנסוואַלער, פיליפּינער, די איינוואוינער פון ענגליש און האָלענדיש אינדיען, ביי די כינעזער, מאַראָקאַנער א. אַז. וו. ער ברענגט-אַראָב פּאָליאַקען, גאַליציאַנער,

קראַנקהייטן, כינעזער, כּדי צו דריקען די לויהנען פון זיינע אייגענע לאַנדס-ברי-
דער, די קינדער פון'ם אייגענעם פאָטערלאַנד.

ער פאָדערט פון דעם אונטערדריקטען קלאַס אַ פאָטערלאַנדס-ליעבע,
וועלכע ער אַליין פיהלט נישט. די פאָטערלאַנדס-ליעבע פון דער בורזשואַזיע
איז געלד-תאווה און צביעות.

אַזאַ מין פאָטערלאַנדס-ליעבע איז דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט
זיכער להלוטין פרעמד.

אין תוך געגומען איז פרעמד דעם אַרבייטער יעדע פאָטערלאַנדס-ליע-
בע, אַזוי ווי די בורזשואַזיע פערשטעהט עס.

פערשטעהט זיך, אַז דער אַרבייטער וויל אָבהיטען זיין שפּראַך, די איינ-
ציגע, מיט וועלכער ער קען געפינען אַרבייט. אָבער דאָס איז נישט יענע
פאָטערלאַנדס-ליעבע, וועלכע עס פערלאַנגט פון איהם די בורזשואַזיע. אויך
דער אַרבייטער ליעבט די נאַטור, דעם קלימאַט, די לופט פון זיין לאַנד, אין
וועלכע ער איז אויפגעוואַקסען פון קינדווייז-אויף. אָבער אויך דאָס איז נישט
די פאָטערלאַנדס-ליעבע, וואָס די בורזשואַזיע פערלאַנגט פון איהם. די פאָ-
טערלאַנדס-ליעבע, צו וועלכער די בורזשואַזיע וויל בּרענגען דעם פּראָלעטאַ-
ריאַט איז דאָס, אַז ער זאָל זיך מיט'ן גוטען ווילען לאָזען אויסנוצען דורך
איהר אַלס אַ קריעגס-ווערקצייג און זאָל זיך לאָזען קוילענען פאַר איהר, ווען
זי פערטיידיגט איהרע אייגענע פּראָפיטען אָדער די רווחים פון אַנדערע קאַ-
פּיטאַליסטען, אָדער ווען זי פּרובט אַוועקרויבען דאָס אייגענטום פון עטלאָזע
פעלקער. דאָס איז די בורזשואַזיע פאָטערלאַנדס-ליעבע, און די דאָזיגע זאַך
איז פאַר די סאָציאַליסטישע אַרבייטער להלוטין פרעמד. אינ'ם זין פון דער
בורזשואַזיע האָט נישט דער אַרבייטער קיין שום פאָטערלאַנד.

ביי אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטען פרעגט דער אַרבייטער: אין
וואָס באַשטעהט דאָ דער אינטערעס פון די אַרבייטער, און דאָס, דאָס אַליין
בעשטימט דעם אורטייל זיינעם.

און אַזוי ווי דער קלאַסען-אינטערעס פון די אַרבייטער, בכלל גענומען,
פאָדערט צו דערהאַלטען דעם שלום, ווייזט זיך אַרויס די פּאָליטיק
פון די אַרבייטער אַלס דאָס מיטעל צו דערהאַלטען אַלע
נאַציאָנען. דען ווען דער שלום ווערט נישט געשטערט און דער אַרביי-
טער-קלאַס אין אַלע לענדער זאָל קומען צום רודער, דעמאָלט בלייבט שוין
מעהר נישט איבער קיין מעגליכקייט, אַז איין לאַנד זאָל אונטערטעניגען דאָס
אַנדערע; דעמאָלט קען בלויז זיין אַ רייד וועגען אַ פאַמיליכדיגער פערשווינ-
דונג פון גרענצען און דיפערענצען אויף אַן אָרגאַנישען וועג, אָהן געוואַלד-מיט-
לען. אויף אַזויפיל בעוואָרענט בלויז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל-דעמאָקראַ-
טיע די עקזיסטענץ פון אַלע נאַציאָנען.

און אויך אין יענע פאַלען, וועלכע מען קען זיך פאָרשטעלען בלויז
אַלס אַ גאַנץ זעלטענע זאַך, ווען דער פּראָלעטאַריאַט זאָל מסכים זיין אויף אַ

קריעג, וועט ער נישט געטריבען ווערען דערצו דורך דער פּאַטערלאַנדס־ליעבע פון דער בורזשואַזיע.

דער אַרבייטער-קלאַס, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט׳ן סאָציאַליזם, קאָן אַנטקעגען דעם שאָוויניסטישען פּאַטריאָטיזם פון דער בורזשואַזיע, וועלכער שטרעבט נאָך שמוציגע רווחים, און געגען איהרע צביעות׳דיגע שלום-קאָמעדיעס—רוהיג אַרויסשטעלען זיין ציעל: די אינטערנאַציאָנאַלע אחדות פון די אַרבייטער און דורכדעם די אחדות פון אַלע מענשען, דער אייביגער שלום פון אַלע פעלקער. דאָס ציעל פון דער בורזשואַזיע איז בעגרענצט, אַזוי ווי אַ לאַנד אָדער אַ לענדעל איז בעגרענצט אַנטקעגען דער גאַנצער ערד; אָבער חוץ דעם איז נאָך דאָס ציעל פון דער בורזשואַזיע פאַלש און נישט דערגרייכבאַר—וואָרן די קאַפּיטאַליסטישע בעהערשער פון די פעלקער, וועלכע קעמפען צוליב דעם רויב, וועלען קעמפען איינע מיט די אַנדערע אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועט זיין איבערהויפּט וואָס צו רויבען. דאָס ציעל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז דערהויבען און הערליך; אָבער חוץ דעם איז נאָך דאָס דאָזיגע ציעל אמת׳דיג און דערגרייכבאַר; דער אַרבייטער־קלאַס קאָן נישט ווינשען קיין אַנדער זאַך, ווי שלום צווישען די אַרבייטער פון אַלע פעלקער, ווייל דער דאָזיגער שלום איז זייער אינטערעס, מעהר אָ: די פאַרבעדינגונגען פאַר זייער זיעג.

וואָס פאַר אַן איבערקעהרעניש איז עס אַנטקעגען פריהער! דער אַרבייטער פון דעמאָלט, וועלכער האָט שקלאַפּעריש נאָכגעקלעהרט די בעגרענצטע געדאַנקען פון זיינע מייסטערס; און דער אַרבייטער פון היינט, וואָס נעהמט אַרום די וועלט, די גאַנצע מענשהייט, אונאָבהענגיג פון זיינע מייסטערס און קעמפענד געגען זיי.

און צו דער דאָזיגער גאַנצער איבערקעהרעניש האָט געבראַכט די מאַשין; זיהר האָט מען עס צו פערדאַנקען; זי האָט די מיליאָנען פּראָלעטאַריער געשאַפען און זיי אָרגאַניזירט.

### בעמערקונג

אויבען האָבען מיר ערקלערט, אַז די פּאַטערלאַנדס-ליעבע פון די אַרבייטענדע קלאַסען איז פריהער אַרויסגעקומען נישט דירעקט פון זייער אייגענעם אינטערעס, נאָר פונ׳ם אינטערעס פון די הערשענדע קלאַסען, פון וועלכע זיי זענען אָבהענגיג געווען. דאָס וועט מען שטענדיג קאָנען געפינען: אַזוי לאַנג ווי אַ קלאַס האָט נישט די קראַפט צו פערטיידיגען זיינע אמת׳דיגע טיעפסטע אייגענע אינטערעסען, אַזוי לאַנג ווי סוף-כל-סוף איז דער אינטערעס פון אַן אַנדער קלאַס זיין אינטערעס, וועט ער אויך אין אַ גרויסען טייל פון זיין דענקען נאָכגעהן נאָך די הערשענדע קלאַסען. אַ קלאָרער ביישפּיל דערפון איז געווען דער פּאַטריאָטיזם אין דער פריהערדיגער צייט—און

ביי אַסך איז ער נאָך היינט אַזוי, „די הערשענדע אידעען אין יעדער געוויסער צייט—זאָגט מאַרקס—זענען שטענדיג געוועזן די אידעען פון די הערשענדע קלאַסען". אָבער וויבאַלד דער אונטערדריקטער קלאַס געפינט נור אַ געלעגענהייט, צום ביישפּיל אין צייטען פון אַ רעוואָלוציע, קומט ער אַרויס אויף דער סצענע מיט זיין אייגענעם טיעפסטען אינטערעס, ווייזט ער אַרויס זיין טיעפסטע נשמה און ווערט פטור פון די אידעען, וואָס די הערשענדע האָבען איהם אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ. און אין דער מאָס, אין וועלכער אַ קלאַס ווערט כסדר אַלץ שטאַרקער, אַזוי אַז ער קאָן אַליין פערטיידיגען זיינע אייגענע אינטערעסען, ווערט זיין געפיהלען- און געדאַנקען-וועלט אַלץ קרעפטיגער און כוף-כל-כוף ווערט זי אויסגעדריקט דרייסט און אָפען אָהן שום פאַלשער שעמעוודיגקייט.

אַצינד געהען מיר אַריבער צו די „העכערע" געביטען פון דער מאָראַל. דער דראַנג פונ'ם אַרבייטער נאָך ענטוויקלונג, דער דראַנג פון דער פרוי נאָך געזעלשאַפטליכע גלייכבערעכטיגונג מיט'ן מאַנספערשוין, די פאָטערלאַנדס-ליעבע—די אַלץ זענען בלויז נידעריגע געפיהלען אַנטקעגען די נישט-אייגענוציגקייט, די ליעבע צום נאָהענטען, די מסירות-נפש (זעלבסט-אָפּפערונג), די טרייהייט, די עהרליכקייט, די ליעבע, די גערעכטיגקייט.

די דאָזיגע גוטע מידות געהערען צו דער העכערער מאָראַל, זיי זענען די מאָראַל אַליין.

ווי זעהט עס אויס מיט די דאָזיגע גוטע מידות? פון וואַנען נעהמען זיי זיך? צי זענען זיי אייביג, צי לעבען זיי תמיד גלייך אין דעם מענשענס האַרץ, אָדער זענען זיי אפשר פונקט אַזוי פערענדערליך ווי די אַלע אַנדערע גייסטיגע זאַכען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך דאָ בעקענט?

שוין הונדערטער יאָהרען, זינט דער גריכישער פילאָזאָף כאָקראַט און זיינע בני דורו האָבען זיי אָנגעהויבען שטעלען, זענען די דאָזיגע פראַגען געבליבען פאַר די מענשען נישט פערענטפערט.

און זיי שאַפען טאַקי פאַר אונז אַ בעזונדערע שוועריגקייט.

נעמליך, עס איז פאַראַהאַן אַ שטים אין אונז, אין אונזער „נשמה", וועלכע זאָגט אונז אין פיל פאַלען ד י ר ע ק ט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט (טוב ורע).

טהאַטען פון ליעבע צום נאָהענטען, פון מסירות-נפש געשעהען פּלוצלונג, פ ו ן ז י ך א ַ ל י י ן, אויף דעם בעפעהל פון דער דאָזיגער שטים. ליעבע צום אמת, טרייהייט, עהרליכקייט, דאָס ווערט אונז דיקטירט בעפעהלעריש פון איהר אַליין. אונזער ג ע װ י ס ע ן קוועלט אונז, ווען מיר הערען נישט די דאָזיגע שטים. מיר ש ע מ ע ן זיך, מיר קאָנען די אויגען נישט ווייזען, ווען מיר האָבען נישט ג ו ט געהאַנדעלט, אפילו ווען קיינער ווייס עס נישט. דאָס זי-ט ע ן-ג ע ז ע ץ, די געבאָטען פון דער פ ל י כ ט לעבען אין אונז, הגם מען

קאָן זיי נישט גענוג ערקלערען דורך די ערציהונג און דורך דעם אייגענעם רצון.

דער דאָזיגער בעפעהלערישער און אַפּאָדיקטישער כאַראַקטער איז אייגען ספּעציעל דער עטיק, דער זיטען-לעהרע. עס האָט איהם נישט קיין שום אַנדער געביט פון גייסט. סיי די נאַטור-וויסענשאַפט, סיי דאָס רעכט. נישט די פּאָליטיק, נישט די רעליגיע, נישט די פילאָזאָפיע, וואָס אַלע קאָנען זיי שטודירט ווערען און זיי קאָנען זיין אויך אַנדערש, ווי זיי זענען.

מען האָט געפּרובט אַרויסדרינגען דאָס זיטען-געזעץ פון דער ערפאַהרונג פון׳ם מענשען גופא, פון זיין ערציהונג, זיינע געוואוינהייטען, זיין שטרעבען צו גליק, פון אַ ראַפינירטען עגאָאיזם אָדער פון סימפּאַטיע פאַר אַנדערע. אָבער אויף דעם דאָזיגען אופן איז נישט געלונגען צו ערקלערען— נישט פון וואַנען עס נעהמט זיך דאָס בעפעהלערישע אין דער שטים, וואָס רופט אונז צו ליעבען דעם אַנדערען, נישט די וואונדערליכע זאַך, וואָס דער מענש איז מקריב זיין אייגענע עקזיסטענץ, כדי צו ראַטעווען די עקזיסטענץ פון אַנדערע.

אַלזאָ, אַזוי ווי מען האָט נישט געקאָנט אַרויסדרינגען די מאָראַל פון דער ווירקליכקייט, איז נישט איבערגעבליבען קיין אַנדער ברירה, ווי דער געוועהנליכער מקום-מקלט פון דער אונוויסענהייט: די רעליגיע. אַזוי ווי מען האָט נישט געקאָנט ערקלערען די מאָראַל דורך דאָס ערדישע לעבען, מוז זי דאָך שטאַמען פון דעם איבערנאַטירליכען. הייסט עס, אַז גאָט האָט אַריינגעגעבען דעם מענשען דעם חוש פאַר דאָס גוטע, דעם בעגריף וועגען „גוט״ און דאָס שלעכטע ווידער שטאַמט פון דעם מענשען׳ס גשמיות׳דיגער נאַטור, פון דער מאַטעריעלער וועלט, פונ׳ם חומר, פון דער זינד.

די אונבּערשטענדליכקייט פון וואַנען עס נעהמט-זיך דאָס „גוטע און שלעכטע״ (דער טוב ורע), איז איינע פון די אורזאַכען פון דער רעליגיע. די פילאָזאָפען פלאַטאָן און קאַנט האָבען אויפגעבויט דערויף אַן׳איבערנאַטירליכע וועלט. און אפילו נאָך איצט, ווען די נאַטור ווערט שוין פערשטאַנען אַזויפיל בעסער, ווען דער מהות פון דער געזעלשאַפט איז שוין פאַר די מענשען אַזויפיל קלאָרער—אפילו איצט איז די מאָראַל, דער דראַנג נאָך „דעם גוטען״, די אַנטיפּאַטיע צו „דעם שלעכטען״ נאָך אַלץ פאַר פיעל מענשען עפּעס אַזאַ מין וואונדערבאַרע זאַך, אַז זיי קאָנען עס ערקלערען בלויז מיט דער הילף פון אַ „גאָטהייט״. פאַרהאַן אַסך מאָדערנע מענשען, וואָס אויף צו ערקלערען די נאַטור-ערשיינונגען אָדער די געשיכטע דאַרפען זיי שוין נישט האָבען קיין גאָט—אָבער זיי מוזען אָנקומען דערצו צוליב דער „בעפרידיגונג פון זייערע עטישע בעדערפנישען״. און זיי זענען גערעכט: זיי פערשטעהען נישט סיי די אָבשטאַמונג סיי דעם מהות פון די גרויסע מאָראַלישע געבאָטען, און דאָס וואָס מען פערשטעהט נישט און מען האַלט עס דאָך פאַר דאָס אַלערהעכסטע—דאָס פערגעטערט מען.

און פון דעסטוועגען זענען די העכסטע מאָראַלישע געבאָטען שוין אַ האַלבע מאה יאָהרען ערקלערט אין זייער מהות און אין זייער ווירקונג. דאָס האָט מען צו פערדאַנקען צוויי פאָרשערס; דער איינער האָט שטודירט דעם מענש אין זיין טיערישער (היה'שער) עקזיסטענץ, דער אַנדערער אין זיין געזעלשאַפטליכער עקזיסטענץ—דאַרווין און מאַרקס.

דאַרווין האָט אויפגעוויזען, אַז אַלע אָרגאַניזמען פיהרען אַ קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ געגען דער גאַנצער נאַטור, וואָס רינגעלט זיי אַרום, אַז עס קאָנען בלייבען עקזיסטירען בלויז יענע אָרגאַניזמען, וועלכע פערשאַפען זיך די סאַמע צוועקמעסיגע בעזונדערע אָרגאַנען זיך צו שיצען און זיך צו ערנעהרען, יענע אָרגאַניזמען, וואָס זייערע אָרגאַנען ווייזען־אַרויס די בעסטע איינטיילונג פון דער אַרבייט, יענע אָרגאַניזמען וועלכע פאַסען־זיך־צו צום בעסטען צו דער אויסערליכער וועלט. אַ גרויסע גרופע פון דער אָרגאַנישער וועלט, די חיות, האָט אין דעם קאַמף און דורך דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ ענטוויקעלט אייגענע בעוועגונג און ערקענטניס־פעהיגקייט. צו דער ערקענטניס־פעהיגקייט געהערען: דאָס אָבסערווירען די איינצעלהייטען פון דער סביבה, דאָס בעגרייפען די גלייכקייט און די פערשידענקייט פון ערשיינונגען אין דער סביבה און דאָס געדענקען, וואָס מען האָט פריהער איבערגעלעבט. דורך דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ האָבען די אינסטינקטען פון דער זעלבסטדערהאַלטונג און פון שאַפען אַ נייעם דור געמוזט כסדר אַלץ שטאַרקער ווערען, פונקט אַזוי ווי די איינטיילונג פון דער אַרבייט, די זעלבסטבעוועגונג און דאָס דענקען. דערמיט איז אויך געוואַקסען דער אינסטינקט פון דער מוטער־ליעבע. ביי יענע חיות, וואָס כדי צו קאָנען פיהרען דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ האָבען זיי געמוזט לעבען צוזאַמען אין קלענערע אָדער גרעסערע געזעלשאַפטען—ווי געוויסע מינים רויבחיות, פיעל פלאַנצען־עסער, דערונטער די מעלי־גרה, פיעל מינים מאַלפעס—ווערען ענטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען. צו די דאָזיגע מינים געהערט אויך דער מענש; אויך דער מענש האָט זיך געקאָנט דערהאַלטען אין דער נאַטור בלויז געזעלשאַפטליך, דורך דעם לעבען צוזאַמען אין גרופעס אָדער האָרדעס, און דורכדעם האָבען זיך אויך ביי איהם ענטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען.

וועלכע זענען אָבער די סאָציאַלע אינסטינקטען, וואָס האָבען זיך געבילדעט דורך דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ ביי מענשען און חיות און וועלכע זענען כסדר אַלץ שטאַרקער געוואָרען? „זיי קאָנען זיין פערשידען, אַלץ לויט די פערשידענע לעבענס־בעדינגונגען פון די פערשידענע מינים; אָבער אַ געוויסע רייהע אינסטינקטען זענען אַ פאָרבעדינגונג פאַר דער ענטוויקלונג פון יעטוועדער געזעלשאַפט”. עס זענען פאַראַן אינסטינקטען,

אָהן וועלכע עס קאָן נישט בלייבּען עקזיסטירען קיין שום געזעלשאַפט, און ביי יעדען מין, וואָס כּדי זיך צו דערהאַלטען האָט ער געמוזט לע-בּען געזעלשאַפטליך—אַזוי ווי דער מענש—מוזען אַלזאָ די דאָזיגע אינסטינק-טען ענטוויקעלט ווערען. וועלכע זענען די דאָזיגע אינסטינקטען?

„קודם-כּל די זעלבּסטלאָזיגקייט, דאָס זיך מוסר-נפש זיין פאַר דעם כּלל. ווען דער דאָזיגער אינסטינקט וואָלט זיך נישט געשאַפען, ווען יעדער איינער וואָלט געלעבּט בּלויז פאַר זיך אַליין, און ווען מען וואָלט נישט געשטעלט דעם כּלל העכער פאַר זיך אַליין—דעמאָלט וואָלט די געזעלשאַפט אונטער די אָנגריפען פון די אַרומיגע נאַטור-קרעפטען אָדער פון די פיינדליכע חיות אונטערגעגאַנגען. ווען צום בּיישפּיל אין אַ סטאַדע בּיפלען וואָס לעבּען צוזאַ-מען וואָלט נישט יעדער איינצעלנער זיך מוסר־נפש זיין פאַר׳ן כּלל, פאַר דער גאַנ־צער סטאַדע, דערמיט וואָס ער בּלייבּט שטעהן אויפ׳ן אָרט, ווען דער טיגער בּעפאַלט די סטאַדע אין יענעם פונקט, וואו ער געפינט זיך צוזאַמען מיט זיינע חברים—ווען יעדער איינצעלנער וואָלט אַנטלאָפען, כּדי צו ראַטעווען זיין איי-גען לעבּען און וואָלט זיך גאָר נישט קימערן פאַר׳ן כּלל, דעמאָלט געהט די דאָזיגע געזעלשאַפט אונטער. דערום איז מסירות־נפש, זעלבּסטאָפּפערונג, דער ערשטער סאָציאַלער אינסטינקט, וועלכער האָט געמוזט געשאַפען ווערען בּיי אַזאַ מין חיות.

דאַן קומט די טאַפּפערקייט בּיי דער פערטיידיגונג פון די געמיינ-זאַמע אינטערעסען; די טרייהייט צום כּלל; דאָס אונטערגעבען זיך דעם ווילען פון כּלל, אַלזאָ געהאָרכזאַמקייט אָדער דיסציפּלין; אמת׳-דיגקייט לגבּי דער געזעלשאַפט, ווייל טאָמער נאַרט מען זי אָפּ, טאָמער פערפיהרט מען זי, צום בּיישפּיל דורך פאַלשע סיגנאַלען, שטעלט מען אין געפאַהר איהר זיכערקייט אָדער מען וואַרפט-אַרויס אומזיסט איהרע קרעפטען, ענדליך עהרגייציגקייט (הכּבוד), ס׳הייסט דאָס אַהרען צי די געזעלשאַפט לויבּט אָדער טאַדעלט. דאָס אַלץ זענען סאָציאַלע אינסטינקטען, וועלכע מיר געפינען שוין אויסגעאַרבּייט אין געזעלשאַפטען פון חיות, און געוויסע פון זיי אָפט אין אַ הויכער מאָס.

„די דאָזיגע סאָציאַלע אינסטינקטען זענען אָבּער נישט עפּעס אַנדערש. ווי די דערהויבּענסטע גוטע מידות און מעלות, אָדער ווי מען רופט זיי אַלע צוזאַמען גענומען: דאָס זיטען-געזעץ. העכסטענס פעהלט נאָך צווישען זיי די ליעבּע צו גערעכטיגקייט, צו יושר, דאָס איז דער דראַנג, די שטרעבּונג נאָך גלייכהייט. פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם דאָזיגען געפיהל איז פערשטעהט זיך בּיי די געזעלשאַפטען פון חיות נישטאָ קיין אָרט, ווייל דאָרט זענען פאַרהאַן בּלויז נאַטירליכע, אינדיווידועלע אונגלייכהייטען, אָבּער נישט קיין סאָציאַלע אונגלייכהייטען, וועלכע זענען אַרויסגערופען דורך געזעלשאַפטליכע בּעציהונגען. די גערעכטיגקייטס-ליעבּע, דער דראַנג נאָך סאָציאַלער גלייכהייט,

איז דערום עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אייגענטימליך דעם מענשען.*)

דאָס זיטען-געזעץ איז אַ פּראָדוקט פון דער חיות-וועלט; עס האָט שוין געלעבט אינ׳ם מענשען נאָך דעמאָלט, ווען ער איז געווען אַ סטאַדע־חיה; דאָס איז אַן׳אוראַלטע ערשיינונג, דען עס לעבט אינ׳ם מענשען אַזוילאַנג, ווילאַנג דער מענש איז אַ געזעלשאַפטליך וועזען, דאָס הייסט ווילאַנג ער עקזיסטירט איבערהויפּט.

בלויז דורכדעם וואָס זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע געהאָלפען, האָבען די מענשען געקאָנט בעזיעגען די נאַטור. די מענשען האָבען אַלזאָ אַלץ צו פערדאַנקען דעם דאָזיגען מאָראַלישען דראַנג צו העלפען, דעם דאָזיגען זיטען-געזעץ, די דאָזיגע סאָציאַלע אינסטינקטען.

פון קדמונים אָן, זינט דער מענש איז געוואָרען מענש, אָדער ריכטיגער: זינט די מענשען זענען געוואָרען מענשען, האָט שוין דאָס זיטען־געזעץ גערעדט אין זיי.

„דערפון נעהמט זיך זיין געהיימניספולע נאַטור, די דאָזיגע שטים אין אונז, וועלכע האָט נישט קיין צוזאַמענהאַנג מיט קיין שום אויסערליכער סיבה, מיט קיין שום קענטיגען אינטערעס... אמת טאַקי אַ געהיימניספולער דראַנג, אָבער נישט מעהר געהיימניספול ווי די געשלעכטס־ליעבע, די מוטער־ליעבע, דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג, דער מהות פון אָרגאַניזם בכלל און נאָך אַסך אַנדערע זאַכען..., וואָס קיינער וועט זיי נישט אָנערקענען אַלס פּראָדוקטען פון אַ מעטאַפיזישער וועלט.

„ווייל דאָס זיטען-געזעץ איז אַ טיערישער (חיה׳שער) אינסטינקט, אַזוי ווי די אינסטינקטען פון זעלבסטדערהאַלטונג און פון שאַפען אַ וייטערדיגען דור, דערום האָט ער אַזאַ קראַפט; דערום פערמאָגט ער אַזאַ דראַנג, וועלכען מיר פאָלגען אָהן שום ישוב-הדעת; דערפון נעהמט זיך אונזער שנעלע ענטשיידונג אין איינצעלנע פאַלען, צי אַ געוויסע האַנדלונג איז גוט אָדער שלעכט, „פיין״, אָנשטענדיג אָדער זינדיג, געמיין; דערפון נעהמט זיך די קאַטעגאָרישקייט און די ענערגיע פון אונזער מאָראַלישען אורטייל און דערפון נעהמט זיך די שוועריגקייט עס צו בעגרינדען דעמאָלט, ווען דער שכל

*) מיר קאָנען שטאַרק רעקאָמענדירען דעם לעזער קאַוטסקי׳ס „עטיק און מאַטעריאַליסטישע בעגרייפונג פון דער געשיכטע״, די עטיק איז דער לעצטער שוץ־וואַל, הינטער וועלכען עס פערשאַנצען זיך יענע לייט, וואָס מיט דער הילף פון דער רעליגיע ווילען זיי האַלטען דעם אַרבייטער כסדר אין דער אונטערטעניגקייט. ווען מען וועט האָבען דערקענט די ערדישע אָפּשטאַמונג פון די העכסטע מאָראַלישע געבאָטען, דעמאָלט וועלען אויפפאַלען אַסך גייסטיגע קייטען, אויך וועט געשטאַרקט די סאָלידאַריטעט, ווען מען דערקענט, אַז איהר שורש ליעגט אין די עלטעסטע געפיהלען פון דעם מענשליכען געשלעכט.

הויבט-אָן פונאַנדערצוגלידערן די האַנדלונגען און נאָכקלעהרען וועגען זייערע מאָטיוועןן".

אַצינד זעהען מיר אויך קלאָר, וואָס איז אַזוינס דאָס געפיהל פון פליכט, וואָס איז אַזוינס דאָס געוויסען. דאָס רופט אונז די שטים פון די סאָציאַלע אינסטינקטען. צוזאַמען דערהערט זיך צו דערזעלבער צייט די שטים פונ'ם זעלבסטדערהאַלטונגס-אינסטינקט אָדער פונ'ם אינסטינקט צו שאַפען אַ דור און דעמאָלט פאַסירט אָפט, אַז די דאָזיגע ביידע שטימען פאַלען-אַריין אין אַ קאָנפליקט מיט דער שטים פונ'ם סאָציאַלען אינסטינקט. ווען דער אינסטינקט פון שאַפען אַ דור און פון זעלבסטדערהאַלטונג ווערען שטיל אין אַ געוויסער צייט אַרום, ווייל זיי זענען שוין צופרידענגעשטעלט, דעמאָלט קלינגט אָפט נאָך ווייטער דער סאָציאַלער אינסטינקט, אָבער איצט שוין אַלס חרטה. „נישטאָ קיין גרעסערער טעות, ווי זעהן אין געוויסען די שטים פון מורא פאַר חברים, פאַר זייער מיינונג אָדער גאָר פאַר זייער פיזישען צוואַנג. דאָס געוויסען ווירקט אויך", ווי מיר האָבען שוין געזעהן, „בנוגע צו אַזעלכע טאַהטען, וועלכע קיינער האָט זיך גאָר נישט דערוואוסט, אפילו אַזעלכע טאַהטען, וואָס די אַרומיגע האַלטען זיי פאַר שען און פיין; עס קען אויך גאָר ווירקען אַלס אַנ'עקעלהאַפטיגקייט צו טאַהטען, וועלכע מען איז בעגאַנגען אויס מורא פאַר חברים און פאַר זייער עפענטליכער מיינונג.—די עפענטליכע מיינונג, שבח און גנאי, לויב און שענדונג, זענען זיכער זעהר איינפלוסרייכע פאַקטאָרען. אָבער זייער ווירקונג קאָן דאָך נאָר געמאָלט זיין, ווען עס איז שוין פון פריהער פאַרהאַן אַ סאָציאַלער אינסטינקט, נעמליך די עהרגייציגקייט; דערום קאָנען זיי שוין נישט זיין ערשט די בעשאַפער פון די סאָציאַלע אינסטינקטען".

אַזוי זעהט מען, ווי איינפאַך עס לאָזט זיך ערקלערען דער דאָזיגער געביט פון גייסט, וועלכער איז אין פלוג אַזוי וואונדערבאַר, יענער געביט, וועלכער נעהמט-אַרום די העכסטע געבאָטען פון דער מאָראַל. אַזוי זעהט מען, ווי פאַלש עס איז, זיך אַ כאַפּ צו טוהן צוליב דעם צו דער מעטאַפיזיק, און ווי קלאָר עס ליעגען די אורזאַכען פון דער מאָראַל אין אונזער אייגענער מענשליכער, חיה'שער, ערדישער עקזיסטענץ.

דאָס איז אַלזאָ דער מהות פון דער מאָראַל; די דאָזיגע הבנה פערדאַנקען מיר קודם-כל דאַרווינ'ען. אָבער פון וואַנען נעהמט זיך עס, וואָס די גרויסע גוטע מידות זענען אַזוי פערענדערליך ביי פערשידענע פעלקער אין פערשידענע צייטען? ווי אַזוי איז די ווירקונג פון די דאָזיגע סאָציאַלע אינסטינקטען יעדעס מאָל אַזוי פערשידען?

דאָס האָט דאַרווין נישט אויסגעפאָרשט. די דאָזיגע קענטענישען האָבען מיר קודם-כל צו פערדאַנקען מאַרקס'ן.

מאַרקס איז געווען דער, וועלכער האָט ענטדעקט די הויפּט-אורזאַכען

פון דער פ ע ר ע נ ד ע ר ו נ ג אין זיי ווירקונגען פון די סאָציאַלע אינסטינקטען פאַר די יאָהרהונדערטען פון דער געשריבענער געשיכטע, פאַר די צייט פון פריוואַט־אייגענטום, פאַר די צייט פון דער סחורות-פּראָדוקציע.

מאַרקס האָט אויפגעוויזען, אַז צוליב דעם פּריוואַט־אייגענטום, וועלכער איז אַליין אַ פּראָדוקט פון דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק, פון דער וואַקסענדער פערטיילונג פון דער אַרבייט, דורך וועלכער די מלאכות האָבען זיך אָבגעטיילט פון דער לאַנדווירטשאַפט—זענען געשאַפען געוואָרען ק ל אַ ס ע ן, אייגענטימער און נישט־אייגענטימער, וואָס זייערע מיטגלידער פיהרען פון אָנהויב-אָן ביז היינט איינע מיט די אַנדערע אַ ק אַ מ ף איבער די פּראָדוקטען און די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. מאַרקס האָט אויפגעוויזען, אַז פון דער טעכניק, וועלכע האַלט זיך כסדר אין ענטוויקלען, נעהמט זיך אַ קאַמף, וואָס האַלט כסדר אין ענטוויקלען זיך. דערמיט האָט ער געוויזען די פאַר דער נייער צייט וויכטיגסטע אורזאַך פון די פערענדערונגען אין דער ו י ר ק ו נ ג פון די מאָראַלישע געבאָטען.

דען ערשטענס שאַפט זיך צווישען די פּריוואַט-אייגענטימער, אפילו ווען זיי געהערען צו דעמזעלבען ק ל אַ ס, דער קאָנקורענץ-קאַמף; און דער דאָזיגער קאַמף האָט אַ מערדערישע ווירקונג אויף דאָס העכסטע מאָראַלישע געבאָט, וועלכעס זאָגט, אַז איינער דעם אַנדערען דאַרף העלפען און מעהר נאָך, אַז איינער דאַרף זיך פאַר דעם אַנדערען מקריב זיין. דער דאָזיגער געבאָט ווערט אַ טויטער בוכשטאַב אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף קאָנקורענץ. אין אַזאַ מין געזעלשאַפט ווערט עס אַן׳אַבסטראַקטע לעהרע, וואָס האָט נישט קיין ערדיש׳ען נאָר אַ הימעלשען יסוד, וועלכע איז טאַקי גוואַלטיג שען און דערהויבען, אָבער געהן אין איהרע וועגען קאָן מען נישט,—אַ לעהרע אייגענטליך בלויז פאַר׳ן שבת׳דיגען טאָג, ווען דער האַנדעל און די פאַבריק שטעהען שטיל. עס איז נישט מ ע ג ל י ך צוצונעהמען איינער ביים אַנדערען אין קאָנקורענץ-קאַמף דעם מאַרק, די שטעלע, די אַרבייט, און אין דערזעלבער צייט פאָלגען די אינערליכע שטימע, וועלכע פליסטערט אונז פון קדמונים-אָן, מיר זאָלען געהן צוזאַמען מיט אונזער מיט-מענש, ווייל צוויי זענען שטאַרקער פאַר איינעם. דאָס איז אַן׳אונמעגליכע זאַך; און יעדע לעהרע, וועלכע זאָגט, אַז אַזוי קאָן און אַזוי דאַרף זיין, פיהרט צו צביעות.

אין זיין אַנאַליז איבער די סחורות, איבער דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע האָט מאַרקס קלאָר געמאַכט, ווי אַזוי דער כאַראַקטער פון אַזעלכע מענשען, וועלכע פּראָדוצירען זייערע פּראָדוקטען אַלס סחורות נישט-אָבהענגיג איינער פונ׳ם אַנדערען, מוז דווקא ווערען: פיינדשאַפטליך און פערפרעמדט, נישט אין אַ בעציהונג פון מענשען צווישען זיך, נאָר ווי זאַכען, ווי שטיקער ליינוואַנד, באַלענס קאַווע, טאָנען מעטאַל, קופּעס געלד; אַזוי האָט מאַרקס אויפגעוויזען די אמת׳ע בעציהונג פון מענשען איינע צו די אַנדערע, די פּאַקטישע בעציהונג און נישט יענע, וועלכע עקזיסטירט בלויז אין דער פאַנטאַ-

זיע פון די פּאָעטען אָדער אין דרשות פון מגידים.

צווייסענס ווידער האָט די ענטוויקלונג פון דער טעכניק און די אַר־בייטס-פּערטיילונג געשאַפען מענשליכע גרופּעס, וואָס זייערע מיטגלידער הגם זיי געפינען זיך אָפט אין קאָנקורענץ-קאַמף צווישען זיך, אָבער פונדעסטוועגען אַנטקעגען אַנדערע גרופּעס האָבען זיי גלייכע אינטערעסען—מיט אַנדערע ווערטער: די געזעלשאַפטליכע קלאַסען. די ערד-אייגענטימער האָבען גלייכע אינטערעסען אַנטקעגען די פאַבריקאַנטען, די אונטערנעהמער אַנטקעגען די אַרבייטער—און פערקעהרט. אויפ׳ן מאַרק מעגען זיי זיך טאַקי אייגע די אַנדערע אָבטוהן גרויסע עוולות, אָבער אינ׳ם קאַמף פאַר די פּאָשלינעס אויף תבואה האָבען אַלע ערד-אייגענטימער אַ גלייכען אינטערעס, דעסגלייכען אַלע פאַבריקאַנטען—אינ׳ם קאַמף פאַר שוץ-פּאָשלינעס אויף אינדוסטריע־פּראָדוקטען, און אַלע אונטערנעהמער—אינ׳ם קאַמף געגען גוטע געזעצען פון אַרבייטער-שוץ.

דער קלאַסען-קאַמף דער׳הרג׳עט אַלזאָ אויך אַ גוטען טייל פון דער מאָראַל, וואָרן דאָס מאָראַלישע געבאָט קאָן נישט גילטען אין בעציהונג צו אַזאַ קלאַס, וועלכער וויל אונזער קלאַס פערניכטען אָדער וועלכער פּרובט איהם אָבצושוואַכען, און יענער קלאַס קאָן אויך אין בעציהונג צו אונזער קלאַס נישט האָבען קיין שום געפיהלען פון מסירות־נפש און טרייהייט. בלויז אין דעם קלאַס גופא קאָן נאָך אויף די געביטען פון קלאַסען-קאַמף זיין אַ רייד וועגען עפּעס אַ מאָראַלישען געבאָט; אַנטקעגען אַנ׳אַנדער קלאַס גילט דאָס העכסטע מאָראַלישע געבאָט פונקט אַזוי ווענינ ווי אַנטקעגען דעם שונא. אַזוי ווענינ, ווי מען קלעהרט אויף דער מלחמה זיך מקריב־צו זיין פאַר׳ן שונא, פונקט אַזוי ווענינ פאַלט עמיצען איין, אַריסצוהעלפען דעם מיטגליד פון אַ געגנערישען קלאַס, אַלס אַ ז ע ל כ ע ן. אַזוי ווי ביי געוויסע חיות גילט דאָס מאָראַלישע געבאָט בלויז אין בעציהונג צו די מיטגלידער פון דערזעלבער סטאַדע, אַזוי ווי ביי די אַמאָליגע מענשליכע שבטים האָט דאָס געפיהל גע־גאָלטען בלויז פאַר די מענשען פון דעם אייגענעם שטאַם—פונקט אַזוי גילט עס אין דער קלאַסען-געזעלשאַפט בלויז פאַר די מענשען פון דעם אייגענעם קלאַס און דאָס נאָר, אויף וויפיל די קאָנקורענץ ערלויבט עס.

דורך דעם פאָרשריט פון דער טעכניק, דורך דער אָנזאַמלונג פון ריע־זיגע רייכטימער פון איין זייט און פון מהנות אונפערמעגליכע פּראָלעטאַריער פון דער אַנדער זייט ווערט אין אונזער צייט דער קלאַסען־קאַמף צווישען די פערמעגליכע און נישט־פערמעגליכע, קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער כסדר אַלץ שאַרפער און שטאַרקער. אין אונזערע טעג קאָן אַלזאָ וואָס ווייטער אַלץ ווע־ניגער זיין אַ רייד וועגען דעם, אַז די קלאַסען זאָלען אין זייערע בעציהונ־גען איינע צו די אַנדערע פאָלגען די העכסטע מאָראַלישע געבאָטען. פער־קעהרט גאָר, די אַ נ ד ע ר ע גרויסע אינסטינקטען, דער אינסטינקט פון דער זעלבסטדערהאַלטונג און די זאָרג פאַר די קינדער, האָבען איצט בעקומען ביי

די קלאַסען אַסך מעהר די איבערהאַנד איבער די אַלטע סאָציאַלע גוטע מידות. דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג צווינגט די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער נישט צו דערלאָזען די אַרבייטער צו דעם, וואָס איז פאַר זיי נויטווענדיג. זיי פיהלען, אַז אין אַ נישט איבריגס ווייטער צייט וועלען זיי מוזען אָבגעבען אַלץ, זייער גאַנץ פערמעגען, זייער גאַנצע מאַכט, און אויס מורא צו מאַכען אפילו איין איינציגען שריט אויף דעם דאָזיגען וועג, פערלירען זיי וואָס ווייטער אַלץ מעהר דעם חשק צו געבען זיי כאָטש עפּעס. און אויך דער אַרבייטער פיהלט נישט די ליעבע צום נאָהענטסטען אין בעציהונג צום קאַפּיטאַליסט, דען די אינסטינקטען פון זעלבסטדערהאַלטונג און ליעבע צו זיינע קינדער טרייבען איהם ביימוקומען די קאַפּיטאַליסטען און אויסקעמפען אַזוי-אַרום אַ העררליכע, גליקליכע צוקונפט.

די ענטוויקלונג פון דער טעכניק, דאָס געזעלשאַפטליכע רייכטום, די פערטיילונג פון דער אַרבייט האָבען געמאַכט אַזעלכע ווייטע מערשריטען, די פערמעגליכע און די אונפערמעגליכע קלאַסען זענען אַזוי ווייט אָבגעשיידט איינע פון די אַנדערע, אַז דער קלאַסען-קאַמף איז געוואָרען די „היפּשטזעכליכסטע, דזיערהאַמטסטע פאָרם פונ׳ם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וואָס דער מענש פיהרט אין דער געזעלשאַפט".

מיט דער וואַקסענדער קאָנקורענץ האָט זיך פערקלענערט די קראַפט פון אונזער סאָציאַל געפיהל, פון אונזער געפיהל און בעציהונג צו די מיט־גלידער פון אונזער געזעלשאַפט, דאָס הייסט די קראַפט פון אונזער מאָראַל. מיט׳ן קלאַסען-קאַמף האָט זיך אויך פערקלענערט אונזער סאָציאַל געפיהל אין בעציהונג צו די מיטגלידער פון אַנדערע קלאַסען, דאָס הייסט אונזער מאָראַל אין בעציהונג צו זיי, אָבער דערפאַר איז עס געוואָרען אַלץ קרעפטיגער אין בעציהונג צו די מיטגלידער פון אונזער אייגענעם קלאַס.

יאָ, אַזוי ווייט האַלט עס שוין מיט׳ן קלאַסען-קאַמף, אַז פאַר די מיט-גלידער פון די וויכטיגסטע קלאַסען איז דאָס וואוילזיין, די טובה פון זייער קלאַס אידענטיש (אַלץ-איינס) מיט דער טובת-הכלל, מיט דעם וואוילזיין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. צוליב דער טובת-הכלל אונטערשטיצט מען בלויז די מיטגלידער פון דעם אייגענעם קלאַס און מען געהט ענטשלאָסען אין קאַמף געגען דעם פרעמדען קלאַס.

ליעגט אַלזאָ דער מהות, דאָס וועזען פון דער העכסטער מאָראַל אין זעלבסטלאָזיגקייט, סאַפּפּערקייט, טרייהייט, דיסציפּלין, ליעבע צום אמת, גע-פיהל פון יושר און שטרעבונג צו כבוד און שבח ביי די מיט-מענשען—ענ-דערט זיך אָבער פסדר די ווירקונג פון די דאָזיגע גוטע מידות אָדער אינסטינקטען דורך אייגענטום, קריעג, קאָנקורענץ און קלאַסען-קאַמף.

כדי צו מאַכען דעם ענין ווי מעגליך קלאָר, לאָמיר אָנווענדען דאָס, וואָס מיר האָבען געלערנט פון דאַרווינ׳ען און מאַרקס׳ן, אויף אַנ׳אינדיווידו-עלען ביישפּיל פון אונזער צייט, פון אונזער אייגענער דירעקטער סביבה.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַן׳אונטערנעהמער, אַן׳אייגענטימער פון אַ פאַבריק, וועלכע ער פיהרט אין אַ העפטיגער קאָנקורענץ געגען זיינע קלאַסען־קאָלעגען. צי קאָן דען דער דאָזיגער מענש אין בעציהונג צו די דאָזיגע קלאַסען-חברים, די אייגענטימער פון די קאָנקור־רענדע פאַבריקען, מקיים זיין די העכסטע, די—וואָס די בורזשואַזיע רופט—אייביגע געבאָטען פון דער מאָראַל? ניין, ער מוז פרובען צו פערהאַלטען אָדער איינגעהמען דעם מאַרק פאַר זיך. ער קאָן עס טוהן מיט בעסערע אָדער ערגערע מיטלען, אָבער ער מוז עס טוהן. אפשר האָט ער בטבע אַסך סאָציאַלען געפיהל—צום ענין האָט עס נישט קיין שייכות, דאָס געפיהל וועט בייגעקומען ווערען דורך זיין זעלבסטערהאַלטונגס-אינסטינקט און דורך די זאָרג פאַר זיינע יורשים. אין דער קאָנקורענץ איז עס אַ לעבענס־פראַגע צו דערהאַלטען פאַר זיך דעם מאַרק, צו פערגרעסערן די קונדשאַפט. שטילשטאַנד איז דאָרטען שוין דער אָנהויב פון רעגרעס, פון צוריקגאַנג.

אין דער מאָס, וואָס די קאָנקורענץ ווערט שאַרפער, דאָס הייסט אין דער מאָס, וואָס די טעכניק און דער וועלט-מאַרק ענטוויקלען זיך, אין דער-זעלבער מאָס וועט דער דאָזיגער פאַבריקאַנט פיהלען וועניגער סאָציאַל, וועט ער קלעהרען אַלץ שטאַרקער וועגען זעלבסטערהאַלטונג, דאָס הייסט וועגען אַ מעגליכסט גרויסען געווין. וואָרן וואָס שאַרפער עס איז די קאָנקורענץ, אַלץ גרעסער איז די געפאַהר פונ׳ם אונטערגאַנג.

צי קאָן דער דאָזיגער פאַבריקאַנט מקיים זיין די העכסטע געבאָטען פון מאָראַל אין בעציהונג צו זיינע אַרבייטער? די פראַגע איז לעכערליך. ער מעג זיין בטבע אַ גוטער מענש, ער מעג אפילו גאַנץ שטאַרק מיטפיהלען מיט די ליידענדע, אָבער זיינע אַרבייטער וועט ער פאָרט מוזען געבען אַזאַ נידע-ריגען לוין, אַז זיין פאַבריק זאָל האָבען אַ גרויסען ריווח. קיין שום ריווח אָדער אַ קלייננער ריווח בעדייט שטילשטאַנד. די פאַבריקאַציע מוז פערגרעסערט ווערען, פון צייט צו צייט אויסגעבעסערט, אַנישט שטעהט ער אָב אין עטליכע יאָהר צייט פון די אַנדערע און אין צעהן יאָהר איז ער שוין מעהר נישט פעהיג צו קאָנקורי-רען. די עקספלואַטאַציע מוז אַלזאָ דורכאויס פאָרקומען, און אפילו די מיל-דעסטע, די גינסטיגסטע מיטלען פאַר די אַרבייטער מוזען זיין אַזעלכע, אַז סוף-כל-סוף זאָלען זיי נישט קירצען דעם פּראָדוקט, דעם ריווח. מיט אַ כיוון נעהמען מיר אַלס ביישפיל אַ קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט נאָך עפּעס געפיהל פאַר זיין פערזאָנאַל; נאָר דער גרעסטער טייל איז נישט אַזוי, ביים גרע-סטען טייל ווערט דאָס סאָציאַלע געפיהל שוין פריה דערשטיקט דורך דער תאווה פון ריווח און יענע, וועלכע בענוצען זיך אין זייערע אונטערנעהמונ-גען מיט די גינסטיגסטע מיטלען, טוהען עס נאָך אָפט צוליב פּיטועקייט, צוליב אַ גוט-פערשטאַנענער אייגענגוציגקייט, כדי צוצושמירען די אַרבייטער נאָך פעסטער צו דער פאַבריק און מאַכען זיי פאַר נאָך מעהר פראָפיט-גע-בענדע שקלאַפען.

און ווען מיר נעהמען נאָך אָן, אַז דער קלאַס פון די אַרבייטער הייבט־אָן צו קעמפען געגען דעם דאָזיגען קאַפּיטאַליסט און זיין קלאַס, אַז עס שאַפען זיך פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען און עס ברעכען־אויס שטרייקען, אַז וואָס אַמאָל ווערט אַלץ העפטיגער געשטעלט דאָ די, דאָ יענע פאָדערונג — דעמאָלט פערשווינדט ביים קאַפּיטאַליסט און זיין קלאַס ביסלעכווייז יעדעס סאָציאַלע געפיהל פאַר יענעם טייל פון זיינע מיטמענשען, וועלכע זענען אַרבייטער ביי איהם; דעמאָלט וואַקסט־אויף ביי זיי דער קלאַסען־האַס געגען די אַרבייטער, און דאָרט וואו עס האַנדעלט זיך וועגען קאַמף געגען די אַרבייטער (אַלזאָ אויסערהאַלב פון דער קאָנקורענץ, וועלכע בלייבט עקזיסטירען) ענטוויקעלט זיך די קלאַסען־סאָלידאַריטעט מיט די אַנדערע קאַפּיטאַליסטען.

און אויך דאָס ענדערט זיך, די דאָזיגע גייסטיגע אַטמאָספערע ווערט אַנדערש אָנגעלאָדען, וואָס ווייטער עס ענטוויקעלט זיך די טעכניק און וואָס העפטיגער עס ווערט דורכדעם דער קלאַסען־קאַמף.

לאָמיר נאָך ווייטער אָננעהמען, אַז דער דאָזיגער פאַבריקאַנט ווערט אַ מיטגליד פון אַ סינדיקאַט, פון אַ טרעסט אָדער קאַרטעל. אויך דאָס מוז ער אָפט טוהן צוליב דער זעלבסטדערהאַלטונג. דעמאָלט פאַלט ער אַריין אין די שטעלונג פון אַ דעספּאָט אַנטקעגען זיינע אַרבייטער, ווייל דערפאַר וואָס זיין טרעסט האָט דעם מאָנאָפּאָל קענען זיי געפינען אַרבייט בלויז ביי איהם און זענען אַלזאָ אינגאַנצען פון איהם אָבהענגיג. דער דאָזיגער קאַפּיטאַליסט בעגעהט זיך דעמאָלט מיט זיינע אַרבייטער, אַזוי ווי עס פאָדערט דער סינדיקאַט. איז נויטווענדיג די פּראָדוקציע צו בעגרענעצען, דעמאָלט ווערט דער שקלאַף אַרבייטסלאָז; קומט אַ בעסערע קאָניונקטור, דעמאָלט רופט מען איהם ווידער אין די פאַבריק; וועגען מסירות־נפש, ליעבע צום נאָהנטסטען איז נישטאָ וואָס צו רעדען — דער וועלט־מאַרק ענטשיידעט. אין דעם מאָמענט, ווען מיר שרייבען עס קומט־פאָר אַנ'אויסוואַנדערונג פון אַרבייטער אפשר אין דעם גרעסטען מאַסשטאַב, וואָס דאָס איז נאָר ווען געשעהן. אין די הונדערטער טויזענדער וואַנדערן זיי אויסגעוואָרפען אויפ'ן ברוק דורך די אַמעריקאַנער טרעסטען, און אין איראָפּא געהט די אַרבייטער נישט בעסער. דאָס סאָציאַלע געפיהל אין בעציהונג צו די אַרבייטער לעבט נישט מעהר ביי דער מעהרצאָהל פון די דאָזיגע קאַפּיטאַליסטען.

אַצינד לאָמיר נעהמען אַלס אַ צווייטען ביישפּיל אַ פּאָליטיקער, וועלכען די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען האָבען אָנגעטרויט זייערע אינטערעסען אין אַ פּאַרלאַמענט. צי קען דען דער דאָזיגער מענש מקיים זיין די העכסטע, כלומרשט אייביגע מאָראַל אין בעציהונג צום אַרבייטענדען קלאַס? ניין, אפילו דעמאָלט ווען ער וויל, אויך נישט. וואָרן אַ געבאָט פון דער העכסטער מאָראַל איז די גערעכטיגקייט, דאָס הייסט די שטרעבונג צו געבען יעדען איינעם גלייכע רעכט. אָבער דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס געהט אַלס אַזעלכער צו גרונד,

ווען ער וועט געבען די אַרבייטער גלייכע רעכט. גלייכע רעכט, דאָס הייסט ערשטענס גלייכע פּאָליטישע רעכט, צווייטענס שותּפיש אייגענטום אויף פּלאַץ, פעלד און פּראָדוקציאָנס-מיטלען. ווילאַנג דאָס איז נישט פאַרהאַן, אַזוי לאַנג איז נישטאָ קיין העכסטעס רעכט, קיין העכסטע גערעכטיגקייט. צי קען אָבער אַ בירגערליכער פּאָליטיקער קומען דערצו? ניין, דען דאָס וואָלט זיין אַ זעלבסטמאָרד פון זיין קלאַס—און ער טאָר עס נישט דערלאָזען.

און וואָס הייסער עס ווערט דער קלאַסען-קאַמף דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק, וואָס צאָהלרייכער, קרעפטיגער און בעסער אָרגאַניזירט עס טרעטען-אַרויס די אַרבייטער, וואָס דייטליכער עס ווייזט זיך אַרויס די מעגליכקייט פון זייער איבערמאַכט, אַלץ קאַטעגאָרישער מוז דער בירגערליכער פּאָליטיקער זיך-אָבזאָגען פון טוהן פאַר די אַרבייטער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל האָבען אַ בעדייטונג. די בירגערליכע פּאָליטיקער מוזען פערשטיקען זייער סאָציאַל געפיהל פאַר די אַרבייטער און צוהערען-זיך בלויז צו דער זעלבסטדערהאַלטונג. פּונקט אַזוי ווי פאַר דעם איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, איז עס אויך פאַר׳ן גאַנצען קלאַס אַ פראַגע פון לעבען אָדער טויט.

אָבער אין דער מאָס, וואָס עס פערשווינדט דאָס סאָציאַלע געפיהל פאַר די אַרבייטער, וואַקסט-אויס ביים דאָזיגען בירגערליכען פּאָליטיקער—ווי מיר נעהמען-אָן, אַ פאָרשטעהער פון די פערמעגליכע קלאַסען—אַ געפיהל פון סאָלידאַריטעט מיט די אַנדערע פערמעגליכע קלאַסען, אין דער צייט וואָס אין אַנדערע פּונקטען בלייבט דער קאַמף און די פּאָליטישע קאָנקורענץ ווייטער עקזיסטירען.

און דער קלאַסען-האַס ווי די קלאַסען-ליבע ווערען ביי דעם דאָזיגען פּאָליטיקער אַלץ שטאַרקער, וואָס שאַרפער עס ווערט דורך דער טעכניק דער געגענזאַץ צווישען די פערמעגליכע און די נישט-פערמעגליכע קלאַסען.

אַזוי ערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס פּאָליטיקער, וואָס לכתּחילה, איידער זיי האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין די פּראַקטישע פּאָליטיק—צום ביישפּיל אין אַן אָפּאָזיציאָנס-פּאַרטיי אָדער אין אַ יונגער בירגערליכער פּאַרטיי—זענען זיי פול געווען מיט סאָציאַלען געפיהל פאַר די אַרבייטער, פערלירען אָבער דאָס דאָזיגע געפיהל, גלייך ווי זיי האָבען צו פיהרען דעם פּראַקטישען קאַמף געגען די אַרבייטער. די פּראַקטיק דערשטיקט דאָס דאָזיגע געפיהל און לאָזט אויפלעבען די קלאַסען-סאָלידאַריטעט מיט די פערמעגליכע. מופתים חותכים דערצו זענען קיפּער אין האָלאַנד, מילראַן, בריאַן און קלעמאַנסאָ אין פראַנקרייך*).

---

*) צוויי ריכטונגען זענען מעגליך אינ׳ם גייסט פון דעם בירגערליכען פּאָליטיקער אָדער דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכע עס קומט-אויס דורך דער ענטוויקלונג פון

לאָמיר אָצינד נעהמען אַלס אַ דריטען ביישפּיל אַן׳אַרבייטער.

צי קאָן דען דער אַרבייטער מקיים זיין דאָס געבאָט פון מסירות-נפש בנוגע צו זיין אונטערנעהמער, יענעמס קלאַס און יענעמס מלוכה? ניין. דערביי וואָלט ער זיך אַליין געלאָזט שינדען צום טויט, זיין פרוי און זיינע קינדער וואָלטען פאַר צרות אויסגעהן מיט די כוחות. דלות, קראַנקהייט און אַרבייטסלאָזיגקייט וואָלטען פיהרען צום גרונד איהם און זיין קלאַס. געגען דעם שטעלען זיך אויף ביי איהם אויך די מעכטיגע אינסטינקטען פון זעלבסט-דערהאַלטונג און פון שאַפען אַ נייעם דור מיט די אַלע מעכטיגע געפיהלען, וואָס זענען נאָהענט צו די דאָזיגע אינסטינקטען: די געפיהלען פון קינדער- און עלטערן-ליבע. ער טאָר זיך נישט מוסר-נפש זיין פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, פאַר דער מלוכה, ווייל זיי מאַכען איהם אונגליקליך, ווען ער לאָזט זיי אונגעשטערט בעל׳הבת׳עווען, זיי פעראורטיילען איהם אויף קנעכטשאַפט און פרידצייטיגען טויט. די געשיכטע לערנט, אַז ווען די אַרבייטער קעמפען נישט פאַר אַ בעסערען גורל, ברענגט זיי דער קאַפּיטאַליסטען-קלאַס ביז אַ פונקט, וואו זיי זענען נישט אימשטאַנד נישט צו לעבען נישט צו שטאַרבען און אַז אפילו די מינדסטע פערבעסערונג קאָסט יאָהרען מיה. די עקזיסטענץ פונ׳ם אַרבייטער איז אָפט אַזוי פינסטער, די אַרבייטסלאָזיגקייט, די פרויען- און קינדער-אַרבייט, די קראַנקהייטען, די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער זענען אָפט אַזוי נישט-צו-דערטראָגען, עס פעהלען אַזוי אַלע גייסטיגע און קערפּערליכע פערגניגענס, וועלכע עס וואָלט דאָך אַזוי לייכט געווען צו האָבען,—אַז מסירות-נפש פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און זיין מלוכה בעדייט נישט ווענייגער ווי אַראָבפאַלען פון דעם שמאָלען ראַנד, אויף וועלכען דער אַרבייטער שטעהט, אַראָבפאַלען צום טויט. אַזוי-אַרום קומט דער אַרבייטער בנוגע דעם קאַפּיטאַליסטען-קלאַס צום היפּך פון דער גרויסער מצווה: ואהבת לרעך כמוך

---

דער מנהג און מיט׳ן פּראָדוקציאָנס-אופן צו שטעהן אין געגענזאַץ צום אַרבייטער-קלאַס. נאַטירליך איז ער מודה, אַז בנוגע דעם אַרבייטער-קלאַס קאָן ער נישט ערפילען די געבאָטען פון דער העכסטער מאָראַל און ער ערפילט זיי טאַקי נישט. דעמאָלט וועט ער זאָגן: ער דערשטיקט מיט׳ן ווערטעל „עס לאָזט זיך נישט" די שטים, וועלכע זאָגט איהם, וואָס ער אַליין האַלט פאַר „גוט". אָדער ער זאָגט, אַז ער אַנערקענט און איז מקיים די העכסטע מאָראַל. דעמאָלט ווערט ער אַ צביע׳ק, וואָס זיינע ווערטער און טאַטען שטעהען אין אַ שאַרפען געגענזאַץ איינע צו די אַנדערע, אַ מענש וואָס בעהאַלט הינטער ווערטער זיינע אייגענאַרטיגע טאַטען, און בעזונדערס עקלהאַפטיג ווערט די צביעות, ווען עס פּאָרען זיך צוזאַמען מיט איהר, אזוי ווי ביים האָלענדישען פּאָליטיקער קייפּער למשל, רעליגיע און פּראַקטיק.—אַזעלכע ערשיינונגען זענען אָבער נישט קיין פערזענליכע זינד, נאָר ווי מיר האָבען אויפגעוויזען, אַ נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען,

(ליב דיין נאָהענטען, ווי זיך אַליין): ער קומט צום קאַמף געגען דעם הער-שענדען קלאַס.

און וואָס גרעסער עס ווערט דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק דער ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטען, וואָס שטאַרקער עס ווערט זייער אָרגאַניזאַציע אין אונטערנעהמער-פעראיינען, טרעסטען און פּאָליטישע פּאַר-טייען, אַלץ שוואַכער ווערט ביים אַרבייטער אין האַרצען דער סאָציאַלער אינסטינקט בנוגע דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטען; ער ווערט פערוואַנדעלט פּונקט אַזוי ווי ביי דעם קאַפּיטאַליסטען-קלאַס אין קלאַסען-האַס.

לאָמיר זיך אַצינד ווייטער פאָרשטעלען, אַז דער דאָזיגער אַרבייטער לערנט-זיך-אויס אַזוי טיף צו בעגרייפען די פּראָדוקציאָנס- און קלאַסען-בע-ציהונגען, אַז ער ווערט אַ סאָציאַליסט. דעמאָלט וועלען זיינע העכסטע מאָראַ-לישע אינסטינקטען ווערען אַלץ וואַרימער פאַר'ן קלאַס פון די אונפערמעגלי-כע און וועלען וואַקסען אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער זיי פאַלען-אָב פאַר די קאַפּיטאַליסטען און פאַר זייער געזעלשאַפט. און איז ער שוין פון דער נאַטור אַרויס אַ מענש מיט הויכע מאָראַלישע געפיהלען, דעמאָלט וועלען די דאָזיגע געפיהלען פערשטאַרקט ווערען דורך דער איבערצייגונג, אַז ער און זיינע קינדער און זיינע אַלע חברים וועלען בלויז דעמאָלט קאָנען קומען צום גליק, ווען אַלע, אַלזאָ אויך ער אַליין, וועלען צוזאַמען זיך צוהערען צו דער שטים, וואָס רופט זיי צו טרייהייט, ליבע צום אמת, טאַפּפערקייט, זעלבסט-אָפּפערונג, גערעכטיגקייט.

און וואָס העכער עס שטייגט די נויט פון די קלאַסען, דאָס הייסט וואָס גרעסער עס ווערט ביי די אַרבייטער דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק דאָס בעדערפניש אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און ביי די פער-מעגליכע ווערט אַלץ גרעסער דער ווידערשטאַנד געגען זיי, אַלץ שטאַרקער וועט ווערען די סאָלידאַריטעט, אַלץ העכער וועט רעדען אינ'ם פּראָלעטאַריאַט די מאָראַל, אַלץ מעהר וועט ער זיך צוהערען צו דער דאָזיגער שטים. די ווירקונג פון דער מאָראַל וועט אַלזאָ אויך דאָ כסדר זיך ענדערן.

און לאָמיר אָננעהמען צום סוף דעם פאַל, אַז דער דאָזיגער אַרבייטער ווייס צו ענטוויקלען זיין גייסט אַזוי ווייט, אַז ער פיהלט זעהר קלאָר, וואָס פאַר אַ גליק די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט וועט ברענגען פאַר אַלע מענשען, וואָס פאַר אַנ'עלענד עס וועט דורך איהר פערשווינדען. דעמאָלט וועט ער דורך זיין האַס געגען די פערמעגליכע און זיין סאָלידאַריטעט מיט די אונ-פערמעגליכע ענטדעקען אַ וועג פאַר זיינע העכסטע מאָראַלישע געפיהלען. ער פיהלט, אַז ערשט דעמאָלט ווען די אַרבייטער וועלען זיגען און די קאָמו-ניסטישע געזעלשאַפט וועט פערווירקליכט זיין, וועט דאָס מאָראַלישע געזעץ אין אונז קאָנען גילטען אין בעציהונג צו אַלע מענשען. אין זיין אייגענער שטרעבונג און אין דער שטרעבונג פון זיין קלאַס אָבצושאַפען פּריוואַט-אייגענטום, קאָנקורענץ און קלאַסען-קאַמף, פיהלט ער דערום אינ'ם טיפ-

סטען גרונד פון זיין האַרץ עפּעס, און מעג עס זיין כאָטש בלויז אַנ'אָבגלאַנץ פון דער ערשטער מאָרגען-רויטקייט, פונ'ם העכסטען זיטען-געזעץ אין בעציהונג צו אַ ל ע מענשען. דען, אויב די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז אַ ברכה פאַר אַלעמען, דעמאָלט וועט שוין די שטרעבונג צו ברענגען דערצו, ענטהאַלטען אין זיך עפּעס פון דער אַלגעמיינער מענשען־ליבע, וועלכע שפּרייט זיך אויס אויף אַלע נאַציאָנען*)

אין די דאָזיגע ביישפּילען, וועלכע זענען אין דעם ווירקליכען לעבען בעקאַנט יעדען אַרבייטער פון זיין נאָהענטסטער סביבה, זעהט מען אַלזאָ גאַנץ קלאָר, ווי אַזוי עס ענדערט זיך אויך די ווירקונג, דער אינהאַלט, דער עקזיסטענץ-אופן, אין אונזערע מוחות און הערצער, אפילו פון דער אַזוי-גערופענער העכסטער און אייביגער זיטליכקייט אָדער מאָראַל—אַלץ לויט דעם ווי עס ענדערען זיך דער קלאַסען-קאַמף, די קלאַסען-בעציהונגען, דאָס הייסט די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, אַלזאָ אין דער לעצטער אינסטאַנץ די פּראָדוקציע און די טעכניק. אונפערענדערליך איז אַלזאָ אַפילו די העכסטע זיטליכקייט אויך נישט,—זי לעבט, דאָס הייסט זי ענדערט זיך.

## אַ ט ע נ ה.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די בעגריפען גוט און שלעכט שטעהען נישט אין דער געשיכטע שטענדיג ביי איין און דיזעלבע טאַהטען. היינט קאָן הייסען „גוט" דאָס, וואָס אַמאָל האָט געהייסען „שלעכט", און פערקעהרט. מיר האָבען עס דערוויזען אָן עטליכע זעהר וויכטיגע ביישפּילען: די נייע גוטע מידות ביי די פרויען, די נייע מידות ביי די אַרבייטער, די פּאָטערלאַנדס-ליבע, די אינטערנאַציאָנאַלע געזינונג—אַלץ ענדערט זיך.

אונזערע געגנער מאַכען גוואַלדען: עס עקזיסטירט אַנ'אייביגע אונבער-

*) פּונקט אַזוי ווי ביי די קאַפּיטאַליסטען און זייערע פּאָליטישע פאָרשטעהער זענען מעגליך צוויי ריכטונגען אויך אינ'ם גייסט פון די אַרבייטער און זייערע פאָרשטעהער. ענטוועדער דער אַרבייטער לעגט אַכט בלויז אויף דעם טאָג־טעגליכען קאַמף, דעמאָלט בעגרענצט זיך זיין מאָראַליש געפיהל בלויז אויף אַנ'ענגען קרייז; צום ביישפּיל בלויז אויף די קאָלעגען פון דעם אייגענעם פאַך. אָדער ער לעגט אַכט קודם־כל אויך אויף דאָס ענדציל, אויפ'ן סאָציאַליזם, דעמאָלט פערשפּרייט זיך זיין מאָראַליש געפיהל אויף דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט און קאָן זיך פערשפּרייטען נאָך מעהר, אויף די גאַנצע מענשהייט. ציניזם אָדער צביעות זענען די ביידע נויטווענדיגע אַלגעמיינע ערשיינונגען ביי דעם הערשענדען קלאַס, ניכטערע בעגרענצטקייט אָדער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם זענען די ביידע אַלגעמיינע ערשיינונגען ביי דעם בעהערשטען קלאַס,—ביי ביידע זענען נאַטירליך פאַראַן פיל איבערגאַנגען.

ענדערליכע מאָראַל, איהרע העכסטע געבאָטען זענען שטענדיג איינע און דיזעלבע.

מיר ענטפערען רוהיג: דערווייזט עס. נישט מיט התפעלות און מליצות, נישט מיט פראַזעלריי און מיט קללות געגען אונז, נאָר היסטאָריש, מיט פאַק-טען, וואָס יעדער איינער זאָל זיי קאָנען בעגרייפען אָדער אויספאָרשען.

זיי קאָנען עס אָבער נישט.

מיר דאַגעגען האָבען אויפגעוויזען, שטיצענדיג זיך אויף דאַרווינ'ען און אויף קאַוטסקי'ן, אַז ערשטענס לעבט ביים מענשען אין האַרץ אַ דראַנג, צו העלפען די אַנדערע מענשען, אַ מאָראַליש געבאָט, וואָס האָט אַ ריין ערדישע, פשוט ממש אַ חיה'שע אָבשטאַמונג, אַז צווייטענס דריקט זיך אָבער אויס דאָס דאָזיגע זיטען-געזעץ שטענדיג פ ע ר ש י ד ע ן צוליב דעם קאַמף פאַר דאָס אייגענטום, צוליב דער קאָנקורענץ און דעם קלאַסען-קאַמף, און אַז אין בע-ציהונג צו קלאַסען-חברים קלינגט דאָס זיטען-געזעץ גאַנץ אַנדערש, ווי אין בעציהונג צו קלאַסען-געגנער.

יעדער איינער ווייס, אַז אַזוי איז עס; יעדער איינער קאָן עס אָב-סערווירען טאָג-טעגליך ביי זיך אַליין און ביי אַנדערע, מיר האָבען אַלזאָ אַוועקגעשטעלט פ אַ ק ט ע ן אַנטקעגען פוסטע ס ב ר ו ת.

פון אונזערע בעווייזען זעהט מען אויך קלאָר אַרויס, אַז אין בעציהונג צום פיינד, מעג עס זיין דער פיינד פונ'ם שטאַט, פונ'ם לאַנד אָדער פונ'ם קלאַס, גילטען נישט די הויכע געבאָטען פון דער מאָראַל, אַז אין געגענטייל די מאָראַל, וואָס בעפעהלט אונז צו העלפען אונזערע חברים, צווינגט אונז דערמיט גלייכצייטיג צו פערניכטען דעם פיינד, וואָס לויערט אויף זיי, אַז די געבאָטען פון מסירות-נפש, סאָלידאַריטעט, עהרליכקייט און טרייהייט גילטען נ י ש ט אין בעציהונג צום פיינד פונ'ם קלאַס.

אונזערע געגנער האַלטען פאַר אַ גרויל, וואָס מיר ז אָ ג ע ן עס, און זיי שפייען-אָב פון אונז דערפאַר. אָבער רוהיג קאָנען מיר ווידער-אַמאָל אָנ-ווייזען דערויף, אַז גראָד זיי אַליין, קאָנסערוואַטיווע, ליבעראַלען, קלעריקאַ-לען און דעמאָקראַטען טוהען כסדר טאַקי דאָס אייגענע. וואָרן טאָג איין טאָג אויס, יאָהר איין יאָהר אויס דערלאָזען זיי נישט די פיינד פון זייער קלאַס, די אַרבייטער, צו בעקומען דאָס נויטווענדיגסטע; זיי זענען גאָרנישט מקריב פונ'ם אייגענטום פון זייער קלאַס, חוץ וואָס עס ווערט ביי זיי אַרויסגעריסען דורך דער מורא פאַר דער מאַכט פון די אַרבייטער; זיי ווייזען נישט אַרויס אפילו די מינדסטע סאָלידאַריטעט מיט די אַרבייטער, נאָר זיי שמידען זיי אין קייטען, ווען יענע פרובען זיך ריהרען; זיי זענען נישט אין בעצי-הונג צו די אַרבייטער עהרליך און טריי, נאָר בעת עס קומען די וואַהלען גיבען זיי שטענדיג די אַרבייטער פערשידענע הבטחות און דערנאָך האַלטען זיי נישט קיין וואָרט. און ביני לביני דרש'ענען זיי וועגען ליבע צום נאָ-הענטען, צו אַלע נאָהענטע!

דאַגעגען זעהען מיר פון דער געשיכטע אַרויס, אַז די הויכע געבאָטען פון דער מאָראַל האָבען אין בעציהונג צום שונא קיינמאָל נישט געגאָלטען, אויב דורכדעם איז געטוהן געוואָרען אַ טובה דעם אייגענעם קלאַס אָדער דעם אייגענעם פאָלק, און מיר זענען מודה מיט'ן פולען מויל, אַז אויך מיר וועלען דיך נישט מוסר-נפש זיין, אויך מיר וועלען נישט זיין סאָלידאַריש, נישט זיין טריי און נישט זיין עהרליך אין בעציהונג צו דעם פיינדליכען קלאַס, ווען דאָס וועט אונז דיקטירען די אמת'ע טובה פון אונזער אייגענעם קלאַס.*)

בעגען די דאָזיגע אויספיהרונגען ווערט אפשר געשטעלט די טענה, אַז פון דעסטוועגען ווערט דאָך נישט דערשטיקט אינ'ם קלאַסען-קאַמף יעדעס מענשליך געפיהל; אויב שוין אין קריג, נישט קוקענדיג אויף דער שטרעבונג צו פערניכטען דעם געגנער, גילטען-אָן פון דעסטוועגען געוויסע געבאָטען פון דער מאָראַל, די געפאַנגענע ווערען נישט דער'הרג'עט, דאָס וואָרט וואָס מען גיט אָדער אַ צוזאָג ווערען געהאַלטען, אויף וויפיל מעהר גילט עס שוין אָן אינ'ם קלאַסען-קאַמף, וואו די צדדים שטעהען אויף אַזויפיל נעהנטער איינע צו די אַנדערע?

די דאָזיגע בעמערקונג איז פולשטענדיג ריכטיג, אָבער זי איז נישט קיין שום טענה געגען אונזערע אויספיהרונגען. מיר בעטאָנען דאָך טאַקי בפירוש, אַז די געבאָטען פון דער מאָראַל ווערען אין בעציהונג צום פיינד בלויז דעמאָלט פערדוקט אָן אַ זייט, ווען דאָס פאָדערט די אמת'ע טובה פונ'ם קלאַס. דאָס מענשליכע געפיהל ווערט אינ'ם קלאַסען-קאַמף, בכלל גענומען, נישט דערשטיקט, נאָר בלויז דעמאָלט. ווען איין קלאַס האַלט עס פאַר אַ זאַך, וואָס איז אונפערמיידליך פאַר זיין עקזיסטענץ. ווען דאָס איז נישט נויטיג, ווערען די אַרבייטער דורך דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט נישט געטויט; אָבער ווען דאָס איז נויטיג, ווערען זיי געטויט. אין די פּרייסישע באַרג־זאַוואָדען ווערען נישט איינגעפיהרט קיין אַרבייטער-קאָנטראָלערען, ווייל מען האָט מורא, אַז די גרויסע מאַסען פון די באַרג־אַרבייטער וועלען דעמאָלט ווערען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש צו מעכטיג. אין יאָהר 1903 האָט מען די באַהן־אַרבייטער אין האָלאַנד געלאָזט בלויז הונגערן, אָבער אין יאָהר 1871 זענען די קעמפּער פון דער קאָמונע געוואָרען מאַסען־ווייז געטויט, ווייל די

---

*)אונזערע געגנער דרינגען דערפון אַרויס, אַז אין בעציהונג צו די קאַפּיטאַליסטען האַלטען מיר, אַז שטענדיג מעג מען טוהן געגען זיי אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז פאַלש. ווי מיר האָבען אויבען געזאָגט—בלויז דעמאָלט, ווען דאָס פאָדערט די אמת'ע טובה פון אונזער קלאַס. געגנאַרעריי, ליגען, צעשטערונג פון מאַשינען און אייגענטום, גוואַלדטאַהטען זענען אָפט שעדליך פאַר אונזער קלאַס. און דאָס בענוצען די דאָזיגע מיטלען וואָלט דעמאָלט זיין גאָר אַ סתירה צו דער מאָראַל, וועלכע הייסט אונז האַנדלען אין די אינטערעסען פון אונזער קלאַס.

בורזשואַזיע האָט געהאַלטען אַלס נויטיג פאַר איהר הערשאַפט, אַרויפצוואַרפען אויפ׳ן פּראָלעטאַריאַט אַ גרויסע שרעק.

און פערקעהרט וועט אויך דער אַרבייטער נישט אָבנאַרען און אָבשווינדלען דעם אונטערנעהמער, וואו נור ער קאָן. געוועהנליך ליעגט אייגענטליך אין דעם קלאַסען-אינטערעס פונ׳ם אַרבייטער נ י ש ט אָבצונאַרען דעם אונטערנעהמער. אָבער דאָרט, וואו דער אינטערעס פון זיין קלאַס פאָדערט צו האַנדלען געגען די מאָראַלישע געבאָטען, וועט ער טאַקי האַנדלען געגען זיי.

אָבער דווקא אין דעם דאָזיגען פונקט הערען זיך טענות פון סאָציאַל-דעמאָקראַטען גופא, פון קעמפענדע אַרבייטער. זיי אַנערקענען אמת, אַז די קאַפּיטאַליסטען ברעכען כסדר אינ׳ם קלאַסען-קאַמף די געבאָטען פון דער מאָראַל, אַז כדי צו פערפעסטיגען די אונטערדריקונג האַנדלען זיי אונטריי,ב פאַלש, נישט-עהרליך, גוואַלדטעהטיג געגען דעם אונטערדריקטען קלאַס. אָבער דער סאָציאַליזם — זאָגען זיי — בעדייט דאָך דווקא אַ העכערע מאָראַל; קעמפנדע אַרבייטער נויטיגען זיך נישט אין אַזעלכע מיטלען, און ווען זיי ווערען אַמאָל אַלס אויסנאַהם בענוצט, זאָלען מיר דאָס טאַקי פעראורטיילען.

אין דער דאָזיגער טענה איז ריכטיג בלויז דאָס איינע, אַז דער אַרבייטער-קלאַס איז אַסך ווענינער פאַר׳ן הערשענדען קלאַס געצוואונגען צו ברעכען אינ׳ם קלאַסען-קאַמף די מאָראַלישע געבאָטען; דאָס ליעגט אין זיין לאַגע אַלס אונטערדריקטער שוואַכער קלאַס, וועלכער ווערט אויפגעריכט דורך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג גופא, אין דער צייט, וואָס די הערשענדע קלאַסען שטרעבען אומזיסט זיך צו האַלטען. אָבער בכלל גענומען איז די דאָזיגע בעמערקונג אַ בעוויז, אַז שטענדיג בעמערקט מען זעהר גוט, ווי אַזוי דער קלאַסען-פיינד ברעכט די מאָראַל, און זעהר שווער בעמערקט מען דאָס אייגענע ביי דעם אייגענעם קלאַס. אַ פּאָר ביישפּילען וועלען אונז ווייזען, — אויב מיר ווילען נור קוקען דעם אמת קלאָר אין די אויגען, — אַז אפילו מיר אַליין פערורטיילען נישט קיין האַנדלונגען געגען די מאָראַלישע געבאָטען, אויב זיי ליעגען נור מ מ ש ו ת׳ ד י ג אין די אינטערעסען פון אונזער קלאַס, נאָר מיר לויבען זיי אַלס העכסט אויסגעצייכענטע טאַהטען.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ פאַבריק מיט נידריגע לוינען און אַ פּראָפעסיאָנעלען פעראיין, וואָס וויל אויסקעמפען אַ העכערען לוין. אויספיהרען קאָן מען עס בלויז מיט אַ פּלוצלינגען שטרייק. אַ פּאָר טעג פאַר׳ן אויסברוך פון שטרייק, ווען אַלץ איז שוין צוגעגרייט, בעמערקט דער אונטערנעהמער עפּעס; רופט ער אַרויס איינעם פון די אַרבייטער און פרעגט איהם, צי עס קומט עפּעס פאָר. ווען דער אַרבייטער זאָג׳ געבען נישט קיין קלאָרען ענטפער, פערשטעהט שוין דער פאַבריקאַנט תיכף, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך און ער גרייט־צו שטרייקברעכער. דעריבער זאָגט דער אַרבייטער אַ ל י ג ע ן. ער לייקענט אָב, אַז עס קומט עפּעס פאָר און ער ערקלערט, אַז ער הייבט פון גאָרנישט אָן צו וויסען. אין די אויגען פון פאַבריקאַנט איז עס אַ שלעכטע

טאַהט,–אַ קליינינגקייט, אַ „ליגען״!–אָבער אין די אויגען פון די אַרבייטער איז עס אַ גוטע זאַך. אַזעלכע פאַלען קומען פאָר זעהר פיעל. ליגען זאָגען קאָן אַלזאָ זיין אַ גוטע זאַך אויך.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ ביוראַליסט אין אַ מיניסטעריום, וועלכער איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. ער בעקומט אין זיינע הענד אַ פּראָיעקט, וועלכער איז אַ געפאַהר פאַר זיין קלאַס. ג נ ב׳ע ט ער אַרויס דאָס פּאַפּיר און שטעלט עס צו אין די רעדאַקציע פון „פאָרווערטס״. מיר געפינען זיין ט אַ ה ט פאַר וואויל און פיין. אונעהרליכקייט געגען דעם פיינדליכען קלאַס קאָן אַלזאָ זיין אַ מעלה אין די אויגען פונ׳ם אייגענעם קלאַס.

אין יאָהר 1903 האָבען פיעל באַהן-אַרבייטער אין האָלאַנד זיך אָבגערעדט, אַז לויט אַ בעשטימטען סיגנאַל זאָל מען מעהר די צוגען נישט לאָזען פאָהרען. פערשטעהט זיך, אַז געגען די באַהן־געזעלשאַפטען איז דאָס געוועזען אַן׳אַקט פון אונטרייהייט, מיר דאַגעגען בעטראַכטען עס אַלס אַ טאַהט פון דער העכסטער טרייהייט.

נאָך דעם האָלענדישען באַהן-שטרייק איז בעשטימט געוואָרען אַ פּאַרלאַמענטאַרישע קאָמיסיע אויף אויסצופאָרשען די לאַגע פון די באַהן-אַרבייטער. די קאָמיסיע האָט ענטדעקט שלעכטע צושטאַנדען; אָבער איהר בעריכט איז געבליבען געהיים, און די רעגירונג האָט אַזוי-אַרום געפונען, אַז זי איז פּטור פון טוהן עפּעס דערצו. האָט זיך אָבער געפונען עפּעס אַ ביוראַליסט אָדער אַ בעאַמטער אָדער אַ זעצער, וועלכער האָט דעם בעריכט בעקומען אין זיינע הענד און האָט געגעבען אַ קאָפּיע דערפון דעם סעקרעטאַר פונ׳ם אייזענבאַהן-פערבאַנד און יענער האָט גערעדט וועגען בעריכט אומעדום אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען. קיין שום אַרבייטער, קיין שום סאָציאַל-דעמאָקראַט האָט דעמאָלט נישט געטאַדעלט די דאָזיגע טאַהט; יעדער איינער האָט געפיהלט, אַז די טרייהייט צום אייגענעם קלאַס האָט געגאָלטען מעהר, ווי די טרייהייט צו די קאַפּיטאַליסטען.

נאָך וואָס דאַרף מען נאָך מעהר ביישפּילען, כדי אַנטקעגענצושטעלען אונזער וואָהרהייט אַנטקעגען דער צביעות׳דיגער בורזשואַזער מאָראַל! נאָך איינעם: די אַרבייטער פון דער קאָמונע האָבען נישט געצעגערט, צו בעקעמפען די רעאַקציאָנערע קלאַסען מיט דער הילף פון זייער געוועהר. דאָס איז געוועזען מאָרד אין די אויגען פון די געגנער, אָבער העכסטער מוט און זעלבסטאָפּפערונג אין אונזערע אויגען. דאָס אייגענע קאָן געזאָגט ווערען וועגען אונזערע חברים, די קעמפער פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

און פערקעהרט קאָן מען דערווייזען מיט אַ גוזמא ביישפּילען, ווי אַזוי אונזערע געגנער ברעכען אינ׳ם קלאַסען-קאַמף די מאָראַלישע געבאָטען. מיר ווידערהאָלען אַלזאָ נאָך אַמאָל: אַלע קלאַסען האַנדלען אינ׳ם קלאַסען-קאַמף לויט אַ זיטע, וועלכע שטעהט אין אַ ווידערשפּרוך צו דער אַלגעמיינער מאָראַל, וואָס עס פּרעדיגט די בורזשואַזיע, די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען נאַרען-אָב,

בעשווינדלען און בע׳גנב׳ענען כסדר דעם אַרבייטער-קלאַס; זיי טהוען עס אַלס הערשער, און דערפאַר איז עס נאָך ערגער; זיי מוזען דאָס טוהן, ווייל זייער געזעלשאַפטליך סיסטעם איז געבויט דערויף, אָבער אויך דער אַרבייטער-קלאַס ווערט אָפט געצוואונגען, צו זיין אין׳ם קלאַסען־קאַמף אונטריי, אונעהרליך א. אַז. וו. *)

נאָך אַ בעמערקונג איז דאָ נויטיג, כדי מען זאָל דעם ענין ריכטיג פערשטעהן. מיר האָבען בעוויזען, אַז אַלע קלאַסען בענוצען אין׳ם קלאַסען-קאַמף די אונעהרליכקייט אַלס מיטעל און זיי בעטראַכטען עס פאַר מאָראַליש. אָבער דער פערמעגליכער קלאַס איז דורך זיין לאַגע געצוואונגען, צו געברויכען די אונעהרליכקייט אַלס קאַמפס-מיטעל אַסך מעהר איידער דער אַרבייטער־קלאַס. דאָס איז ריכטיג נישט בלויז פאַר דעם אַלטעגליכען קאַמף, נאָר קודם-כל אויך פאַר דעם וויסענשאַפטליכען אמת וועגען דער געזעלשאַפט גופא.

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס געהט-אונטער, דער אַרבייטער-קלאַס קומט-אויף; אַזוי וויל דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס. אָבער אַנערקענען דעם דאָזיגען פאַקט, וואָלט שוין זיין פאַר דער בורזשואַזיע אַ טייל פון איהר אונטערגאַנג, וועלכען זי וויל נישט, פערשטעהט זיך. דעריבער האַסט זי אַלע אמת׳ן, וועלכע האָבען אַ שייכות צום דאָזיגען געביט פון איהר אונטערגאַנג, און אומעדום, וואו זי הערשט נאָך, פּרובט זי די דאָזיגע אמת׳ן צו בעקעמפען. אָבער אַזוי ווי דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס ווירקט אונברחמנות׳דיג, איז דאָס איהר מעגליך צו טוהן בלויז מיט דער הילף פון דעם שקר. צוליב דעם קלאַסען-אינטערעס זוכט זי אינסטינקטיוו דעם ליגען, און אין בעסטען פאַל גלויבט זי טאַקי אַליין, אַז דער שקר איז גאָר אַן׳אמת; דער אַרבייטער־קלאַס דאַגעגען

*) אָפט ווערט געזאָגט, אַז די דאָזיגע שאַרפע ערקלערונג און אָנערקענונג, אַז עס עקזיסטירט אַ קלאַסען־מאָראַל, שאַדט אונז אין דער אַגיטאַציע, ווייל אונזערע געגנער שטעלען עס אַרויס געגען אונז און דורכדעם רופען זיי געגען אונז אַרויס די פאָראורטיילען פון די נישט-אויפגעקלערטע מאַסען. אָבער ווער עס זאָגט עס, האָט נישט קיין ריכטיגען בעגריף וועגען דער קראַפט, וואָס דער טעאָרעטישער אמת גיט־צו דעם רעוואָלוציאָנערען קלאַס.

פאַר דער פּראַקטיק קאָן איך אגב פון מיין אייגענער ערפאַהרונג אַלס אַגיטאַטאָר, רעקאָמענדירען פאָלגענדעס. ווען אַ געגנער וואַרפט אונז פאָר, אַז מיר אָנערקענען די עקזיסטענץ פון אַ קלאַסען־מאָראַל—וועגען פערדיגען אַ קלאַסען־מאָראַל איז נישטאָ נאַטירליך וואָס צו רעדען—זאָל מען פאָדערן פון איהם, ער זאָל ברענגען בעשטימטע פאַלען, אין וועלכע אונזער קלאַס האָט געגאַרט, בעשווינדעלט א. אַז. וו. מערהסטענטיילס וועט ער קיין סך אַזעלכע פאַקטען נישט האָבען צו ברענגען; וועט ער ברענגען דעם פאַל פון גנב׳ענען אַ געהיימען דאָקומענט, זאָל מען דעמאָלט בעקענען דעם צוהערער מיט דער גאַנצער מעשה גענוי. זענען די צוהערער אַרבייטער, וואָס זענען שוין דערוואַקסען פאַר אונזער אַגיטאַציע, דעמאָלט וועט דאָס פון די פריהערדי־

האָט אויף יעדען געביט פון דער געזעלשאַפט אַנ׳אינטערעס אין דעם אמת. דער אַרביטער־קלאַס קומט-אויף דורך די געזעלשאַפטליכע כוחות; ער וויל זיי אַלזאָ קענען; די דאָזיגע קענטעניש איז אַ ישועה פאַר איהם, וואָרן זי ווערט אַ נייע קראַפט פון זיין אויפבליהונג.

אַלץ, וואָס איז נוגע דעם געביט פון קלאַסען-קאַמף, איז אַלזאָ פאַר אונז אַ זאַך פון אַנ׳עהרליכען, אמת׳זוכענדיגען שטודיום. מיר האָבען נישט קיין מורא פאַר דעם קלאָרען קענען און וויסען, ווייל אונזער זיעג ווערט וואָס ווייטער אַלץ זיכערער.

מיר קאָנען אַלזאָ נישט זאָגען שטענדיג דעם אמת; אינ׳ם קאַמף מוזען מיר זיין אַנטקעגען געגנער — אונזערע ביישפּילען האָבען עס דערוויזען — צייטענווייז נישט-עהרליך, אָבער דעם וויסענשאַפטליכען אמת וועגען דער געזעלשאַפט זוכען מיר שטענדיג, דאָס בעהאַלטען מיר קיינמאָל נישט. אויך צוליב אונזער קלאַסען-אינטערעס.

דאָס איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע.

אויך דאָ זאָל ענטשיידען דער אַרבייטער אַליין, אויף וועלכער זייט ער וויל זיך שטעלען, אויף דער זייט פון די קאַפּיטאַליסטען אָדער פון די סאָציאַליסטען.

נאָך איין זאַך דאַרף נאָך פון דעסטוועגען אויפגעקלעהרט ווערען און דעמאָלט ווערען מיר שוין פאַרטיג מיט דעם דאָזיגען שווערינגען פונקט.

אַנ׳אויפמערקזאַמער לעזער וועט פיליכט שטעלען די פראַגע: צידען שוועבט נישט פאַר די אויגען פון אַלע מענשען איין גלייכער הויך־מאָראַלישער אידעאַל, און ווען אפילו די מאָראַל איז נישט אייביג און אין איהר ווירקונג איז זי נישט אַלעמאָל איינע-און-דיזעלבע, איז דען נישט פיליכט דער

גע דורות גערישנ׳טע געפיהל פון סאָלידאַריטעט מיט די חברים תיכף רעדען אין זיי אינסטינקטיוו און וועט זיי געבען צו פיהלען, אַז מיר האָבען געהאַט רעכט.

האָט מען שוין דעם אָנגריף פון געגנער אהיי־אַרום אָבגעשלאָגען, גערט מען טון אַליין אַריבער צום אָנגריף. נאָך דעם דורכגעשטעלטעס ביישפיל פון אַ שלעכטער קלאַסען־מאָראַל ביי אונז, זאָל מען ווייזען די שלעכטע קלאַסען־מאָראַל פון די קאַפּיטאַליסטען, פון די אונטערנעהמער־פערבאַנדען, פון דער נייגעריגער פּרעסע, פון די פּאָליטיקער און בעציהונג צו אונז, און בעציהונג צום אונטערדריקטען קלאַס. דעמאָלט זאָל מען ווייטער דורכפיהרען: פערגלייך צווישען אונזער קלאַסען-מאָראַל וואָס פערטיידיגט די אונטערדריקטע און זייער קלאַסען־מאָראַל, וועלכע וויל זיי שטיקען; מען זאָל פערגלייכען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, וועלכע ברענגט מיט זיך אַזאַ מאָראַל, מיט דער קלאַסען־לאָזער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואו די גאַנצע מענשהייט וועט זיין אַ סאָלידאַרע ברידערשאַפט. דעמאָלט וועט זיך ערשט ווייזען אַ ווירקונג אויף די אַרבייטער! דעמאָלט וועט זיך אויפסניי אַרויסווייזען, אַז נור דער טעאָרעטישער אמת פיהרט אונז צום זיעג.

אידעאַל פון דער גלייכהייט, פון דער אַלגעמיינער ליבע צום נאָהענטען, פון גליק און גערעכטיגקייט ביי אַלעמען און אין אַלע צייטען איינער און דערזעלבער?

דערויף ענטפערט דער מאַרקסיזם: לפנים איז דאָס ריכטיג; שטענדיג געפינט מען אַלץ די אייגענע ווערטער אין דער מענשליכער געשיכטע: פריי־הייט, גלייכהייט, רעכט, ברידערליכקייט. עס קומט אויס אין פלוג, אַז דער אידעאַל איז שטענדיג איינער און דערזעלבער.

נאָר ביי אַ גענויערען בעטראַכטען שטעלט זיך אַרויס אַלס אורזאַך פון דער דאָזיגער ערשיינונג, אַז זינט עס עקזיסטירט אַ קלאַסען-געזעלשאַפט, האָבען אַלע הערשענדע קלאַסען גענומען אין זייער שוץ די אונפרייהייט, די אונגלייכהייט און דאָס אונרעכט, און אַלע בעהערשטע און אונטערדריקטע וויבאַלד זיי זענען נאָר געקומען צום בעוואוסטזיין און זייער קראַפט האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען, האָבען געפאָדערט רעכט, פרייהייט און גלייכהייט. ווייל תמיד איז געווען אַן׳אונטערדריקונג, איז תמיד געיועןן אַ חוש פאַר פרייהייט און גלייכהייט. ווען מיר קוקען אָבער אַריין הינטער די לאָזונגען, הינטער די ווערטער, דעמאָלט געפינען מיר, אַז די גלייכהייט און פרייהייט, וואָס די אייגענע האָבען געפאָדערט, איז געווען גאָר אַן׳אַנדערע ווי די, וואָס די אַנדערע האָבען פערלאַנגט, און אַז דער חילוק, דער אונטערשייד, האָט זיך גענומען פון די קלאַסען-בעציהונגען אָדער פראָדוקציאָנס-בעציהונגען, אין וועלכע די פערשידענע אונטערדריקטע האָבען זיך געפונען. מיר האָבען דאָס שוין פריהער אויפגעוויזען מיט די ביישפּילען פונ׳ם קריסטענטום, פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און דערום דאַרפען מיר עס נישט נאָך אַמאָל דערווייזען.

אויך דער מאָראַלישער אידעאַל איז פאַר פערשידענע צייטען און קלאַסען פערשידען. ער לעבט און ענטוויקעלט זיך אַזוי ווי אַלע אידעען. די גאַנצע מאָראַל איז אַלזאָ, פונקט אַזוי ווי די פּאָליטיק, דאָס רעכט און אַנדערע פּראָדוקטען פון גייסט, אַ נאַטירליכע ערשיינונג, וועלכע מיר קאָנען גאַנץ גוט פערשטעהן און נאָכשפּירען אין איהר ענטוויקלונג.

## בעמערקונג.

די מאָראַל איז נישט אַזאַ געביט פון גייסט, וואָס איז אינגאַנצען אָבגעשיידט פון די אַנדערע. דער מענש איז נישט אין איין טייל אַ פּאָליטיש וועזען, אין אַן׳אַנדערען טייל אַ יוריסטיש וועזען, דאַן ווידער בעזונדערס אַ מאָראַליש וועזען, און אין איין טייל אַ רעליגיעז וועזען. דער מענש איז אַ גאַנצע זאַך, וואָס מיר צעשניידען בלויז אין פערשידענע טיילען, כדי עס בעסער צו בעגרייפען, כדי מיר זאָלען קאָנען בעסער בעטראַכטען יעדען טייל פאַר זיך. אין דער ווירקליכקייט זענען די פּאָליטישע, מאָראַלישע,

יוריסטישע, רעליגיעזע בעגריפען ענג צוזאַמענגעפלאָכטען איינע מיט די אַנדערע און זיי בילדען צוזאַמען איין אינהאַלט פון׳ם גייסט. און דערום חידושט אונז גאָר נישט, וואָס זיי אַלע צוזאַמען ווירקען איינע אויף די אַנדערע. אַ פּאָליטישע איבערצייגונג, ווען זי איז שוין איינמאָל געשאַפען, בעקומט זי אַן׳אייגענעם כּוח און ווירקט אויף די יוריסטישע בעגריפען און מאָראַלישע געפיהלען; די מאָראַלישע געפיהלען קוים זענען זיי איינמאָל געשאַפען, ווירקען פון זייער זייט צוריק אויף די פּאָליטישע און אַנדערע איבערצייגונגען.

מיר וועלען עס ווידער דערווייזען דורך אַ ביישפּיל.

ווי בעוואוסט, ווערען פיל מענשען צוליב דעם עלענד, וואָס עס שאַפט דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, דערפיהרט צום טיסברויכען מיט אַלקאָהאָל, צו שיכּרות. דער קאַפּיטאַליזם ברענגט פונדעסטוועגען די אונגליקליכע מענשען אויך צו אָרגאַניזאַציע און צום קאַמף און שאַפט ביי זיי דורכדעם די מאָראַלישקיים: געפיהלען פון סאָלידאַריטעט, אַ גרעסערע מאָראַלישע ווידערשטאַנדס-קראַפט, טאַפּפערקייט, שטאָלץ א. אַז. וו. די דאָזיגע מאָראַלישקייט, די דאָזיגע סאָציאַלע אינסטינקטען פיהרען צום אָבהאַלטען זיך פון שיכּרות אָדער צו מעסיגקייט, און די לעצטע ווירקען פון זייער זייט, אַז די פּאָליטישע איבערצייגונגען זאָלען ווערען קלאָרער און די פּאָליטישע קראַפט פון די, וואָס זענען פריהער געווען אַזוי אונגליקליך, זאָל ווערען אַסך גרעסער. די מאָראַל האָט אַלזאָ צוריקגעווירקט אויף דאָס וויסען, דאָס דענקען, אויף די אידעען וועגען רעכט, אייגענטום און קלאַסען-קאַמף.

עס בלייבט נאַטירליך לחלוטין ריכטיג, אַז די ענדערונג אין דער מאָראַל נעהמט זיך פון דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען—אָהן זיי וואָלט דאָך דער אונגליקליכער קיינמאָל נישט געקומען צו דער אָרגאַניזאַציע און צום בעוואוסטזיין פון זיין קראַפט,—אָבער עס איז פאַראַן אַ צוריקווירקונג, אַ וועקסעל-ווירקונג צווישען די דאָזיגע אַלע גייסטיגע געביטען, וואָס האָבענדיג זייער וואָרצעל אין דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, בעאיינפלוסען זיי זיך איינע די אַנדערע.

אונזערע געגנער ווילען אונז אָפט אָבשפּאַרען דערמיט, וואָס זיי ווייזען אָן אויף דער ווירקונג פון די גייסטיגע אורזאַכען, די רעליגיע, די מאָראַל, די וויסענשאַפט. דער סאָציאַל-דעמאָקראַט וויל זיך נישט לאָזען פערפיהרען דורכדעם. ער וועט גערן אַנערקענען די ווירקונג פון די גייסטיגע כּוחות, וואָרן נאָך וואָס וואָלט ער דען אַליין אַזוי שטאַרק אויפגערודערט די גייסטער,—די הערצער, די מוחות,—ווען ער וואָלט געגלויבט, אַז זיי קאָנען גאָרנישט אויפטהון? אָבער ער וועט אויך אויספאָרשען, פון וואַנען האָט זיך גענומען די בעוועגונג פון דער דאָזיגער גייסטיגער קראַפט, נאָך איידער זי האָט אויסגעאיבט די דאָזיגע ווירקונג? און דעמאָלט וועט ער אַרויסגעפינען, אַז די אורזאַך דערפון אין דער לעצטער אינסטאַנץ איז די ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע און פון די פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען.

# ו. רעליגיע און פילאָזאָפיע.

יעדע רעליגיע—עס זענען געווען און ס׳זענען פאַרהאַן טויזענדער מינים רעליגיעס - יעדע רעליגיעזע סעקטע בעטראַכט זיך אַליין אַלס די אמת׳ע. און פונדעסטוועגען איז קיין זאַך נישט אַזוי שטאַרק אָבהענגיג פון דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק, קיין זאַך ענדערט זיך נישט אַזוי מיט דער טעכניק, ווי די רעליגיע. מיר וועלען דאָס אויפווייזען אין אַ קורצער איבערזיכט.

ווען די טעכניק איז נאָך נישט געווען דער בעל-הבית איבער די נאַטור-קרעפטען, דאַגעגען די נאַטור האָט דעם מענשען כמעט פולשטענדיג בעהערשט, ווען ער האָט נאָך געמוזט בענוצען אַלס ווערקצייג דאָס, וואָס ער האָט געפונען אין דער נאַטור, און אַליין האָט ער ערשט געקאָנט וועניג מאַכען. האָט ער געדיענט צו די נאַטור-קרעפטען—צו דער זון, דעם הימעל, דעם בליק, דעם פייער, די בערג, די ביימער, די טייכען, די חיות—אַלץ לויט דעם, ווי וויכטיג די דאָזיגע זאַכען זענען געווען פאַר דעם שטאַם. אַזוי איז עס נאָך אויך אַצינד ביי די אַזוי־גערופענע נאַטור-פעלקער. למשל די איינוואוינער פון ניי־גווינעאַ דיענען צו דער סאַגאָ-פאַלמע אַלס צו זייער גאָט; זיי מיינען, אַז זיי שטאַמען-אָב פון דער דאָזיגער פאַלמע.

אָבער באַלד ווי די טעכניק האָט זיך געהאַט ווייטער ענטוויקעלט, עס איז אַרויסגעקומען די לאַנדווירטשאַפט, קריעגס-לייט און כהנים האָבען צוגענומען פאַר זיך די מאַכט און דאָס פערמעגען, עס זענען אַרויסגעקומען הערשער און בעהערשטע, אַלזאָ קלאַסען, מען איז אַלזאָ מעהר נישט געווען אַזוי פולשטענדיג אונטערגעוואָרפען דער נאַטור, נאָר דער מענש און קודם-כל דער הויכגעשטעלטער מענש, האָט אויסגעאיבט די מאַכט—זענען די עכטע נאַטור-געטער פערשוואונדען און האָבען בעקומען דעם כאַראַקטער פון וועזענס, וועלכע מען האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס מעכטיגע מענשען. די געסער-געשטאַלטען, וועלכע מען געפינט ביי דעם אַלטען גריכישען דיכטער האָמער, זענען מעכטיגע פירשטען און פירשטינס, איינער דער פערגעטליכטער מוט, די אַנדערע די פערגעטליכטע חכמה, שענהייט, ליבע. דאָס זענען נאַטור-געטער, וועלכע זענען געוואָרען הערליכע מענשען. די טעכניק האָט דעם מענש מאַכט געגעבען, זענען די געטער צו מעכטיגע מענשען געוואָרען.

אָבער ווען די גריכען האָבען צוליב זייער טעכניק, וואָס האָט זיך כסדר פערגרעסערט, פערדעקט זייער לאַנד מיט קאָמוניקאַציאָנס-וועגען, דעם ים מיט שיפען און דער-עיקר די ברעגעס מיט שטעט, ווען האַנדעל און אינדוסטריע האָבען זיך צעבליהט, מיט איין וואָרט: ווען עס איז געשאַפען געוואָרען די סחורות-געזעלשאַפט, אין וועלכער אַלץ איז געוואָרען אַ סחורה: לאַנד, פראָדוקטען, ווערקצייג, שיפען און פוהרען—דעמאָלט איז שוין פאַר דער דאָזיגער געזעלשאַפט סיי די זון, סיי דאָס פייער, סיי דער ים אָדער דער באַרג אָדער דער בוים נישט געווען מעהר דאָס וואונדערבאַרע, אַלערהעכסטע, איבערמעל-

טיגע, געהיימניספולע געטליכע זאַך; מען האָט שוין צופיל געהאַט בעהערשט די נאַטור, כדי מען זאָל קאָנען פערגעטערן די דאָזיגע נאַטור-קרעפטען. אויך איז עס שוין דעמאָלט נישט געווען מעהר די מענשליכע קראַפט אָדער די מענשליכע בעניטקייט, דער מוט אָדער די שענהייט, אַזוי ווי אין האָמערס צייטען; די דאָזיגע קערפערליכע אייגענשאַפטען האָבען אין דער געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף קאָנקורענץ, נישט געהאַט מעהר דיזעלבע בעדייטונג וואָס פריהער. עס איז אָבער געקומען עפּעס אַנדערעס, וואָס האָט זיך אין דער דאָזיגער געזעלשאַפט געוויזען אַלס דאָס אַלוויכטיגסטע, אַלס הערשער איבער אַלע הערשער, אַלס פלא איבער אַלע פלאים (וואונדער איבער אַלע וואונדער) און איז אַזוי טאַקי געווען פאַר זיי. דאָס איז געווען **דער גייסט, דער מענשליכער גייסט.**

אין דער כהורות-געזעלשאַפט איז דער גייסט דער וויכטיגסטער פאַקטאָר. ער בערעכענט, ער מאַכט ערפינדונגען, ער וועגט און מעסט, ער פערקויפט, ער ברענגט ריווח איין, ער אונטערטעניגט, ער בעהערשט מענשען און זאַכען. דער גייסט שטעהט אין דער סחורות-געזעלשאַפט אינ'ם צענטער פון לעבען, אַזוי ווי די סאַגאָ-פּאַלמע ביי די פּאַפּואַסען און די שענהייט און קערפּער-קראַפט ביי האָמער'ן. ער איז דאָס **מעכטיגע.**

די ערשטע גרויסע פילאָזאָפען פון דער גריכישער סחורות-געזעלשאַפט, סאָקראַט און פּלאַטאָן, זאָגען עס אָפען, אַז די נאַטור אינטערעסירט זיי נישט, נאָר בלויז די ערשיינונג פונ'ם דענקען און פון דער נשמה.

דער דאָזיגער איבערגאַנג איז אַ דייטליכער רעזולטאַט פון דער טעכניק, וועלכע האָט די סחורות-געזעלשאַפט געשאַפען.

אינ'ם מענשליכען גייסט זענען געווען פיל אויסטערלישע ערשיינונגען, וועלכע מען האָט נישט פערשטאַנען. וואָס זענען געווען די אַלגעמיינע בעגריפען, וועלכע מען האָט בעגעגענט אינ'ם גייסט, פון וואַנען האָבען זיי זיך גענומען? וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע מאַכט איז געווען דאָס דענקען, וועלכעס האָט אַזוי לייכט און וואונדערבאַר אָפּערירט מיט די דאָזיגע אַלגעמיינע בעגריפען? פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? פון דער ערד האָט עס נישט געקאָנט קומען. דען אויף דער ערד געפינט מען בלויז בעזונדערע זאַכען און נישט קיין אַלגעמיינע. און וואָס זענען געווען די מאָראַלישע געפיהלען, די דאָזיגע בעגריפען וועגען גוט און שלעכט, וועלכע מען בעגעגענט אינ'ס גייסט און וועלכע מען קאָן אָבער זעהר שווער אָנווענדען אין דער סחורות-געזעלשאַפט? וואָרן דאָרט אין דער סחורות-געזעלשאַפט איז וואָס פאַר איינעם איז גוט, איז שלעכט פאַר'ן אַנדערען: דעם איינעמס טויט איז דעם אַנדערענס ברויט און די טובה פון אַ פּריוואַטער פּערזאָן בעדייט דאָרטען אָפט אַ רעה פאַר'ן כלל.

דאָס זענען אַלין געווען רעטענישען אָהן אַ פּיתרון, אָהן אַ בעשייד, פאַר־

די דאַמאָלסדיגע גרויסע דענקער פּלאַטאָן, סאָקראַט, אַריסטאָטעל, זענאָן און אַסך אַנדערע,—רעטענישען וואָס האָבען נישט געקאָנט ערקלערט ווערען פון דער נאַטור און פון דער ערפאַהרונג אַרויס און האָבען געמוזט פיהרען די דענקער דערצו, זיי זאָלען ערקלערען, אַז דער גייסט האָט אַ געטליכען יסוד.

די סאָציאַלע אינסטינקטען און געפיהלען האָבען פאַר׳ן מענש אַזאַ ריזיגע בעדייטונג, אַז ווען זיי ווערען דורך דער סחורות-געזעלשאַפט צעריסען, ווערט נויטווענדיג פאַר די מענשען די חקירה, די אויספאָרשונג, פון וואַנען זיי שטאַמען און ווי אַזוי קאָן מען זיי בענייען. זיי זענען אויך אַזוי קרעפטיג און הערליך און דערהויבען, דאָס האַנדלען לויט זיי פערשאַפט אַזאַ מין הנאה און אַזאַ פערשטאַרקונג פון דער קראַפט, אַז ווען עס ווערט נישט-מעגליך צו האַנדלען לויט זיי בעקומט זייער הערליכקייט אַן׳אידעאַלען גלאַנץ און עס ווייזט-אויס, אַז זיי מוזען שטאַמען פון אַן׳אַנדערער, העכערער וועלט.

כדי צו ערקלערען זיי, איז שוין מעהר נישט נויטיג, אַזוי ווי פאַר די מאַסען נאַטור-ערשיינונגען, אַ הימעל מיט אַסך געטער; איין גאָט איז גענוג. און אַזוי ווי „גוטס און שלעכטס" זענען גייסטיגע בעגריפען, ווערט דעמאָלט דער דאָזיגער גאָט לייכט פאָרגעשטעלט אַלס גייסט.

אין דער סחורות-געזעלשאַפט הערשט די גייסטיגע אַרבייט איבער דער האַנד-אַרבייט. די רעגולירונג, די פערוואַלטונג מיט דער פּראָדוקציע און מיט דער מלוכה איז אַ זאַך פונ׳ם קאָפּ-אַרבייטער; דער בעל-מלאכה איז אויב נישט דער שקלאַף, פאָרט אָבער דער אונטערטעניגטער. אויך דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז אינ׳ם גייסט זאָל מען זעהן דאָס געטליכע, גאָט זאָל מען בעטראַכטען אַלס אַ גייסט.

עס איז געקומען דערצו, אַז אין דער סחורות-געזעלשאַפט ווערט יעדער מענש אַ יחיד בפני עצמו אַן׳אינדיווידיאום פאַר זיך, וועלכער שטעהט אין קאָנקורענץ מיט אַנדערע. יעדער מענש ווערט דאָרט אַן׳אַלוויכטיגסטער אָביעקט פאַר זיך אַליין און ווייל אַלץ פיהלט ער, בעקלעהרט און ענטשיידעט אין זיין גייסט—ווערט זיין גייסט פאַר דעם אַלוויכטיגסטען טייל פון דעם דאָזיגען אָביעקט. דאָס האָט אויך געמוזט ווירקען אויף די מענשען פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט צו בעטראַכטען דעם גייסט אַלס געטליך און גאָט אַלס אינדיווידואַליסטישען, פאַר זיך זעלבסט עקזיסטירענדען גייסט.

די טעכניק האָט שוין דעם מענשען געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט שוין מעהר נישט פערגעטערט אַן׳אָקס, צי אַ קאַץ, אַן׳איביס, אַ בוים אָדער די מענשליכע קערפּער-קראַפט; אָבער נאָך האָט זי איהם נישט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער זאָל קענען פערשטעהן דעם מהות פונ׳ם דענקען און די בעגריפען „גוט" און „שלעכט". דערום איז דעמאָלט דאָס גייסטיג-מאָראַלישע, וואָס איז געווען אין יענער געזעלשאַפט איבערמעכטיג אָבער אונבעגרייפליך, ערקלערט געוואָרען פאַר געטליך. און אַזוי איז עס געבליבען אין דער סחורות-

געזעלשאַפט ביז'ן היינטיגען טאָג. „גאָט איז אַ גייסט" זאָגט מען נאָך אויך אַצינד, און דאָס רוב מענשען מיינען גאָר אויך, אַז די מאָראַלישע בעגריפען האָבען אַן'איבערנאַטירליכע אָבשטאַמונג.

ווילאַנג די דענסטמאָל בעוואוסטע וועלט איז נאָך נישט געווען איין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער גוף, דאָס הייסט איין גרויסע סחורות-געזעל-שאַפט, איז נאָך נאַטירליך אין איהר געבליבען פּלאַץ פאַר אַסך געטער, אפילו נאָך פאַר נאַטור-געטער. אָבער ערשט ווען דער וועלט-האַנדעל פון די גריכען, דערנאָך אלכסנדר מוקדון און ענדליך די רוימער האָבען אַרום דער מיטעללענדישען ים געשאַפען אַ וועלט-אימפּעריע, וואָס איז געבויט אויף דער פּראָדוקציע פון סחורות, איז שוין געווען גענוג געווען איין גייסטיגער גאָט, איין געטליכער גייסט, כדי צו ערקלערען די גאַנצע בעוואוסטע וועלט און אַלע שוועריגקייטען, וואָס עקזיסטירען אין איהר, און אַלע נאַטור-געטער פון איהר צו פערטרייבען. די רוימישע טעכניק, וואָס איז אומעדום אַריינגעדרונגען, דער רוימישער האַנדעל און קאָמוניקאַציע, די רוימישע סחורות-געזעלשאַפט האָבען אומעדום פערשטויסען די נאַטור-געטער. און אַזוי געפינט מען טאַקי די אי-דעע פון איין גאָט, דעם מאָנאָטעאיזם, אין די צוויי פילאָזאָפישע וועלט־אָנ-שויאונגען, וועלכע האָבען דענסטמאָל אָבגעהאַלטען דעם זיג אין דער גרויסער אימפּעריע—אין דער לעהרע פון פילאָזאָף פּלאַטאָן און אין דעם סטאָאיציזם.

„און ווען איין בעשטימטער מין פון מאָנאָטעאיזם, וועלכער האָט בע-זונדערס זיך געפּאַסט צו דער אַלגעמיינער ריזיגער עקאָנאָמישער מהומה, צו די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען אין דער רוימישער מלוכה פון דער קיסר-צייט, דער קריסטליכער מאָנאָטעאיזם, איז אַריינגעדרונגען אין דעם דאָזיגען געביט, האָט ער אומעדום געפונען דעם באָדען גרייט און ער האָט בלויז גע-דאַרפט דעם גריכישען מאָנאָטעאיזם אַריינגעהמען אין זיך אַלס עלעמענט".

די גאַנצע געזעלשאַפט אַרום דעם מיטעללענדישען ים איז געוואָרען איין סחורות-פּראָדוצירענדע געזעלשאַפט, וועלכע האָט אומעדום אַרויסגערופען די איי-גענע רעטענישען און ווידערשפּרוכען, אומעדום גלייכע סחורות־פּראָדוצירענדע אינדיווידיאומס. אומעדום איז געווען דער גייסט דאָס מעכטיגע, וואונדערבאַ-רע, מיסטעריעזע. אומעדום איז געווען דער גייסט: גאָט.

און אין דער מאָס, אין וועלכער די פרעמדע נאַטור־פעלקער, ווי די גאַליער און גערמאַנען, זענען אויפגענומען געוואָרען אין דער סחורות-געזעל-שאַפט, האָבען זיי אויך ביסלעכווייז פערלוירען זייער אַמאָליגע רעליגיע און זענען אויך געוואָרען דערוואַקסען פאַר דעם קריסטענטום, וועלכעס האַלט, אַז די גאַנצע מאַכט שטאַמט פון איין גייסט.*)

*)איך איצט נאָך ווער'ען „בעקעהרט" צום מאָנאָמעאיזם נאַטור־פעלקער, ביי וועל-כע עס דרינגט אַריין די סחורות־פּראָדוקציע.

די קריסטליכע רעליגיע איז אָבער נישט געבליבען דאָס, וואָס זי איז געווען אין די ערסטע יאָהרהונדערטען. פון דער רעליגיע פון אַנ'איינציגען קלאַס איז זי געוואָרען די רעליגיע פון אַלע קלאַסען, אין דער צייט וואָס די פּראָדוקציע איז צוריקגעגאַנגען ווידער צו דער נאַטור-ווירטשאַפט און דער גרויסער פּראָדוקציאָנס-כּלל, ביי וועלכען עס איז גענוג געווען איין גאָט, איין גייסט אויף צו ערקלערען די וועלט, איז זיך אַלזאָ צעפאַלען אין אַ מענגע קליינע, איינע פון די אַנדערע אָבגעזונדערטע פּראָדוקציאָנס-גופים. און אין דער מאָס, אין וועלכער עס האָט זיך ענטוויקעלט די מיטעלאַלטערליכע געזעלשאַפט, האָט זיך ווידער געענדערט דער אינהאַלט פון דער רעליגיע. די מיטעלאַלטערליכע געזעלשאַפט איז געווען די געזעלשאַפט פון'ם ערד-אייגענטום, אין וועלכער די מענשען זענען שטופּענווייז אָבגעהאַנגען איינע פון די אַנדערע און אין וועלכער די אָבהענגיגע האָבען דעם עודף פון זייערע פּראָדוקטען נישט פערקויפט, נאָר אָבגעגעבען דעם הערר זייערען. די לייב-אייגענע (פאַנטשטשיזניקעס) און די „הערינע" האָבען צוגעשטעלט פאַר זייערע שררות, די וועלטליכע און די גייסטליכע—נאַטור-פּראָדוקטען. אין דער שפּיץ פון דער וועלטליכער געזעלשאַפט איז געשטאַנען דער קייזער, אונטער איהם די פירשטען, אונטער זיי די וואַסאַלען, אונטער זיי ווידער די נידעריגע אַדעללייט און אונטער די אַדעללייט—די גרויסע מאַסע פון די לייב-אייגענע און הערינע. אין דער קירך, וועלכע האָט אויך פּערמאַנענט אַ ריזיג ערד-אייגענטום, איז געווען אַנ'ענליכער צושטאַנד. די קירך האָט פון דער אַלטער אָרימער קהילה מיט איהר קאָמוניסטישען קאָנסום-אופן זיך ענטוויקעלט אין אַנ'אונגעהייערען עקספּלואַטאַציאָנס-אינסטיטוט. אין איהר שפּיץ איז געשטאַנען דער פּויפּסט, דערנאָך זענען געגאַנגען די פערשידענסטע הויכע גייסטליכע הערן, וועלכע זענען שטופּענווייז געווען אָבהענגיג איינע פון די אַנדערע: קאַרדינאַלען, אַרכיבּיסקופּען, ביסקופּען, פאָרשטעהערס און פאָרשטעהערינס פון קלויסטערס, דערנאָך זענען געגאַנגען די קלענערע גלחים, מאָנאַכען און נאָנעס (מנישקעס) פון אַלע מינים, ענדליך איז געקומען די גרויסע פאָלקס-מאַסע, די קהילה. צוזאַמען האָבען אַלזאָ די גייסטליכע און די וועלטליכע מאַכטען געבילדעט איין גרויסע היעראַרכישע געזעלשאַפט, וועלכע איז קודם-כּל געבויט געווען אויף דער ליפערונג פון נאַטור-פּראָדוקטען דורך די אונטערדריקטע. און לויט דעם בילד פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט מיט'ן דאָזיגען פּראָדוקציאָנס-אופן האָט זיך אויך איבערגעאַנדערט די קריסטליכע רעליגיע. אין הימעל האָט שוין מעהר נישט געוואוינט איין גאָט אַליין, נאָר אַ גאַנץ פאָלק פון גייסטיגע כּחות. איבער אַלע האָט געקעניגט גאָט, איינס מיט זיין זוהן און מיט דעם הייליגען גייסט, אַלץ אַרומנעהמענדיג, אַלץ דורכדרינגענדיג. אונטער איהם שטופּענווייז פערשידענע מינים מלאכים מיט פערשידענע פונקציעס, אויך געפאַלענע מלאכים אָדער שדים, וואָס זענען ממונה איבער דאָס שלעכטס. דערנאָך—הייליגע, קדושים,

וועלכע זעבען אויך ווידער געוואָרען אַ מין נייע קלענערע נאַטור־געטער — ווייל די געזעלשאַפט איז צום גרעסטען טייל געבויט געווען אויף דער ליפע־רונג פון נאַטור-פּראָדוקטען, נישט פון קויף-סחורות, און איז אַלזאָ אָבהענגיג געווען פון דער נאַטור, פון די וועטערן צום ביישפּיל; די אַלע קדושים האָבען געהאַט יעדער איינער זיין בעשטימטע פונקציע: אַ הייליגער פאַר די וויינגערטנער, אַ הייליגער פאַר דעם היי-שניט, אַ הייליגע וואָס איז ממונה איבער די געבורטען א. אַז. וו. גאָט איז אַלזאָ געווען מיט דער דאָזיגער סביבה אַנ׳אָבבילדונג פונ׳ם קייזער אָדער פונ׳ם פּויפּסט מיט זייערע נידעריגערע וועלטליכע און גייסטליכע מאַכטען. און אונטער די דאָזיגע אַלע מלאכים און הייליגע מאַכטען שטעהען די מענשען, לעבעדיגע און טויטע: אַנ׳אָבבילדונג פון די ערדישע קהילות און פונ׳ם ערדישען פאָלק. די פּראָדוקציאָנס-און אייגענטום-בעציהונגען אויף דער ערד, די פּערזענליכע אָבהענגיגקייט פון די פירשטען, אַדעללייט, ביסקופען, קלויסטער-פאָרשטעהערס, לייב-אייגענע און פאָלק זענען דורך די הערשענדע קלאַסען פאָרגעשטעלט געוואָרען פּשוט אַלס די ווירקונג, די יצירה פון פונקט אַזאַ געזעלשאַפט דאָרט אויבען אין הימעל, וועלכע איז טאַקי אויך נישט-צו-בעגרייפען מיט׳ן שכל, אָבער דווקא צוליב איהר געטליכקייט דאַרף זי גאָר נישט בעגריפען ווערען. און די נאַאיווע מענשען, פרומע תמימים, אין זייער דראַנג צו בעגרייפען די געזעלשאַפט, דעם געהיימניספולען מענשען-גייסט און דאָס „גוטע” מיט׳ן „שלעכטען” — האָבען די דאָזיגע פאָרשטעלונג אָנגענומען.

קיינמאָל, אין קיין שום צייט וואָס מיר ווייסען, איז די רעליגיע נישט געווען אַזוי דייטליך די אָבשפּיגלונג פון דער געזעלשאַפט. דער גייסט האָט געשאַפען אַ מלכותא דרקיעא כעין מלכותא דארעא, אַ הימליש בילד פון דער ערדישער געזעלשאַפט.

דאָס האָט זיך ווידער-אַרום געענדערט, ווען די שטעט זענען וואָס אַמאָל אַלץ מעהר אויפגעקומען.

דער שטאָטישער בירגער אין איטאַליען, דרום-דייטשלאַנד, די האַנזאַ-שטעט, אין פראַנקרייך, פלאַנדריען, ענגלאַנד, נידערלאַנד איז דורך דעם האַנדעל און אינדוסטריע געוואָרען מעכטיג און זעלבשטענדיג. ער האָט זיך בעפרייט פון די דריקענדע שטריק, אין וועלכע די אַדעללייט האָבען איהם געהאַלטען געבונדען.

דאָס פערמאָגען אַ קאַפּיטאַל, וואָס האָט געהערט צו איהם אַליין און מיט וועלכען ער האָט געקאָנט טוהן אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט, האָט איהם געמאַכט פאַר אַ פרייען אונאָבהענגיגען אינדיווידואום, וועלכער איז מעהר נישט אָבהענגיג אָן דעם חסד פון אַ בעל-הבית איבער זיך. ער איז געשטאַנען לגבי דער געזעלשאַפט אַנדערש ווי דער העריגער, וואָס פון זיין שטאַנד האָט ער אָפטמאָל געשטאַמט, אַנדערש אויך ווי דער אַדעלמאַן

אָדער דער גייסטליכער.

און ווייל ער האָט זיך געפיהלט אַנדערש אין דער געזעלשאַפט, האָט ער זיך געפיהלט אַנדערש לגבי דער וועלט. דערום האָט ער געדאַרפט האָבען אַנ'אַנדער רעליגיע, דען אין דער רעליגיע האָבען די מענשען אויסגעדריקט דאָס, וואָס זיי האָבען געשפּירט אַלס זייער בעציהונג צו דער וועלט.

ווייל מיט'ן קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען, מיט זיין אינדוסטריע, זיין טעכניק און זיין האַנדעל. האָט ער געקאָנט טוהן אין דער וועלט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט, ווייל עקאָנאָמיש האָט ער נישט אַנערקענט איבער זיך קיין שום מאַכט,—אויך פּאָליטיש האָט ער זיך פרייער געמאַכט—ווייל אַלס אינדיווידואום, אַלס קאַפּיטאַליסט, אַלס סוחר איז ער געשטאַנען פריי אַנטקעגען דער גאַנצער וועלט, האָט ער אַזוי ווי ער האָט נישט פערליטען קיין צווישען-פערזאָן צווישען זיך מיט דער וועלט, פּונקט אַזוי ווענ׳ג פערליטען אַ צווישען-פערזאָן צווישען זיך און גאָט. ער האָט פּראָטעסטירט געגען אַזאַ מין צושטאַנד פון פערשקלאַפונג.

ער האָט אָבגעשאַפט פאַר זיך דעם פּויפּסט און די הייליגע, ער איז געוואָרען זיין אייגענער כהן, זיין אייגענער פּריסטער. יעדער איינער האָט געהאַט זיין אייגענעם גלח אין זיך אַליין, יעדער איינער איז געשטאַנען דירעקט אַנטקעגען גאָט. דאָס האָבען געלערנט לוטער און קאַלווין.

דאָס איז געווען די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע, דאָס בירגערליכע זעלבסטבעוואוסטזיין, וואָס איז אויפגעקומען צוזאַמען מיט דער אויפקומונג פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער סחורות-פּראָדוקציע און האָט זיך געשטאַרקט אין אַלע לענדער, וועלכע האָבען זיך בירגערליך ענטוויקעלט, פראַנקרייך, די שווייץ, דייטשלאַנד, האָלאַנד, ענגלאַנד, שאָטלאַנד.*)

אויך דאָ איז ווידער די רעליגיע אַ בילד פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אַזוי אינדיווידואַליסטיש ווי דער בירגער, אַזוי אינדיווידואַליסטיש איז זיין רעליגיע; אַזוי איינזאַם ווי ער, איז אויך זיין גאָט.

וואָס קרעפטיגער עס ווערט דער קאַפּיטאַליזם, דער-עיקר זינט דער ענטדעקונג פון אַמעריקא און אינדיען, וואָס גיכער און שטאַרקער עס וואַקסען האַנדעל און אינדוסטריע, די פּראָדוקציע פאַר'ן אייגענעם געברויך אויפ'ן דאָרף פערקלענערט זיך און די פּראָדוקציע פאַר'ן פערקויף פערגרעסערט זיך. וואָס מעהר אַלע פּראָדוקטען ווערען סחורות און אַלע מענשען סחורות-פּראָדוצענטען און סחורות-פערקויפער, וואָס אַלגעמיינער און שווערער עס ווערט

*) בלויז די איטאַליענישע שטעט זענען געבליבען קאַטוילים, אויך צוליב עקאָנאָמישע סיבות, די הערשאַפט פונ'ם פּויפּסט האָט בעדייט די הערשאַפט פון איטאַליען איבער דער קריסטליכער וועלט.

אונטער'ן קאַפּיטאַליזם דורך די אַלץ בעסערע ווערקצייג און קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען דער קאַמף פון אַלע געגען אַלע, אַלץ מעהר ווערט דער מענש פעראיינזאַמט אין עקאָנאָמישען לעבען און אַלזאָ אויך אין זיין גייסט. מיט דער ענטוויקלונג פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם פאַלען-אַרונטער די מענשען אַלץ מעהר אונטער די הערשאַפט פון זייערע פּראָדוקטען; די פּראָדוקטען בעקומען אַזוי ווי אַ מענשליכע מאַכט איבער זיי; זיי אַליין ווערען בעהערשט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזען זאַכען און אַלץ בעקומט חוץ דעם געברויכסווערטה, וואָס די פּראָדוקטען האָבען פאַר די מענשען, אַן'אַבסטראַקטען טוישווערטה. די מענשען אין אַזאַ געזעלשאַפט מוזען, ווי מאַרקס זאָגט, קומען דערצו, אַז זיי זאָלען זיך איינע די אַנדערע בעטראַכטען אַלס אַבסטראַקציעס, זייער גאָט מוז ווערען אַן'אַבסטראַקטער בעגריף.

אויסערדעם ווערט גרעסער דאָס עלענד, וואָס מעהר עס וואַקסט דער קאַפּיטאַליזם, די געזעלשאַפט ווערט אַלץ פערוויקעלטער און עס איז שווערער זי אַדורכצוקוקען, און כסדר ווערט אַלץ אונמעגליכער אַרויסצוגעפינען, וואָס עס איז ווירקליך גוט און וואָס עס איז ווירקליך שלעכט פאַר אַלעמען. דאָס אַריינלאָזען זיך אין-זיך-אַריין, ספעקולאַציע, פערגייסטיגונג ווערען די איינציגע מיטלען, אויף צו געפינען זיכערקייט, פעסטקייט און גליק אינמיטען דעם קאַמף און דעם קאָכעדיגען גערויש פון דער סחורות-פּראָדוקציע און פונ'ם האַנדעל.

אַזוי זעהען מיר אויך, ווי דאָס בילד פון גאָט ווערט אַלץ מעהר פעראיינזאַמט, ווערט אַלץ מעהר פערגייסטיגט, אַלץ מעהר אַבסטראַקט. ביי די גרויסע פילאָזאָפען פונ'ם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט, ביי דעקאַרט'ן, שפּינאָזאַ'ן און לייבניצ'ן איז גאָט געוואָרען איין ריזיג וועזען, וואָס אַלץ איז אין איהם און אויסער איהם איז גאָר נישטאָ. ביי שפּינאָזאַ'ן, וועלכער האָט געשאַפען אפשר דאָס טאַכע בשלמות'דיגע פילאָזאָפישע סיסטעם—מען האָט עס גערן פערגליכען מיט אַ פולשטענדיג געשליפענעם נישט סקאַזירטען דימענט—ביי שפּינאָזאַ'ן איז גאָט אַ ריזען-קערפּער מיט אַ ריזען-גייסט, וואָס אויסער איהם איז קיין זאַך נישט בנמצא און כסדר בעוועגט ער זיך און דענקט פאַר זיך. אַ בילד פון דעם אינדיווידואַליסטישען, בירגערליכען מענשען.

אויך איז מיט דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק און פון קאַפּיטאַליזם אַלץ גרעסער געוואָרען די דערקענונג פון דער נאַטור; די נאַטור איז שוין אין זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט געוואָרען אין איהר ווירקליכען צוזאַמענהאַנג אַזוי ווייט פערשטאַנען, אַז דאָס אונפערשטענדליכע, דאָס געטליכע איז פון איהר פערשוואונדען. דאַגעגען דער גייסט, דאָס פערשטעהן גופא, די אַלגעמיינע בעגריפען, קודם־כל די בעגריפען וועגען גוט און שלעכט און די אַזוי-גערופענע גייסטיגע וויסענשאַפטען האָט מען נאָך נישט תופס געווען. דורכדעם איז אין דער רעליגיע די נאַטור, די מאַטעריע אַלץ מעהר פעררוקט געוואָרען אויפ'ן הינטערשטען פּלאַן. גאָט איז אַלץ מעהר געוואָרען אַ רוח, אַן'אַב-

סטראַקטער גייסט, ווייט פון דער רעאַליטעט; און די אַלטע פעראַכטונג פון דער גשמיות, פון דעם „חומר“, האָט דערצו נישט ווייניג צוגעהאָלפען. און אויך די טרענונג צווישען קאָפּ-אַרבייט און האַנד-אַרבייט, וואָס האָט זיך אַלץ מעהר פערטיפט, וואָס פערוויקעלטער עס איז געוואָרען די טעכניק און וואָס גרעסער עס איז געוואָרען די פערטיילונג פון דער אַרבייט, און ביי וועלכער די קאָפּ-אַרבייט איז צוגעפאַלען די פערמעגליכע קלאַסען און די האַנד-אַרבייט דעם פּראָלעטאַריאַט—אויך די דאָזיגע טרענונג האָט געווירקט, פונקט אַזוי ווי אין דער גריכישער וועלט, אַז אין דער רעליגיע זאָל דער חומר, די מאַטעריע אינגאַנצען אַוועקפאַלען. צוליב די דאָזיגע אַלע אורזאַכען האָט דער פילאָזאָף קאַנט אָנגערופען די אַלע צייטליכע און רוימליכע זאַכען בלויז ערשיינונגען, וואָס האָבען נישט קיין ווירקליכע עקזיסטענץ. דער פילאָזאָף פיכטע האָט אָנערקענט בלויז אַ גייסטיגען סוביעקט אָדער איך, דער פילאָזאָף העגעל האָט געזעהן אַנ׳אַבסאָלוטען גייסט, וואָס מאַכט די וועלט פאַר דער פערקערפערונג פון זיין עצם און די דאָזיגע וועלט קומט סוף-כל-סוף צום זעלבסטבעוואוסטזיין און קעהרט-זיך-אום צוריק אין די אַבסאָלוטע גייסטיגע עקזיסטענץ.

אַזוי ווייט האָט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט פעראיינזאַמט דעם בירגערליכען אינדיווידואום, פערגייסטיגט און געמאַכט איהם אונפערשטענדליך פאַר זיך אַליין, אַז די פילאָזאָפען פון 18-טען און 19-טען יאָהרהונדערט האָבען זיך געשאַפען אַזאַ איינזאַמען, אַבסטראַקטען און אונפערשטענדליכען גאָט!*)

דערווייל האָבען דורך דער ערפינדונג פון דער דאַמף-מאַשין אויף אַ ריזיגען אופן זיך פערגרעסערט די פּראָדוקטיוו-קרעפטען, די קאָמוניקאַציע-מיטלען און צוליב דעם דער קאַפּיטאַל. די נייע טעכניק האָט ווידער געגעבען די מעגליכקייט בעסער אויסצופאָרשען די נאַטור, און זי אַליין האָט זיך דאָך דערין גענויטיגט. די נאַטור האָט זיך אַלץ מעהר געעפענט פאַר׳ן מענשענס אויג, דער צוזאַמענהאַנג פון אַלע נאַטור-ערשיינונגען לויט געוויסע געזעצען איז געוואָרען נאָך ברייטער ענטדעקט, אַנ׳איבערנאַטירליך וועזען איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערשטויסען געוואָרען פון דער נאַטור און איז פון איהר סוף-כל-סוף פולשטענדיג פערשוואונדען.

און איצט האָט זיך אויך צום ערשטען מאָל פערטיפט די אויספאָרשונג פון דער געזעלשאַפט. די פאָר-היסטאָרישע צייט איז אויסגעפאָרשט געוואָרען, די צייט פון דער געשריבענער געשיכטע איז בעסער פערשטאַנען געוואָרען

---

*) דער פערנעהם פון דעם ווערק אונזערען ערלויבט נישט נאַטירליך צו בעהאַנדלען אַלע פילאָזאָפישע סיסטעמען.

עס איז אויפגעקומען די סטאַטיסטיק, עס איז צום ערשטען מאָל דערקענט געוואָרען דאָס געזעצליכע אין די האַנדלונגען פונ׳ם מענש. און אין דער מאָס, ווי עס איז בעסער פערשטאַנען געוואָרען דאָס נאַטירליכע אין דעם מענש, איז דאָס איבערנאַטירליכע פערשוואונדען פונ׳ם מענש און פון דער געזעל-שאַפט, אַזוי ווי עס איז פערשוואונדען פון דער נאַטור.

די טעכניק, די קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען, דער פראָדוקציאָנס-אופן, דער קאַפיטאַל וואָס זאַמעלט זיך ריזיג אָן — זיי האָבען עס געגעבען דעם חשק און די מיטלען אויסצופאָרשען די נאַטור. די גוואַלטיגע סאָציאַלע פראַגען, וואָס ווערען געשאַפען דורך דעם פראָדוקציאָנס-פראָצעס, זיי האָבען ענ גע-צוואונגען דעם גייסט פונ׳ם מענשען צו דערגעהן דעם תוך און דעם שורש פון דער געזעלשאַפט. די טעכניק האָט געגעבען די מעגליכקייט דורכצוגראָבען טיפע ערד-שיכטען, מאַכען ווייטע רייזעס צו פרימיטיווע פעלקער, זאַמלען מאַטעריאַל פאַר געשיכטע און סטאַטיסטיק. דער פראָדוקציאָנס-אופן, וועלכער האָט די בעדערפנישען געשאַפען, האָט אויך געשאַפען די מיטלען צו בעפרידי-גען די דאָזיגע בעדערפנישען.

דער קלאַס, וועלכער האָט קודם-כל געדאַרפט האָבען די נייע וויסענ-שאַפטען, כדי צו פערגרעסערן זיין טעכניק און זיין פראָפיט איז בעקומען די איבערהאַנד איבער די אַלטע רעאַקציאָנערע קלאַסען פון די ערד-אייגענטי-מער, דעם אַדעל און די גייסטליכקייט, אַלזאָ די אינדוסטריעלע און האַנדעלס-קאַפיטאַליסטען, וועלכע טראָגען אין דער פּאָליטיק דעם נאָמען ליבעראַלען — דער דאָזיגער קלאַס האָט אַלץ מעהר איינגעזעהן דאָס געזעצליכע און נאַטיר-ליכע אין אַלע ערשיינונגען אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט; ביי איהם איז די רעליגיע כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען. וואָס ביי זיי איז נאָך איבערגעבליבען פון דער רעליגיע איז געוועזען דער געדאַנק, וואָס ליעגט ערגעץ טיף אין דעם לעצטען פלאַן פון זייער בעוואוסטזיין און וועלכער האָט נישט קיין ווערטה פאַר דער פראַקטיק: „אפשר איז נאָך פאָרט פאַרהאַן עפּעס אַ גאָט“.

די „מאָדערנע און „פריי-רעליגיעזע“, וועלכע זענען אין דער רעליגיע דאָס וואָס די ליבעראַלען אין דער פּאָליטיק, דאַרפען נאָך האָבען גאָט בלויז דערצו, זיי זאָלען קאָנען ערקלערען די בעגריפען „גוט“ און „שלעכט“. אָדער ווי זיי רו-פען עס, צופרידענשטעלען זייערע „מאָראַלישע“ בעדערפניסען, און כדי זיי זאָלען קאָנען האָבען אַנ׳איבערנאַטירליכען מקור פאַר דעם גייסט, וואָס זייי מהות איז נאָך פאַר זיי איצט אויך אַ רעטעניש. פאַר דער נאַטור און פאַר אַ היבשען טייל פון דעם מענשליכען און געזעלשאַפטליכען לעבען דאַרפען זיי שוין מעהר קיין גאָט נישט האָבען; די וויסענשאַפט, וועלכע איז געבויט אויף דער טעכניק, האָט זיי שוין גענוג אויפגעקלערט וועגען דעם.

אַזוי-אַרום האָט דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם, דורכדעם וואָס ער האָט געלאָזט פערשטעהן די וועלט אַלץ בעסער, פון לוטער׳ס און קאַלווינ׳ס ציי-

טען אָן אַלץ מעהר פערפיינערט די רעליגיע, געמאַכט זי אַלץ מעהר פער-
שוואומענער, אַלץ מעהר דערווייטערט פון דער וועלט, אַלץ מעהר אונווירק־
ליך. אין רעאַקציאָנערע, פרייזיניגע, אפילו אין סאָציאַליסטישע קרייזען האָט
מען געהאַט אויף מיר אַ פערדראָס, וואָס איך האָב אַמאָל געשריבען, אַז די
רעליגיע איז ווי אַ פּחדניש׳ער רוח אָבגעצויגען פון דער ערד מיט אַנ׳אַראָב-
געלאָזטען קאָפּ. און פון דעסטוועגען איז מיט די דאָזיגע ווערטער בלויז
פעסטגעשטעלט געוואָרען דער פאַקט: די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען ווערען
וואָס ווייטער אַלץ מעהר ווי אַנ׳אמונה אין רוחות. בלויז אונטערגעהענדיגע
קלאַסען, ווי די קליינבירגער און פּויערים, און רעאַקציאָנערע קלאַסען, ווי
די גרויסע ערד-אייגענטימער מיט זייערע אידעאָלאָגען, לעבען נאָך מיט אי־
בערצייגונג אין פאָרשטעלונגען פון פריהערדיגע יאָהרהונדערטען; ביי דער
מעהרצאָהל פון די פערמעגליכע קלאַסען און ביי זייער אינטעליגענץ איז בלויז
נאָך איבערגעבליבען אַ שאָטען פון דער רעליגיע, אָדער זיי האַלטען זיך צביעות׳-
דיג ביי אַ רעליגיע, צי כדי צו קנעבלען דעם פּראָלעטאַריאַט דערמיט
אָדער צוליב אַנ׳אַנדער מאָטיוו. די קענטעניסען, וואָס זענען געשאַפען דורך
דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, האָבען צוגענומען
ביי דער רעליגיע פלייש און ביינער און איהר איבערגעלאָזט בלויז נאָך אַ
רוחניות׳דיגע עטישע עקזיסטענץ.

דיזעלבע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וואָס האָט ביי דער ליבעראַלער
בורזשואזיע צוגענומען אַ גרויסען טייל פון דער רעליגיע, נעהמט אַוועק ביים
פּראָלעטאַריאַט די רעליגיע אינגאַנצען.

מיר קאָנסטאַטירען בלויז אַ פאַקט, ווען מיר זאָגען, אַז וואָס ווייטער
ווערט דער פּראָלעטאַריאַט אַלץ מעהר רעליגיאָנסלאָז.

אויך דאָס איז פּונקט אַזוי געזעלשאַפטליך-נאַטירליך ווי אַלע ענדערונ-
גען אינ׳ם רעליגיעזען דענקען, וועלכע מיר האָבען ביז איצט בעהאַנדעלט.

מיר האָבען אין אַלגעמיין אַרויסגעפונען אַלס אורזאַך פון דער רעליגיע
די הערשאַפט פון נישט-פערשטאַנענע כוחות. די נאַטור-קרעפטען, די געזעל-
שאַפטליכע כוחות, וועלכע מען פערשטעהט נישט און פון וועלכע מען פיהלט
זיך דאָך בעהערשט, ווערען פערגעטערט.

ווי האַלט עס אין דעם דאָזיגען פּונקט מיט׳ן מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט,
נעמליך מיט דעם אינדוסטריעלען אַרבייטער פון דער שטאָט, וועלכער לעבט
אינמיטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויס-אינדוסטריע?

אַז די נאַטור-קרעפטען זענען נישט עפּעס אונבעגרייפליכע כוחות, דאָס
דערווייזט איהם די פאַבריק. דער מענש קען זיי און בעהערשט זיי דאָרטען,
ער שפּילט זיך דאָרטען מיט יענע קרעפטען, וואָס ווען זיי זענען נישט גע-
האַמעוועט זענען זיי העכסט געפעהרליך. מעג זיי אפילו דער אַרבייטער טע־
אָרעטיש נישט קענען; אָבער פּראַקטיש ווערען זיי דורך זיין האַנד געהאַמע-

וועט און ער וויים, אַז מען קען זיי.

דאַגעגען די געזעלשאַפטליכע כוחות, וועלכע זענען די סיבה פון זיין נויט, פערשטעהט דער מאָדערנער פראָלעטאַריער פולשטענדיג. דער קאַפּיטאַ-ליסטישער פראָדוקציאָנס-אופן האָט אַרויסגערופען דעם קלאַסען-קאַמף, אין וועלכען ער בעטייליגט זיך; און דער קלאַסען-קאַמף האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע און דאָס פריוואַט-אייגענ-טום זענען די סיבות פון זיין עלענדער לאַגע און אַז דער סאָציאַליזם וועט זיין פאַר איהם אַ ישועה. אַלזאָ פאַר איהם איז סיי אין דער נאַטור סיי אין דער געזעלשאַפט נישטאָ קיין איבערנאַטירליכעס. ער פיהלט, אַז אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט איז נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס ער זאָל נישט קאָנען פערשטעהן, הגם פאָרלויפיג גיט איהם די געזעלשאַפט נישט די געלעגענהייט דערצו. ער פיהלט אויך, אַז דאָס, וואָס איז איצט פאַר איהם און פאַר זיין קלאַס אַנ׳איבערמעכטיגע סיבה פון נויט, וועט נישט שטענדיג בלייבען אַזוי. ער וויים, אַז דער קלאַסען-קאַמף און די אָרגאַניזאַציע פון פראָלעטאַריאַט וועט מאַכען דערצו אַ סוף. אָבער דאָרט, וואו עס פעהלט דאָס געפיהל פון אַנ׳אונבעגרייפליכער איבערמאַכט, דאָרטען שאַפט זיך שוין נישט קיין רעליגיע, אָדער אויב ער האָט זי פריהער געהאַט—שטאַרבט זי אָב. דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער איז טאַקי דערום נישט רעליגיע-פיינדליך, נאָר ער איז רעליגיאָנסלאָז, ער איז אַנ׳אַטעאיסט.

און אויב דאָס קאָן שוין געזאָגט ווערען וועגען דעם „געוועהנליכען" אַרבייטער, וועלכער האָט וועניג צייט, חשק אָדער געלעגענהייט צו לערנען, היינט אויף וויפיל מעהר איז עס ריכטיג בנוגע דעם אַרבייטער, וועלכער ווערט דורך דעם קלאַסען־קאַמף געטריבען צום לערנען און שטודירען! דווקא ווייל ער איז אַנ׳אַרבייטער, ווייל די נויט פונ׳ם פראָלעטאַריאַט צווינגט איהם צום לערנען, קאָן ער בעסער פערשטעהן די געזעלשאַפט איידער צום ביישפּיל אַ בירגערליכער פראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דער בורזשוי קאָן נישט זעהן דעם אמת; ער קאָן נישט מודה זיין, אַז זיין קלאַס געהט-אונטער; אפילו דעם קלאַסען-קאַמף קאָן ער נישט אַנערקענען, ווייל אינ׳ם דאָזיגען קאַמף מוז זיין קלאַס האָבען אַ מפלה. דאַגעגען דער גייסט פונ׳ם אַרבייטער, וואָס האָט צו האָפען פון דער צוקונפט אויף אַלץ, האָט אַזאַ שאַרפען חוש פאַר׳ן אמת, ווי דער יאַגד-הונד פאַר אַ חיה.

און וואָס פאַר אַ קוועלען האָט דער אַרבייטער! מעהר ווי מיט זעכציג יאָהר צוריק האָט מאַרקס ערקלערט דעם פראָלעטאַריאַט, ווי אַזוי דער קאַ-פּיטאַל שאַפט־זיך פון דער נישט-בעצאָהלטער אַרבייט*), מיט זעכציג יאָהר

*) לוין.אַרבייט און קאַפּיטאַל, פון קאַרל מאַרקס.

צוריק האָבן מאַרקס און ענגעלס ענטדעקט פאַר׳ן אַרבייטער-קלאַס דעם מהות פונ׳ם קלאַסען-קאַמף*) און דערנאָך האָט מאַרקס ענטוויקעלט אין „קאַ-פּיטאַל“ דעם מהות פונ׳ם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, וועלכען דער אַרבייטער געפינט אין אַ קלאָרער, קירצערער פאָרם אין קאַוטס-קי׳ס „מאַרקס׳ס עקאָנאָמישע לעהרע“ און „ערפורטער פּראָגראַם“. אַזעלכע קוועלען פון געזעלשאַפטליכע קענטעניסען האָט נישט די בורזשואַזיע. דער אַרבייטער, וועלכער האָט פון די דאָזיגע קוואַלען זיין דורשט געשטילט, ווערט שוין מעהר אין דער געזעלשאַפט נישט זעהן קיין שום איבערנאַטירליכעס. ביי איהם ווערט זיך שאַפען נישט בלויז עפּעס נעגאַטיוועס, נישט בלויז דאָס מעהלען פון אַרעליגיע. נאָר אויך עפּעס פּאָזיטיוועס, אַ קלאָרע פעסטע וועלטאָנשויאונג.

און אין די ווערק פון מאַרקס, ענגעלס, קאַוטסקי, מעהרינג און אַזויפיל אַנדערע וויכטיגע טעאָרעטיקער וועט ער געפינען דערוויזען, ווען ער וועט ווייי-טער לערנען און נאָכקלעהרען, אַז דאָס גייסטיגע לעבען פון די מענשען ווערט בעשטימט דורך די געזעלשאַפטליכע עקזיסטענץ, אַז רעכט איז קלאַסען-רעכט, פּאָליטיק איז קלאַסען-פּאָליטיק, אַז גוט און שלעכט זיינען געזעלשאַפטליכע פערענדערליכע בעגריפען, קורץ, דעם אמת פון אַלעם דעם, וואָס מיר האָבן בעהאַנדעלט אָט דאָ אין דער שריפט און וואָס עס לערנט דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם. דעמאָלט פערשטעהט ער שוין אויך די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין דענקען, דעמאָלט פערשטעהט ער זיין אייגען דענקען. דער מענש, וועלכער שאַפט די געזעלשאַפט פּראַקטיש, מיט זיינע הענד, זעהט זי אַדורך אויך מיט זיין גייסט וואָס אַמאָל אַלץ בעסער. ער פערשטעהט דאָס קלאַסען-דענקען, און אַזוי-אַרום פאַלט-ווידער אַ שטיצע פון דער רעליגיע—דאָס מעטאַפיזישע דענקען, וועלכעס ער האָט געלערנט אינדערהיים און אין בית-מדרש.

און נאָך ווייטער קאָן אַריינדרינגען דער פּראָלעטאַריער, פאַר וועלכען עס גענוגט נישט די איבערפלעכליכע קענטעניש, וואָס עס גיט איהם די פאַבריק, דער פּראָפעסיאָנעלער און דער פּאָליטישער קאַמף!

צידען האָט יאָזעף דיצגען, דער פילאָזאָף פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, ווי ער ווערט מיט רעכט גערופען, און וועלכער איז אַליין אַ תלמיד פון מאַרקס׳ן, שטיצענדיג זיך אויף דער סאָציאַליסטישער וויסענשאַפט נישט געלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אַזוינס דער גייסט? צי האָט ער נישט ער-קלערט פאַר די אַרבייטער דאָס רעטעניש, פאַר וועלכער די בורזשואַזיע שטעהט נאָך אַלץ צעמישטערהייד, דעם מהות פון דער מענשליכער קאָפּ-

*) דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט, פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס.

אַרבייט? ער האָט דערוויזען, אַז אויף קיין שום געביט קומט נישט פאָר ביים דענקען עפּעס אַנדערש, ווי דאָס צונויפנעמען די פּרטים, דאָס באַזונדערע, די ערפאַהרונג אין אַ כלל, אין אַן אַלגעמיינעס. דער גייסט קאָן אַלזאָ דענקען בלויז איבער דעם פּרט, איבער דער ערפאַהרונג, איבער זיכערע פאַקטען. ער האָט דערוויזען, אַז דאָס און נישט עפּעס אַנדערס איז די ווירקונג, די נאַטור פון׳ם גייסט, אַזוי ווי די באַוועגונג איז די נאַטור פון׳ם קערפּער, אַז אַלזאָ דאָס דענקען וועגען עפּעס איבערנאַטירליכס אַזוי ווי דאָס וואָלט זיין עפּעס ווירקליכס (זאַך אַן זיך, גאָט, אַבסאָלוטע פרייהייט, אייביגע פערזענליכקייט, אַבסאָלוטער גייסט א.אַז.וו.) איז פּונקט אַזוי אוממעגליך, דאָס איז פּונקט אַזאַ ווידערשפּרוך צום מהות פון׳ם דענקען, ווי די פאָרשטעלונג וועגען „איבערנאַטירליך בלעך"; אַז דער גייסט איז טאַקי עפּעס אויסערגעוועהנליך הערליכס און מעכטיגס און פראַכטפולס, אָבער נישט מעהר געהיימניספול און נישט מעהר מיסטעריעז ווי די אַלע ערשיינונגען אין דער וועלט, וועלכע מען פערגעסערט נישט. דיצגען האָט דערוויזען, אַז דער גייסט איז בעגרייפליך דווקא דערפאַר, ווייל דער מהות פון׳ם גייסט בעשטעהט אין בעגרייפען, דאָס הייסט אין׳ם זעהן דאָס אַלגעמיינע.

ווען דער פּראָלעטאַריער, וועלכער איז הונגעריג און דורשטיג, נאָך בילדונג און קענטעניש, ווייל ער שטרעבט צו בעפרייען זיך און זיין קלאַס, וועט עס האָבען פערשטאַנען, דעמאָלט קאָן מען רוהיג זאָגען, אַז מעהר בלייבט נישט אין זיין געדאַנק קיין איין איינציגער פּלאַץ וואו די רעליגיע וואָלט נאָך קאָנען וואוינען. דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס, וועלכער האָט איהם געגעבען דאָס עלענד, די נויט, דאָס בעדערפניס און דעם דראַנג נאָך בעפרייאונג און ענדליך די קענטעניש—האָט געלאָזט אין איהם

---

*) מאַרקס האָט מסביר געווען, ווי אַזוי די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען ענדערען דעם אינהאַלט פון׳ם דענקען. אָבער דאָס דענקען גופא ווערט פון דעסט-וועגען דורך די בורזשואַזע פילאָזאָפען און טעאָלאָגען ערקלערט אלס אַ זאַך, וואָס שטאַמט פון גאָט. אַלזאָ אפילו נאָך מאַרקס׳ס קריטיק וועגען אינהאַלט פון׳ם דענקען איז נאָך איבערגעבליבען אַ נישט ערקלערטער טייל פון דער געדאַנקען-וועלט, וועלכען די בורזשואַזיע האָט געקאָנט בענוצען אויף אויפצוהייבען זיך אַליין און ערנידריגען דעם פּראָלעטאַריאַט. דעם דאָזיגען טייל האָט עס יאָזעף דיצגען אויס-געטאָשט. אין דער צייט, וואָס מאַרקס האָט אַ נעהם געטהון די מאַטעריעלע זייט, האָט דיצגען אַ נעהם געטהון די זאַך פון דער אַנדער זייט, פון דער אידעעלער. וואו מאַרקס האָט אויפגעוויזען, וואָס די געזעלשאַפטליכע מאַטעריע טוהט אין׳ם גייסט, האָט דיצגען געוויזען, וואָס עס טוהט דער גייסט אַליין,— אָפט הערט מען די בורזשואַזיע זאָגען: „אָבער דעם מהות פון די זאַכען, דאָס קאָן דאָך קיינער נישט פער-

אָבשטאַרבען די רעליגיע. דער געדאַנק וועגען איהר איז אויף שטענדיג פערשוואונדען. אין דעם פולען זונען-שיין דאַרף מען קיין לאָמפּ נישט האָבען.

ווען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט שוין עקזיסטירען, דעמאָלט וועט די נאַטור דערקענט ווערען נאָך אַסך בעסער. און די אויספאָרשונג פון דער געזעלשאַפט וועט מעהר נישט קאָסטען, אַזוי ווי איצט, מיה און שוייס. זי וועט ליעגען פאַר די אויגען קלאָר און דורכזיכטיג. דעמאָלט וועט מען מעהר נישט אַריינבלאָזען אין די קינדער דעם געדאַנק וועגען רעליגיע.

מיר האָבען אַלזאָ איצט אויפגעוויזען, אַז די מיינונגען וועגען רעליגיע, וועלכע האָט אַמאָל געשפּילט אַזאַ וויכטיגע ראָליע אין דעם מענשליכען גייסטיגען לעבען, ענדערען זיך מיט די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען און דורך זיי. וואָס פאַר אַן איבערקעהרעניש! דער גלויבען אין אַ בעטיש, אַ בוים, אַ טייך, אַ חיה, אַ זון, אַ פערגעטליכטען שענעם, קראַפטפולען, טאַפּפערען מענש, אַ גייסט, אַ פאָטער, אַ הערשער, אַ רוחניות'דיגע אַבסטראַקציע און ענדליך... גאָרנישט. און פון דעסטוועגען זענען די דאָזיגע אַלע ענדערונגען אַ קלאָרער רעזולטאַט פון די ענדערונגען אין דער געזעלשאַפטליכער לאַגע פון'ם מענש, אַ רעזולטאַט פון זיינע געענדערטע בעציהונגען צו דער נאַטור און צו זיינע מיטמענשען.

## ערשטע טענה.

אונזערע געגנער טענה'ן, אַז דאָס וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, שטעהט אין ווידערשפּרוך צו דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישען פּראָגראַם-פּונקט: רעליגיע איז פּריוואַט-זאַך. זיי זעהען אין דעם דאָזיגען פּראָגראַם-פּונקט אַ צביעות, אַ ליסטיגקייט, כּדי צו געווינען אויף אונזער זייט די גלויביגע אַרבייטער, דורכדעם וואָס מיר בעמאַסקירען אונזער ווירקליכע איבערצייגונג. אַז דאָ איז נישטאָ קיין שום צביעות פון אונזער זייט, נישט-מעהר אונזערע פיינד

---

שטעהן; דער מהות פון די זאַכען ליעגט העכער אָדער גאָר אויסער דעם בעגריף דערמיט וויל זי ראַטעווען דאָס איבערנאַטירליכע. דיצגען האָט אָבער אויפגעוויזען, אַז דאָס אונבעגרייפליכע ליעגט פאַר דער בורזשואַזיע נישט אינ'ם מהות פון די זאַכען נאָר אינ'ם בעגרייפען גופא. די בורזשואַזיע, די בורזשואַזע פילאָזאָפען און טעאָלאָגען בעגרייפען נישט וואָס איז דאָס אַזוינס בעגרייפען. וואָס בעגרייפען איז, דאָס האָט דיצגען פאַר די ארבייטער קלאָר געמאַכט. און אַזוי איז דורך מאַרקס'ן און דיצגען'ען קלאָר געוואָרען: די גאַנצע בעציהונג פונ'ם דענקען און פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען: דער איינער האָט אויסגעפאָרשט די ענדערונגען אינ'ם דענקען, דער אַנדערער דעם מהות פונ'ם דענקען.

מאַרקס אליין האָט זיין קענען די געזעלשאַפט געשעפט פונ'ם קלאַסען-קאַמף

זענען נישט אימשטאַנד צו פערשטעהן די זאַך, איז שוין אַמאָל זעהר שען דערוויזען געוואָרען אין אַן'אַרטיקעל פון דעם חבר אַנטאָן פּאַנעקאָק, וועלכען מיר ברענגען דאָ:

„צו די האַרטנעקיגסטע מיספערשטענדניסען, וועלכע ווערען אָנגעווענדט אַלס געוועהר געגען אונז, געהערט די כלומרשטע רעליגיאָנס-פיינדליכקייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ווי נישט־צווייטיג מיר זאָלען נישט שטעלען די פאָדערונג: רעליגיע איז פּריוואַט־זאַך, די אַלטע בעשולדיגונג קומט כסדר צוריק. קומט דאָך אַרויס אַלס אַ קלאָרע זאַך—אַז עס מוז פונדעסטוועגען זיין עפּעס אַ גרונד דערצו! ווען מיר וואָלטען דאָ געהאַט צו טוהן בלויז מיט אַ גרונדלאָזער טענה, וואָס זאָל נישט האָבען אפילו אַ האָר פון גערעכטיגקייט, וואָלט זי דאָך שוין לאַנג זיך געהאַט אַרויסגעוויזען אַלס אַ שלעכט געוועהר און וואָלט פערשוואונדען. נאָר די מעשה איז, אַז פאַר נישט-אויפגעקלעהרטע קעפּ ליעגט אין דער אמת'ן אַ ווידערשפּרוך צווישען דער דאָזיגער פּראַקטישער פאָדערונג און דעם פאַקט, אַז גלייכצייטיג מיט דעם, ווי עס פערשטאַרקט זיך דער כח פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין די אַרבייטער־קרייזען, פערשווינדט די רעליגיע אַלץ מעהר און אַז אויך אונזער טעאָריע, דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, שטעהט אין אַ האַרבען געגענזאַץ צו די רעליגיעזע תורות. דער דאָזיגער כלומרשט'ער ווידערשפּרוך, וועלכער האָט שוין פערדרעהט דעם קאָפּ אפילו פון געוויסע חברים, ווערט אויסגענוצט דורך אונזערע געגנער אויף אויפצוווייזען, אַז אונזער פּראַקטישע פאָדערונג, וועלכע לאָזט-איבער יעדען איינעם די ברירה צו זיין רעליגיעז אָדער נישט, איז בלויז אַ צביעות, אַ פערטושונג פון אונזערע אמת'ע רעליגיאָנס-פיינדליכע כוונות, מיט'ן צוועק צו געווינען פאַר אונז מאַסענווייז די רעליגיעזע אַרבייטער.

„מיר פאָדערען, אַז די רעליגיע זאָל בעטראַכט ווערען אַלס אַ פּריוואַטער ענין פון יעדען איינעם, אַז יעדער איינער זאָל האָבען די ברירה זיך צו בעציהען ווי ער פערשטעהט און אַנדערע זאָלען דאָ נישט האָבען צו זאָגען איהם עפּעס אַ דעה. די דאָזיגע פאָדערונג נעהמט זיך פון די בע-

פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכען ער האָט אין ענגלאַנד און פראַנקרייך געהאַט פאַר די אויגען. דיעטצגען האָט געשעפּט זיין קענען דעם גייסט פון מאַרקס'ענס קענען די געזעלשאַפט. פון מאַרקס'ענס שריפטען האָט ער דערקענט דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, אין ערשט דורכדעם האָט דיעטצגען געקענט קומען צו זיין קלאָרער לעהרע וועגען גייסט. ביידע האָבען אַלזאָ זייערע קענטעניסען געשעפּט פון'ם קלאַסען־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיי דורך זיין אַרבייט, זיינע פאָדערונגען און זיינע טאַהטען געגעבען די ערפאַהרונג, און זיי האָבען געשאַפען די לעהרע די טעאָריע. מען קאָן זאָגען, אַז זיי האָבען הונדערט מאָל אזויפיל צוריקגעגעבען דעם פּראָלעטאַריאַט דאָס וואָס יענער האָט זיי געגעבען.

דערפֿנישען פֿון אונזער פּראַקטיק אַלס עפּעס אַ זעלבסטפֿערשטענדיגע זאַך, עס איז, פֿערשטעהט זיך, זעהר ריכטיג, אַז דורכדעם ווילען מיר געווינען פֿאַר אונז מאַסענהאַפֿט די נישט-רעליגיעזע און די רעליגיעזע אַרבייטער פֿון פֿערשידענע רעליגיעס, דאָס הייסט מיר ווילען זיי פֿעראייניגען צו אַ געמיינזאַמען קאַמף פֿאַר זייער קלאַסען-אינטערעס. דאָס ציל פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבייטער-בעוועגונג איז נישט עפּעס אַנדערס, ווי אַ ווירטשאַפֿטליכע פֿערענדערונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַריבערפֿיהרען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין אַ קאָלעקטיווע אייגענטום — איז שוין דאָך ממילא פֿערשטענדליך, אַז מען האַלט זיך אָב פֿון אַלץ וואָס איז פֿרעמד דעם דאָזיגען ציל און וואָס קאָן פֿיהרען צו מחלוקת׳ן צווישען די אַרבייטער. די טעאָלאָגען מאַטערען זיך מיט זייער גאַנצער פּנייות׳דיגער בעגרענצטקייט איינצורעדען, אַז אָנשטאָט דעם דאָזיגען אָפֿען אָנערקענטען ציל האָבען מיר נאָך אַן׳אַנדער געהיים ציל, דהיינו די פֿערניכטונג פֿון דער רעליגיע. ווער עס לעגט-אַוועק זיין גאַנצען שכל אויף רעליגיעזע גריבלענישען און דערביי האָט ער נישט קיין אויג פֿאַר די גרויסע נויט און דעם גרויסאַרטיגען קאַמף פֿון די פּראָלעטאַריער, ביי דעם דאַרף מען זיך סוף-כל-סוף נישט חידוש׳ן, וואָס אין דער גרויסער וועלט-בעפֿרייענדער איבערקעהרעניש פֿון דעם פּראָדוקציאָנס-אופֿן און אין דער גייסטיגער און רעליגיעזער פֿערענדערונג וואָס קומט צוזאַמען מיט דעם, זעהט ער נישט מעהר ווי דאָס, אַז עס וואַקסט די אפּיקורסות, עס איז גובר די כפירה — און פֿאַר די אָבשאַפֿונג פֿון עלענד, אונטערדריקונג, קנעכטשאַפֿט און אָרימקייט געהט ער פֿאַרביי אַלס פֿאַר עפּעס אַ גלייכגילטיגע זאַך.

„פֿונ׳ם בעדערפֿניש פֿון דעם פּראַקטישען קאַמף איז אַרויסגעקומען אונזער פּראַקטישער פּרינציפּ וועגען דער רעליגיע; דערפֿון מוז מען שוין דרינגען, אַז ער מוז זיך אויך געפֿינען אין הסכם מיט אונזער טעאָריע, וועלכע גרינדעט דעם סאָציאַליזם אינגאַנצען אויף דער פּראַקטיק פֿונ׳ם אַלטעגליכען קאַמף. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם זעהט אין די ווירטשאַפֿטליכע בעציהונגען דעם יסוד פֿונ׳ם גאַנצען געזעלשאַפֿטליכען לעבען; שטענדיג האָט עס זיך געהאַנדעלט וועגען מאַטעריעלע בעדערפֿניסען, וועגען קאַמפֿען פֿון די קלאַסען, וועגען איבערקעהרענישען אינ׳ם פּראָדוקציאָנס-אופֿן — דאָרטען וואו דער ביזאַהעריגער בעטראַכטונגס-אופֿן, אפֿילו פֿון די קעמפֿער גופֿא, האָט געזעהן בלויז רעליגיעזע פֿערשידענהייטען און רעליגיעזע קאַמפֿען. די רעליגיעזע מיינונגען זענען בלויז אַן׳אויסדרוק, אַן׳אָבשיין, אַ רעזולטאַט פֿון די אמת׳ע לעבענס-בעציהונגען פֿון די מענשען, אַלזאָ אין דער ערשטער ליניע פֿון די ווירטשאַפֿטליכע צושטאַנדען. אויך היינט האַנדעלט עס זיך וועגען אַ ווירטשאַפֿטליכער איבערקעהרעניש, אָבער צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע האָט דער קלאַס, וואָס מוז עס דורכפֿיהרען, דאָס קלאָרע בעוואוסטזיין, אַז עס האַנדעלט זיך נישט וועגען דעם זיג פֿון עפּעס אידעאָלאָגישע מיינונגען. דעם דאָזיגען קלאָרען בעוואוסטזיין, וועלכעס ער שעפּט פֿון דער טעאָריע,

דריקט ער אויס אין דער פּראַקטישער פאָדערונג: רעליגיע איז פּריוואַט-זאַך! די דאָזיגע פאָדערונג איז אַלזאָ פּונקט אַזוי אַ רעזולטאַט פון דער קלאָרער וויסענשאַפטליכער לעהרע, ווי פון דעם פּראַקטישען בעדערפניש.

„פון דעם דאָזיגען קוק, וואָס דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט אויף דער רעליגיע, ווייזט זיך שוין אַרויס, אַז מען טאָר איהם גאָר נישט אַריינוואַרפען אין איין טאָפּ מיט'ן בירגערליכען אַטעאיזם. דער בורזשואַזער אַטעאיזם האָט זיך געשטעלט דירעקט פיינדליך צו דער רעליגיע, ווייל ער האָט געזעהן אין איהר די טעאָריע פון די רעאַקציאָנערע קלאַסען און דעם ממשות'דיגסטען טאָרמאַז פאַר דעם פּראָגרעס. ער האָט געזעהן אין דער רע־ליגיע בלויז נארישקייט, אונוויסענהייט און עם-הארצות; דערום האָט ער גע-האָפט אויסצוראָטען דעם גלויבען פון די אונוויסענדע פּויערים און קליינ־בירגער דורך וויסענשאַפטליכער אויפקלערונג, דורך השכלה, בעזונדערס דורך נאַטור-וויסענשאַפט.

„מיר דאַגעגען זעהען אין דער רעליגיע אַ נויטווענדיגען אויספלוס פון די לעבענס-בעציהונגען, וועלכע האָבען דערהויפּט אַנ'עקאָנאָמישען כאַראַקטער.

„דער פּויער, וואָס די קאַפּריזען פון די וועטערן פערשאַפען איהם אַ גוט אָדער אַ שלעכט געראָטעניש, דער קליינבירגער, וואָס די מאַרק- און קאָנקורענץ-בעציהונגען קאָנען איהם ברענגען פערלוסט אָדער פּראָפיט, פיהלט זיך אין אָבהענגיגקייט פון העכערע, געהיימניספולע כוחות. געגען די דאָזיגע דירעקטע געפיהלען העלפט נישט די תורה פון די ביכער, אַז דאָס וועטער ווערט בעשטימט דורך נאַטירליכע קרעפטען און אַז די ניסים פון תנ"ך זענען אויסגעטראַכטע לעגענדעס. פּויערים און בירגער האָבען אַנ'אַנטיפּאַטיע און אפילו אונצוטרוי צו דער דאָזיגער לעהרע, ווייל זי שטאַמט פון אַ קלאַס, וואָס דריקט זיי און זיי אַליין אַלס אונטערגעהענדיגע קלאַסען קאָנען נישט געפינען דערין קיין שום געוועהר, קיין שום רעטונג און אפילו קיין טרייסט נישט. אַ טרייסט קאָנען זיי זיך אויסקלעהרען בלויז אויף אַנ'איבערנאַטירליכען וועג, אין רעליגיעזע פאָרשטעלונגען.

„פערקעהרט איז מיט'ן קלאַסען-בעוואוסטזיניגען פּראָלעטאַריער; די סיבה פון זיין נויט ליעגט פאַר איהם קלאָר אין דעם מהות פון דער קאַפּי-טאַליסטישער פּראָדוקציע און עקספּלואַטאַציע, וועלכע האָט נישט פאַר איהם קיין שום איבערנאַטירליכס. און אַזוי ווי איהם ווינקט-צו אַ האָפנונגספולע צוקונפט, אַזוי ווי ער פיהלט, אַז דאָס קענטעניש איז איהם נויטיג, כדי ער זאָל קאָנען צעברעכען זיינע קייטען, וואַרפט ער זיך מיט ברען צום שטודירען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. אַזוי איז שוין זיין גאַנצער קוק אויף דער וועלט אַ נישט-רעליגיעזער, אפילו ווען ער ווייס גאָרנישט וועגען דאַרווינ'ען און קאָפּערניק'ן; די כוחות, מיט וועלכע ער האָט צו שאַפען און צו קעמפען, איז ער מרגיש אַלס ניכטערע וועלטליכע פאַקטען. אַזוי איז אַלזאָ די רעלי-גיאָנסלאָזיגקייט פון פּראָלעטאַריאַט נישט קיין רעזולטאַט פון בעשטימטע לעה-

רעס, וואָס מען בלאָזט אין איהם אַריין, נאָר די דירעקטע הרגשה פון זיין לאַגע. אדרבה, ערשט די דאָזיגע געזינונג, וועלכע וואַקסט-אַרויס פון איהם אַליין דורך זיין בעטייליגען-זיך אין די געזעלשאַפטליכע קאַמפען, ווירקט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך כאַפּען מיט גרויס חשק צו אַלע אַנטי-טעאָלאָגי-שע אויפקלערונגס-ביכער, צו ביכנער'ן און העגעל'ן, כדי צו געבען זייער געזינונג דורך די נאַטור-וויסענשאַפטליכע קענטעניסען אַ טעאָרעטישען פונדאַ-מענט. דער דאָזיגער כאַראַקטער פון'ם פּראָלעטאַרישען אַטעאיזם ברענגט-מיט מיט זיך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט בענוצט איהם נישט קיינמאָל אַלס שטרייט-אָביעקט געגען די וואָס דענקען אַנדערש; אַ שטרייט-אָביעקט זענען פאַר איהם בלויז זיינע געזעלשאַפטליכע מיינונגען און צילען, וועלכע בילדען דעם ממשות'דיגען עלעמענט פון זיין וועלט-אָנשויאונג. יענע פּראָלעטאַריער, וועל-כע לעבען אַלס זיינע קלאַסען-חברים אין דער אייגענער אונטערדריקונג, זענען זיינע נאַטירליכע קאַמפס-חברים, אפילו ווען ביי זיי זענען צוליב בעזונדערע אומשטענדען נישטאָ די דערמאָהנטע ווירקונגען. און אַזעלכע בעזונדערע אומ-שטענדען זענען פאַקטיש פאַרהאַן, שוין אַחוץ דער אומעדום ווירקענדער קראַפט פון די טראַדיציעס, וועלכע מען קאָן ערשט ביסלעכווייז בייקומען. פּראָלעטאַריער, וואָס אַרבייטען אין אַזעלכע בעדינגונגען, וואו מעכטיגע, מורא'דיגע נאַטור-כוחות, וועלכע מען קאָן נישט בערעכנען, בעדראָהען זיי מיט טויט און פערניכטונג, ווי באַרג-אַרבייטער און ים-לייט, וועלען אָפט האָבען דורכדעם שטאַרקע רעליגיעזע געפיהלען, הגם אין דער אייגענער צייט קאָנען זיי זיין קרעפטיגע קעמפער געגען דעם קאַפּיטאַליזם. די דאָזיגע זאַכ-לאַגע שרייבט אונז פאָר אַ געוויסע פּראַקטישע האַלטונג; אָבער ליידער זענען אָפט פאַרהאַן אויך פאַרטיי-חברים, וועלכע זענען עס נישט תופס און זיי גלויבען, אַז אונזערע מיינונגען מוז מען אַנטקעגענשטעלען אַלס אַ „העכערע רעליגיע" געגען די איצטיגע אמונות

„די בעציהונג צווישען סאָציאַליזם און רעליגיע איז אַלזאָ פונקט דער היפך דערפון, וואָס עס זאָגען אונזערע טעאָלאָגישע פיינד. מיר מאַכען נישט די אַרבייטער אָבטריניג פון זייער פריהערדיגען גלויבען דורך דעם ערקלערען אונזער טעאָריע, דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, נאָר זיי פערלירען שוין זייער גלויבען דורך דעם אויפמערקזאַמען צוקוקען זיך צו די געזעלשאַפטליכע צוזאַמענ-האַנגען, וועלכע גיבען זיי צופערשטעהן, אַז די אָבשאַפונג פון דער נויט איז אַ ציל, וואָס קאָן דערגרייכט ווערען. דאָס בעדערפניש צו פערשטעהן די דאָזיגע צוזאַ-מענהאַנגען אַלץ גרונדליכער, פיהרט זיי צום לערנען די היסטאָריש-מאַטעריאַ-ליסטישע ווערק פון אונזערע גרויסע טעאָרעטיקער. די דאָזיגע ווערק ווירקען גאָר נישט דעמאָלט אין רעליגיאָנס-פיינדליכען זין, דען דער גלויבען איז שוין דעמאָלט נישטאָ; אדרבה, זיי ווירקען, מען זאָל אַכטען די רעליגיע אַלס אַ היסטאָריש בערעכטיגטע ערשיינונג, וועלכע וועט פערשווינדען ערשט אונטער די קינפטיגע אומשטענדען. די דאָזיגע לעהרע היט אונז אַלזאָ אָב פון האַל-

טען אידעאָלאָגישע מיינונגס-פאַרשידענהייטען אַלס דאָס סאַמע ממשות'דיגע, זי שטעלט אויפ'ן ערשטען פּלאַן אונזער עקאָנאָמיש ציל אַלס דאָס סאַמע וועזענטליכע און דאָס דריקט זי אויס אין דער פּראַקטישער פאָדערונג: רע-ליגיע איז פּריוואַט-זאַך."

### צווייטע טענה.

פון וואַנען אָבער נעהמט עס זיך, וואָס ווען אַלטע פּראָדוקציאָנס-בע-ציהונגען מוזען אָבטרעטען זייער אָרט פאַר נייע, בלייבען נאָך פון דעסטווע-גען אַלטע רעליגיעס לאַנג עקזיסטירען?

די דאָזיגע פראַגע מוז פערענטפערט ווערען, דען דער דאָזיגער פאַקט ווערט דורך אונזערע געגנער בענוצט אַלס אַ טענה געגען אונז. דער ענטפער איז נישט שווער.

ערשטענס שטאַרבט קיינמאָל נישט אָב אַן אַלטער פּראָדוקציאָנס-אופן פּלוצלינג. אין פריהערדיגע יאָהרהונדערטען איז דאָס פאָרגעקומען אין העכ-סטען גראַד לאַנגזאַם; און אפילו איצט, אין דער צייט ווען די גרויס-אינדו-סטריע פערשטויסט די אַלטע טעכניק אַזוי שנעל, וועט עס דויערן פון דע-סטוועגען זעהר לאַנג, ביז די קליין-אינדוסטריע וועט זיין פערשוואונדען. עס בלייבט נאָך אַלזאָ אַ לאַנגע צייט גענוג פּלאַץ פאַר דער אַלטער רעליגיע.

צווייטענס איז דער מענשליכער גייסט פויל. אפילו ווען דער קערפּער געפינט זיך שוין אין נייע אַרבייטס-בעציהונגען, נעהמט-אָן דער געדאַנק נייע פאָרמען נישט שנעל. די טראַדיציע, די מסורה דריקט אויף דעם מוח פון די לעבעדיגע מענשען, דער אַרבייטער קאָן דאָס לייכט אָבסערווירען אין זיין אייגענער סביבה: דאָרטען שטעהען אין דער אייגענער פאַבריק אייגע נעבען די אַנדערע צוויי מענשען, מיט דער אייגענער נויט, מיט דעם אייגע-נעם עלענד. און פון דעסטוועגען איז איינער אַ קנאַפּער בעל-מוח, וועלכער וויל נישט קעמפען, קאָן זיך נישט אויסלערנען קיין פריי דענקען און פאָלגט אין דער פּאָליטיק, רעליגיע, פּראָפעסיאָנעלען פעראיין — וואָס „גוטע און פרומע לייט" הייסען. דער אַנדערער איז פול לעבען, אַלץ אין איהם איז קאַמפּס-לוסט; שטענדיג רעדט ער, שטענדיג אַגיטירט ער; קיין גאָט און קיין בעל-הבית, דאָס איז זיין לאָזונג.

חוץ דעם אונטערשייד אינ'ם טעמפּעראַמענט ווירקט דאָ די טראַדיציע. די יודישע אמונה, צי דער קאַטוילוציזם למשל, ווי שטאַרק זיי זאָלען זיך נישט בופאַסען צו די נייע פאָרמען, זענען זיי רעליגיעס וואָס פאַסען פאַר אַלטע צוציהונגען. צוליב דער פּוילקייט, די אינערץ, וועלכע איז פאַרהאַן סיי ביי יער מאַטעריע סיי ביי דעם געדאַנק, האַלטען זיי זיך אָבער עקשנות'דיג זייטער. שוין לאַנג נאָכדעם, ווי אַ געוויסער פּראָדוקציאָנס-אופן איז אונטער-געגאַנגען, קאָן מען נאָך אַ געוויסע צייט געפינען זיינע אַלטע טרוקענע בלומען דריטענט ווירקען די ניי אויפגעקומענע קלאַסען און די בעדראָהטע.

קלאַסען, אַז די אַלטע דענקונגס-אַרט זאָל נאָך לאַנג בלייבען עקזיסטירען.
פריהער, ווען דער קלאַסען-קאַמף איז נאָך געקעמפט געוואָרען אין רעליגיע-
זע פאָרמען, אונטער רעליגיעזע לאָזונגען, האָט אַנ'אויפקומענדער קלאַס, וועל-
כער האָט געשטרעבט צו אַנדערע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען ווי דער רע-
גירענדער קלאַס, געהאַט אָפט אויך אַ נייע רעליגיע, וועלכע האָט זיך גע-
פאַסט דערצו, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר גוט, גערעכט און וואָהר. אַזוי
איז צום ביישפיל געווען דער קאַלוויניזם אין אָנהויב אַ רעליגיע פון רעוואָלו-
ציאָנערען. אָבער ווען דער אויפגעקומענער קלאַס האָט שוין סוף-כל-סוף פער-
שטויסען דעם אַלטען און איז אַליין געוואָרען דער הערשענדער קלאַס, דעמאָלט
האָט ער אויך זיין רעליגיע געמאַכט פאַר די הערשענדע רעליגיע; דעמאָלט
האָט ער אַלעמען אָנגעוואָרפען די דאָזיגע רעליגיע, אָבער דעמאָלט האָט ער
אויך פערוואַנדעלט דעם רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער פון דער רעליגיע אין
אַ קאָנסערוואַטיווען; דעמאָלט האָט ער אויך אין דער דאָזיגער רעליגיע גע-
בראַכט צום אויסדרוק זיינע אייגענע נייע בעציהונגען. אַזוי איז דאָס
קריסטענטום—וועלכעס איז געווען אַמאָל די רעליגיע פון די עניים ואביונים,
אָרימעלייט און אונפערמעגליכע, און זייענדיג דעמאָלט העכסט איינפאַך איז
זי געווען בלויז די רעליגיע פון ליבע און געגענזייטיגער הילף—געוואָרען
אַלס אָפיציעלע אמונה פאַר אַ גאַנץ פערפלאָנטערט סיסטעם פון דאָגמען, צערעמאָ-
ניעס, גאָטס-שטעלפערטרעטער אויף דער ערד, אַ סיסטעם פון היעראַרכיע און
עקספלואַטאַציע, וועלכעס איז צום ערשטען קריסטענטום גאָר קנאַפּ ענליך.
דער קלאַס, וועלכער קומט צו דער מאַכט און אין אַנדערע בעציהונגען,
ענדערט פשוט דעם מהות פון דער רעליגיע און מאַכט זי פון אַ קאַמפּס-מי-
טעל פאַר אַ מיטעל פון אונטערדריקונג.

און דאָס זעהען מיר אויך אין אונזערע טעג.

די הערשענדע קלאַסען, וועלכע ווילען אַליין געניסען פון דעם גאַנצען
עולם-הזה, האָבען, זינט דאָס קריסטענטום איז געוואָרען זייער רעליגיע,
אַריינגעקלאַפּט אין מוח פון די אונטערדריקטע די אונטערטעניגקייט, עניוות
און מקבל-באהבה-זיין צרות און בעליידיגונגען, דעם דאָזיגען טייל פון קרי-
סטוס'עס לעהרע, און אַליין האָבען זיי איהם אָנגעווענדט געגען די אונטערדריקטע.
ווען די פערמעגליכע קלאַסען זענען געווען אַליין רעוואָלוציאָנער. אַזוי ווי
די קאַלוויניסטען און אַנדערע פראָטעסטאַנטען, האָבען זיי אַליין געפּרעדיגט
נישט דאָס ליידען און שווייגען, נאָר דעם קאַמף. איצט אָבער, ווען אַ קלאַס
וואַקסט-אויס אין געגענזאַץ צו זיי, אַ קלאַס וואָס וויל נישט ליידען און
שווייגען נאָר קעמפען ביז ער זיגט, ווערט שוין ווידער די אַלטע רעליגיע
פון מקבל באהבה-זיין אַלע צרות, וואָס „גאָט שיקט אויפ'ן מענשען", בענוצט
דורך אַלעמען, אפילו דורך די פריהער רעוואָלוציאָנערע סעקטעס, כדי אָבצו-
האַלטען פון קאַמף וועניגסטענס איין טייל פון די אויפקומענדע קלאַסען.

אונז חידוש'ט אַלזאָ גאָר נישט, וואָס דורך די פּעראייניגטע ווירקונג

פון די נאָך איבערגעבליבענע אַלטע פראָדוקציאָנס-בעציהונגען, טראַדיציע און קלאַסען-הערשאַפט, בלייבט נאָך אַן'אַלטע רעליגיע אַ לאַנגע צייט ביי איהר עקזיסטענץ און ביי איהר קראַפט. אָבער דאָס וואָס דעמאָלט האָט זי שוין נישט מעהר קיין רייך אינערליך לעבען, נאָר זי איז גיכער עהנליך צו אַ פערשטיינערטער מומיע, קאָן אונז אויך נישט חידוש'ן, ווייל אַצינד ווייסען מיר שוין, אַז אויך די רעליגיע נעהמט-זיך פון דער געזעלשאַפט.

## ז. די קונסט

דעם דאָזיגען געביט פונ'ם גייסט קאָנען מיר דורכגעהן בלויז בקיצור, ווייל ליידער דרינגט נאָך אַהין דער פראָלעטאַריער נישט אַריין.

אָבער אַז דאָ, דווקא דאָ, מוז אונזער לעהרע גילטיג זיין, דאַרף קלאָר ווערען דורך דער פאָלגענדער בעטראַכטונג און מיט איין איינציגען ביישפּיל.

קונסט איז דאָס געפיהלס-לעבען, פאַרגעשטעלט אין ליניע אָדער פאָרם אָדער טענער. פאַר קיין שום זאַך פיהלט נישט דער מענש מעהר ווי פאַר אַ מענשען. דערום מוז אויך די קונסט זיך ענדערן גלייכצייטיג, ווען עס ענדערען זיך די בעציהונגען פונ'ם מענש צום מענש.

אַלס ביישפּיל דערצו קאָן פאָלגענדעס דיענען:

דער מענש פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט שטעהט אַליין און ווערט בעהערשט דורך דער פראָדוקציע און די פראָדוקטען. דאָס מוז זיך אויסדריקען אין זיין קונסט; זינט דער גריכישער בירגערליכער קונסט פון פינפטען יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס, ביז'ן היינטיגען טאָג ווערט עס טאַקי אויסגעדריקט.

דער מענש פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פיהלט זיך איינס מיט אַלעמען, האָט קראַפט דורך אַלעמען און בעהערשט צוזאַמען מיט אַלעמען די פראָדוקציע און די פראָדוקטען. דאָס מוז זיך סוף-כל-סוף אַרויסווייזען אין זיין קונסט; דאָס דאָזיגע געפיהל פון הערשאַפט, פרייהייט, גליק צוזאַמען מיט אַלעמען מוז און וועט זיך דעמאָלט אויסדריקען. דאָס איז אַזוי זיכער ווי זיכער עס איז, אַז ביים געזעלשאַפטליכען מענש איז בכלל פאַרהאַן אַ דראַנג אויסצודריקען זיינע געפיהלען אין ליניעס, פאַרב און טענער. אָבער די דאָזיגע קונסט וועט זיין אַזוי ווייט פון דער בירגערליכער קונסט, דאָס הייסט פערשידען ווי הימעל פון דער ערד, פונקט אַזוי ווי דער מענש אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט זיין פערשידען פון דעם בירגערליכען מענש. און דער דאָזיגער אונטערשייד וועט פעראורזאַכט זיין—צי דאַרפען מיר עס נאָך איבער'חזר'ן—דורכדעם וואָס די פראָדוקציאָנס-בעציהונגען, וועלכע זענען איצט געבויט אויף פריוואַט-אייגענטום און לויהן-אַרבייט, וועלען דעמאָלט געבויט זיין אויף קאָלעקטיוו אייגענטום און קאָלעקטיווער, געמיינזאַמער אַרבייט.

VI.

# שלום.

מיט דעם האָבען מיר פערענטפערט די אויפגאַבע, וואָס מיר האָבען זיך געשטעלט. לאָמיר נאָך אַמאָל בעטראַכטען, וואָס עס האָט זיך דערביי אַרויס־געוויזען.

מיר האָבען געזעהן, אַז די וויסענשאַפט, דאָס רעכט, די מאָראַל, די רעליגיע און די פילאָזאָפיע, די קונסט ענדערען זיך דורך דער ענדערונג פון די פראָדוקציאָנס-בעציהונגען, וועלכע ווערען ווידער פון זייער זייט געענדערט דורך דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק.

מיר האָבען געפונען דערויף אַ בעשטעטיגונג אין אַ רייה גאַנץ איינפאַכע, אַלגעמיין בעקאַנטע, אָבער זעהר וויכטיגע ביישפילען, וועלכע נעהמען־אַרום גאַנצע קלאַסען און פעלקער.

עס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז מיר האָבען נישט געקאָנט געבען ביישפילען אָהן אַ שיעור און אָהן אַ גבול, און געוויס זענען פאַרהאַן פיל קאַפיטלען פון דער געשיכטע, וואָס ווען מען זאָל זיי פאָרלעגען אויף אַ היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע ערקלערונג, וועלען זיי אונז ברענגען אין פערלעגענהייט, דען מיר ווייסען נישט גענוג, כדי צו ערקלערען אַלץ, וואָס אונזערע געגנער קומט-אַריין אין קאָפּ. אָבער דווקא דערפאַר האָבען מיר גענומען אַזעלכע ביישפילען, וואָס נעהמען־אַרום גרויסע ריזיגע ערשיינונגען, ווייל, ווען זיי טרעפען־צו אין זייער גרויסען פערנעהם, קאָן מען שוין קיים צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון דער טעאָריע.

הוץ דעם איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם אָנגעווענדט געוואָרען דורך אונזערע חברים קודם-כל אין דייטשלאַנד, אָבער אויך אין אַנדערע לענדער, אויף אַלע געביטען פון דער געשיכטע מיט אַזאַ גלענצענדען ערפאָלג, אַז מיר קאָנען זאָגען רוהיג: די ערפאַהרונג האָט די ריכטיגקייט פונ׳ם דאָזיגען טייל פון מאַרקס׳ענס לעהרע דערוויזען.

ווייטער האָבען מיר געזעהן, אַז דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם דאַרף מען דורכאויס נישט בעטראַכטען אַלס אַ פאָרם, אין וועלכע מען האָט נור אַריינצופרעסען די היסטאָרישע פראַגען. מען מוז אָנהויבען מיט׳ן לערנען וויל מען וויסען, פון וואַנען נעהמט זיך עס, וואָס אַ קלאַס, אַ פאָלק דענקט אויף אַ בעשטימטען אופן, זאָל מען נישט זאָגען: פערשטעהט זיך, דער פראָדוקציאָנס-אופן איז געוועזען אַזוי און אַזוי און ער האָט אַלזאָ געווירקט, אַז עס זאָל זיין אַזאַ דענקען. אַזוי־אַרום וועט מען זיך אָפט גענאַרען; דען אָפט

האָט די אייגענע טעכניק געשאַפען ביי איין פאָלק אַ גאַנץ אַנדער דענקען ווי ביי אַן׳אַנדער פאָלק, אַזוי ווי עס קאָנען אויך פערשידענע פראָדוקציאָנס-אופנים ביי פערשידענע פעלקער געבויט זיין אויף איין און דערזעלבער טעכניק. אויך אַנדערע פאַקטאָרען מוזען אויסגעפאָרשט ווערען: די פּאָליטישע געשיכטע פונ׳ם פאָלק, דער קלימאַט, די געאָגראַפישע לאַגע; צוזאַמען מיט דער טעכניק האָבען זיי אַלע אויך זייער איינפלוס אויף דעם פּראָדוקציאָנס-אופן און אויפ׳ן דענקען. ערשט ווען מען קען די אַנדערע פאַקטאָרען, פּרשט דענ׳אָלט ווייזט זיך גלענצענד אַרויס דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, די ווירקונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען און פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען **אין דער דאָזיגער סביבה.**

ווער עס קאָן זיך נישט אָבגעבען מיט גענויער לערנען די געשיכטע, דער זאָל זיך צופרידענשטעלען מיט דער בעטראַכטונג פון אונזער אייגענער צייט, מיט דעם קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, וואָס זיין אָבשפּיגלונג איז דייטליך צו זעהן קודם-כל אינ׳ם גייסט פון די אַרבייטער און וועלכען מען קאָן זיך גוט אויסלערנען צו פערשטעהן דורך גוטע רעפעראַטען און בעזוכען גוטע קורסען.

ווייטער האָבען מיר געזעהן, אַז די פערשידענע טיילען פונ׳ם גייסט זענען נישט קיין אָבגעצוימטע געביטען. צוזאַמען בילדען זיי **איין** גאַנצע זאַך, אַלע ווירקען זיי איינע אויף די אַנדערע, די פּאָליטיק אויף די עקאָנאָמיע, די מאָראַל אויף די פּאָליטיק, די טעכניק אויף די וויסענשאַפט, און פערקעהרט. עס איז פאַרהאַן אַ וועקסעל-ווירקונג, אַ צוריקווירקונג, אַ זעלבשטענ-דיג ווייטערדיג לעבען פון דעם גייסטיגען לעבען, וואָס האָט נור איינמאָל אויפגעבליהט. אָבער איזור טרייב-קראַפט איז די אַרבייט, און די קאַנאַלען, אין וועלכע עס פליסען די גייסטיגע שטראָמען, זענען די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען.

אויך די טראַדיציע איז אַ מאַכט. אָפט אַ טאָרמאַזירענדע.

דער גאַנצער פּראָצעס איז, ווי מיר האָבען געזעהן, אַ **מענשליכער** פּראָצעס, וועלכער קומט-פאָר **דורך** מענשען און **צווישען** מענשען און **אינ׳ם** מענשען, דאָס הייסט אַלזאָ **נישט** אַ מעכאַנישער פּראָצעס. מיר האָבען מעהרערע מאָל געקאָנט אָנווייזען דערויף, אַז דער יסוד פון אַלץ וואָס עס געשיהט זענען דאָס מענשליכע **בעדערפניש** און די מענשליכע **אינ-סטינקטען,** דער אינסטינקט פון דער זעלבסטדערהאַלטונג, דער אינסטינקט פון שאַפען אַ נייעם דור, דער סאָציאַלער אינסטינקט. אינסטינקטען און בע-דערפנישען—דאָס זענען נישט קיין בלויז מעכאַנישע, דאָס זענען אויך גייסטי-גע, דאָס זענען לעבעדיגע זאַכען, דאָס זענען **געפיהלען,** אַלזאָ דאָך געוויס נישט עפּעס פשוט-מעכאַנישעס. מיר האָבען געזעהן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין מעהר נאַרישע אָדער פעררעטערישע זאַך, ווי פערטוישען דעם היסטאָרישען מאַטע-ריאַליזם מיט דעם מעכאַנישען מאַטעריאַליזם. די טעכניק גופא איז נישט בלויז אַ מעכאַנישער, זי איז אויך אַ דענקונגס-פּראָצעס.

מיר האָבען אויך געזעהן, אַז דאָס גרויסע מיטעל, מיט וועלכען די נאַטור בענוצט זיך צו דער ענטוויקלונג פונ׳ם מענשליכען דענקען, דער קאַמף, איז אין אונזערע טעג קודם-כל דער קלאַסען-קאַמף. מיר האָבען געזעהן אַן די מענגע ביישפּילען, אַז די טעכניק שטעלט-אַוועק די קלאַסען אין פערשידענע פּראָדוקציאָנס- און אייגענטום-בעציהונגען און אַז דורכדעם שטויסען זיך פיינד־ליך צונויף זייערע אידעען; אַז צווישען זיי קומט-אַרויס אַ קאַמף צוליב דאָס אייגענטום, און גלייכצייטיג דערמיט—אַן׳אידעעלער קאַמף צוליב דאָס רעכט, די פּאָליטיק, די רעליגיע א. אַז. וו.; אַז דער מאַטעריעלער זיג פון אַ קלאַס איז גלייכצייטיג דער זיג פון זיינע אידעען.

דאָס אַלץ האָבען מיר געזעהן און מיר מיינען, אַז רוהיג קאָנען מיר ציהען דעם שלוס, אַז דאָס דענקען טוישט זיך כסדר. אַז דאָס דענקען געפינט זיך שטענדיג אין בעוועגונג, און אַז אויף די דאָזיגע אַלע געביטען, וואָס מיר האָבען בעהאַנדעלט, זענען נישטאָ קיין אייביגע אמת׳ן, אַז דאָס איינציג איי־ביגע, אַבסאָלוטע איז דער וועקסעל, די ענטוויקלונג. און דאָס איז גראָד אויך דאָס אַלגעמיינע, דער גרויסער אמת, וועלכער וועט זיך סיי-ווי אַרויסווייזען פון אונזערע אויספיהרונגען,—ווי מיר האָבען אין אָנהויב געזאָגט—,אפילו ווען מיר וועלען איהם נישט ספּעציעל בעהאַנדלען. דער לעזער וועט בעמערקען, אַז מיר האָבען דעם דאָזיגען רעזולטאַט געגעבען נישט אַלס אַ פאָראויס-פעסטגעזעצטע דאָגמע, נאָר אַלס אַ פּועל-יוצא פון די פאַקטען, פון דער איינפאַכער היסטאָ־רישער ערפאַהרונג.

## די קראַפט פונ׳ם אמת.

מיר האָבען אָבער כלל נישט געגעבען דאָס ווערק, כדי צו מאַכען די אַרבייטער פאַר פילאָזאָפען. געוויס האָט עס זיין ווערטה, ווען דער לע־זער זעהט־איין, אַז דער גייסט, ווי אַלע זאַכען, איז נישט קיין אַבסאָלוטע זאַך. מעג די דאָזיגע השגה, אַלס אַ פילאָזאָפישער אמת, האָבען אַן׳ערפאָלג־רייכע ווירקונג אויף זיין גייסט, בלייבט זי אַלץ פון דעסטוועגען בלויז אַ נעבען־רעזולטאַט.

מיר האָבען זיך געשטעלט אַן׳אַנדער ציל, מיר האָבען די אַרבייטער געוואָלט מאַכען פאַר קעמפער. און פאַר זיגער. אין דער צייט וואָס זיי האָבען דאָס דאָזיגע ווערק אויפמערקזאַם געלעזען, האָבען זיי געוויס געמוזט פיהלען ווי עס וואַקסט זייער אינערליכע קראַפט.

דען וואָס ווייזט זיך אַרויס פון אונזער לעהרע און פון אונזערע ביי־שפּילען?

ווען די טעכניק ענדערט זיך אַזוי, אַז פון אַן׳אונבעדייטענדען קלאַס מאַכט זי אַ מעכטיגען, פון אַ שקלאַף אַ קעמפער, דאַן מוזען אויך די אי־דעען פון דעם דאָזיגען קלאַס פון אונבעדייטענד מעכטיג ווערען, פון שקלאַ־

מעריש—דערהויבען. און ווען די טעכניק מאַכט ענדליך דעם דאָזיגען קלאַס פאַר אַ זיגער, מוזען סוף־כּל־סוף זיינע אידעען אויך ווערען די איינציג־אמת׳ע.

אונזער מיין איז, צו געבען דעם אַרבייטער־קלאַס דעם צוטרוי צו זיך, אַז ער פערמאָגט דעם אמת, דעם צוטרוי צו זיין גייסט.

דען די טעכניק מאַכט דעם פּראָלעטאַרישען קלאַס פיל ווי זאַמד אויפ׳ן ברעג פון ים; זי אָרגאַניזירט איהם צום קאַמף, זי מאַכט איהם גייסטיג, מאַטעריאַליש און מאַטעריעל פאַר דעם מעכטיגסטען קלאַס. די אַלטע פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען, דאָס פּריוואַט־אייגענטום זענען פאַר דער מאָדערנער אַרבייט צו ענג געוואָרען; די אַרבייט איז געזעלשאַפטליך געוואָרען; און נור ביי דעם געזעלשאַפטליכען אייגענטום קאָן זי פעררייכט ווערען און זיך פריי ענטוויקלען. די טעכניק, וואָס איז פערשפּאַרט אין די רעשטלעך פון דער קליין־אינדוסטריע, אין אַקציען־געזעלשאַפטען און טרעסטען, פאָדערט אַ געמיינשאַפטליכען אייגענטום, כּדי זי זאָל אומעדום קאָנען אונגעשטערט אויסשפּרייטען איהרע פליגלען. זי וויל נישט ווערען דאָ קינסטליך צעשרויפט דאָ ווידער איינגעשטילט און איינגעשטיקט. און די אַרבייטער ווילען סוף־כּל־סוף איינאָרדנען די טעכניק און די פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען לויט זייער ווילען, דווקא דערפאַר וואָס די טעכניק מאַכט זיי פאַר דעם מעכטיגסטען קלאַס און זייער ווילען דריקט־אויס די פאָדערונג פון דער טעכניק.

אָבער דערום זענען אויך די אידעען פון די אַרבייטער, וואָס זענען געשטיצט אויף דער דאָזיגער איבערצייגונג, אויף וויפיל זיי זענען דערויף געשטיצט, אַלע וואָהר. דען ווען די ווירקליכקייט גיט די אַרבייטער גערעכט און דאָס אייגענטום אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערט געמיינשאַפטליך, דעמאָלט זענען ריכטיג אויך זייערע אַלע אידעען וואָס צילען דערצו, אויף וויפיל זיי צילען דערצו; און די מיינונגען פון זייערע געגנער, וועלכע ווילען עס נישט, זענען נישט ריכטיג. ווען פלעצער און פעלדער און מאַשינען וועלען שוין געהערען צו אַלעמען, דעמאָלט וועט שוין זיין ריכטיג, וואָס דאָס איז אַזוי און די מיינונגען פון די, וואָס האָבען עס געוואָלט, וועלען זיך האָבען אַרויסגעוויזען פאַר ריכטיג; וואָס מעהר די ווירקליכקייט דערנעהנטערט זיך צום דאָזיגען צושטאַנד, אַלץ וואָהרער און ריכטיגער איז די אידעע פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט איבער רעכט, אַלץ מעהר אין ווידערשפּרוך מיט דער ווירקליכקייט זענען די מיינונגען פון זייערע געגנער. און אַזוי האַלט עס אויך מיט זייער פּאָליטיק. ווען די אַרבייטער מוזען ווערען דורך דער טעכניק דער שטאַרקסטער קלאַס אין צאָהל, אין אָרגאַניזאַציע, אין מאַטעריעלער קראַפט, דעמאָלט זענען אויך וואָהר זייערע פּאָליטישע מיינונגען, וועלכע ברענגען עס צום אויסדרוק; און די פּאָליטישע מיינונגען פון די געגנער, וועלכע שטעלען זיך געגען דעם, זענען פאַלש.

דען וואָהרהייט, אמת, איז די איינשטימיגקייט פונ׳ם געדאַנק מיט דער ווירקליכקייט.

ווען דער סאָציאַליזם פונ'ם אַרבייטער-קלאַס איז אַ פאָדערונג פון דער טעכניק, ווען אָהן איהם קאָן זיך די פּראָדוקציע ווייטער נישט ענטוויקלען, דעמאָלט איז אויך די מאָראַל פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, אויף וויפיל זי האָט אַ שייכות צום דאָזיגען ציל—די רזכטיגע.

ווען דער אַרבייטער-קלאַס האָט רעכט, אַז דער סאָציאַליזם קאָן קומען בלויז דורך די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען, וויבאַלד די קרעפטען פון דער נאַטור און פון דער געזעלשאַפט ווערען דורך דעם אַרבייטער-קלאַס בעגריפען ווערען, דעמאָלט האָט ער אויך רעכט דערמיט וואָס ער אַנערקענט נישט מעהר קיין שום איבערנאַטירליכס, בפרט אַז ד'עמאָלט פעהלט טאַקי דערצו יעדער גרונד—דעמאָלט זענען אַלע זיינע געגנער, וועלכע האַלטען זיך ביי אַ רעליגיע, אַבערגלויבישע מענשען.

און אַזוי איז עס אויף יעדען געביט: די ענטוויקלונג פון דער טעכניק ווירקט, אַז אַ קלאַס זאָל נישט בלויז מאַטעריעל, נאָר אויך גייסטיג אַרויפשטייגען אָדער אַראָבנידערן. ווען די בעציהונגען, וואָס איין קלאַס וויל האָבען, ווערען אַ ווירקליכקייט, דעמאָלט ווערען אויך וואָהר זיינע געדאַנקען, מיט וועלכע ער וויל זיי האָבען. קיין וואונדער נישט, וואָרן דער געדאַנק איז דאָך בלויז די טעאָריע, די בעטראַכטונג, דאָס צונויפנעהמען די ווירקליכקייט אין איין אַלגעמיינעם בעגריף.

דערום האָבען מיר געפּרובט קלאָר צו מאַכען פאַר די אַרבייטער דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם מיט דער גאַנצער קראַפט, וואָס לעבט ביי אונז. אינ'ם גייסט פון פּראָלעטאַריאַט מוז לעבען די קראַפט פונ'ם אמת.

## די קראַפט פונ'ם יחיד.

דער דאָזיגער לעצטער זאַץ פיהרט אונז ממילא צו אַ גוטען שלוס: אינ'ם גייסט פונ'ם אַרבייטער זאָל לעבען די קראַפט פון דעם אמת.

געוויס, די טעכניק טרייבט צום סאָציאַליזם, מיר ווערען דורך די טעכניק צום סאָציאַליזם געטריבען. מיר מאַכען די געשיכטע **נישט** פון קאָפּ אַרויס.

„די אַרבייט ווערט געזעלשאַפטליך", „די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען מוזען ווערען סאָציאַליסטיש". „די אייגענטום-בעציהונגען פאָדערען פערגעזעלשאַפטליכונג".

געוויס. די געזעלשאַפטליכע מאַטעריע איז מעכטיגער ווי דער גייסט פונ'ם יחיד (פונ'ם אינדיווידואום). דער יחיד **מוז** געהן, וואוהין זי פיהרט.

אָבער—די טעכניק איז צונויפגעשטעלט פון מאַשינען און **מענשען**. אַרביים בעטייט מענשען-הענד, מעגשען-כוחות און מענשען-הערצער, וואָס בעשעפטיגען זיך אין דער פּראָדוקציע. די אייגענטום-בעציהונגען זענען איצט בעציהונגען פון אייגענטימער און נישט-אייגענטימער.

נאָכאַמאָל: דער פּראָצעס איז אַ לעבעדיגער פּראָצעס. די געזעלשאַפטלי־כע מאַכט, וואָס טרייבט אונז, איז נישט קיין טויטער פאַטום, קיין קבּי־ל מאַטעריע, איבער וועלכען מען קאָן קיין דעה נישט האָבען. זי איז די גע־זעלשאַפט, זי איז אַ לעבעדיגע קראַפט.

אמת, מיר מוזען געהן אין דער ריכטונג, אין וועלכער זי געהט. דער אַרבייטס־פּראָצעס טרייבט אונז אין אַ ריכטונג, וואָס מיר בעשטימען נישט אַליין. מיר מאַכען די געשיכטע נישט פון קאָפּ אַרויס.

אָבער... מיר מאַכען זי.

איהר, אַרבייטער, איהר זענט נישט דורך דעם בלינדען גורל, נאָר דורך דער לעבעדיגער געזעלשאַפט בעשטימט, צו ברענגען דעם סאָציאַליזם.

איהר, אַלס קלאַס, קענט עס נישט אַנדערש. איהר מוזט וועלען אַ העכערען לויהן, אַ מעהר גליקליך לעבען, מעהר אָברוה. איהר מוזט בעקעמפען די מלוכה, איהר מוזט בעקומען אין אייערע הענד די פּאָליטישע מאַכט, איהר מוזט זיגען. די פּראָדוקציע, די לעבעדיגע אַרבייט וויל עס.

אָבער צידען הענגט עס דאַן נישט אָב אויך פון אייך פערזענליך, ווי שנעל, ווי גוט, ווי ריכטיג דאָס קומט־פּאָר. דאַכט זיך דווקא דער־פאַר, ווייל איהר מוזט עס טוהן אַלס אַ לעבעדיגער כח, הענגט עס אָב פון אייך, לעבעדיגע יחידים, לעבעדיגע מענער, פרויען און קינדער—נישט אַז, נאָר ווי דאָס זאָל געהן!

דאָס הענגט־אָב פון אייער קערפּער און פון אייער גייסט.

קערפּערליך קרעפטיגע, גייסטיג שטאַרקע פּראָלעטאַריער וועלען פער־ווירקליכען דאָס הערליכסטע, דאָס גרעסטע, וואָס די וועלט האָט ווען־עס־איז געזעהן, בעסער איידער שוואַכע.

עס ליעגט נישט אין אייערע הענד צו זיין אונטער דעם קאַפּיטאַליזם קערפּערליך אַזוי געזונד און ווידערשטאַנדספעהיג, ווי איהר דאַרפט עס האָ־בען. די גרייס פונ'ם לויהן, די אַרבייטס־צייט, דער וואוינונגס־צושטאַנד הענ־גען נישט אָב פון אייך אַליין. אָבער אין אַ פיל העכערער מאָס הענגט עס אָב פון אייך, ווי ווייט איהר זאָלט גייסטיג געזונד זיין. איהר קאָנט אַריינ־נעהמען אין אייער גייסט די מאַכט פונ'ם אמת, פון דעם סאָציאַליסטישען געזעלשאַפטליכען אמת פולשטענדיג, ביז'ן גרונד, אפילו ווען אייער קערפּער איז נישט אַזוי אינגאַנצען קרעפטיג.

עס איז אַנ'אייגענאַרטיגע מעשה מיט'ן גייסט. דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען בעהערשט איהם אַזוי, אַז ער קאָן זיין פחדנות'דיג, מאַט, ערשעפּט צום טויט, אַז ער זאָל מעהר קיין אייגענע בעוועגונג נישט האָבען.

לאָז אָבער די טעכניק איהם וועקען, לאָז זי איהם ווייזען אויפ'ן האָ־ריזאָנט אַ ליכט־פּונקט, אַ גליק, אַ ציל. לאָז אַ קלאַס זעהן, אַז דורך דאָס גע־זעלשאַפטליכע לעבען ווינקט צו איהם אַ זיג, דאַן ווערט דער גייסט ביים

פונגליד פונ׳ם דאָזיגען קלאַס אַ זאַך, וואָס קומט אין בעוועגונג; דאַן פּלאַ-קערט ער אויף, דאַן לעבט און שטערבט און ווירקט ער, דאַן ווערט אַנ׳אמת דאָס וואָרט, אַז דער גייסט בעהערשט דעם קערפּער; מעג זיין דער קערפּער שוואַך, קנאַפּ ערנעהרט, בלוט-אָרים, אין טויזענד צרות און דאַגות, דער גייסט ווערט מעכטיג, דער גייסט ווערט פריי.

דער גייסט פונ׳ם אַרבייטער קאָן שוין איצט אונטער׳ן קאַפּיטאַליזם פריי ווערען. דער פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס קאָן דעם אַרבייטער שוין איצט גייסטיג פריי מאַכען. דער אַרבייטער קאָן זיך שוין איצט בעפרייען פונ׳ם גייס־טיגען שקלאַפען-יאָך פון דער בורזשואַזיע. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם לערנט איהם דעם צוזאַמענהאַנג פון נאַטור און מענשען, ער לערנט איהם, אַז עס איז נאָהענט די צייט, אין וועלכער די מענשהייט וועט בעהערשען נישט בלויז די נאַטור, נאָר אויך זיך אַליין. ער לערנט איהם, אַז ער איז עס בעשטימט דערצו, די דאָזיגע צייט צו ברענגען. ווער עס פערשטעהט עס און האַנדעלט לויט דער דאָזיגער השגה דער איז גייסטיג פריי. בלויז דער קאָן מיט זיין אינדיווידועלער קראַפט צום בעס-טען מיטהעלפען דערצו, אַז זיין קלאַס זאָל דערגרייכען די בייע געזעלשאַפט.

דער גייסט מוז ווערען רעוואָלוציאָניזירט. דער פּאַראורטייל, די פחדנות מוזען אויסגעראָט ווערען. גייסטיגע פּראָפּאַגאַנדע, דאָס איז דאָס אַלערוויכ-טיגסטע. קענטעניש, גייסטיגע מאַכט איז דאָס אַלערערשטע, דאָס אַלערנויס-ווענדיגסטע.

קענטעניש אַליין שאַפט אַ גוטע אָרגאַניזאַציע, אַ גוטע פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג, די ריכטיגע פּאָליטיק און דערמיט פערבעסערונגען אויפ׳ן עקאָנאָ־מישען און פּאָליטישען געביט.

קיין שום וואוילזיין איז נישט מעגליך, ווילאַנג עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליזם.

ערשט דער סאָציאַליזם ברענגט דאָס וואוילזיין.

און דער סאָציאַליזם קאָן דערגרייכט ווערען, דער שווערער קאַמף דערפאַר קאָן געקעמפט ווערען נור דורך גייסטיג שטאַרקע, וועלכע האָבען זיך גייסטיג בעפרייט.

צוערשט שטאַרק מאַכען דעם אייגענעם גייסט און דאַן דעם גייסט פון די חברים, דערין בעשטעהט די גרויסע, די איינציגע קראַפט פונ׳ם יחיד, פונ׳ם אינדיווידואום, דורך וועלכער ער קאָן זיך די צוקונפט ברענגען.

פּרובט עס, שעפּט פון דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטען, וועלכע איהר האָט פאַר די אויגען, וועלכע איהר האָט גאָר אין אייערע הענד, דאָס וואָס איהר האָט דערין צו געפינען: דעם נייעם אמת, די סאָ-ציאַליסטישע וועלט-אָנשויאונג. און פּראָפּאַגירט זי!

# צוזאץ.

## קאַרל קאַוטסקי׳ס פאָרוואָרט צו דער דייטשער איבערזעצונג פון גאָרטער׳ס „היסט. מאַט.“

דאָס ווערק פון מיין פריינד הערמאַן גאָרטער האָט זיך פערשפרייט צווישען די אַרבייטער פון האָלאַנד און וועט זיך פערשפרייטען אויך צווישען די פראָלעטאַריער וואָס רעדען דייטש, אָהן רעקאָמענדאַציעס.

נאָר אויב איך שרייב דאָ צו אַ פּאָר שורות אַלס אַ פאָררעדע, איז עס דערפאַר, וואָס איך אַ געוויסען זין בין איך דער חייב, וואָס גאָרטער איז דורך איינעם פון זיינע קריטיקער בעשולדיגט געוואָרען, אַז ער פערשטעהט גאָר נישט דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

אין יאָהר 1903 האָב איך אין אַנ׳אַרטיקעל פון דער „נייער צייט“ אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז ביזאַהער האָבען אין דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג געגאָלטען די געבאָטען פון דער מאָראַל אונבעגרענצט בלויז אין די ראַהמען פון דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע, נאַציאָן אָדער קלאַס, צו וועלכער מען האָט געהערט, אַז די דאָזיגע געבאָטען זענען נישט געווען אונבעדינגט אַ חיוב אין בעציהונג צום פיינד פון׳ם קלאַס אָדער פון דער נאַציאָן. ביז היינט נאָך ווערט מיט חשק אויסגענוצט די קאָנסטאַטירונג פון דעם דאָזיגען פאַקט געגען מיר און מיין פאַרטיי, בעזונדערס דורך קאַטוילישע גלחים. מיט זייער בעוואוסטער ליבע צום אמת פערדרעהען זיי דאָס וואָס איך האָב קאָנסטאַטירט, פעסטגעשטעלט, אַ פאַקט, וועלכען מען בעמערקט זינט פיל טויזענדער יאָהרען, זינט דעם אָנהויב פון דער מענשהייטס ענטוויקלונג ביי אַלע קלאַסען און נאַציאָנען, און זיי שטעלען עס פאָר אַלס אַ פאָדערונג צו מיינע פאַרטיי-חברים, מען זאָל נישט אַכטען די עקזיסטירענדע מיינונגען וועגען מאָראַל און טאָמער פאָדערט עס דער אינטערעס פון דער פאַרטיי זאָל מען די פאָלקס-מאַסען אָהן שום חרפה און בושה גענאַרען. חוץ אַלעם איז נאָך פאַרהאַן צו לאַכען פון דער מעשה, ווייל מיינע מיינונגען זענען געשטאַנען אין אַנ׳אַרטיקעל. וואָס איז געווען אַ פּאָלע-

מיק געגען דעם אַמאָליגען רעוויזיאָניסט און איצטיגען עקס-סאָציאַל־דעמאָקראַט ג. בערנהאַרדט, דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט די מיינונג, אַז די „העכער שטעהענדיגע“ פּאַרטיי־חברים מעגען האָבען דאָס רעכט צו גענאַרען די פּאָלקס-מאַסע.

גאָרטער האָט שפּעטער געמאַכט די אייגענע קאָנסטאַטירונג, נאָר דער-ביי האָט ער געהאַט נאָך אַנ׳ערגערען פּסק פאַר מיר. ער איז צוליב דעם אַטאַקירט געוואָרען נישט פון געגנער, נאָר פון חברים. מען האָט איהם אויפ-געוואָרפען, אַז ער הייבט נישט אָן צו פערשטעהן דעם מאַרקסיזם, אַז מאַרקס אַליין זאָל זיך האָבען אויסגעדריקט גאָר אַנדערש ווי גאָרטער.

אַלס בעווייז האָט מען אָנגעוויזען אויף די סטאַטוטען פון׳ם אינטערנאַ-ציאָנאַל, וואו עס געפינט זיך דער זאַץ:

„די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָציאַציע, אויך אלע געזעלשאַפטען און איינצעלנע פּערזאָנען וואָס שטעהען־צו צו איהר, אָנערקענען אמת, גערעכטיגקייט און מאָראַל אַלס כּללים פון זייער בעציהונג איינע צו די אַנדערע און צו אַלע מענשען, אָהן שום אונטערשייד פון פאַרב, גלויבען און נאַציאָנאַליטעט“.

דער דאָזיגער זאַץ לאָזט זיך נישט צונויפפּאָרען מיט גאָרטערס ווער-טער. ער שטאַמט דאָך אָבער פון מאַרקס׳ן, דעם פערפאַסער פון די סטאַטו-טען פון אינטערנאַציאָנאַל.

דערויף איז קודם-כל פאַרהאַן צו בעמערקען, אַז דער דאָזיגער זאַץ האָט מיט גאָרטער׳ס ווערטער גאָרנישט צו טוהן. גאָרטער שטעלט-פעסט אַ זאַך, וואָס איז ביזאַהער געשעהן אומעדום פון קדמונים-אָן; דאַגעגען אין די סטאַ-טוטען ווערען נישט פעסטגעשטעלט קיין היסטאָרישע פאַקטען. נאָר דאָרט ווע-רען פאָרמולירט פאָדערונגען צו די מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַל.

מען קאָן אָבער פון דעסטוועגען נישט זאָגען, אַז די דאָזיגע פאָדערונ-גען זענען פאָרמולירט בעזונדערס געראָטען און קלאָר. וואָרן וואָס איז אַזוינס אמת, וואָס איז אַזוינס גערעכטיגקייט און מאָראַל? צי האָט דען נישט יעדער קלאַס זיינע בעזונדערע מיינונגען איבער גערעכטיגקייט און מאָראַל? געהערט דען נישט די סאָלידאַריטעט צו דער פּראָלעטאַרישער מאָראַל? קאָנען מיר דען אויסשפּרייטען די פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט אונבעגרענצט אויך אויף די קאַפּיטאַליסטען? געוויס זענען פאַרהאַן אַסך סיטואַציעס, וואו קאַפּיטאַלי-סטען און פּראָלעטאַריער שטעהען איינע אַנטקעגען די אַנדערע מיט גלייכע אינטערעסען; אין אַזעלכע פאַלען וועט דער פּראָלעטאַריאַט פערווירקליכען די סאָלידאַריטעט, וואָס איז געפאָדערט דורך זיין מאָראַל, אַסך גיכער נאָך, איי-דער די קאַפּיטאַליסטען. נאָך דער ערדציטערניש פון מעסינאַ האָבען די פּראָ-לעטאַריער, וואָס האָבען געאיילט צו הילף, נישט געפרעגט, צי די פערשיטע זענען רייכע אָדער אָרימע; זיי האָבען געזוכט מענשען צו ראַטעווען, וויפיל זיי האָבען געקאָנט. דווקא נישט קיין פּראָלעטאַרישע, נאָר קאַפּיטאַלי-סטישע מאָטיוון האָבען דאָ יאָ געשטערט די רעטונגס-אַקציע, ווייל אויפ׳ן

ערשטען פּלאַן האָבען זיי זיך געריסען אַוועקצושטעלען די רעטונג פון אייגענטום.

אָבער דאָרט וואו עס שטעהען נישט מענשען אַנטקעגען דער נאַטור, נאָר קאַפּיטאַליסטען און פּראָלעטאַריער אַלס אַזעלכע שטעהען אין דער געזעלשאַפט איינע אַנטקעגען די אַנדערע, דאָ איז שוין נישט מעגליך צו רעדען וועגען אַ סאָלידאַריטעט צווישען זיי; דאָ שטרעבט דער איינער צו דריקען די לויהנען און דער אַנדערער שטרעבט זיי צו הויבען. סיי דאָס איינע סיי דאָס אַנדערע קאָן געשעהן בלויז ווען איינער פון די ביידע צדדים זאָל האָבען אַנ׳עוולה.

און דאָרט וואו פּראָלעטאַריער שטויסען זיך אָן אויף די געגנערשאַפט פון קאַפּיטאַליסטען, זענען זיי אויך נישט מחויב צו געהן דורכאויס מיט׳ן אמת אין בעציהונג צו זיי. ווען עס איינפאַלען צו פערלאַנגען פון שטרייקענדע אַרבייטער, אַז זיי זאָלען אויסזאָגען די קאַפּיטאַליסטען דעם גאַנצען אמת וועגען דעם שטאַנד פון זייער שטרייק-קאַסע? פּאַר אַ בעוואוסטזיניגען פּראָלעטאַריער קאָן זיין אונטער געוויסע אומשטענדען דווקא אַ מאָראַלישע פליכט, אָבצונאַרען וועגען דעם די פיינדליכע קאַפּיטאַליסטען.

אמת, דאָס דאָזיגע אָרט אין די סטאַטוטען פון אינטערנאַציאָנאַל ענטהאַלט אַ זעהר ריכטיגען קערן. מיר מוזען אָנערקענען אמת, גערעכטיגקייט און מאָראַל אַלס כללים פון אונזערע בעציהונגען צווישען זיך. צווישען אַלע קעמפּער פון אַנ׳אַרמעע מוז הערשען דער אמת; מיר טאָרען אונזערע חברים נישט זאָגען קיין ליגען אפילו דעמאָלט, ווען מיר מיינען, אַז דאָס ליעגט אינ׳ם אינטערעס פון דער פּאַרטיי. אַזוי האָב איך געזאָגט אין דעם שוין דערמאָהנטען אַרטיקעל פון דער „נייער צייט" אין יאָהר 1903:

„אַזוי ווי עס זענען פאַרהאַן עקאָנאָמישע געזעצען, וועלכע גילטען פאַר יעדער געזעלשאַפטליכער פאָרם, אַזוי זענען אויך פאַרהאַן מאָראַלישע פּרינציפּען, פון וועלכע קיינער קאָן נישט פּטור זיין. איינער פון די וויכטיגסטע אונטער די דאָזיגע פּרינציפּען איז די פליכט פון אמת׳דיגקייט אין בעציהונג צום חבר. אין בעציהונג צום שונא האָט מען די דאָזיגע פליכט קיינמאָל נישט אָנערקענט, דאַגעגען קאָן נישט געמאָלט זיין אָהן איהר קיין דויערהאַפטיגע צוזאַמענווירקונג פון גלייכע חברים. די דאָזיגע פליכט גילט פאַר יעדער געזעלשאַפט אָהן קלאַסען־געגענזאַצען, און אין די ראַהמען פון אַ געזעלשאַפט, וואָס איז פול מיט קלאַסען־געגענזאַצען גילט זי פאַר יעדער בעזונדערער פּאַרטיי פון קלאַסען־חברים. אָבנאַרען די פּאַרטיי־חברים האָט מען ביזאָהער געהאַלטען פאַר אַנ׳ע ליבטע זאַך בלויז אין אַזעלכע פּאַרטייען, וואו עס האָבען צוזאַמענגעאַרבייט צוויי קלאַסען, וואָס איינער פון זיי האָט זיך געחבר׳ט מיט׳ן אַנדער׳ן, כדי אויסצונוצען פאַר זיך יענעמס קראַפט. דאָס איז געווען די פּאַרטיי־מאָראַל פונ׳ם יעזואיטיזם, בכלל פון די גלחים".

ווען די סטאַטוטען פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל האָבען די דאָזיגע יעזואיטישע מאָראַל בפירוש אָבגעוואָרפען, איז דאָס געווען אַ גאַנץ ריכטיגע זאַך.

דאָס איינציגע מאָל, ווען מאַרקס האָט אויף וויפיל איך ווייס זיך פער-רופען אויף דעם דאָזיגען זאַץ פון די סטאַטוטען, האָט ער עס אויך געטהאָן אין דעם זין, וואָס ער האָט געפונען פאַר נישט ריכטיג צו געגאַרען די חברים. ער האָט זיך געווענדעט געגען די באַקוניסטען, דערפאַר וואָס זיי האָבען געשאַפען אינ'ם אינטערנאַציאָנאַל גופא אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע „האָט געמאַכט אַלס ערשטע פליכט פאַר איהרע אייגענע מענשען צו גענאַרען די פשוטע מיטגלידער פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל בנוגע די עקזיסטענץ פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע, בנוגע די מאָטיווען און אפילו די צוועקען גופא פון זייערע ווערטער און האַנדלונגען" .*)

אָהן געגענזייטיגער אמת'דיגקייט, אָהן געגענזייטיגען צוטרוי פון איהרע מיטגלידער איז פאַר אַ דעמאָקראַטישער פאַרטיי נישט מעגליך צו פיהרען אַן-ענערגישען קאַמף.

אָבער עס האַלט דאָך נישט דערביי, אַז מען זאָל מאַכען פאַר אַ חוב צו זיין אמת'דיג אין בעציהונג צו אַלע מענשען אונטער אַלע אומ-שטענדען, אפשר אויך אין בעציהונג צו פּאָליצייי־לייט, וואָס פערפאָלגען די פריינד אונזערע.

אַלזאָ אויב דאָס דערמאָהנטע אָרט אין די סטאַטוטען פונ'ם אינטערנאַ-ציאָנאַל שטאַמט פון מאַרקס'ן, וואָלט מען מוזען זאָגען, אַז דער זאַץ איז איהם נישט איבריגס געראָטען און אַז אַ וויכטיגער געדאַנק האָט ביי איהם בעקומען אַ קרומע פאָרם. אמת, דווקא ביי אַ מאַרקס וואָלט עס שטאַרק אי-בעררעשען. נאָר די זאַך איז די, אַז מאַרקס האָט גאָר דעם דאָזיגען זאַץ נישט אויפגעשטעלט. אויף וויפיל איך ווייס האָט דערויף דער ערשטער אָנ-געוויזען יעק אין זיין געשיכטע פון אינטערנאַציאָנאַל. איך בין אויך געקומען צו דערזעלבער מיינונג און זי ווערט מיר בעשטעטיגט דורך מאַרקס'עס טאָכ-טער, חבר'טע לאַורא לאַפאַרג.

מען דאַרף נישט פערגעסען, אַז מאַרקס איז נישט געווען קיין זעלבסט-הערשער אינ'ם אינטערנאַציאָנאַל. אין די אינטערעסען פון אחדות אינ'ם פראָ-לעטאַרישען קלאַסען-קאַמף האָט ער געמוזט אָננעהמען אַמאָל דעם אָדער יע-נעם בעשלוס, פון וועלכען ער איז כלל נישט ענטציקט געווען.

די סטאַטוטען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל זענען נישט פערפאַסט געווען פון איהם אַליין. עס האָבען מיטגעאַרבייט ביי זיי אויך פרודאָניסטען און מאַצי-ניאַנער. ווייל מען מאַכט מאַרקס'ן פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם דאָזיגען זאַץ, דערפאַר וואָס ער איז געשטאַנען אין די סטאַטוטען פון אינטערנאַציאָנאַל, דעמאָלט וואָלט ער דאָך מיטשולדיג געווען אויך אין דעם זאַץ, וועלכער שטעהט אין די סטאַטוטען גלייך נאָך יענעם און איז סטיליסטיש און לאָגיש איין זאַך מיט איהם. דיביידע זאַצען צוזאַמען קלינגען אַזוי:

---

*) אַ קאָמפּלאָט געגען אינטערנאַציאָנאַל, 1874, ז' 33.

„די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָציאַציע, איך אַלע געזעלשאַפטן און איינצעלנע פּערזאָנען, וואָס שטעהען־צו צו איהר, אָנערקענען אמת, גערעכטיגקייט און מאָראַל אַלס כּללים פון זייער בעציהונג איינע צו די אַנדערע און צו אַלע מענשען, אָהן שום אונטערשייד פון פאַרב, גלויבען אָדער נאַציאָנאַליטעט.

„זי בעטראַכט אַלס אַ פליכט פון יעדען איינעם צו פאָדערן בירגער־און מענשען־רעכט נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר יעדען איינעם, וועלכער טוהט זיין פליכט. קיין שום רעכט אָהן פליכטען, קיין שום פליכטען אהן רעכט".

ווער עס קאָן נאָך האָבען אַ ספק, צי דער זאַץ וועגען אמת און רעכט שטאַמט פון מאַרקס'ן, ביי דעם מוז דער ספק פערשווינדען, ווען ער זעהט, אַז דער זאַץ שטעהט אינ'ם ענגסטען צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווייטערדיגען, וועלכער פאָדערט בירגער־רעכט בלויז פאַר יענע, וואָס „טוהען זייער פליכט". דאָ האָבען מיר ממש אַ לעכערליכע בעשטימונג. וואָרן וועלכער אויטאָריטעט זאָל דען בעשטימען, ווער עס טוהט זיין פליכט און פערדינט דערום צו האָבען בירגער־רעכט? נישט בלויז בורזשויען און אַרבייטער האָבען געהאַט זעהר פערשידענע מיינונגען וועגען די פליכטען פונ'ם מלוכה־בירגער; צווישען די אַרבייטער גופא זענען נאָך געווען אין דער צייט פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל גרויסע חילוקי־דעות דעריבער. זיי זענען דאָך דעמאָלט שטאַרק געשוואוּמען אינ'ם פאָהרוואַסער פון בירגערליכע מיינונגען. ביי די פּרודאָניסטען האָט דאָס וואַרפען די אַרבייט געגאָלטען אַלס אַ נישט־ערפילונג פון דער פליכט. אַלזאָ נידער מיט'ן וואַהל־רעכט פון שטרייקענדע! מאַרקס'ן וואָלט עס נאַטירליך קיינמאָל נישט איינגעפאַלען, צו פאָדערן דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט בלויז פאַר יענע, „וואָס ערפילען זייער פליכט".

פערשטעהט זיך, אַז אָפיציעל האָט מארקס נישט געקאָנט אַרויסטרעטען געגען דיביידע זאַצען פונ'ם סטאַטוט, וואָס ער האָט מיטגעווירקט ביים צונויפשטעלען איהם און וועלכען ער האָט אַלס גאַנצעס אַקצעפּטירט. אָבער פּריוואַט האָט ער אויסגעדריקט, ווי מען האָט מיר צוגעוויסען געטוהן פון אַ בעגלויבטער זייט, זיין אונצופרידענהייט מיט די דאָזיגע זאַצען. עס איז אָבער פאַרהאַן אויך אַ סימן פון דער דאָזיגער אונצופרידענהייט, וועלכער איז אָנגעקומען צו דער עפענטליכקייט.

די ערשטע פערעפענטליכונג פון די פּראָוויזאָרישע סטאַטוטען איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אין יאָהר 1864. אין אַפּריל 1866 זענען די דאָזיגע סטאַטוטען פערעפענטליכט געוואָרען אויף דייטש אין דעם גענפער „פאָרבאָטע" פון זשאַן פיליפּ בעקער. דאָרטען פעהלען אינגאַנצען די ביידע זאַצען. אָננעהמען, אַז זשאַן פיליפּ בעקער האָט מיט זיין אייגענער דעה זיי אַרויסגעוואָרפען דערפאַר וואָס זיי זענען איהם נישט געפעלען, קאָן מען נישט: טעאָרעטישע פראַגען האָבען איהם זעלטען עפּעס געאַהרט.

אפשר האָט מאַרקס געווירקט, אַז זיי זאָלען אַרויסגעוואָרפען ווערען פון דעם פּראָוויזאָרישען סטאַטוט? טאַקי צוליב דעם, וואָס די דאָזיגע ביידע

זאַצען האָבען געפעהלט אין דער דייטשער פערעפענטליכונג פונ׳ם סטאַטוט, בין איך צום ערשטען מאָל, אונאָבהענגיג פון יעק׳ן, אויפמערקזאַם געוואָרען דערויף, אַז ביים אויפשטעלען די סטאַטוטען זענען געווען הילוקי-דעות און אַז דיביידע זאַצען האָבען אָנגעטראָפען אויף אַ ווידערשפרוך.

אַז אינ׳ם סטאַטוט זענען דורך די פרודאָניסטען אַריינגעשטעלט געוואָרען געוויסע זאַצען, וואָס האָבען געמוזט זיין פאַר מאַרקס׳ן אַ גרויל, זעהט מען אַרויס פונ׳ם פאָלגענדען. די פראָוויזאָרישע סטאַטוטען האָבען אין פונקט 9 ענטהאַלטען די בעשטימונג:

„יעדער מיטגליד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָציאַציע וועט ביים אַריבערפאָהרען פון איין לאַנד אינ׳ם אַנדערען בעקומען די ברידערליכע שטיצע פון די פעראייניגטע אַרבייטער".

דאָס איז צו קנאַפּ געווען פאַר דער פראָגראַם-קאָמיסיע און פאַר׳ן פּלענום פון גענפער קאָנגרעס, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט די דעפיניטיווע סטאַטוטען, און ער האָט צוגעגעבען:

„די דאָזיגע שטיצע בעשטעהט:

א. אינ׳ם רעכט אויף אויסקונפט איבער אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו זיין פּראָפעסיע אין יענעם אָרט, וואוהין ער פאָהרט אַרויס;

ב. אינ׳ם רעכט אויף קרעדיט לויט די בעדינגונגען, וואָס זענען בעשטימט אין דעם רעגלאַמענט פון זיין סעקציע, און אויף דער סומע וואָס איז דורך איהר גאַראַנטירט".

דאָ ווייזט זיך קלאָר אַרויס די קוועלע פון די אַריינגעשטעלטע ווערטער. דאָס איז דער קליינבירגערליכער פּרודאָניזם, וועלכער האָט געוואָלט עמאַנציפּירען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע טויש-בענק און דעם בחינם׳דיגען געגענזייטיגען קרעדיט. פונקט אַזוי ווי ער האָט געטרוימט וועגען אַנ׳אייביגער גערעכטיגקייט, וואָס פערוואַנדעלט דאָס פּריוואַט-אייגענטום פון אַנ׳אורזאַך פון עגאָאיזם אין אַנ׳אידעאַלע אינסטיטוציע.

דער פּרודאָניזם בעהערשט דעם גאַנצען קאָנגרעס פון יאָהר 1866. די רעזאָלוציע איבער די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, וואָס דער גענעראַל־ראַט האָט פאָרגעלעגט און וועלכע גילט נאָך היינט פאַר אַ מוסטער, אינטערעסירט איהם קוים. די דעבאַטען וועגען דעם זענען געווען קורץ. דערפאַר איז מיט גרויס היץ דיסקוטירט און איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען די פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איז פאָרגעלעגט געוואָרען פון די פּאַריזער דעלעגאַטען:

„אָרגאַניזאַציע פון אינטערנאַציאָנאַלע קרעדיט־אַנשטאַלטען:

1. דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט אַלע סעקציעס, צו בעקענען זיך מיט די ענינים פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קרעדיט און אַריינשיקען די אַרבייט וועגען דעם צום גענעראַל־ראַט, וועלכער וועט זיי צו־ווייסען־טוהן אַלע חברים אין זיינע „מיטטיילונגען", אַזוי אַז אויף דעם קומענדיגען קאָנגרעס זאָלען קאָנען אָנגענומען

חערן וועגן דעם בעשטימטע בעשלוסען.

2. דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט, תיכף צו ערלעדיגען די אידעע פון אַ גענאָ־סענשאַפטליכער פעראייניגונג פון אַלע אַרבייטער־קרעדיט־אַנשטאַלטען, וואָס זענען שוין געגרינדעט און דאַרפען נאָך געגרינדעט ווערען, און אַ צענטראַל־באַנק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָציאַציע".

און נאָך איין רעזאָלוציע, כדי צו כאַראַקטעריזירען דעם גענפער קאָנ־גרעס, זי האָט אַ שייכות צו דער פראַגע פון פרויען-אַרבייט.

וואַרלען און בורדאָן האָבען פאָרגעלעגט צו ערקלערען:

„מאַנגעל אין ערציהונג, צו פיל אַרבייט, צו קנאַפּ בעלויהנונג און שלעכטע היגיענישע צושטאַנדען אין די פאַבריקען זענען היינט פאַר די פרויען, וואָס אַרבייטען דאָרט, די אורזאַכען פון פיזישער און מאָראַלישער דעגענערירונג. די דאָזיגע אורזאַכען קאָנען אָבגעשאַפט ווערען דורך אַ בעסערע אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבייט, דאָס הייסט דורך קאָאָפעראַציע. מען מוז קלערען וועגען דעם, אַז די אַרבייט, וואָס די פרוי דאַרף טוהן כדי צו דערהאַלטען איהר לעבען, זאָל זיין צוגעפּאַסט צו אירע כוחות, אָבער נישט מען זאָל די אַרבייט אינגאַנצען אַוועקנעהמען ביי איהר".

די דאָזיגע טרעפליכע רעזאָלוציע איז אָבגעוואָרפען געוואָרען, דאַ־געגען איז אָנגענומען געוואָרען די פאָלגענדע, וועלכע שטאַמט פון די פרו־דאָניסטען שמאַל, טאָלען און פריבור:

„אין פיזישער, מאָראַלישער און סאָציאַלער בעציהונג דאַרף די פרויען־אַרבייט אויסגעמיטען ווערען אַלס אַן אורזאַך פון דעגענערירונג (פון די אַרבייטער?) און אַלס איינס פון די שפּרינגפעדערס פון דער דעמאָראַליזאַציע פון'ם קאַפּיטאַליסטען־קלאַס.

„די פרוי האָט פון דער נאַטור בעקומען בעשטימטע אויפגאַבען, איהר פּלאַץ איז אין דער פאַמיליע"; איהר אויפגאַבע בעשטעהט דערין, צו ערציהען די קינ־דער, געוועהנען דעם מאַן צו אָרדנונג, בעל־הבתיש'קייט און מילדערע זיטען. „דאָס זענען די דינסטען, וואָס די פרוי האָט צו ערפילען, די אַרבייטען וואָס זי האָט צו פעררריכטען; אָנוואַרפען איהר אַנדערע אַרבייטען איז אַ שלעכטע זאַך.

אויך דער דאָזיגער בעגריף וועגען פרויען-אַרבייט, וועלכער איז בורזשוי־אַזיש-שבבורזשואַזיש, איז עכט פּרודאָניסטיש.

מען קומט אַלזאָ צו די משונה'דיגסטע מיינונגען, ווען מען זאָל נעה־מען פשוט און אַרויפשרייבען אויף מאַרקס'ענס חשבון אַלע ערקלערונגען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל. פיל פון זיי זענען דווקא געשאַפען געוואָרען דורך מאַרקס־פיינדליכע עלעמענטען. ווער עס וויל זיך פעררופען אויף ערקלערונגען פון אינטערנאַציאָנאַל, כדי צו כאַראַקטעריזירען מאַרקס'ענס דענקען, מוז קודם האָבען קלאָר תופס געווען דאָס דאָזיגע דענקען און דעם חילוק צווישען איהם מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע שולען פון דער צייט פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל.

מען קאָן זיין זעהר אַ גוטער מאַרקסיסט, גוט בעגרייפען דעם היסטאָ־רישען מאַטעריאַליזם און פון דעסטוועגען שטעהן אין ווידערשפרוך צו געווי־סע בעשלוסען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל און געוויסע זאַצען פון זיינע סטאַ־

טוטען.

קודם-כל גילט עס פאַר אַזעלכע זאַצען, וואָס שטאַמען נישט פון מאַרקס'ן. אָבער עס וואָלט חוץ דעם זיין זעהר נישט-מאַרקסיסטיש, ווען מיר וואָלטען האָבען בדעה אפילו ביי מאַרקס'ענס אייגענע זאַצען זיך-אָבשטעלען און ביי-גען זיך פאַר זיי ווי פאַר ווערטער, וועלכע מען טאָר נישט קריטיקירען. גאָר פערשטעהט זיך, אז בחינם וועט קיינער נישט סתם אין דער וועלט אַריין שטעלען זיך געגען אַזאַ קאָנסעקוועטנען דענקער, געגען אַזאַ גייסטיגען ריז ווי מאַרקס, וויבאַלד מען האָט זיך נור איינמאָל ארויפגעאַרבייט צו זיין שיטה. אין דעם איצטיגען פאַל איז דאָס אויך נישט נויטיג. אָבער וויפיל איך ווייס, איז גאָרטעד'ס ווידערשפרוך צו די סטאַטוטען פון אינטערנאַציאָ-נאַל די איינציגע טענה, וואָס מען האָט געגען גאָרטער'ן, אַז ער פערשטעהט נישט דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

ק. קאַוטסקי.



